זשול ווערן.

# געזאַמעלטע ווערק

ערשטער באַנד.

היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני
83־85 קאַנאַל סטריט, ניו יאָרק.

# אינהאלט־פערצייכניס:

---

1טער באנד.

**1טער קאפיטעל.**

## דיא אברייזע.

איך זאג אייך נאך אמאל, מיסיס וועלדאן, אז איך וואלט געוועזן פיעל מעהר צופריעדען, ווען איהר זאלט פאהרען מיט א דאמפף שיף אהיים, האט געזאגט א הויבער, שעהנער, און שטארקער מאן פון א יאהר פיערציג.

— זייט איהר דען ניט זיכער, אז אין זעקס וואָכען וועלען מיר אנקומען אין סאן פראנסיסקאָ? האט געפרעגט א שעהנע פרוי פון א יאהר עטליכע און דרייסיג. — איהר, קאפיטאן האלל, וועלכער האט שוין ארומגערייזט אויף אלע מעערע, אויף אלע וואסערן, איהר זאלט צווייפלען, אז מיין גוטעס זעגעל שיף „פילגרים" זאל ניט מאכען דיא רייזע פון אָקלענד, זעעלאנד, נאך סאן פראנסיסקאָ, אמעריקא אין זעקס וואכען? — דאס איבעראשט מיך.

— דער „פילגרים" איז דאס בעסטע זעגעל שיף אויף דער וועלט, האט קאפיטאן האלל געענטפערט, אבער ער איז קיין פאסאזשיר שיף, ער איז א וואלפיש פאנגער, איהר וויסט זעהר גוט, מיסיס וועלדאן, אז מיר זיינען ארויסגעפאהרען פון סאן פראנסיסקאָ דען 5טען, יאנואר פאנגען וואלל פיש אין אינדישען וועלט מעער. אונזער רייזע איז ניט געוועזן גאנץ גליקליך, מיר האבען געפאנגען זעהר וועניג וואלפישע און מיינע מאטראזען האבען ניט געוואלט לענגער בלייבען אויף'ן „פילגרים". איך האב געמוזט ארייןפאהרען אין האפען פון וואיטעמאטא, דיא

פאָרט שטאָדט פון אָקלענד, ניו זעעלאנד. איך האב דא געזוכט נייע מאטראָזען און האב ניט געפונען, וואס איך האב נעדארפט. איך מוז יעצט פאהרען צוריק נאך סאן פראנסיסקאָ, ווייל איך קען ניט פאהרען ווייטער אהן דיא נעטהיגע, פער־היגע וואלל־פיש פעננער. — וואס פאר בעקוועמליכקייטען קען איך אייך פארשטע־לען אויף א זעגעל שיף, וועלכעס איז ארויס געפאהרען פאנגען וואלפיש? — איהר זייט געוואינט צו בעקוועמליכקייטען, צו לוקסוס צום לעבען אויף א ברייטען פוס. איהר וועט זיך לאנגווייכלען אויפ'ן „פילגרים," עס וועלען אייך פעהלען פיעלע זאכען, וועלכע איך קען אייך ניט פערשאפען.

— וויא איך זעה, קענט איהר מיר נאך ניט, קאפיטאן האלל, האט מיסיס וועלדאן געענטפערט שמאָלץ, — איך בין אן אמעריקאנערין. איך בין יעצט רייך, זעהר רייך, עס איז אבער געווען א צייט, ווען איך מיט מיין מאן פלעגען עסען פלייש נור איין מאל אין וואָך, ווען ברויט איז געווען דאס בעסטע געריכט, וועלכע מיר האבען געקענט בעקומען, ווייל זעהר אפט פלעגען מיר לעבען נור מיט פּאטיי־טעס (קארטאָפעל) איך בין קיין מאל ניט געווען פערצערטעלט און איך האָף, אז איך וועל קיין הונגער ליידען אויף אייער שיף.

— איהר האט דאך אבער מיט זיך אייער קינד, דעם קליינעם דשעק? האט קאפיטאן האלל געפרעגט.

— פאר איהם וועל איך שוין אלעס בעזארגען, האט מיסיס וועלדאן געענט־פערט קורץ.

— אלזא ווען קענט איהר זיין פערטיג אויף דיא רייזע?

— זאגאר מארגען.

— דאן פאהרען מיר מאָרגען נאך מיטאג אום פינף אוהר, האט קאפיטאן האלל געזאגט.

— איהר וועט אויף מיר ניט דארפעןווארטען, האט מיסיס וועלדאן בע־מערקט, און האט זיך לייכט פערנייגט און איז אראפגעגאנגען פון דעק פון דעם שיף „פילגרים".

טשארלז וועלדאן איז איינער פון דיא רייכסטע מענער אין סאן פראנסיסקא ער האט פיעלע איינענע שיפען וועלכע ער שיקט ארויס יעדעס יאהר חאפען וואלל פיש. דאס זעגעל שיף פילגרים געהערט אויך צו איהם. קאפיטאן האלל איז אן אלטער טרייער פריינד און ארבייטער ביי טשארלז וועלדאן. שיפס-קאפיטאן האלל איז א געשיקטער און געאיבטער וואלל-פיש יעגער. ער איז ארויס געפאהרען אין אויגוסט 1873 חאפען וואל-פיש אָין דעם אייז מעער ארום זיד פּאָל, עס איז איהם

אבער דאס מאל נים נעראטהען. ער האט געחאפט זעהר וועניג וואל־פיש און זיי־נע מאטראזען האבען מעהר נים געוואלט בלייבען אויף דעם „פילגרים" ער האט נעמחט אריין פאהרען אין פארט פון וואיטעמאטא, דיא האפען שטאדט פון אָקלענד. דיא הויפט שטאדט פון דיא אינזלען ניי זעעלאנד.

שיפס־קאפיטאן האלל איז אראפגעגאנגען אין שטאדט זוכען עטליכע מאט־ראזען און האט צו פעלליגער ווייזע געטראפען מיסים וועלדאן, דיא פרוי פון זיין ארביימנעבער.

מיסים וועלדאן האט זיך מיט א פאר יאהר געפיהלט נים גוט. דיא בעסטע דאקטוירים פון סאן פראנסיסקאָ האבען איהר נעראטהען צו מאכען א רייזע אויפ'ן מעער. צו פעליגער ווייזע האט איהר מאן געדארפט פאהרען קיין אָקלענד וועגען זיינע געשעפטע. עס האט זיך געהאנדעלט צו עפענען א בעשטענדיגע ליניע פון דאמפף און זעגעלשיפען צווישען אויסטראליען, ניי זעעלאנד, און סאן פראנסיסקא. וועלדאן האט בענוצט דיעזע געלעגענהייט און האט מיט גענומען זיין פרוי און זיין פינף יעהריגען זוהן דשעק.

דיא רייזע פון סאן פראנסיסקא נאך ניי זעעלאנד איז געוועזען א זעהר גליק־ליכע. דיא מעער לופט האט זעהר גוט געווירקט אויף מיסים וועלדאן און זיא האט זיך געפיהלט פאלקאמען געזונד.

דאס קלימא פון ניי זעעלאנד האט אויף איהר אויך גוט געווירקט און זיא מיט איהר מאן האבען שוין געוואלט פאהרען אהיים, דאס הייסט, וועלדאן אליין האט נאך געדארפט פאהרען קיין מעלבורן אויסטראליען, אפשליעסען זיין געשעפט און ער האט נערעכענט מיט צו נעהמען זיין פרוי און זיין קינד נאך מעלבורן און פון דארט זיי שיקען נאך סאן פראנסיסקאָ און ער וועט שפעטער אנקומען.

זיי זיינען שוין געוועזען פערטיג אויף דיא רייזע. פלוצלונג איז דער קליינער דשעק קראנק געווארען. דיא דאקטוירים פון אָקלענד האבען ערקלערט, אז דיא קראנקהייט איז נים געפעהרליך, אבער פאהרען אויפ'ן מעער קען ער נים. מיסים וועלדאן האט אלזא געמוזט בלייבען מיט איהר קינד אין אָקלענד און וועלדאן איז אליין אוועק געפאהרען קיין מעלבורן.

דשעק איז קראנק געוועזען אייניגע וואכען און איז געזונד געווארען. מיסים וועלדאן האט אנפאנגס נערעכענט צו פאהרען קיין מעלבורן און פון דארט נעה־מען א שיף קיין אינדיען און פון דארט ערסט נעהמען א שיף קיין סאן פראנסיס־קאָ, ווייל אנדערש האט מען דאמאלס נים געקענט פאהרען. עס פלעגען דאמאלס

נים געהן שיפען דירעקט פון אָקלענד נאך סאן פראנסיסקא. מען פלענט מוזען איבערנעהן פיער־פינף מאל פון איין דאמפף שיף אויפ׳ן אנדערן.

מען קען זיך אלזא לייכט פארשטעלען, וויא מיסים וועלדאן האט זיך דער־פרעהט ווען זיא האט דערזעהן שיפס־קאפיטאן האלל. ערשטענס, האט זיא זעהר גוט געקענט קאפיטאן האלל און האט איהם זעהר געשעצט אלס טיכטינגען און פעהיגען שיפס־קאפיטאן. צווייטענס, איז דאך דער „פילגרים״ איהר שיף. עס איז וואהר, אז דער „פילגרים״ איז נור א זעגעל שיף, אבער עס איז דאך פי׳על בעסער צו פאהרען אויף אן איינענעם שיף, ווען אויך נור א זעגעל שיף. אלס צו פאהרען אויף א דאמפף שיף, וועלכעס מען מוז בייטען פיער־פינף מאל. אויסער דעם האט מיסים וועלדאן געוואלט פאהרען אויף א זעגעל שיף, ווייל אזא שיף פיהרט לאנג־זאמער און זיא האט געוואוסט, וויא געזונד עס איז פאר איהר דיא מעער לופט.

קאפיטאן האלל איז צוואר געווען זעהר צופריעדען צו האבען אויף זיין שיף מיסים וועלדאן און איהר זוהן, אבער ער האט מורא געהאט, אז ער קען איהר נים פערשאפען אלע בעקוועמליכקייטען און אלע פערגניגען, וועלכע מען קריענט אויף א גרויסען פאסאזשיר דאמפף שיף.

קאפיטאן האלל האט געפונען אין אָקלענד עטליכע גוטע ענגלישע מאטראזען און האט זיי געדונגען פאר זיין „פילגרים״ אזוי וויא ער האט אבער געוואוסט, אז מיסים וועלדאן וועט פאהרען מיט איהם, האט ער געמוזט זוכען א בעסערן קאך. ער האט געהאט מיט זיך א נענער, וועלכער פלענט קאכען פאר איהם און פאר דיא מאטראזען. ער איז נים געווען קיין גרויסער קינסטלער, אבער וויא ער האט נעקאכט, איז עס געווען גוט פאר איינפאכע מענשען, פאר מיסים וועלדאן אבער האט ער געמוזט האבען אנאנדער קאך.

אין א פּאָרט שטאדט קריענט מען אלעס. מען האט איהם רעקאמאנדירט א פּאָרטוגיעזע מיט׳ן נאמען נעגאָראָ און קאפיטאן האלל האט איהם געדונגען אלס קאָך.

וויא פערטיג קאפיטאן האלל איז געווען און וויא פארבערייטעט ער איז גע־ווען אויף דיא רייזע, האט ער דאך עס געהאלטען פאר זיין פפליכט נאך א מאל, צום לעצטען מאל, צו ווארענען מיסים וועלדאן און זיא צו בעטען, אז זיא זאל בע־סער פאהרען מיט א פאסאזשיר שיף, און דארום האט ער מיט איהר געהאלטען דאס געשפרעך, וועלכעס מיר האבען איבערגעגעבען אין אנפאנג פון דיזעס קאפּי־טעל. ווען ער האט אבער געזעהן אז מיסים וועלדאן איז פעסט ענטשלאסען צו

פאהרען מיט'ן „פילגרים,‟ האט ער שוין מעהר ניט גערעדט און האט איהר ערקלערט, אז מארגען אום פינף אוהר װעלען זיי ארויספאהרען.

## 2טעם קאפיטעל.

## א נייער פאסאזשיר אויפ'ן פילגרים.

מיסים װעלדאן איז געװען פינקטליך. דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט זיא געשיקט אלע איהרע זאכען אויפ'ן „פילגרים‟ און שלאג פיער אוהר איז זיא געקומען מיר איהר קינד מיט איהר איינציגע דיענערין, א שטארקע נעגערין, װעלכע איז אויפגעװאקסען ביי איהרע עלטערן. הינטער זיי איז געגאנגען א מאן פון א יאהר זעכציג מיט לאנגע װייסע האר, מיט א קליינעם װייסען בארד מיט א גאלדענע בריל אויף דער נאז, אויף דער פלייצע האט ער געטראגען א ראנעץ, װיא א סאלדאט, און אין דער רעכטער זיים איז געהאנגען אין א לעדערנעם שאכטעל א לאנגער אינסטרומענט, — א טעלעסקאפ.

קוים האט שיפס-קאפיטאן האלל דער'זעהן דיעזען מאן, איז ער איהם ענטגעגען געלאפען האט איהם דערלאנגט ביידע הענט און האט אויסגערופען האלב דערפרעהט און האלב פערװאונדערט:

— אויך איהר זייט דא, אנקעל בענעדיקט? — װאס מאכט איהר אין ניי זעעלאנד?

דאן האט ער זיך געװענדעט צו מיסים װעלדאן און האט געזאגט צו איהר מיט א פארװאורף:

— איהר האט מיר נאר ניט דערצעהלט, אז אנקעל בענעדיקט איז אויך געפאהרען מיט אייך און ער װעט אויך זיין מיין פאסאזשיר אויף דעם „פילגרים‟ איך מוז דאך אנגרייטען פאר איהם א קאיוטע.

— בעמיהט אייך ניט, קאפיטאן האלל, איך װעל שוין געפינען א פלאץ פאר זיך, האט אנקעל בענעדיקט געזאגט. איך קען שוין שלאפען, װאו עס איז, איך מוז נור האבען א זיכערן ארט פאר מיינע קאללעקציאנען.

— װאו האלט איהר דען אייערע קאללעקציאנען? האט קאפיטאן האלל געפרעגט. — פאר װאס האט איהר זיי פריהער ניט צו געשיקט?

— מיינע קאלעקציאנען גיב איך קיינעם ניט, איך האלט זיי שטענדיג ביי מיר, האט אנקעל בענעדיקט געענטפערט און האט אראפגענומען פון דער פלייצע דעם ראנעץ.

דאם איז געווען א קעסטעלע פון שטארקעס אייזען בלעך, אין דער מיט איז עס געווען איינגעטהיילט אין קליינע קעסטעלעך, אויף יעדעס קעסטעלע איז געווען אנגעשריבען א זאנדערבארעס ווארט און אינעווענינ האבען זיך געפונען פליעגען, היישעריקען, מאסקיטאס, זומער פייגעלעך און נאך א זעלכע זאכען. דאס איז געוען דיא קאלעקציאן (דיא זאמלונג) פון אנקעל בענעדיקט.

מיר מוזען א ביסעל בעקאנט מאכען אונזערע לעזער מיט אנקעל בענעדיקט, וועלכער שפיעלט א וויכטינע ראלע אין אונזער ערצעהלונג.

אנקעל בענעדיקט, אדער מיסטער בענעדיקט קוואקענבוש איז געווען א פערוואנדעטער פון מיסים וועלדאן. מען פלעגט איהם רופען אנקעל, וויל ער איז געוען גוט און פריינדליך געגען יעדען. ער איז געווען א לעהרער אין א דארפ׳ס שולע אין קאליפארניען. אזוי וויא זומער פלעגען זיך זיינע שילער צו לויפען ארבייטען ביי זייערע עלטערן אין דיא גארטענס און אויף דיא פעלדער, פלעגט זיין שולע אנאנצען זומער זיין געשלאסען און מיסטער בענעדיקט קוואקענבוש האט אנגעהויבען אוים צו שטודירען אלעס, וואס פליהט און האט זעקס פים, מיט אנדערע ווערטער ער איז געווארען אן ענטאמאלאג.

ענטאמאלאגיע הייסט דיא וויסענשאפט, וועלכע בעשעפטינט זיך מיט לעבעדינע זאכען וועמעס קערפער בעשטעהט פון רינגען, וויא פליעגען, ביענען, היישעריקען, זומער פייגעלעך און דער גלייכען. בעטראכט א ביען, א פליעג און איהר וועט זעהן, אז דער קאפ איז איין רינג, דאן קומט ווידער א רינג, וואו עס געפינען זיך דאס הערץ או׳ דיא לונגען, דאן קומט דער בויך, וועלכער בעשטעהט פון עטליכע רינגען. עס געפינען זיך אבער נאך בעשעפנישען, וועמעס קערפער בעשטעהט פון רינגען, וויא צום ביישפיעל, ראקעס, לאבסטערס, און נאך פיעלע אנדערע טהירע אין מעער און אויף דער יבשה, אבער אנקעל בענעדיקט האט אוים שטודירט נור דיא לעבעדינע זאכען, וועמעס קערפער בעששעהן פון רינגען, וועלכע האבען נור זעקס פים, אויף דער וויסענשאפטליכער שפראכע הייסען זיי העקסאפאדען. אנקעל בענעדיקט איז געווארען אן ענטאמאלאג - העקסאפאדיסט.

ער האט אזוי ליעב געהאט דיא וויסענשאפט, אז ער פלעגט אמאל אוועק געהן אין א װאלד אויף עטליכע טעג זוכען נייע סארטען פליעגען, פכעה, זומער פייגעלעך און ביענען. אזוי וויא ער פלעגט פערגעסען מיט צו נעהמען מיט זיך פראוויאנט, האט ער אמאל זיך פעראירדט (פערבלאנזעט) אין א וואלד און איז שיער נים געשטארבען פאר הונגער. יעגער האבען איהם געפונען ליעגען אונטער

א בוים האלב טויט און האבען איהם אריינגעבראכט אין סאן פראנסיסקא אין א האָספיטאל.

זיים דאמאלס האט מיסיס וועלדאן איהם גענומען צו זיך און פלעגט איהם שוין מעהר ניט לאזען געהן אליין.

אנקעל בענעדיקט איז קיין מאל ניט געווען פערהייראטעט און האט גע־דארפט אזוי ווייניג, אז ער האט זיך אפגעשפארט א קליינעם קאפיטאל פון זיין געהאלט אלס לעהרער: עס האט איהם קיין מאל ניט געקימערט, אויב זיין ראָק איז ניי, אלט, גאנץ, צעריסען, ריין אדער שמוציג. ער פלעגט קויפען דיא איינ־פאכסטע קליידער און פלעגט זיי טראגען, אזוי לאנג, ביז עס איז שוין געווען אונ־מעגליך צו טראגען. זייט ער האט זיך געפונען ביי מיסיס ווילדאן, פלעגט זיא אכטונג געבען אויף איהם, און מען פלעגט מוזען אכטונג געבען אויף איהם, ווייל אַנקעל בענעדיקט איז געווען וויא א קינד. עס זיינען דא מענשען, וועלכע בלייבען קינדער זייער לעבען לאנג.

דענקט אבער ניט, אז אנקעל בענעדיקט איז געווען א נארר אדער א איד־יאָט. דער נאמען בענעדיקט קוואקענבוש איז געווען גוט בעקאנט און זאגאר בעריהמט צווישען דיא געלערנטע און מענער פון וויסענשאפט פון דער גאנצער וועלט. ער האט אנגעשריעבען א בוך איבער דיא העקסאפאָדען, דיא בעשעפענישע וועלכע האבען זעקס פיס. פון קאליפאָרניען און דער מיניסטער פון אַגריקולטור (אין ערבוי) פון דיא פעראייניגטע שטאטען האט איהם געדאנקט פאר דיעזעס בוך און האט איהם געשיקט צעהן טויזענד דאלאר דערפאר.

דיא געשיכטע פון דיעזעס בוך איז אזוי געווען. אין קאליפאָרניען האט זיך געוויעזען א וואָרים, וועלכער פלעגט פערניכטען דיא פרוכט ביימער. ער פלעגט זיך ווייזען אין דער מיט זומער און פלעגט אויפפרעסען דיא בלעטער פון פרוכט ביימער, וויא עפעל, בירנען, אפריקאסען, פלוימען, קירשען און דער גלייכען. אין 1860 האט דיעזער וואָרים אויפגעפרעסען און צערשטערט אלע פרוכט ביימער און דיא פארמער זיינען פעראָרימט געוואָרען. זיי האבען זיך געווענדעט צום מיניסטער דער אגריקולטור און דער מיניסטער האט בעשטימט א פרייז פון צעהן טויזענד דאלאר פאר דעם געלערנטען, וועלכער וועט געפינען א מיטעל געגען דיעזען וואָ־רים. מיסיס וועלדאן איז דערפון געוואהר געוואָרען און האט עס דערצעהלט אַנקעל בענעדיקט.

מעהר האט אנקעל בענעדיקט ניט געדארפט. ער האט אנגעשריעבען א בוך אין וועלכען ער האט ערקלערט, אז דיעזער וואָרים איז דאס יונגע קינד פון

א געוויסען קעפער (זשוק.) דער קעפער (זשוק) לעגט אייער, פון דיזע אייער קומט ארויס א ווארים, — לארווע — אין דיזער צייט איז ער זעהר געפרעסיג. ער פרעסט אויף אין א טאג דריי מאל אזוי פיעל, וויא ער וועגט. שפעטער וויקעלט ער זיך איין אין א סארט שפינוועבס און פון איהם קומט ארויס ווידער א קעפער (זשוק), וועלכער האט פיער פליגעל און זעקס פיס. דערביי האט ער ערקלערט, וואו ער לעגט זיינע אייער און וויא אזוי מען קען פערניכטען דיזע אייער.

פאר דיזעס בוך האט ער בעקומען דעם פרייז פון צעהן טויזענד דאלאר, אבער וואס האט אנקעל בענעדיקט געדאכט דיזעס געלד? ווען מיסיס וועלדאן האט איהם דערלאנגט דעם בריעף פון דעם מיניסטער מיט דעם טשעק אויף דיא צעהן טויזענד דאלאר, האט אנקעל בענעדיקט א שמייכעל געטאהן און האט געזאגט:

— א מיניסטער דארף דאך קענען ענטאמאלאגיע.

אזא סארט מענש איז געווען אנקעל בענעדיקט. ווען ער האט געהערט, אז וועלדאן פאהרט קיין ניי זעעלאנד, האט ער זיך אנגעהויבען צו בעטען, זיי זאלען איהם מיטנעהמען: ער וויל איינשטודירען דיא העקסאפאדען פון ניי זעעלאנד. מיסטער וועלדאן און מיסיס וועלדאן האבען ניט געקענט איהם אפזאגען, קיינער האט ניט געקענט אפזאגען א ביטע פון אנקעל בענעדיקט, ווייל ער פלעגט בעטען עפעס זעהר זעלטען און ווען ער פלעגט שוין עפעס בעטען, פלעגט ער בעטען, וויא א גוטעס קינד, וועלכעס בעט א קליינינקייט. וויא קען מען עס אפזאגען א קליין קינד. ווען עס בעט א קליינינקייט?

זיי האבען איהם מיט גענומען קיין ניי זעעלאנד און אנסעל בענעדיקט איז געוועזן גליקליך, וויא א קליין קינד, ווען מען גיט איהם א נייעס שפיעלצייג. ער האט געפונען אין ניי זעעלאנד עטליכע נייע העקסאפאדען.

שיפס-קאפיטאן האלל האט זעהר גוט געקענט אנקעל בענעדיקט און האט איהם ליעב געהאט, ווייל יעדער, ווער עס האט געקענט אנקעל בענעדיקט, האט איהם ליעב געהאט, מען האט גאר ניט געקענט ניט ליעב האבען און ניט שעצען דיזען גוטען און שטילען מענשען, וועלכער האט געהאט אין זיין גאנצעס לעבען נור איין וואונש און איין פערגניגען — דיא העקסאפאדען. אזוי וויא ער האט געפונען אין ניי זעעלאנד פיעלע נייע סארטען העקסאפאדען, האט ער זיי געהאלטען אין זיין בלעכענעס קאסטען און בלעגט דאס ארומטראגען מיט זיך. ער האט מורא געהאט, ער זאל ניט פערליערען זיין אוצר, זיין שאץ, זיין רייכטהום, עטליכע הונדערט נייע סארטען פליעגען, ביענען און קעפער (זשוקעס).

שיפס־קאפיטאן האלל אין געווען אונצופריעדען, וואס מיסיס וועלדאן האט איהם פריהער ניט געזאגט, אז אנקעל בענעדיקט וועט אויף פאהרען מיט איהר אויף דעם שיף „פילגרים," פאר אזא מאן וואלט מען געדארפט אנגרייטען א בע־זונדערע קאיוטע, עס איז שוין אבער געווען צו שפעט׳

ווילט איהר שלאפען אין מיין קאיוטע, אנקעל בענעדיקט? האט קאפיטאן האלל געפרעגט.

— האט איהר דארטען א זיכערן פלאץ פאר מיינע קאלעקציאנען? האט אנקעל בענעדיקט געענטפערט מיט א פראגע.

— ווילט איהר מיר פערטרויען אייערע זאמלונגען?

— אייך, קאפיטאן האלל, וועל איך זיי פערטרויען, אבער היט זיי אפ, האט אנקעל בענעדיקט געבעטען, מיינע קאלעקציאנען ווערן פערדארבען פון פייכטקייט, מען מוז זיי האלטען אין א טרוקענעם ארט.

— זייט רוהיג, אנקעל בענעדיקט, איך וועל שוין געפינען א זיכערן ארט פאר אייערע זאכען, האט קאפיטאן האלל געזאגט און האט אריינגעפיהרט אנקעל בענעדיקט אין זיין קאיוטע׳

אין א האלבער שטונדע שפעטער האט יעדער פאסאזיר בעקומען זיין פלאץ מיסיס וועלדאן מיט איהר קינד האט קאפיטאן האלל אפגעגעבען דיא בעסטע קאיוטע, וועלכע האט זיך געפונען אויפ׳ן שיף. אנקעל בענעדיקט האט בעקומען א בעטעל אין דער קאיוטע פון קאפיטאן האלל. דיקסאנד דער ערשטער און איינציגער אפיציער פון „פילגרים" וועלכער פלעגט ביז אהער שלאפען אין קאפיטאן האללס קאיוטע. האט יעצט געמוזט שלאפען מיט דיא מאטראזען׳

מיר מוזען נאך זאגען א פאר ווערטער איבער דיקסאנד.

דיקסאנד איז ערשט אלט געווען פינפצעהן יאהר. ער איז געווען א יתום, זיינע עלטערן זיינען געשטארבען ווען ער איז אלט געווען פינף יאהר און ער איז געבליעבען אויפ׳ן וואסער. ער האט פערקויפט צייטונגען, האט געפוצט שטיוועל און האט געטאהן אלעס מעגליכע אום זיך צו דערנעהרן. אלס עכטער אמעריקא־נער יונגע האט ער געוואוסט, אז ער האט אויף קיינעם ניט צו האפען און אויף קיינעם זיך ניט צו פערלאזען. ער מוז זיך אליין דערנעהרן און מוז אליין זיך דורכשלאגען אין לעבען.

ער פלעגט זייער ליעב האבען דאס מעער און פלעגט שטענדיג טראכטען צו ווערן א מאטראז און ארום צו פאהרען אויף אלע מעערן. ווען ער איז אלט געווארען צעהן יאהר, האט ער אנגעהויבען זיך צו בעטען ביי אלע שיפס־קאפיטאנע

מען זאָל איהם . מיטנעהמען אויף זייער שיף אלס יונגע, אבער קיינער האט איהם נים געוואלט מיטנעהמען. איין מאל האט ער געטראָפען קאפּיטאן האלל און האט איהם געבעטען, ער זאל איהם נעהמען אויף זיין שיף, דעם „פילגרים" אלס יונגע. אזוי וויא קאפּיטאן האלל האט דאמאלס געראדע געדארפט האבען א יונגע, וועל־כער זאל טאהן דיא געמהינע לייכטע ארבייטען אויף זיין שיף, האט ער איהם אויפגענומען.

אין א קורצע צייט האט זיך קאפּיטאן האלל איבערצייגט, אז דיקסאנד קען ווערן א גוטער שיפס-קאפּיטאן, ווען ער זאל לערנען און זאל בעזיצען דיא נעטהיגע קענטניסע. ער האט אנגעהויבען איהם צו לערנען, וויא ווייט עס איז געווען מעגליך איהם צו לערנען אויפ'ן שיף. דאן האט ער איהם געלאזען א יאהר לערנען אין א מארינע שולע אין סאן פראנסיסקא און האט איהם ווידער גענומען צו זיך אויף זיין איצטיגער רייזע.

דיקסאנד איז געווען זעהר דאנקבאר און האט ליעב געהאט קאפּיטאן האלל וויא זיין פאטער. ער וואלט געגאנגען פאר איהם אין פייער און וואסער. ער פלעגט טאהן אלע ארבייטען, וועלכע ער האט נור געקענט, אום צו פערשפּארען אן אר־בייט קאפּיטאן האלל. און קאפּיטאן האלל האט געוואוסט, אז ער מעג זיך פעלא־זען אויף דיקסאנד. צוואר איז דיקסאנד נאך געווען זעהר יונג און איז נאך נים אויסגעוועזען אין אלע מעערן וויא קאפּיטאן האלל, אבער קוים האט ער געוואוסט, וואוהין דאס שיף געהט, האט ער געקענט עס פיהרען אזוי גוט, וויא קאפּיטאן האלל אליין. דערפאר האט איהם קאפּיטאן האלל געמאכט פאר זיין ערשטען אפיציער, און קאפּיטאן האלל האט עס נים בערייעט.

— אלעס פערטיג ? האט קאפּיטאן האלל געפרעגט.

— אלל רייט ! האט דיקסאנד געענטפערט.

— אויפהייבען דעם אנקער ! האט קאפּיטאן האלל קאמאנדירט.

פונקט פינף אוהר איז דער פילגרים ארויס געפאהרען פון וואיטעמאטא, דיא פארט שטאדט פון אקלענד, ניי־זעעלאנד.

## 3טעס קאפּיטעל.

## דאס פערונגליקטע שיף.

דיא רייזע האט זיך אנגעהויבען גליקליך. דער „פילגרים" איז געווען א גר־טעס שיף, קאפּיטאן האלל איז געווען א פעהיגער מאטראז. טיטיס וועלדאן איז

באלד בעקאנט געווארען מיט אלע מאטראָזען און דיקסאנד איז באלד געווארען א גוטער פריינד מיט דעם קליינעם דשעק. ווען ער האט נים געהאט וואס צו טאהן, פלעגט ער זיך שפּיעלען מיט איהם און פלעגט איהם לערנען קלעטערן אויפ'ן זעגעל בוים. מיסיס וועלדאן האט אויך ליעב בעקומען דעם יונגען דיקסאנד פאר זיין פרעהליכקייט און האט קיין מורא געהאט איהם פערטרויען איהר קינד. קאפּיטאן האלל האט איהר דערצעהלט דיקסאנדס לעבענס געשיכטע און האט איהם אויך געלויבט אלס עהרליכען, געטרייען און פעהיגען מאטראָז.

דיא צייט איז אזוי פערגאנגען גאנץ אנגענעהם פאר אלעמען. דאס וועטער איז געוועזען שעהן און ווארים, עס איז געוועזען ענדע פעברואר, אלזא זומער אין יענע געגענדען, און אלע פלעגען פערברענגען זייער צייט אויפ'ן דעק.

איין פריה מאָרגען, ווען אלע זיינען געשטאנען אויפ'ן דעק, האט דיקסאנד עפּעס דערזעהן שווימען אויפ'ן מעער.

— מיר דאכט, אז דארט שווימט אן איבער געקעהרטעס שיף! האט דיקסאנד אויסגערופען.

אלע האבען געקוקט אין דער זייט, וואו דיקסאנד האט געוויזען, עס איז אבער געווען אזוי וויים, אז עס איז אונמעגליך געווען צו זעהן, וואס דארט שווימט.

— איך מוז גיהן נעהמען אונזער טעלעסקאָפּ, האט דיקסאנד געזאגט.

— נעהמט מיינעס, האט זיך אפּגערופען אָנקעל בענעדיקט און האט ארויסגענומען זיין ספּעקטיוו פון זיין לעדערנעם שייד.

— רופט קאפּיטאן האלל, האט מיסיס וועלדאן געבעטען.

קאפּיטאן האלל איז באלד געקומען מיט זיין טעלעסקאָפּ (ספּעקטיוו) און האט א קוק געטאהן אויף דער זאך, וואס עס איז געשוואומען.

— דאס איז א שיף, אבער איך זעה נור איין זייט, מיר דאכט, אז זיא איז איבער געקעהרט, וואהרשיינליך איז זיא געלעבערט געווארען און האט זיך איבער געקעהרט.

— פיליייכט ליעגט זיא נור אויף א זייט? האט דיקסאנד געפרעגט.

— פיליייכט געפינען זיך נאך אויף איהר אונגליקליכע פּאסאזשירען, וועלכע מיר קענען רעטען, האט מיסיס וועלדאן געזאגט.

— מיר דאכט, אז דאס איז נאר א גרויסער פיש, האט נאר פּלוצלונג זיך אפּגערופען אָנקעל בענעדיקט.

— איז עס פיליייכט א העקספּאד? האט מיסיס וועלדאן געשפּאסט.

זיא האט זיך דאן געווענדעט צו קאפיטאן האל און האט געזאגט צו איהם ערנסט:

— מיר מוזען צופאהרען זעהן, וואס דאס איז, איך וועל מיך פיהלען גליקליך ווען מיר וועלען קענען נאך רעטען וועמען.

— ווען איהר פערלאנגט עס, וועל איך צופאהרען זעהן, וואס דארט איז, האט קאפיטאן האלל געזאגט און האט געגעבען א בעפעהל, מען זאל אויס דרעהן דעם „פילגרים“ אין דער זייט, וואו דיא שווארצע זאך איז געשוואומען.

אזוי וויא עס איז דאמאלס גאר קיין ווינד נים געווען, איז דער „פילגרים“ געגאנגען זעהר לאנגזאם. פלוצלונג האט דיקסאנד אויסגערופען:

— הערט איהר? — מיר דאכט, אז א הונט בילט!

אלע האבען אויסגעשטרעקט דיא העלזער און האבען זיך צו געהערט. אזוי וויא דאס מעער איז געווען רוהיג או; עס איז גאר קיין ווינט געווען, האט מען גע הערט גאנץ דייטליך דאס בילען פון א הונד. עס איז געווען א זאנדערבארעס בילען, ריכטיגער א „היילען“ וויינען, פון א הונד, וועלכער געפינט זיך אין דער גרעסטער נויט. נור מענשען, וועלכע האבען געהאלטען הינד און קענען דעם כא־ראקטער פון א הונד, קענען דערקענען דיעזעס בילען, דיעזעס „היילען“ דיעזעס וויינען פון א הונד.

מיסיס וועלדאן איז געוואינט געווען צו הינד, זיא האט באלד דערקענט דיעזעס שרעקליכע, הערצרייסענדע וויינען פון א שטומעס טהיער, וועלכעס דריקט אויס זיינע ליידען אין אזא זאנדערבארע, הערצרייסאנדע שטימע.

— פיליייכט געפינען זיך אויך מענשען נאך אויף דיעזעס אונגליקס שיף? האט זיא געזאגט צו קאפיטאן האלל.

—מאמא! ברענג מיר דעם הונד! האט דער קליינער דשעק געבעטען, ער איז הונגעריג, איך וועל איהם ברענגען א שטיקעל צוקער.

קאפיטאן האלל האט זיך געווענדעט צו זיין ערשטען שטייער מאן און האט געזאגט צו איהם:

— לאזט אראפ מיין באאט, באלטאן! מיר מוזען זעהן, וואס דארט איז.

באלטאן, אן אלטער ערפאהרענער מאטראז, האט באלד אויסגעפאלגט דעם בעפעהל פון זיין שיפס־קאפיטאן. — קאפיטאן האלל, דיקסאנד, באלטאן און נאך א מאטראז האבען זיך אריינגעזעצט אין באאט און זיינען צו געפאהרען צום אונג־ליקליכען שיף. ווען זיי זיינען צו געקומען א צוויי הונדערט שריט פון דעם שיף, האבען זיי דערזעהן, אז דאס שיף ליעגט אויף א זייט און פון פארנט, דארט וואו

עס געפינט זיך דיא פיגור פון שיף, איז א גרויסער, שווארצער ניי פינדלענדער הונד צו געבונדען צו א קיים. קוים האט דער הונד דערזעהן, אז מענשען פאהרען צו צו איהם, איז ער אראפּ געשפרונגען פון דיא שטריק. וואו ער איז געשטאנען, איז צו געלאפען אין אנאנדער זייט און האט אנגעהויבען צו שפרינגען, צו רייסען זיך און צו בילען מיט אזא וואוטה (רציחה,) אז דיא מאטראזען אין באָאָט זיינען געבליעבען זיצען וויא פערשטיינערט.

— וואס איז מיט דעם הונד? האט קאפּיטאן האלל געפרעגט זיך אליין.

— דארט מוזען זיין מענשען, האט דיקסאנד געענטפערט, איך דערקען אין זיין בילען, אן זיין רייסען זיך, אז ער רופט צו הילף פאר דיא מענשען וועלכע געפינען זיך דארט.

באלד איז דאס באָאָט צו געקומען צום שיף און מען האט געקענט בעט־ראכטען דאס טרויעריגע, פעראונגליקטע שיף. פון הינטען, ביים אנקער, האט מען געקענט לעזען דאס וואָרט „וואלדעק" דאס אונגליקס שיף האט אלזא געהייסען „וואלדעק." ווער איז זיא אבער? פון וואנען קומט זיא? צו וועמען געהערט זיא? דאס האט מען ניט געקענט וויסען. עס איז צוואר איינגעפיהרט, אז פון דער הינ־טערסטער זייט פון שיף, לעבען זיין נאמען זאל שטעהן דיא שטאדט, וואו זיא איז געבויט געווארען אדער וואו איהר איינענטהימער וואינט, אויף דעם „וואלדעק" איז עס אבער ניט געשטאנען.

פאָרזיכטיג איז דאס באָאָט צו געשוואומען צום שיף. דיקסאנד איז ארויפ־געשפרונגען און האט אפּגעבונדען דעם הונד. קאפּיטאן האלל און באָלטאָן זיינען נאך איהם ארויסגעקומען אויפ'ן דעק. עס איז געווען זעהר שווער צו שטעהן אויפ'ן דעק, ווייל דאס שיף איז אזוי געליגען אויף א זייט, אז מען האט געמוזט זיך אנהאלטען אן א שטריק אום ניט אראפּצופאלען.

— איז דאָ ווער אין שיף? האט קאפּיטאן האלל אויסגערופען אין דער הויך.

קיינער האט ניט געענטפערט, נור דער הונד איז געשפרונגען, האט געבילט און האט געריסען דיא טהיר פון א קאיוטע, וועלכע איז געווען פערמאכט, אבער ניט פערשלאסען. קאפּיטאן האלל האט געעפענט דיזע טהיר און ער מיט דיק־סאנד זיינען אריינגענאנגען. א שרעקליכעס בילד האט זיך זיי פאָרגעשטעלט: אויף דעם באדען צווישען דיא ביינק זיינען געליגען פינף נעגער. דיקסאנד האט זיך אנגעבויגען צו זיי און האט זיי בעטראכט.

— זיי לעבען נאך! האט ער אויסגערופען, — זיי אטהעמען נאך!

— אלזא מיר מוזן זיי שנעל ארויפנעהמען אויפ'ן „פילגרים"! האט קאפי־טאן האלל געזאגט.

דאס איז געווען קיין לייכטע ארבייט. דיא נעגער האבען זיך ניט געקענט ריהרען. זיי זיינען געווען האלב טויט פון הונגער און דורשט. מען האט געמוזט זיי ארומבינדען מיט שטריק און זיי אראפלאזען אין באָאָט, וויא פעקלעך ווארע. קוים האט מען אלע פינף אראפגעלאזען, איז דער הונד אליין נאכגעשפרונגען נאך זיי.

קוים האט דער הונד דערזעהן א ביסעל וואסער אין א בלעכעל אין באָאָט, איז ער צו געלאפען. וויא א וואהנזיניגער און האט עס אויסגעטרונקען מיט אמאל.

— אך, וויא דורשטיג ער איז! האט דיקסאנד אויסגערופען, — וויא פיעל מעג האט ער שוין ניט געטרונקען?

— שנעל צוריק אויפ'ן „פילגרים"! האט קאפיטאן האלל קאמאנדירט, פיליכט וועלען מיר זיי נאך רעטען דאס לעבען.

אין א האלבער שטונדע זיינען אלע ווידער געווען אויפ'ן דעק פון „פילגרים" קאפיטאן האלל און מיסיס וועלדאן האבען באלד פראבירט גיבען דיא נעגער א ביסעל קאָניאק אין וואסער. דאן האט קאפיטאן האלל גערופען דעם קאָך נעגאָראָ און האט איהם געהייסען מאכעז א ווארעמע זופ פאר דיא אונגליקליכע.

קוים איז נעגאָראָ ארויסגעקומען פון קיך, איז דער הונד אנגעפאלען אויף איהם מיט אזא כעס און מיט אזא רציחה, גלייך וויא ער וואלט געווען זיין ערגס־טער פיינד. דיא מאטראזען האבען געמוזט איהם אוועק טרייבען מיט שטיקער האָלץ.

— וואס איז דאס, נעגאָראָ? האט קאפיטאן האלל געפרעגט, — קענסט דוא דיעזען הונד?

— איך? איך האב איהם קיין מאל ניט געזעהן, האט נעגאָראָ געענטפערט.

— זאנדערבאר! האט דיקסאנד געזאגט צו זיך אליין, איך וואלט שווערן, אז דער הונד איז בעזאנדערס בייז אויף אונזער קאָך.

נעגען אבענדס זיינען דיא פינף נעגער אזוי וויים געקומען צו זיך, אז זיי האָ־בען געקענט דערצעהלען, וואס עס האט מיט זיי פאסירט.

## 4טעם קאפיטעל.

## דיא נייע פאסאזשירען אויפ'ן „פילגרים".

קאפיטאן האלל אלס אן אלטער, ערפאהרענער מאטראז, וועמען עס איז שוין ניט איין מאל פארגעקומען צו רעטען מענשען, וועלכע האבען שוין געליטען

שיפברוך, האט געוואוסט וויא אזוי אפצומונטערן דיא פערהונגערטע געגער און ער האט געברויכט דיא בעסטע מיטעל זא, דאס אויפ'ן אנדערן טאָג זיינען זיי שוין אים שטאנד געווען צו זיצען און צו דערצעהלען, וואס מיט זיי האט פאסירט.

זיי האבען דערצעהלט, אז זיי זיינען אמעריקאנער פון שטאאט פענסילוועניע, זיי האבען דערהערט, אז מען האט געפונען אין אויסטראליען גאָלד און זיי זיינען געפאהרען קיין אויסטראליען גראבען גאלד. זיי האבען צוואר ניט געפונען דיא גאלדענע בערג, וועלכע דיא אגענטען פון דיא שיף קאמפאניעס האבען זיי צוגעזאגט, אום זיי צו פערנאררען אויף זייערע שיפען, אבער יעדער פון זיי האט דאך געמאכט עטליכע הונדערט דאלאר אין אויסטראליען. מיט דיעזע געלד האבען זיי געוואלט צוריק פאהרען קיין אמעריקא און זיך קויפען לאנד.

זיי זיינען געקומען קיין מעלבורן און האבען געטראפען דאס זעגעל שיף „וואלדעק" וועלכעס איז געפאהרען נאך ניו יאָרק און זיי האבען זיך איבערלעגט, אז פאהרען אויף א דאמפף שיף קאָסט צו טהייער, זיי וועלען בעסער אפשפארען דיעזעס געלד און וועלען פאהרען מיט א זעגעל שיף, בעזאנדערס נאך ווען דער שיפס-קאפיטאן פון דער „וואלדעק" האט זיי אנגעבאטען, אז ער וועט זיי מיט נעהמען אומזיסט, ווען זיי וועלען ארבייטען אויפ'ן שיף.

אזוי וויא זיי זיינען אלע יונגע, שטארקע מענשען און זיינען געוואינט צו ארבייטען שווער, האבען זיי אנגענומען דיעזעס אנגעבאָט מיט פערגניגען.

זייער רייזע איז געווען א גליקליכע. דיא „וואלדעק" איז צוואר געפאהרען זעהר לאנגזאם, אבער זיי האבען ניט געהאט קיין אורזאכע זיך צו איילען. אין א זעהר דונקעלע נאכט, ווען זיי זיינען געשמאק געשלאפען אין זייער קאיוטע, האבען זיי דערהערט א שרעקליכען קנאק, זיי זיינען אראפ געפאלען פון זייערע בעטען און האבען זיך אזוי דערשראקען, אז זיי האבען ניט געוואוסט וואס עס טהוט זיך מיט זיי. ווען זיי זיינען געקומען צו זיך און זיינען ארויס געגאנגען אויפ'ן דעק, האבען זיי דערזעהן מיט שרעק און שוידער, אז זיי זיינען אליין אויפ'ן שיף: דער שיפס-קאפיטאן מיט זיינע מאטראזען זיינען פערשוואונדען געווארען.

עס איז באלד טאָג געווארען און זיי האבען זיך ערשט אומגעקוקט, אין וואס פאר א שרעקליכע לאגע זיי געפינען זיך. דאס שיף איז געליגען אויף א זייט. דיא שפייז קאמערן זיינען געווארען פול מיט וואסער. אלעס, וואס האט זיך געפונען אויפ'ן דעק, איז פערשוואונדען געווארען. אין קיך האבען זיי געפונען צוויבאק אויף עטליכע טעג און נור א האלב פעסעלע וואסער.

פון אלעס, וואס האט זיך געפונען אויפ'ן דעק פון דער „וואלדעק" א'

נעבליעבען נור דער הונד, וועלכען דער שיפס-קאפּיטאן פלעגט רופען דיננא. דער שיפס-קאפּיטאן האט זיי דערצעהלט, אז ער האט געפונען דיעזען הונד אויף א ברעג פון אפריקא. דער הונד איז געוועזען האלב טויט פון הונגער און דורשט. ער האט איהם אויפגענומען, ווייל ער איז א שעהנער הונד און געהערט צו דער ראַסע (סאָרט) הינד, וועלכע שווימען אין וואסער און רעטען מענשען, וועלכע טרענקען זיך. צו וועמען דיעזער הונד געהערט, ווייס ער נים. דער הונד טראגט א האלז באנד, אויף וועלכען עס זיינען אויסגעקריצט צוויי לאטיינישע בוכשטאבען S. V. וואס דיעזע צוויי בוכשטאבען בעדייטען, האט ער נים געוואוסט, אבער עס איז דייטליך, אז דער הונד האט געהערט צו א רייזענדען פון אייראָפּא.

דאס איז געוועזען אלעס, וואס דיא געגער האבען דערצעהלט. מען האט דער פון זעהר ווייניג געקענט וויסען. עס איז נים נעטהיג צו זאגען, וויא דאנקבאר דיע־זע נעגער זיינען געוועזען קאפּיטאן האלל, וועלכער האט זיי גערעטעט, און מיסיס וועלדאן, וועלכע האט זיי אזוי פריינדליך בעהאנדעלט. קוים זיינען זיי געוועזען אים שטאנד ארום צו געהן, האבען זיי געבעטען, אז מען זאל זיי געבען עפּעס צו טאהן, זיי זאלען קענען וועניגסטענס עפּעס ניצליך זיין אויפ'ן שיף.

דיננא איז באלד בעקאנט געווארען מיט אלעמען אויפ'ן שיף, בעזאנדערס אבער מיט דעם קליינעם דשעק, מיט איהם איז ער געווארען א גוטער פריינד. דער קליינער דשעק פלעגט זיך שפּיעלען מיט איהם, פלעגט רייטען אויף איהם, פלעגט איהם מאכען פאר א פערד און פאהרען מיט איהם. מיט דיא איבעריגע מאטראזען פון דעם „פּילגרים" איז דיננא צוואר נים געווארען גאנץ פריינדליך, אבער ער האט קיינעם נים אנגעריהרט, ער פלעגט גיכער אויסמיידען זיי, נור ווען נעגאָרא פלעגט זיך ווייזען, פלעגט דיננא אנהויבען צו ביל֜ען און זיך רייסען צו איהם, גלייך וויא ער האט געוואלט איהם אנחאפּען ביים האלז. ווען דיננא פלעגט זיין אויפ'ן דעק, פלעגט נעגאָרא מורא האבען ארויס צו געהן פון זיין קוי. זאגאר מיסים וועלדאן האט עס בעמערקט און האט נעפרעגט קאפּיטאן האלל:

— וואס איז עס מיט דיעזען הונד? עס איז דייטליך, אז ער האט פיינט נעגאָרא, אבער פאר וואס? פון וואנען קען ער איהם?

— עס איז מיר אויך א רעטעניש, האט קאפּיטאן האלל געענטפערט, נעגאָ־רא זאגט, אז ער קען איהם נים און האט איהם קיין מאל נים געזעהן, דאס איז אבער נים וואהר, עפּעס האט געמוזט פארקומען צווישען דיננא און נעגאָרא, זיי קענען זיך און נעגאָרא האט געווים אמאל געשלאגען דיננא.

— זאל א הונד האבען אזוי פיעל פערשטאנד? האט מיסים וועלדאן

געפרענט, זאל א הונד געדענקען א בעליידיגונג א לאנגע צייט און זאל וועלען נעהמען ראכע (זיך נוקם זיין) ?

— דיעזע ראסע (פאראדא, סארטע) הינד, צו וועלכע דיננא געהערט, איז זעהר קלוג, האט קאפיטאן האלל ערקלערט, — ווען זיי וואקסען אויף ביי א מענשען און ער בעהאנדעלט זיי גוט, זיינען זיי בערייט צו שפרינגען פאר איהם אין פייער און אין וואסער. עס איז זאגאר פארגעקומען, אז ווען זיין הערר איז געשטארבען, האט דער הונד אויפגעהערט צו עסען און צו טרינקען און איז קרעפירט אויפ'ן גראב פון זיין הערר.

עס זיינען ווידער פערגאנגען עטליכע טעג און אויפ'ן שיף האט גאר ניט פאסירט, דאס וועטער איז געווען שעהן און אלע זיינען געווען צופריעדען און פערגניגט אויפ'ן „פילגרים".

אין א שעהנעם טאג האט זיך דער קליינער דשעק געשפיעלט אויפ'ן דעק, צווישען דיא פערשיידענע שפיעלצייג וועלכע מיסים וועלדאן האט מיטגעבראכט פאר איהם פון אקלענד, האבען זיך געפונען פיער עקיגע קלעצעלעך, „קוביקס," אויף וועלכע עס זיינען געווען אויפגעדרוקט דיא בוכשטאבען פון ענגלישען „ע, בי, סי," מיסים וועלדאן פלעגט לערנען איהר קינד לעזען ענגליש דורך דיעזע קוביקס זיא פלעגט איהם הייסען צו זאמענשטעלען דיא בוכשטאבען, וועלכע האבען אויסגעמאכט זיין נאמען, דעם נאמען ,Hall דער נאמען פון שיפס-קאפיטאן, אדער דעם נאמען פון א מאטראז.

דשעק האט זיך, יעצט אליין געשפיעלט מיט דיעזע קלעצעלעך. דער הונד דיננא איז געליעגען לעבען איהם און האט צו געקוקט, וויא דאס קינד שפיעלט זיך, גלייך וויא ער וואלט אויך עפעס פערשטאנען. פלוצלונג איז ער אויפגעשפרונגען, האט אנגעהויבען צו זוכען צווישען דיא קלעצעלעך און האט מיטין מויל און מיט זיינע לאפעס אויפגעשטעלט צוויי קוביקס מיט דיא בוכשטאבען S. V.

— מאמא, קום אהער! דיננא קען לעזען ענגליש! האט דער קליינער דשעק אויסגערופען פול פרייד.

מיסים וועלדאן, קאפיטאן האלל און אנקעל בענעדיקט זיינען באלד געקומען צו לויפען זעהן דאס גרויסע וואונדער, וויא דיננא קען ענגליש. דער קליינער דשעק האט אויסגעמישט דיא קלעצעלעך און האט זיי צונויפגעלעגט אין א הויפען. דיננא האט זיי צונומען און האט אזוי לאנג געזוכט, ביז ער האט געפונען דיא צוויא בוכשטאבען S. V. און האט זיי אנידערגעלעגט איינס לעבען אנדערן, גלייך וויא ער וואלט געזאגט: „ווייסט איהר דען ניט, וואס דיעזע בוכשטאבען בעדייטען?"

אנקעל בענעדיקט האט געוואלט צו נעהמען דיעזע צוויי בוכשטאַבען, דיננא האט איהם געוויזען זיינע גרויסע און שארפע צעהנער. נור דעם קליינעם דשעק האט דיננא געלאזען צו נעהמען דיא צוויי קוביקס, קוים אבער האט זיי דשעק אויסגע־מישט און אניעדער געלעגט, האט דער הונד ווידער אנגעהויבען צו זוכען און צו ווארפען דיא קלעצעלעך, ביז ער האט אויסגעפונען דיא בוכשטאבען .S. V

— זאנדערבאר! וואס זאל דאס בעדייטען? האט מיסיס וועלדאן געפרעגט, וויא קומט עס, וואס דער הונד דערקענט דיעזע צוויי בוכשטאבען? — ווייסט איהר ניט, קאפיטאן האלל, וואס דיעזע בוכשטאבען זאלען בעדייטען?

קאפיטאן האלל האט פערצויגען מיט דיא אקסלען.

— פיליייכט ווייסט איהר, אנקעל בענעדיקט, וואס דיעזע צוויי בוכשטאבען בעדייטען?

אנקעל בענעדיקט האט געטראכט איינינע אויגען בליקע און האט געזאגט:

— איך ווייס, אז אין 1871 האט דיא פראנצייזישע געאגראפישע געזעל־שאפט ארויס געשיקט א געלערנטען מאן אויספארשען אפריקא, בעזאנדערס דיא לענדער, וועלכע געפינען זיך ביים טייך קאנגא. דיעזער געלערנטער האט געהייסען סאמועל ווערנאן. זייט 1872 האט מען פון איהם מעהר ניט געהערט.

— אלזא וואס דענקט איהר דערפון? האט מיסיס וועלדאן ווייטער געפרעגט.

— איך דענק, אז דיעזער הונד האט געהערט צו סאמועל ווערנאן. איך זעה, אז אויף דעם האלז־באנד פון דעם הונד זיינען אויסגעקריצט דיא בוכשטאבען .S. V און ער שטעלט צוזאמען נור דיא בוכשטאבען .S. V

— ווייסט איהר דען, אז דער געלערנטער סאמועל ווערנאן האט געהאט מיט זיך א הונד?

— דאס ווייס איך ניט, האט אנקעל בענעדיקט געענטפערט.

אין דיעזע מינוט האט זיך נעגאָראַ געוויזען אויפ׳ן שוועל פון דער קיך. קיי־נער האט עס ניט בעמערקט, קיינער האט זיך ניט אומגעקוקט אויף איהם, אבער דיננא איז אויפגעשפרונגען, וויא א וואהנזיניגער, און האט זיך א ווארף געטאהן אויף איהם ער וואלט איהם צוריסען, ווען נעגאָראַ זאל ניט געוועזען האסטיג פער־מאכען דיא קיך.

— דא איז עפעס א געהיימניס מיט דיעזען הונד, האט מיסיס וועלדאן גע־זאגט, וועלען מיר א מאל געוואהר ווערן דיעזעס געהיימניס? — מען זאגט, אז הימעל און ערד האבען געשוואָרען, אז קיין זאך זאל ניט בלייבען פערבארגען. איז עס אבער וואהר? איז עס נור א שפריך וואָרט?

## פטעס קאפיטעל.

## א וואלל פיש.

דער „פילגרים“ איז נעפאהרען זייער לאנגזאם. אזוי וויא ער איז געווען א זעגעל שיף האט ער געמוזט האבען ווינד צו טרייבען זיינע זעגעל, עס האט זיך אבער געמאכט, אז געראדע דאמאלס איז גאר קיין ווינד ניט געווען. עס פלעגען זיין טעג, ווען דער „פילגרים“ האט געמאכט נור 20 מייל, עס איז קיין ווינד געווען. מיסיס וועלדאן האט עס ווענינ געקימערט. זיא האט געוואוסט, אז דיא מעער לופט איז געזונד פאר איהר און פאר איהר קינד און זיא איז זאגאר געווען צופריעדען, וואס דיא רייזע האט לענגער געדויערט.

אנקעל בענעדיקט פלעגט זעלטען רעדען מיט וועמען. ער פלעגט זיין בעשעפטיגט מיט זיינע ביכער אדער מיט זיינע העקסאפאדען. איין מאל האט קאפיטאן האלל בעמערקט, וויא אנקעל בענעדיקט זוכט עפעס אונטער דיא בייגק.

— וואס זוכט איהר דא, אנקעל בענעדיקט? האט ער געפרעגט, — אויפ'ן מעער קענט איהר דאך ניט געפינען נייע פליעגען, ביענען און אנדערע העקסאפאדען?

— וואס רעדט איהר, קאפיטאן? האט אנקעל בענעדיקט געענטפערט, איידער שיף איז געשטאנען מעהר אלס צוויי וואכען אין א פארט פון ניי זעעלאנד. איהר האט נעקויפט פראוויאנט און אנדערע זאכען אין אקלענד, עס קען דאך אלזא זיין, אז איהר האט פערשלעפט א נייעם כארט פלוי אדער אנאנדער העקסאפאד אויף אייער שיף.

— מיר דאכט, אז אויסער קאקעראטשעס (פרייסען) קענט איהר אויף מיין שיף ניט געפינען.

— לאכט ניט פון קאקרוטשעס! האט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען, ווייסט איהר, אז דער קאקעראטש האט א גרויסען נאמען? ווייסט איהר אז ער הייסט „פעריפלאנעטא,“ דערפאר וואס ער האט געמאכט דיא רייזע ארום דיא וועלט? ווייסט איהר, אז עס ניטא איין לאנד אין דער וועלט, וואו דער קאקעראטש זאל זיך ניט געפינען?

— איך ווייס גאר נישט, האט קאפיטאן האלל געענטפערט, איך ווייס נור, אז איך וואלט געווען העכסט צופריעדען, ווען ער זאל זיך ניט געפינען אויף מיין שיף.

— ווייסט איהר אבער, צו וועלכער קלאַסע דער קאקעראַטש געהערט?

— געניי ווייס איך עס ניט. האט קאַפּיטאַן האלל געענטפערט, מיר דאַכט אבער, אז ער געהערט צו דער קלאַסע „אָרטהאָפּטער,‟ ווייל ער האט גאַנץ גלייכע, שפּיציגע און גאַנץ הארטע פליגעל.

— בראַוואָ, קאַפּיטאַן האלל! האט אנקעל ברנעדיקט אויסגערופען און האט זיך געפרעהט, וויא א קליין קינד, איהר זייט דאָך אויך אַן ענטאָמאָלאָגיסט!

— ניין, אנקעל בענעדיקט! איך בין נור א שיפס־קאַפּיטאַן, קיין געלערנטער און קיין ענטאָמאָלאָגיסט.

— פון וואַנען ווייסט איהר אלזאָ, אז דער קאקעראַטש געהערט צו דער קלאַסע „אָרטהאָפּטער‟?

— עפּעס האָב איך געלערנט.

— ווייסט איהר אבער, וויא פיעל סאָרטען העקסאַפּאָדען עס געהערן צו דיעזער קלאַסע?

— פערלאַנגט איהר דען פון מיר, איך זאל דאס אויך וויסען?

— צו דער קלאַסע אָרטהאָפּטער געהערן צעהן טויזענד סאָרטען, האט אנקעל בענעדיקט ערקלערט. — צו דער קלאַסע „דיפּטער,‟ וועלכע האבען צוויי דריי עקיגע, דורכזיכטיגע פליגעל, וויא דיא פליעג, געהערן זעכציג טויזענד סאָרטען. צו דער קלאַסע „קאָלעאָפּטער,‟ אדער א זעלבע בעשעפעניששען מיט זעקס פיס, וועלכע בעהאלטען זייערע פליגעל אין א שייד, געהערן דרייסיג טויזענד סאָרטען; צו דער קלאַסע.

אנקעל בענעדיקט איז צוואר געווען א שוויינער, קוים פלעגט ער זיך אבער צורעדען פון זיין וויסענשאַפט, דיא ענטאָמאָלאָגיע, פלעגט ער קענען אוועק רעדען שטונדען לאַנג און ערקלערן, וויא פיעל סאָרטען ביענען, פליעגען, קעפער (זשוקעס) און זומער פייגעלעך עס זיינען דא, וויא זיי לעבען, וואו זיי האלטען זיך אויף, וואס זיי עסען און אויב זיי ברענגען נוצען אדער שאדען. ער וואלט יעצט אויך געווען גערעדט א פּאָר שטונדען, ווען דיקסאַנד וואלט ניט געווען צו קומען צו זיי און אויסרופען:

— ניט נור א קוק אויפ'ן מעער!

אלע האבען א קוק געטאהן אויפ'ן מעער. א זאנדערבארע ערשיינונג האט זיך זיי פאָרגעשטעלט. דאס וואסער פון מעער, וועלכעס איז ביז אהער געווען גרין בלוי, האט גאר פלוצלונג אנגעהויבען צו ווערן רויטליך, און ערטער איז עס געוואָרען אזוי רויט, אז מען וואלט געקענט מיינען, אז עס איז אויסגעטונקען מיט בלוט.

— וואס איז דאס ? האט מיסים וועלדאן געפרעגט, זאל עס זיין א זעלבע רויטע גראזען, וועלבע שווימען ארום אין מעער ?

— ניין, מיסים וועלדאן, האט קאפיטאן האלל געענטפערט, דאס זיינען גאנץ קליינע קרעבסע (ראקעס) וועלבע שווימען ארום אין מעער נור אין געוויסע ערטער און אין געוויסע צייטען. זיי דיענען אלס שפייז פאר דיא וואל־פיש. וויא גרויס דער וואל־פיש איז, קען ער נים איינשלינגען א גרויסען הערינג, ער נעהרט זיך נור פון דיעזע קליינע, וייכע קרעבסע.

— אנקעל בענעדיקט, יעצט האט איהר א גוטע געלעגענהייט אוים צו שטודירען א נייע בעשעפעניש, האט מיסים וועלדאן געזאגט מיט א שמייכעל.

— האט עס זעקס פיס ? האט אנקעל בענעדיקט געפרעגט.

— עס האט אכט פיס, האט קאפיטאן האלל געענטפערט.

— דאן וויל איך דערפון נים וויסען, איך שטודיר נור העקסאפאדען.

— ווען איהר זאלט אבער שטודירען אלע בעשעפענישע, וועלבע האבען מעהר אלס פיער פיס, וואלט איהר דאך געוואוסט, אז וואו עס געפינען זיך דיעזע קרעבסע דארט געפינען זיך אויך וואל־פיש, ווייל זיי זוכען זייער שפייז.

— אבער וויא קען א גרויסער וואל־פיש זיך אנעסען מיט א זעלבע קליינע קרעבסע? האט דער קליינער דשעק געפרעגט.

— מיין ליעבער דשעק, האסט דוא אמאל געגעסען א זופ אדער א קאשא פון גרויפען? האט איהם דיקסאנד געפרעגט.

— געוויס ! האט דשעק געענטפערט.

— זיינען דען גרויפען נים קליין ? וויא פיעל גרויפען דארף מען האבען אום צו מאכען א זופ ? קען זיך דען נים א גרויסער מענש אנעסען מיט א קאשא פון גרויפען ?

— א וואל־פיש ! א וואל־פיש ! האט איסגערופען דער מאטראז, וועלבער איז געשטאנען אויף דער וואך.

אלע האבען זיך אומגעקוקט, ערגעץ גאנץ וויים האט זיך געוויזען א זייל וואסער, גלייך וויא א גרויסער פאנטאן וואלט געשפריצט זיין וואסער. נור דיא שארפע אויגען פון דיא מאטראזען האבען געקענט זעהן דעם וואל־פיש אליין, מי־סיס וועלדאן און דיא פאסאזשירען פון „פילגרים“ האבען נור געזעהן, וויא עס שפריצט ארוים וואסער פון מעער.

— איז עס דער ריכטיגער וואל־פיש ? האט דיקסאנד געפרעגט.

— דאס וועל איך באלד זעהן, האט קאפיטאן האלל געענטפערט.

— וואס הייסט א ריכטיגער וואל־פיש? האט מיסיס וועלדאן געפרעגט.

— עס זיינען דא פערשיעדענע סארטען וואל־פיש, האט קאפיטאן האלל ערקלערט, אייניגע גיבען ארויס אזוי וועניג טראהן און פיש ביין, אז עס איז נים ווערטה זיך נאך צו יאגען נאך זיי, עס זיינען אבער דא וואל־פיש, פון וועלכע מען קען בעקומען מעהר אלס הונדערט פעסלעך טראהן און ביז טויזענד פונט פיש ביין, אזא וואל־פיש רופען מיר וואל־פיש יענער, דעם ריכטיגען וואל־פיש.

— און ווען דאס איז א ריכטיגער וואל־פיש, וועט איהר איהם חאפען? האט מיסיס וועלדאן ווייטער געפרעגט.

— יא, מאדאם, ווען איהר וועט עס ערלויבען, האט קאפיטאן האלל געזאגט פון א ריכטיגען וואל־פיש קענען מיר מאכען עטליכע הונדערט דאלאר און דאס איז דאך אייגענטליך דער צוועק פון מיין רייזע.

— איז אבער קיין געפאהר דערביי?

— מיר זיינען שוין געוואינט דערצו, דערפאר זיינען מיר דאך וואל־פיש יעגער.

— מאמא! איך וויל זעהן דעם וואל־פיש, האט דער קליינער דשעק אויס־גערופען.

— ווען איהר קענט דערביי פערדיענען, וועל איך אייך נים שטערן, האט מיסים וועלדאן געזאגט.

— מאכט אלעס בערייט! האט קאפיטאן האלל קאמאנדירט.

די מאטראזען האבען אנגעהויבען פערטיג צו מאכען זייערע אינסטרומענ־טען. א וואל־פיש פאנגט מען מיט א הארפינע, א גרויסעס און שווערעס שטיק אייזען, וועלכעס איז פון איין זייט ברייט און קיילעכדיג, דאן געהט עס דינער און דינער, ביז עס קומט צום אנדערן עק, וועלכער איז דין און שארף וויא דער שפּיץ פון א נאדעל. דיעזע הארפונע איז צוגעבונדען צו א לאנגע שטריק, וועלכער איז ארומגעוויקעלט ארום א רעדעל. דיעזעס רעדעל איז בעפעסטיגט צו א באָאט. דאס באָאט פאהרט צו שטילערהיים גאנץ נאהענט צום וואל־פיש און איינער פון די מאטראזען ווארפט אריין די שווערע הארפונע אין פעטען קערפּער פון וואל־פיש. די הארפונע קריעכט אריין אין זיין פלייש און לעבערט איהם דורך, אבער זעלטען ווערט דער וואל־פיש געטייטעט פון איין הארפונע. געוועהנליך מוז מען האבען עטליכע הארפונען אום צו טויטען א גרויסען און שטארקען וואל־פיש.

די מאטראזען פון „פילגרים“ האבען יעצט פערטיג געמאכט די שטריק מיט די הארפונען. זיי זיינען אלע געווען אלטע, געאיבטע, ערפאהרענע וואל־פיש

פאנגער און אין איינינע מינוט זיינען די פערטיג געווארען מיט זייערע פארבערייטונגען.

— אראפלאזען דאס גרויסע באָאָט! האט קאפיטאן האלל קאמאנדירט.

אין איינינע מינוט איז דאס גרויסע באָאָט געשוואומען אויפ'ן וואסער. דריי שטארקע מאטראזען זיינען אראפגעשפרונגען אין איהם, נאך זיי האט זיך אראפגעלאזען קאפיטאן האלל.

— בלייב דא אויפ'ן שיף, האט קאפיטאן האלל געזאגט צו דיקסאנד, — גיב אכטונג אויפ'ן שיף, ביז מיר וועלען צוריק קומען.

— זייט רוהיג, קאפיטאן, איך וועל אכטונג געבען אויפ'ן שיף, האט דיקסאנד געענטפערט.

אין דיזע מינוט האט דער הונד דינגא אנגעהויבען צו היילען אין דער הויך.

— וואס איז מיט דיר, דינגא? האט מיסיס וועלדאן אויסגערופען. — וואס היילסט דו אזוי?

די מאטראָזען, וועלכע זיינען געבליעבען אויפ'ן שיף, האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדערן און באָלמאן דער שטייערמאן, האט געמורמעלט אונטער דער נאָז:

— א שלעכטער סימן! א שלעכטע פאָרבעדייטונג! ווען א הונד היילט און וויינט אין דער צייט, וואס מענשען פאהרען אוועק אויף א געפעהרליכעס אונטערנעהמען, איז עס א שלעכטער צייכען.

— וואס רעדט איהר? האט מיסיס וועלדאן אויסגערופען,— זייט ניט אבערגלויביש! גלויבט ניט אין אזעלכע נאררישקייטען!

די מאטראָזען האבען געשוויגען.

## 6טעס קאפיטעל.

## קאפיטאן האלל און 4 מאטראזען ווערן דערטרונקען.

אלע רייזענדע אויפ'ן „פילגרים" זיינען געשטאנען אויפ'ן דעק און האבען באָבאכטעט, וואס דא וועט פאָרקומען.

דאס גרויסע באָאָט מיט קאפיטאן האלל און זיינע מאטראזען איז געפאהרען לאנגזאם און פאָרזיכטיג. קאפיטאן האלל איז געוועזען אן אלטער, ערפאהרענער וואלפיש יעגער. ער האט גוט געוואוסט, וויא געפעהרליך אזא יאגד איז. דער וואלפיש איז א ריעז, ער איז דאס גרעסטע און דאס שטארקסטע טהיער אויף דער

וועלט. ווען ער דערזעהט זיין פיינד, ווען ער דערשפירט זיין פיינד, שטעלט ער זיך אין קעמפפט פאר זיין לעבען. דאן איז ער געפעהרליך. מיט איין זעץ פון זיין שטאר־קען עק קען ער צוברעכען אויף שטיקלעך דאס שטארקסטע באָאט, און דארום איז קאפיטאן האלל געפאָהרען אזוי פאָרזיכטיג.

— וואס איז דאס ? האט איינער פון דיא מאטראָזען אויסגערופען, — דער וואלל פיש איז מיר עפּעס צו ברייט.

קאפּיטאן האלל האט זיך צוגעקוקט און האט יעצט אויך דערזעהן, אז דער וואלל פיש איז עפּעס צו ברייט. זיי זיינען אבער געווען נאך צו ווייט פון וואל פיש אום צו קענען זעהן דייטליך, פאר וואס דער וואלל פיש איז אזוי ברייט.

— פארזיכטיג ! האט קאפיטאן האלל קאמאנדירט,—מאכט קיין גערויש מיט דיא רודער !

דיא מאטראזען האבען גערודערט אזוי שטיל, אז מען וואלט ניט געקענט הערן, וויא זיי האבען בעריהרט דאס וואס ער מיט זייערע רודערס. — דער וואלל פיש איז געבליעבען רוהיג, ער האט זיך ניט געריהרט. עס האט זיך אויסגעוויעזען אז ער שווימט זיך אזוי אויפ'ן וואסער צום פערגניגען, אדער ער שלאָפט.

דאס באָאט איז צוגעקומען צו איהם אזוי נאהענט, אז קאפּיטאן האלל האט געהייסען איינעם פון זיינע מאטראָזען, ער זאל אנגרייטען דיא הארפּינע. נאך עט־ליכע שריט און מען וועט קענען אריינשליידערן דאס שווערע שטיק אייזען אין בריי־טען אין פעטען קערפּער פון דעם וואל פיש :

— וואס איז דאס ? האט געפרעגט שטילערהייט איינער פון דיא מאטראזען, דער וואל פיש איז עפּעס צו ברייט !

קיינער האט איהם ניט געענטפערט, ווייל אין דיעזע מינוט האט קאפיטאן האלל אויפגעהויבען דיא שווערע הארפינע און האט זיא אריינגעשליידערט אין קער־פער פון וואל פיש מיט אזא קראפט, אז דאס באאט האט א ציטער געטהאן. דער וואל פיש איז אויפגעשפרונגען און ערשט יעצט האט מען דערזעהן, אז דאס איז א זיא מיט א קינד. דאס קינד האט געזויגען, דערפאר איז דיא מוטער געלעגען אזוי רוהיג אויפ'ן וואסער.

קאפימאן האלל האט געטראפען דיא מוטער. קוים האט זיא דערפיהלט דעם שרעקליכען שמערץ, איז זיא אראפּ אונטערן וואסער און האט מיטגעשלעפט דעם לאנגען שטריק, וועלכער איז געווען צו געבונדען צו דער הארפונע. דאס קינד האט זיך דערשראקען און איז אוועק געשוואומען, דאס וואסער ארום באָאט האט

אנגעהויבען צו שוימען, צו קאכען און צו זידען, און ערטער האבען זיך געוויעזען רויטע פלעקען, דאס בלוט פון וואל־פיש.

— איהר האט גוט געטראפען, קאפיטאן, האט א מאטראז אויסגערופען.

קוים האט ער עם ארויסגערעדט, האט זיך דער וואל־פיש ווידער געוויעזען אויפ׳ן וואסער און האט אנגעהויבען צו קלאפען מיט זיין שטארקען עק אזוי שטארק אז דאס באָאט האט אנגעהויבען פול צו ווערן מיט וואסער.

— אויסשעפען דאס וואסער! האט קאפיטאן האלל קאמאנדירט.

דיא מאטראזען האבען אנגעהויבען אוים צו שעפען דאס וואסער, אבער דער וואל־פיש האט זיי ניט געלאזען. אנשטאט צו אנטלויפען און צו ווארפען זיך וויא עס טהוען געווערהנליך וואל־פיש, ווען זיי זיינען פערוואונדעט, האט זיך דער וואל־פיש אוים געדרעהט צום באָאט און איז אויף איהם אנגעפאלען. ער האט געוואלט זיך ארויפווארפען אויפ׳ן באָאט מיט זיין גאנצער קראפט און איהם דערטרינקען מיט דיא מענשען.

— דיא שפיזען! האט קאפיטאן האלל געשריען אויסער זיך, מיר מוזען קעמפפען מיט דיעזען אונגעהייער מיט שפיזען „נא שטיקי״!

זיי האבען מיט גענומען דריי לאנגע און שווערע שפיזען, יעדער מאטראז האט געחאפט א שפיז און האט זיך געשטעלט געגען וואל־פיש.

— ציעלט איהם אין דיא אויגען! האט קאפיטאן האלל קאמאנדירט.

אין דיעזע מינוט אבער האט דאס וואסער פון דער אנדערן זייט אנגעהויבען צו קאכען און צו רוישען. דער קליינער וואל־פיש האט דערזעהן זיין מוטער און איז געלאפען צו איהר. דאס באָאט איז יעצט אויסגעקומען צווישעןביידע וואל־פיש, דיא מוטער האט זיך געפונען פון איין זייט און דאס קינד פון אנדערער זייט. קאפיטאן האלל מיט זיינע מאטראזען האבען געקוקט נור אין דער זייט, וואו דער גרויסער וואל־פיש האט זיך געפונען, וויל דארט איז געווען דיא געפאהר, זיי האבען ניט געקענט בעמערקען, אז דיא געפאהר קומט גאר פון דער אנדער זייט. דער יונגער וואל־פיש איז געלאפען צו זיין מוטער און האט געטראפען אויפ׳ן וועג דאס באָאט, ער האט זיך אראפגעלאזען און האט געוואלט שווימען אונטער׳ן באָאט דערביי האט ער אויפגעהויבען זיין גרויסען קאפ און האט איבערגעקעהרט דאס באָאט. קאפיטאן האלל מיט זיינע מאטראזען זיינען אריינגעפאלען אין וואסער. דער גרויסער וואל־פיש האט זיך ארויפגעווארפען אויף זיי מיט זיין גאנצער קראפט און האט צו בראכען דאס באָאט אויף שטיקער.

פון דעם דעק פון דעם „פיכנרים“ האט מען נעזעהן אלעס, וואס עס איז פארנעקומען אין וואסער, מען האט אבער נים נעקענט העלפען.

— רעטעט זיי, דיק! האט מיסיס וועלדאן געבעטען מיט טרעהרין אין דיא אויגען.

— רעטעט! רעטעט! האט געבעטען אנקעל בענעדיקט.

אבער אלעס איז געווען אומזיסט. דיקסאנד האט צוואר געהייסען אראפלא־זען נאך א באָאט און איז אליין געפאהרען צו הילף קאפיטאן האלל, אבער ווען ער איז צוגעקומען צו דעם אָרט, וואו קאפיטאן האלל מיט זיינע מאטראזען זיינען אריינגעפאלען אין וואסער, האט ער נים געפונען קיין שפור פון א מענשען אדער א וואל־פיש. אלע זיינען פערשוואונדען געווארען, נור עטליכע ברעטער פון באָאט זיינען ארום געשוואומען, א טרויעריגעס אנדענקען פון דיא מוטהיגע מענשען, וועל־כע האבען דא פערלארען זייער לעבען.

## 7טעס קאפיטעל.

# דיקסאנד ווערט קאפיטאן.

נענען א שטונדע זיינען אלע מענשען אויפ׳ן דעק פון דעם „פילגרים“ געש־טאנען וויא פערשטיינערט. קיינער האט נים געוואנט זיך צו ריהרען, קיינער האט נים נעזאגט א וואָרט, יעדער האט געפיהלט, אז עס האט איהם געטראפען א גרויסעס אומגליק און אז זיין לעבען איז יעצט אין דער גרעסטער געפאהר. דיא ערסטע, וועלכע איז געקומען צו זיך, איז געווען מיסיס וועלדאן. זיא האט צוגערו־פען דיקסאנד און האט גערעדט מיט איהם עטליכע מינוט שטילערהייט, דאן האט זיא געהייסען צונויפרופען אלעמען און האט געזאגט אין דער הויך:

— פון איצט אן איז דיקסאנד קאפיטאן אויפ׳ן „פילגרים“ און אלע דארפען אויספאלגען זיינע בעפעהלע.

אלע האבען געשוויגען. יעדער האט געוואוסט, אז דאס שיף געהערט צו מיסיס וועלדאן, זיא מעג אלזא מאכען פאר שיפס־קאפיטאן, וועמען זיא וויל, און דער זעלבער צייט אבער האט יעדער געוואוסט, אז דיקסאנד איז דער אייגציגער מענש אויפ׳ן „פיכנרים,“ וועלכער איז אים שטאנד צו פיהרען א שיף אדער ווע־ניגסטענס עס צופיהרען צו א פאָרט, וואו מען וועט קענען קריגען אנאנדער שיפס־קאפיטאן.

דיקסאנד איז צוגעגאנגען צום קאמפאס און האט געוואלט געבען זיינע בעפעהלע צו דיא מאטראזען, אין דיעזע מינוט איז דער קאָך נעגאָראָ צוגעקומען צו איהם און האט געפרעגט אין דער הויך:

— קען איך זעהן קאפיטאן האלל?

— קאפיטאן האלל איז מעהר ניטא, האט איהם א מאטראז געענטפערט.

— אלזא ווער קאמאנדירט יעצט דיעזעס שיף? האט נעגאָראָ געפרעגט אין דער הויך.

— איך קאמאנדיר יעצט דעם „פילגרים" האט דיקסאנד געענטפערט.

— אזא אינגעל זאל קאמאנדירען א שיף? האט נעגאָראָ געלאכט.

מיסים וועלדאן האט זיך יעצט אריינגעמישט און האט געזאגט ערנסט און שטרענג:

— דיקסאנד איז יעצט דער שיפס־קאפיטאן פון דעם „פילגרים" און אלע מוזען אויספאלגען זיינע בעפעהלע. איך וויל עס!

נעגאָראָ האט פערצויגען דיא אקסלען, האט געמורמעלט עפעס אונטער דער נאז און איז זיך אוועקגעגאנגען אין זיין קיך.

דיקסאנד האט געהייסען אויפהייבען דעם אנקער, אויסשפרייטען דיא זעגעל און פאהרען נאך אמעריקא, וויא זיינע קארטען און דער קאמפאס האט איהם געוויעזען.

אזוי וויא מיט קאפיטאן האלל זיינען דערטרונקען געווארען פיער מאטראזען און עס זיינען יעצט געווען ווענינ מאטראזען אויפ'ן שיף, האט דיקסאנד געפונען פאר נעטהיג צו צולערנען דיא פינף נעגער, וועלכע ער האט געראטעוועט פון דעם שיף „וואלדעק," זיי זאלען קענען מאהן דיא ארבייט פון דיא מאטראזען. דיא נעגער האבען עס אנגענומען מיט פערגניגען און האבען בעוויעזען, אז זיי קענען דאנקבאר זיין. זיי האבען זיך צו געהערט צו יעדעס ווארט, וואס דיקסאנד האט זיי געזאגט, און האבען געטאהן אלעס, וואס ער האט זיי געהייסען.

אין א צייט פון פינף טעג האט מען זיך שוין געקענט גוט בעדיענען מיט דיא פינף נעגער. זיי האבען זיך אויסגעלערנט ארויף צו קריעכען אויף דיא זעגעל בוימער אויסשפרייטען דיא זעגעל, איינציעהען דיא זעגעל און טאהן אלע גראבע ארבייטען, וועלכע מאטראזען דארפען טאהן אויף א שיף.

אלע האבען זיך בערוהיגט נאך דעם שרעקליכען אונגליק, וואס עס האט זיי געטראפען. מיסים וועלדאן האט וויעדער אנגעהויבען צו לערנען איהר קינד לעזען און שרייבען. אנקעל בענעדיקט פלעגט זוכען זיינע העקסאפאָדען, פליעגען, קאקרע־

משעס (פרייסען) און אנדערע טהירע מיט זעקס פיס און ער האט זאגאר געוואלט לערנען דעם קליינעם דשעק ענטאָמאָלאָגיע (דיא וויסענשאפט פון דיא אינסעקטען) אבער מיסיס וועלדאן האט געפונען, אז דשעק איז נאך צו יונג צו לערנען אזא שווערע וויסענשאפט.

דיקסאנד האט גאנץ גוט געוואוסט, וואס פאר א שווערע פעראנטווארט־ליכקייט ער האט גענומען אויף זיך, ער האט געוואוסט, אז א שיפס-קאפיטאן איז פעראנטווארטליך פאר זיין שיף און פאר זיינע פאסאזשירען, און ער האט דאהער אזוי איינגעריכטעט, אז ביי נאכט זאל ער אליין שטעהן ביים קאמפאס און פיה־רען דאס שיף. יעדען טאג פלעגט ער וויזען מיסיס וועלדאן דיא מעער קארטע און פלעגט איהר ערקלערן, וואו דאס שיף געפינט זיך, וואוהין זיא דארף געהן און וויא פיעל מייל מען איז אפגעפאהרען אין פארינען טאָג.

אזוי איז אלעס געגאנגען אין בעסטער ארדנונג, נור איין מאל אין דער פריה ווען עס האט נור וואס אנגעהויבען צו טאגען, איז אויף דיקסאנד אנגעפאלען אזא שלאף, אז ער האט איינגעדרימעלט לעבען קאמפאס און איהם האט זיך אויסגע־וויעזען, אז איינער דרעהט איבער דעם קאמפאס. ער האט זיך באלד אויפגעכאפט און עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז א שאטען פון א מענשען, גלייך וויא נע־גאָרא, איז שנעל ערגעץ פערשוואונדען, געווארען. ער האט צוואר געפונען דעם קאמפאס אביסעל ניט ריכטיג, אבער ער האט זיך דערפון גאר נים געמאכט, ווייל ער האט גערעכענט, אז דאס שיף האט זיך א ווארף געטאהן און דער קאמפאס האט זיך אפגערוקט פון זיין אָרט.

עס איז וואהר, אז נאך דיקסאנדס רעכנונג האט דער „פילגרים" יעצט גע־דארפט זיך געפינען אין דער געגענד צווישען אפריקא און אמעריקא, וועלכע ווערט אָפט בעזוכט פון אלערליי שיפען, ווייל דאס איז דער גרויסער טראקט, אויף וועל־כען עס פאהרען שיפען פון אמעריקא נאך אפריקא און אויסטראליען. ער האט אלזא גערעכענט, אז ער וועט געוויס בעגעגענען א שיף ביי וועלכער ער וועט קע־נען אנפרעגען, אויב זיין קאמפאס איז ריכטיג און אויב ער פאהרט אויף'ן ריכטי־גען וועג. וויא גרויס איז דאהער געוועזען זיין שטוינען און פערוואונדערונג, ווען עס איז פערגאנגען איין טאָג נאכין אנדערן און ער האט קיין איינציגעס שיף נים בעגעגענט.

דיקסאנד האט בעמערקט נאך עפעס, וואס איז איהם שטארק נים געפעלען זיים איינינע טעג האט ער אנגעהויבען צו ווערן שלעפעריג ביי נאכט. דער קאָפּ פלעגט איהם עפעס ווערן שווער און ער פלעגט קוים קענען איינשטעהן אויף די

פיס. ער פלענט זאגאר מוזען זיך צו שפארען צום רעדעל און איינדרעמלען. ער איז אבער נאך געווען צו יונג אום זיך בעסער צו צו קוקען צו זיך אליין און ער האט גערעכענט, אז ער איז גאנץ איינפאך מיעד, ווייל ער ארבייטעט יעדע נאכט און דאס איז צו פיעל פאר איהם. ווען ער וואלט געווען א ביסעל עלטער און א ביסעל מעהר ערפאהרען, וואלט ער געוויס געווען בעמערקט, אז דער „פילגרים" געהט ניט אויפ'ן ריכטיגען וועג און אז אויפ'ן שיף געפינט זיך איינער, וועלבער רוקט איבער יעדען טאג דעם קאָמפּאַס. צום אונגליק, זיינען דיא בעסטע מאטראָזען אומגעקומען מיט קאפּיטאן האלל און נור דיקסאנד און אן אלטער מאטראָז מיטין נאמען טאָם האבען פערשטאנען, וויא אזוי צו פיהרען א שיף נאכ'ן קאָמפּאַס. ביי נאכט פלענט דיקסאנד פיהרען דאס שיף און ביי טאָג פלענט טאָם שטעהן ביים רעדעל און פאר צוויי מענשען איז עס ווירקליך געווען צו פיעל. בעזאנדערס ווען נעגאָראָ פלענט יעדען טאָג אפּהיטען דיא מינוט, ווען זיי פלעגען איינדרימלען און פלענט איבער שטעלען דעם קאָמפּאַס.

אזוי זיינען פערגאנגען פיער וואכען. דאס וועטער איז געווען שעהן, דיא לופט אנגענעהם, פון צייט צו צייט פלענט זיך אויפהייבען א ווינט, אבער דיעזער ווינט האט געטריעבען דעם „פילגרים" נאך שנעלער און נאך דיקסאנס רעכנונג האבען זיי שוין געדארפט זיין גאר ניט ווייט פון אמעריקא.

איין מאל איז דיא היץ געווארען זעהר שטארק און אויפ'ן הימעל האבען זיך געוויעזען וואָלקענס, עס איז געווען דעמפיג, אז עס וועט אויסברעכען א שטורם. מיסיס וועלדאן איז געווארען אונרוהיג און זיא האט געפרעגט דיקסאנד, אויב ער איז פארבערייטעט אויסצוהאלטען א שטורם.

— דער „פילגרים" איז א שטארקעס שיף, האט דיקסאנד געענטפערט, און איך האב שוין דורכגעמאכט אויף איהם ניט איין שטורם, עס וועט א ביסעל וואַרפען מיט איהם, איהר וועט מוזען בלייבען איינגעשלאסען אין אייער קאיוטע, אבער עס איז קיין געפאהר.

— דוא האסט דאך אבער אזוי ווייניג פעהיגע מאטראזען? האט מיסיס וועלדאן געפרעגט.

— ווען מען איז גוט פארבערייטעט, קען מען אויסהאלטען א שטורם אויך מיט ווייניג מאטראזען האט דיקסאנד געענטפערט.

ער האט נור געוואלט בערוהיגען מיסיס וועלדאן, ער אליין האט גאנץ גוט געוואוסט, אז ער האט צו ווייניג מאטראזען אום אויסצוהאלטען א גרויסען שטורם

ער האט דאהער געהייסען דיא פינף נעגער, זיי זאלען אלעס בעפעסטיגען, אלעס אויפ'ן דעק צובינדען, איינציעהען דיא זעגעל און זיך פארבערייטען אויפ'ן שטורם.

דיא נעגער האבען ווירקליך ליעב בעקומען דעם יונגען שיפס-קאפיטאן און האבען אויסגעפאלגט יעדען פון זיינע בעפעהלע אזוי פינקטליך, גלייך וויא זיי וואל-טען געווען ריכטיגע מאטראזען. זיי זיינען ארום געלאפען אויפ'ן דעק, וויא דיא טייפעל, און האבען געבונדען, געשלעפט, צו געדעקט, צו געשלאסען, פערמאכט און געשטעלט אלעס אין ארדנונג.

נעגארא איז געווארען נייגיעריג, ווען ער האט געהערט דעם ליארם אויפ'ן דעק, און איז ארויסגעקומען פון זיין קיך זעהן, וואס דארט טהוט זיך. ער איז זיך לאנגזאם צו געקומען צום רעדעל און האט זיך אניעדער געשטעלט קוקען אויפ'ן הימעל, וויא דיא וואלקען ווערן אלע מאל געדיכטער און שווארצער. דאס מעער האט אנגעהויבען צו ווערן אונרוהיג, עס האבען זיך אויפגעהויבען ניט גרויסע, אבער שנעלע, האסטיגע וועללען (כוואליעס) וועלכע האבען יעדעס מאל זיך אנגע-שלאגען אן שיף און האבען זיא א שליידער געטאהן. אלטע מאטראזען, וועלכע זיינען גוט בעקאנט מיטין מעער, ווייסען, אז פאר א שטורם ווייזען זיך א זעלכע אונרוהיגע כוואליעס, וועלכע זיינען צו מאל אזוי שטארק, אז דער מענש, וועלכער איז ניט געוואינט מיטין מעער, קען זיך קוים איינהאלטען אויף דיא פיס.

אזוי וויא נעגארא איז אזוי געשטאנען און האט בעטראכט דעם הימעל און דאס מעער, איז אנגעקומען איינע פון דיעזע האסטיגע כוואליעס און האט א שליי-דער געטאהן דאס שיף, נעגארא איז אומגעפאלען און פאלענדיג האט ער זיך אנ-געהאפט אן קאמפאס. דער קאמפאס איז אראפגעפאלען פון זיין פלאץ און האט זיך צו בראכען.

— וואס איז דארט געשעהן? האט דיקסאנד אויסגערופען אויסער זיך.

— אונזער קאך האט צו בראכען דעם קאמפאס, האט דער אלטער טאם געענטפערט.

דיקסאנד איז צו געלאפען זעהן, וואס דארט איז. ער האט אויפגעהויבען דעם קאמפאס און האט געפונען, אז עס האט זיך צו בראכען נור דיא גלעזערנע שויב, וועלכע האט איהם צו געדעקט, דער קאמפאס אליין איז אבער געבליעבען גאנץ.

— וואס טהוסט דוא דא? האט ער געשריען אויף נעגארא, — דיין פלאץ איז דיא קיך.

—איך מעג געהן, וואו איך וויל, האט נעגארא געענטפערט רוהיג.

— איך גיל אבער ניט, אז דוא זאלסט קומען אהער! האט דיקסאנד געש־ריען.

דוא קענסט עס מיר נים פערביעטען, האט נעגאָראָ געענטפערט גראָב.

דיקסאנד איז שיער אויפגעשפרונגען פאר צארן און פערדרוס. ער האט ארויסגעחאפט א רעוואָלווער פון זיין הויזען קעשענע, האט איהם אויסגעשטעלט נעגען נעגאָראָס קאָפּ און האט געזאגט:

— ווען דוא וועסט נאך אמאל צו קומען צום קאָמפּאַס, וועל איך דיר דער־שיעסען, וויא א הונד.

נעגאָראָ האט געוואָלט עפּעס ענטפערן, אין דיעזע מינוט אבער האבען איהם אנגעחאפט צוויי שטארקע הענד און האבען איהם געהאלטען פעסט וויא מיט אייזערנע שרויבען. דאס איז געווען איינער פון דיא פינף נעגער, וועלכע דיק־סאנד האט גערעטעט פון דעם „וואלדעק״.

— קאפּיטאן, זאל איך איהם ארייננווארפען אין וואסער? האט דער נעגער געפרעגט.

— נאך נים, דשים, האט דיקסאנד געענטפערט, דערווייל לאז איהם לויפען, ווען ער וועט ווידער קומען אהער, מעגסט דוא איהם ארייננווארפען אין וואסער.

דער נעגער דשים האט אפּגעלאזען נעגאָראָ׳ן און נעגארא איז זיך אוועק געגאנגען.

— ווארט דוא שווארצער הונד! האט ער געזאגט שטילערהייט צום נעגער, דאס וועט דיר טהייער קאָסטען.

ווען נעגאָראָ איז פערשוואונדען געווארען אין זיין קיך, האט דיקסאנד זיך צו געקוקט צום קאָמפּאַס און האט דערזעהן מיט שרעק און שטוינען, אז דער קאָמפּאַס ווייזט נים דארט, וואו ער דארף. וואס זאל עס בעדייטען? האט דיק־סאנד געפרעגט זיך אליין.

מיר מוזען דאָ ערקלערן, וואס פאר א קונסט שטיק, א חכמה, נעגאָראָ האט דאָ אפּגעטאהן מיטין קאָמפּאַס. דער קאָמפּאַס בעשטעהט פון א גרויסער נאָדעל פון מאגנעט, וועלכע ליעגט אויף א שארפען שפּיץ פון אנאדער נאדעל און דארום קען זיא זיך דרעהן אין אלע זייטען. דיעזע מאגנעט נאדעל ליעגט אויף א גרויסען ציפער בלאט, אויף וועלכען עס זיינען אויפגעצייכענט דיא פערשיעדענע זייטען פון דער וועלט. געוועהנליכע מענשען ווייסען נור פון פיער זייטען: אָסט (מזרח) וועסט (מעריב) נאָרד (צפון) און זיד (דרום) פאר א שיפס־קאַפּיטאן איז דאס אבער ווייניג, ער טהיילט איין יעדע זייט אין עטליכע זייטען, צוםביישפּיעל,

אסט, (מזרח) אסט־נארד, (מזרחית) אסט־זיד, (מזרחית דרומית) אסט־אסט, (מזרחית מזרחית) אסט־אסט־נארד, (מזרחית מזרחית צפונית) אסט־אסט־ זיד, (מזרחית מזרחית דרומית). לעבען קאמפאס אדער פארן קאמפאס ליעגט שטענדיג א מעער קארטע, אויף וועלכער עס איז אויפגעצייכענט דער וועג, אויף וועלכען ער דארף פאהרען. דיא מאגנעט נאדעל וויזט שטענדיג קיין צפון זייט־נארד. ווען דאס שיף דארף פאהרען נאך אסטען, אין מזרח זייט, קומט אויס דער שפיץ פון דער מאגנעט נאדעל אין זיין לינקער האנד. זעהט דער שיפס־קאפיטאן, אז דיא מאגנעט נאדעל איז ניט פונקט אין זיין לינקער האנד, קירעוועט ער אזוי אויס דאס שיף, אז זיא זאל אויסקומען אין זיין לינקער האנד.

נענארא האט געוואלט פערפיהרען דעם יונגען שיפס־קאפיטאן און ער האט איין מאל ביי נאכט, ווען דיקסאנד איז איינגעשלאפען, אריינגעשטעלט א נאגעל אין קאמפאס. דיא מאגנעט נאדעל האט זיך געצויגען צום אייזערנעם נאגעל און האט געוויעזען פאלש דעם וועג. יעצט ווען נענארא האט געוואלט אין גאנצען צו ברעכען דעם קאמפאס און האט איהם אראפגעווארפען פון זיין געשטעל, איז דער נאגעל ארויסגעפאלען און דער קאמפאס האט ווידער געוויעזען ריכטיג. דיקסאנד האט יעצט דערזעהן מיט שרעק און שטוינען, אז ער איז אראפ פון וועג און גע־פינט זיך ניט אין דער געגענד, וואו ער דארף זיין.

וויא יונג דיקסאנד איז געוועזען און וויא אונערפאהרען ער איז געווען, האט ער דאך פערשטאנען, אז עפעס איז געשעהן מיט'ן קאמפאס, אז ער האט פערלא־רען זיין וועג און ווייס שוין יעצט ניט מעהר, וואו ער געפינט זיך. עס איז אבער יעצט קיין צייט געווען צו דענקען וועגען וועג. דער הימעל איז געווארען אלץ דונ־קעלער און דונקעלער. שווערע, שווארצע וואלקען האבען איהם אין גאנצען בעדעקט און עס האט זיך געלאזען הערען דער ערשטער דונער. דיקסאנד האט געמוזט זיך שטעלען ביים רעדעל און רעגירען דאס שיף.

## 8טעס קאפיטעל.

## ל א נ ד ! ל א נ ד !

באלד האט אויך אויסגעבראכען דער שטורם. עס איז געווארען פינסטער, אז מען האט ניט געקענט זעהן א מענשען אויף פינף שריט וויט פון זיך. א שטארקער ווינד איז אנגעקומען און האט אויפגעריהרט דאס מעער ביז צום גרונד הויכע בערג וואסער האבען זיך געגאסען אויפ'ן דעק פון אלע זייטען דיא שרעקליכע

דונערן האבען פערטויבט דיא אויערן און דיא לאנגע, אונאויפהערליכע בליצען האַ־
בען פערבלענדעט דיא אויגען. דער רעגען האט געגאסען, וויא פון עמערס, אבער
עס איז געווען אונמעגליך צו וויסען, אויב דאס וואסער קומט פון דיא וואלקענס
אדער פון מעער. פון דיא וואלקענס האט עס געדונערט און דאס מעער אונטערן
שיף האט געקאכט, געראושט און געזאטען, וויא אין א קעסעל.

דיקסאנד האט זיך געריכט אויף אזא שטורם און האט זיך גוט פארבערײ־
טעט. מיסיס וועלדאן, דער קליינער דשעק און אנקעל בענעדיקט זיינען געווען איינ־
געשלאסען אין דער גרויסער קאיוטע און האבען געמוזט זיך צו בינדען צו זייערע
בעטען. זיי זאלען ניט אראפפאלען. דיא פינף נעגער און דיא פיער מאטראזען זיי־
נען געבליעבען אויפ'ן דעק און האבען געטאהן, וואס דיקסאנד האט זיי אנגעזאגט,
אבער אויך זיי האבען געמוזט זיך צו בינדען מיט שטריק, אז דיא כוואליעס זאלען
זיי ניט אראפוואשען אין מעער.

און דאס האט געדויערט דריי טאג נאכאנאנד. ערשט אויפ'ן פיערטען טאג
האט דער שטורם א ביסעל נאכגעלאזען און מיסיס וועלדאן האט געקענט ארויס־
געהן אויף א קורצע צייט אויפ'ן דעק. דיקסאנד און זיינע מאטראזען האבען אזוי
פיעל און אזוי שווער געארבייטעט דיעזע גאנצע צייט, אז זיי האבען זיך קוים גע־
קענט האלטען אויף דיא פיס.

— איהר מוזט אייך אפרוהען, האט מיסיס וועלדאן געזאגט צו איהם, איהר
מוזט אייך צו לעגען שלאפען אויף איינינע שטונדען.

— און ווער וועט בלייבען ביים קאמפאס? האט דיקסאנד געפרעגט, ווער
וועט רעגירען דאס שיף?

— איך וועל שטעהן ביים קאמפאס, האט מיסיס וועלדאן געענטפערט.

— און איך וועל אייך העלפען, האט אויסגערופען דשים, איינער פון דיא
נעגער, איך בין ניט מיעד, איך קען נאך שטעהן א גאנצע נאכט און דרעהן דאס
רעדעל, ווען מען וועט מיר נור זאגען, וויא אזוי איך זאל עס דרעהן.

— איך קען עס ניט! האט דיקסאנד געזאגט פעסט ענטשלאסען, דיא גע־
פאהר איז נאך ניט אין גאנצען פאראיבער, דאס מעער איז נאך זעהר אונרוהיג,
אויסערדעם ווייס איך יעצט ניט, וואו מיר געפינען זיך.

ער האט דערצעהלט מיסיס וועלדאן, אז מיטן קאמפאס איז עפעס ניט
גלאט, ער ווייס ניט, פאר וואס דער קאמפאס האט ניט געוויעזען ריכטיג.

— וויא שטעהט עס מיטן „פיכגרים"? האט דער „פילגרים" עפעס געלי־
טען פון שטורם? האט מיסיס וועלדאן געפרעגט.

— זאָ פיעל איך ווייס, האט דער „פילגרים'' גאר נים געליטען פון שטורם האט דיקסאנד געענטפערט, איך האב אייך שוין איין מאל ערקלערט, אז דער פילגרים'' איז א שטארקעס שיף, ער קען זעהר לייכט אויסהאלטען א שטורם.

— דאן געהט שלאפען, האט מיסים וועלדאן בעפאָהלען, רוהט אייך אויס און מאָרגען וועלען מיר זיך איבערלעגען, וואָס מיר זאָלען ווייטער טאהן. פילייכט וועלען מיר בעגעגענען א שיף, ביי וועלכער מיר וועלען זיך אנפרעגען, וואו מיר געפינען זיך יעצט. פילייכט וועלען מיר בעגעגענען א גרויסען דאמפפער, וועלכער וועט אונז מיטנעהמען מיט זיך אין א פּאָרט. ביז מאָרגען קענען דאך פּאסירען פיעלע זאכען.

דיקסאנד האט איהר געפאלגט און איז אראפּגעגאנגען אין זיין קאיוטע זיך צו לעגען. מיסים וועלדאן איז געבליעבען שטעהן ביים קאָמפּאַס און איינער פון דיא נעגער האט געדרעהט דאס רעדעל. דער שטורם האט אין גאנצען אויפגע־הערט. דער הימעל האט זיך אויסגעלייטערט און מען האט געקענט זעהן דיא שטערן. אן אלטער און ערפאהרענער שיפס־קאפּיטאן וואלט דערקענט נאך דיא שטערן דיא געגענד, וואו דער „פילגרים'' האט זיך יעצט געפונען, מיסים וועלדאן האט עס אבער נים געקענט און אויך דיקסאנד איז געוועזן צו יונג און צו אונער־פאהרען אום צו דערקענען דיא געגענד נאך דיא שטערן. זיא איז געוועזן העכסט צו פריעדען, וואס דאס מעער האט אנגעהויבען זיך צו בערוהיגען און דאס שיף איז געגאנגען זיין וועג.

אזוי איז פערגאנגען דיא נאכט. ווען עס האט נור וואס אנגעהויבען צו טאָ־גען, האט דער נעגער אויסגערופען:

— לאנד! לאנד!

— וואו איז לאנד? האט מיסים וועלדאן געפרעגט.

דער נעגער האט געוויעזען מיט'ן פינגער אין דער רעכטער האנד. מיסים וועלדאן האט אבער גאר נים געזעהן.

— מען מוז אויפוועקען דיקסאנד, האט זיא געזאגט.

איינינע מינוטען שפּעטער איז דיקסאנד געשטאנען לעבען מיסים ווע־לדאן און האט געקוקט אין דער זייט, וואו דער נעגער האט געוויעזען. ער האט קוים געזעהן א דונקעל שטריך, וויא דעם זוים פון א וואָלקען.

— וואָס פאר א לאנד זאָל עס זיין? האט מיסים וועלדאן געפרעגט.

— איך ווייס עס נים, נאך מיין רעכענונג דארף זיך דא קיין לאנד געפינען.

ער האט אויסגעשפרייט דיא מעער קארטע און האט געוויעזען מיסיס וועל-דאן, וואו דאס שיף דארף זיך געפינען און וואו עס דארף זיך געפינען דיא וועסט זייט פון אמעריקא.

— אבער מיר זעהן דאך לאנד, האט מיסיס וועלדאן געזאגט, פיללייכט האט דער שטורם שנעלער צוגעטריעבען אונזער שיף צום לאנד, — וואו זאלען מיר זיך יעצט געפינען?

— נים ווייט פון דער רעפובליק טשילי אדער פערו.

— וואס דענקסט דוא דאן צו טאהן?

— קוים וועלען מיר צו קומען צו א פארט, וועט איהר, דשעק און אנקעל בענעדיקט ארויסגעהן אויפ'ן לאנד, איהר וועט דאן פאהרען נאך סאן פראנסיסקא מיטין אייזענבאהן אדער מיט א פאסט דאמפפער. איך וועל זוכען אין פארט עט-ליכע גוטע מאטראזען און וועל דאן נאכקומען מיטין „פילגרים".

— וויא ווייט זאל נאך זיין דאס לאנד? האט מיסיס וועלדאן ווייטער געפרעגט.

— עס איז מיר יעצט שווער צו זאגען, האט דיקסאנד געענטפערט, אויף דער וועסט זייט פון אמעריקא ציעהט זיך א לאנגע קייט גאנץ הויכע בערג, וועל-כע הייסען דיא קארדאליערן אדער דיא אנדען. אין ערטער זיינען דיא בערג אזוי הויך, אז מען קען זיי זעהן פון מעער אויף א שטרעקע פון הונדערטער מייל. עס קען זיין, אז מיר זאלען צו קומען צום לאנד אין דריי און זאגאר אין 4-5 טאג ארום איך קען אזוי פיעל זאגען פאר געוויס, אז נאך מיין רעכענונג קענען מיר ערשט מארגען אדער איבער מארגען צו קומען צום לאנד.

— קענסט דוא דען וויסען, אז מיר קומען צו צו א פארט? פיללייכט קומען מיר צו צו א וויסטע געגענד, וועלבע איז גאר נים בעוואינט?

— דאס ווייס איך דער וויל נים, האט דיקסאנד געענטפערט און א פינס-טערער וואלקען האט זיך געוויעזען אויף זיין געזיכט.

מיסיס וועלדאן האט עס בעמערקט און האט איהם געפרעגט:

— בינסט דוא עפעס אונרוהיג? קען זיין א געפאהר ביים צו קומען צום לאנד?

— איך האף, אז מיר וועלען גליקליך צו קומען, האט דיקסאנד געענטפערט קורץ, יעצט נעהט זיך אפרוהען, מיר וועלען שוין שפעטער זעהן, וואו מיר געפינען זיך ערגעץ אין דער וועלט און וואס מיר האבען צו טאהן.

מיסיס וועלדאן איז אריינגעגאנגען אין איהר קאיוטע. זיא איז אויך געווען

שטארק מיעד, צום ערשטען מאל אין איהר לעבען איז איהר פארגעקומען צו שטעהן א גאנצע נאכט אויפ'ן דעק פון א שיף.

אונטערדעסען איז געווארען העלער און העלער. דיא זון איז ארויסגעגאנגען און האט בעגאסען דאס מעער מיט איהרע גאלדענע שטראהלען, דיא לופט איז געוועזען ריין און קלאר, מען האט געפיהלט דעם געשמאקען גערוך פון בלומען און גראזען. דיא מאטראזען און דיא נעגער זיינען ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק און יעדער האט אויסגערופען מיט פרייד:

— לאנד! לאנד!

איין נעגארא האט זיך ניט געוויעזען אויפ'ן דעק. ער איז געבליעבען אין זיין קיך. געגען אכט אוהר אין דער פריה איז אנקעל בענעדיקט ארויס געקומען אויפ'ן דעק און ווען דיקסאנד האט איהם געזאגט, אז מען זעהט לאנד, האט ער געפרעגט:

— וואס פאר א לאנד?

— דיא רעפובליק טשילי אדער פערו, האט דיקסאנד געענטפערט.

— דאן וועל איך ארומגעהן אויף'ן לאנד זוכען נייע העקסאפאדען, נייע פליעגען, ביענען, קעפער (זשוקעס) און אנדערע אינסעקטען, וועלכע האבען זעקס פיס. איך האב שטענדיג געוואלט אויס שטודירען דיא ענטאמאלאגיע פון זיד אמעריקא.

— אבער, אנקעל בענעדיקט, ווען מיר וועלען צו קומען צו א פארט, וועט איהר מיט מיסיס וועלדאן מוזען פאהרען נאך סאן פראנסיסקא, האט דיקסאנד איהם אונטערבראכען, איהר וועט קיין צייט האבען צו זוכען העקסאפאדען.

— מיסיס וועלדאן מעג אליין פאהרען נאך סאן פראנסיסקא, איך וועל בלייבען אין פערו און וועל זוכען העקסאפאדען, האט אנקעל בענעדיקט געזאגט פעסט ווייסט איהר, אז אין דער קלאסע אינסעקטען, וועלכע הייסען דיפטער, ווייל זיי האבען נור צוויי פליעגעל, געפינען זיך דרייסיג טויזענד סארטען? ווייסט איהר, אז אין דער קלאסע אינסעקטען, וועלכע הייסען קאלעאפטער, ווייל זייערע פליעגעל ליעגען בעהאלטען אונטער א שייד, געפינען זיך זעכציג טויזענד סארטען? דענקט איהר, אז עס איז אזוי לייכט אויס צושטודירען זעכציג טויזענד סארטען קעפער (זשוקעס)?

דיקסאנד האט איהם מעהר ניט געוואלט הערען. ער האט געוואוסט, אז ווען אנקעל בענעדיקט הייבט אן צו רעדען פון זיינע העקסאפאדען, קען ער אוועק רייי־דען שטונדען לאנג, און אזוי וויא דיקסאנד האט קיין מאל ניט געלערנט

ענטאָמאַלאָגיע און האט קיין אידעע געהאט פון דיא קאַלעאָפּטערס, דיפּטערס און לעפּידאָפּטערס, האט ער אויך ניט געוואלט הערן וואס אנקעל בענעדיקט ערק־לערט איהם.

דיקסאנד האט יעצט געהאט אנדערע זארגען. ער האט געזעהן, אז דאס מעער איז נאך אלץ אונרוהיג, דער „פּילגרים" געהט עפּעס צו שנעל און ער האט זיך ניט געקענט ערקלערן, וואס דיא אורזאכע דערפון איז. עס קען זיין, אז דאס קומט נאך פון געוועזענעם שטורם. נאהענט צום לאנד בערוהיגט זיך דאס מעער לאנגזאמער, ווייל דיא וועללען (כוואליעס) שלאגען זיך אפּ אן לאנד. עס קען אבער זיין, אז דער „פּילגרים" געפינט זיך יעצט אין אן אָרט, וואו דאס וואסער איז שטענדיג אונרוהיג, ווייל עס געפינען זיך דארט שטיינער אונטערן וואסער. אזא ארט איז זעהר געפעהרליך פאר שיפען, זאנאר גרויסע דאמפּף שיפען געהן אונטער אין אזא ארט. דיא וואסערן טרייבען זיי ארויף אויף שטיינער און זיי ווע־נען פערלארען.

דיקסאנד איז ניט געפע־ען דאס אונגעוועהנליכע רוישען פון מעער. אזא רוישען קומט פאר נור דארט, וואו עס געפינט זיך שטיינער אונטערן וואסער, אדער „בלינדע פעלזען," „בלינדע קליפען," וויא דיא מאטראזען רופען זיי. אין אזא פאל מוז מען פאהרען צוריק, אנטלויפען פון דיעזען אָ־ט, ווען מען קען נור. מען קען זיך אלזא לייכט דענקען, וויא דיקסאנד איז געווען אויפגעלעגט צו הערן אנקעל בענעדיקטס ערקלערונגען איבער מהירע מיט זעקס פיס אדער העקסאפּאָ־דען.

נענען עלף אוהר איז מיסיס וועלדאן מיט איהר זוהן, דעם קליינעם דשער, ארויס געקומען אויפ'ן דעק. יעצט האט מען שוין געקענט זעהן, אז אויפ'ן לאנד געפינען זיך ביימער אדער גראָזען, דאס הייסט, מען האט נאך דיא ביימער ניט געזעהן, נור דורך א שטארקען טעלעסקאָפּ האט מען געזעהן, אז דאס לאנד איז גרין.

— וואס דענקסט דוא, דיק, וואו געפינען מיר זיך יעצט ? האט מיסיס וועל־דאן געפרעגט.

— איך וויים עס ניט, האט דיקסאנד געענטפערט טרויעריג, דיא געגענד איז מיר גאנץ אונבעקאנט. איך האב שוין געקוקט דורך דעם טעלעסקאָפּ און האב געזוכט א שטאדט, א דארף, א וואינונג פון מענשען, א שפור פון מענשען, איך האב אבער גאר ניט געפונען. איך וויים ניט וואס צו דענקען פון דיעזער געגענד.

מיסיס וועלדאן האט פערשטאנען, אז דיקסאנד זאגט איהר נאך ניט אלעס. אז ער איז זעהר אומרוהיג, אז עס איז דא ערגעץ א געפאהר, זיא האט אבער ניט געוואוסט, וואו דיא געפאהר איז און וויא גרויס דיא געפאהר איז.

— פילייכט וואלט בעסער געווען זיך צו דערוויימערן פון דיעזעס לאנד? האט זיא געפרעגט.

— איך האב אויך אזוי געדאכט און האב געוואלט אויסדרעהען דאס שיף און צוריק פאהרען אין מעער, האט ער געענטפערט טרויעריג, עס איז אבער אוני־מעגליך: דער ווינד אדער דיא שטרעמונג אין וואסער, דערלאזט עס ניט.

מיסיס וועלדאן האט מעהר ניט געפרעגט. זיא האט ניט געוואלט קרענקען דעם יונגען שיפס־קאפיטאן. זיא האט געזעהן, וויא ער איז אונרוהיג, וויא ער לייי־דעט וויא ער טהוט אלעס, וואס איז נור מעגליך, צו ברענגען דעם „פילגרום“ אין א זיכערן פארט.

אלע זיינען יעצט געשטאנען אויפ'ן דעק און האבען געקוקט אויף דאס לאנד וועלכעס איז געווארען דייטליכער און דייטליכער. דער גערויש פון דיא וועלען (כוואליעס) איז אבער געווארען מיט יעדער שטונדע גרעסער, אונאנגענעהמער, שרעקליכער. דיקסאנד האט זיך ענדליך איבערציינט, אז דאס שיף איז אריינגע־פאהרען אין איינע פון יענע קעסעל גריבער, „מעער שטרודעל,“ וואו דאס וואסער דרעהט זיך, קאכט, רוישט, זידעט און שלעפט מיט זיך דאס שטארקסטע שיף, ביז עס ווערט ארויפגעשליידערט אויף א שטיין אדער אויף א „ריף“.

א ריף איז אויך א שטיין, אבער ניט א געוועהנליכער שטיין, זאנדערן א געמאכט פון גאנץ קליינע חיה'לעך, פאליפען. דיעזע פאליפען בויען זיך זייערע הייי־זער אליין. זיי גיבען ארויס פון זיך א הארטעס מאטעריאל, קאראלען, קרעלען, פון וועלכע זיי בויען זייערע הייזער איין שטאק איבערן אנדערן, ביז דיא שארפע שפיצען שטעקען ארויס פון וואסער. געוועהנליך בויען זיי קיילעכדיג, אין דער גע־שטאלט פון א רינג. עס קומט אויס א קיילעכדינער, גאנץ גרויסער רינג, מיט גאנץ שארפע שפיצען, וועלכע שטעקען ארויס פון וואסער. אין דערמיט פון דעם רינג איז נאך דאס וואסער גאנץ טיעף. אין ערטער איז דער קאראלען ריף אזוי גרויס, אז א שיף קען אריינפאהרען אין איהם און בלייבען שטעהן וויא אין א זיכערן פארט.

דער טאג איז פערגאנגען רוהיג. דיקסאנד האט פרובירט פעראנקערן דעם „פילגרים“ און בלייבען שטעהן אויף איין ארט איבער נאכט, ער האט זיך אבער באלד איבערציינט, אז דאס איז אונמעגליך: דיא קייט פון אנקער וועט עס

ניט אויסהאלטען.—אבענדס איז דער ווינד געווארען נאך שטארקער, ער האט גע־טריעבען דעם „פילגרים" צום לאנד מיט אזא קראפט. אז דיקסאנד האט ענדליך א מאך געטהאן מיט דער האנד און האט אויסגערופען:

— וויא נאט וויל! איך האב געטהאן אלעס, וואס איך האב געקענט.

ער האט ניט בעמערקט, אז מיסיס וועלדאן שטעהט הינטער איהם און הערט אלעס, וואס ער זאגט. זיא האט איהם גענומען ביידע הענד און האט אויסגערופען:

— זיי ניט אזוי ניעדערגעשלאגען, מיין גוטער דיק! דוא האסט געטהאן אלעס וואס דוא האסט געקענט. דוא ביזט אין קיין זאך ניט שולדיג. מיר געפינען זיך אין אמעריקא, וואו מען קען אלעס קריעגען פאר געלד און איך האב גענוג געלד אום צו קויפען א נייעס שיף אדער א קארעטע מיט פערד.

— איך האף נאך, אז איך וועל קענען רעטען דאס שיף, האט ער געזעגט מוטהיג.

— וואס פאר א געפהר קען דען זיין פאר דעם שיף?

— עס קען ארויף אויף א ריף, דאן איז עס פערלארען.

— און דיא מענשען?

— וועלען אראפגעהן אין דיא באאטע און וועלען צו פאהרען צום ברעג, האט דיקסאנד געענטפערט, פאר דיא מענשען איז קיין געפאהר דא. מיר זיינען דאך גאנץ נאהענט צום לאנד.

דיקסאנד איז געבליעבען שטעהן ביים רעדעל א גאנצע נאכט, צוואר האט ער יעצט זעהר ווייניג געקענט העלפען, ווייל דאס שיף איז יעצט געגאנגען גאנץ אליין, דיא שטרעמונג האט זיא געטריעבען צום לאנד, ער האט אבער דאך גע־וואלט זעהן, וואוהין עס טרייבט דאס שיף און מאכען אלע נעטהיגע פארבערייטונ־גען. ער האט געהייסען דיא מאטראזען פערטיג מאכען דיא באאטע צום אראפ־לאזען, אנגרייטען אין דיא באאטע פראוויאנט און אלעס, וואס עס איז נעטהיג צום לעבען אין אן אונבעקאנטער געגענד. ער האט געהייסען יעדען מאטראז האל־טען א רעוואלווער אין קעשינע און ארויסנעהמען עטליכע ביקסען, וועלכע האבען זיך געפונען אויפ'ן „פילגרים," זיי אויסרייניגען און פערטיג מאכען צום שיעסען.

אזוי איז אוועק דיא נאכט. אין דער פריה האט מען שוין געזעהן דאס לאנד גאנץ דייטליך. מען האט געזעהן א גאנץ פלאכען זאמדיגען ברעג, באלד אבער האבען זיך אויפגעהויבען בערג, בעוואקסען מיט א געדיכטען וואלד. דער „פילג־רים" איז געווען ניט מעהר, וויא דריי מייל ווייט פון לאנד. ערשט יעצט האט מען אויך געזעהן דייטליך, אז דאס וואסער ביים ברעג קאכט, וויא אין א קעסעל.

— בלינדע שטיינער, האט דיקסאנד געמורמעלט, עס איז דא ניט טיעף, יעצט מוז איך זוכען א פלאץ, וואוהין צו צו פאהרען.

ער האט דערזעהן א שפאלט צווישען דיא בערג און האט אויסגערופען:

— דאס איז געווים א טייך, וועלכער פאלט דא אריין אין מעער, ווען איך זאל קענען אריינפאהרען אין דיעזען טייך, וואלט דער „פילגרים" געוועזן זיכער.

ער האט אנגעהויבען צו דרעהן דאס רעדעל מיט זיין גאנצער קראפט אום צו פיהרען דאס שיף צום טייך. דיא כוואליעס האבען גערווישט שרעקליך אז עס איז אונמעגליך געוועזן צו הערן, וואס מען האט גערעדט. מען האט געזעהן דייטליך וויא זיי טרייבען דאס שיף אויף א לאנגע קייט פון שטיינער. אלע זיינען געשטא־נען אויפ'ן דעק און האבען געקוקט אויף דאס לאנד. יעדער האט געפיהלט, אז ווען דער „פילגרים" וועט קענען זיך אויסדרעהן פון דיא שטיינער, איז ער געראטעוועט, וועט ער עס אבער ניט קענען, איז ער פערלארען.

נעגען צוועלף אוהר איז דער „פילגרים" צו געקומען אויף א פיערטעל מייל וויט פון לאנד. אלע האבען אויפגעאטהעמט פרייער. יעדער האט געזעהן, אז דאס לאנד איז שוין אזוי נאהענט, אז מען קען עס דערגרייכען מיט דער האנד. פלוצ־לונג האט דאס שיף זיך אן עפעס אנגעשלאגען. דער שטויס איז געוועזן אזוי שטארק, אז אלע, וועלכע זיינען געשטאנען אויפ'ן דעק זיינען אנידער געפאלען. דער „פילגרים" איז ארויף אויף א ריף און איז געבליעבען זיצען פעסט וויא צו געשלאגען מיט נענעל.

— יעצט שנעל צו דיא באאטע, האט דיקסאנד קאמאנדירט.

ער האט נאך ביי נאכט געמאכט אלע נעטהיגע פארבערייטונגען, זא דאס מיט א האלבע שטונדע שפעטער זיינען אלע פאסאזשירען געשטאנען אויפ'ן פלא־כען, זאמדיגען ברעג.

## 9טעס קאפיטעל.

## וואו איז נעגארא?

דיא ערשטע זארג פון אונזערע רייזענדע איז געוועזן צו מאכען זיך א לאגער, א דאך, וואו מען זאל קענען זיך שיצען פון דער ברענענדער היץ. ווען עס זאלען זיך ניט געוועזן געפינען צווישען זיי מיסיס וועלדאן, דשעק און דאס דיענסטע מעד־כען, וואלטען זיך דיק מיט זיינע מאטראזען ווייניג געקימערט ווענען א געצעלט אדער א דאך, פאר פרויען און קינדער אבער מוז מען מאכען א דאך, א געצעלט, וואו זיך צו שיצען פון דער זון אדער פון א רעגען.

— מיר מחען אויספארשען דיא גענענד ארום, וויא ראבענזאן קרוזא זיין אינזעל, האט דיקסאנד געזאגט, פיליכט וועלען מיר אויך געפינען א היהל, וואו מיר וועלען קענען פערבלייבען עטליכע טעג, ביז מיר וועלען בעגעגענען מענשען, וועלכע וועלען אונז ברענגען אין א שטאדט.

ער האט געהייסען דיא גענער בלייבען מיט מיסיס וועלדאן און ער מיט זיי־נע מאטראזען זיינען געגאנגען אויספארשען דעם ברעג.

— איך געה אויך מיט אייך, האט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען, פיליכט וועל איך געפינען נייע העקסאפאדען.

דיקסאנד האט צוואר ניט געוואלט מיטנעהמען דעם געלערנטען ענטאמאָ־לאָג, ווייל ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז קוים וועט אנקעל בענעדיקט דערזעהן א נייע פליעג, א נייע זומער פייגעלע אדער א נייעם קעפער (זשוק), וועט ער פער־געסען אלעס אין דער וועלט און וועט זיך נאכיאגען נאך זיין נייעם העקסאפאד, אבער אנקעל בענעדיקט איז געווען א גרויסער עקשן און ווען ער האט געוואוסט, אז ער קען געפינען עפעס נייעס אין דער ענטאמאלאגיע, האט מען אויף קיין פאל איהם ניט געקענט צוריק האלטען. ווען דיקסאנד וואלט איהם ניט מיטגענומען, וואלט ער אליין געגאנגען און וואלט נאך פיליכט פערבלאנזעט ווערן אין דיא וועלדער. ער האט אלזא געמוזט איהם מיט נעהמען.

זיי האבען באלד אויסגעפונען, אז דיקסאנד האט גאנץ ריכטיג געזעהן פון דעק פון שיף. ניט ווייט פון יענעם אָרט, וואו זיי זיינען ארויסגעגאנגען אויפ'ן ברעג, האט זיך א קליין טייכעל אריינגעגאסען אין מעער. דאס וואסער אין דיעזען טייכעל איז געווען ריין, קלאר און געשמאק צום טרינקען. ביים ברעג פון טייכעל זיינען געקיעגען צו ווארפען, צו בראָכען און צו שליידערט גרויסע שטיינער. אונ־טער איינעם פון דיעזע שטיינער האט זיך געפונען א פערטיעפונג אין דער ערד. עס איז ניט געווען קיין הייל, זאנדערן א ניט טיעפע גרוב, איבער וועלכע דער שטיין איז געהאנגען, וויא א דאך.

— דער ווייל איז דאס גוט, האט דיקסאנד געזאגט, אונטער דיעזען שטיין קען מען זיין געשיצט פון ווינד, רעגען און דיא זון. מיר קענען אהער ברענגען דיא זעגעל פון „פילגרים" און מאכען פון זיי א סארט געצעלט, וועלכער זאל אין גאנ־צען פערדעקען דעם שטיין. מיסיס וועלדאן מיט איהר זוהן, מיט איהר דינסט מעדכען וועלען קענען פערברייננגען דא עטליכע טעג, ביז מיר וועלען געפינען מענ־שען, וועלכע זאלען אונז פיהרען אין א שטאדט.

זיי זיינען צוריק געגאנגען און האבען דערצעהלט מיסיס וועלדאן, אז דער ווייל האבען זיי אויסגעפונען פאר איהר א דאך.

— יעצט מוזען מיר אריבערגעהמען פון אונזער שיף אלעס, וואס מיר האבען אם נעטהינסטען. האט דיקסאנד געזאגט.

— איך בין נייגיעריג צו וויסען, וויא לאנג דאס שיף קען אזוי בלייבען צווי־שען דיא שטיינער, האט מיסיס וועלדאן בעמערקט.

— דאס וועל איך געוואהר ווערן.

— ווען דוא וועסט זיין אויפ'ן שיף, פערגעס ניט מיט צו נעהמען מיין רייזע קאסטען, האט מיסיס וועלדאן ווייטער געזאגט, איך האב דארט מיין געלד, צעהן טויזענד דאלאר. עס איז זעהר מעגליך, אז מיר וועלען יעצט דארפען דיעזעס געלד ביז אהער האב איך עס ניט געדארפט און האב פערגעסען אן דעם, ווען מיר זיינען אראפגעגאנגען פון „פיכגרים".

— איך וועל עס געוויס מיטברענגען, האט דיקסאנד געענטפערט.

איידער ער איז אוועק געגאנגען צום שיף, האט ער געהייסען איינעם פון דיא נעגער ארויפגעהן אין וואלד אנקלייבען האלץ) צו לעגען א פייער און אפקא־כען א מיטאג, וויא זיי האבען געטאהן אויפ'ן שיף. לעבענס מיטעל האבען זיי געהאט גענוג, מען האט נור געדארפט זיי אפקאכען. דער נעגער איז באלד אוועק געגאנגען און מיט מיסיס וועלדאן זיינען געבליעבען דיא פיער נעגער, אנקעל בע־נעדיקט און דער הונד דינגא.

יעצט ווען זיי האבען זיך געפונען אין א ווילדער אונבעקאנטער געגענד, וואו מען האט געדארפט מורא האבען פאר ווילדע טהירע, איז דער הונד דינגא געווען א זעהר ניצליכער וועכטער. ער האט זיי געקענט ווארענען, ווען א ווילדעס טהיר זאל וועלען צו קומען, און זיי מעלדען, ווען עס זאל זיך ווייזען א מענש. דינגא איז אזוי צו געוואינט געווארען צו אלעמען, בעזאנדערס אבער צום קליינעם דשעק, אז ער פלעגט פון איהם ניט אפטרעטען. מיסיס וועלדאן איז יעצט געווען העכסט צו־פריעדען, וואס זיא האט געהאט לעבען זיך אזא געטרייען וועכטער וויא דינגא.

דיקסאנד מיט זיינע מאטראזען זיינען אוועק געגאנגען אראפגעהמען פון שיף אלעס, וואס זיי וועלען געפינען פאר נעטהיג, און דער נעגער דשים איז געגאנ־גען אין וואלד קלייבען דארדע צווייגען אום צו מאכען א פייער. מיסיס וועלדאן האט זיך אניעדער געזעצט אויף א שטיין און האט זיך פערטראכט. עס איז וואהר אז ויא מיט איהר קינד זיינען יעצט „אויסער געפאהר, איהר לאגע איז אבער א זעהר טרויעריגע: וואו געפינען זיי זיך יעצט ? וויא ווייט איז עס צו א שטאדט,

א דארף, א וואינונג פון מענשען? וויא אזוי קען מען צו קומען צו דיזע מענשען? דאס אלעס האט דיא ענערגישע פרוי געטראכט און געקלערט, וואס צו טאהן און וויא אזוי זיך אויסצודרעהן פון דיזער לאגע.

דער קליינער דשעק האט זיך געשפיעלט מיט דיננא און האט יעדעס מאל אויסגערופען:

— איך בין ראבינזאן קרוזא! איך וואוין אויף אין א הייל און דיננא וועט זיין מיין פערד.

אנקעל בענעדיקט איז ארומגעגאנגען ארום דיא שטיינער און האט געזוכט העקסאפאדען. איהם האט זעהר ווענוג געקימערט, וואו ער האט זיך יעצט געפרנען און וואס עס וועט ווייטער געשעהן מיט איהם. ער איז זאגאר געווען צופריעדען, וואס ער האט זיך ענדליך געפונען אין אן אונבעקאנטער געגענד, וואו ער וועט קענען שטודירען זיין ענטאמאלאגיע און וועט פיללייכט געפינען נייע פליעגען, ביענען און קעפער (זשוקעס), מיט אנדערע ווערטער, העקסאפאדען.

עס האט געדויערט א גאנצע שטונדע, ביז דשים איז צוריק געקומען מיט האלץ, דאן האט ער צולעגט א פייער צווישען שטיינער און האט געבראכט וואסער פון דעם קליינעם טייכעל. ווען מען האט געדארפט צו שטעלען דיא טעפ צו קאכען, האט ער זיך אומגעקוקט, אז דער קאך נעגארא איז ניטא.

זייט מען איז אראפגעגאנגען פון שיף, האט זיך נעגארא געהאלטען אין א זייט, ווייט פון אלעמען. דאס האט קיינעם ניט געוואונדערט, ווייל אלע האבען געוואוסט, אז יעדעס מאל ווען דער הונד דיננא דערזעהט נעגארא, הייבט ער אן שטארק צו ביללען און וויל ארויפשפרינגען אויף איהם. מען פלעגט אלזא מוזען האלטען דעם הונד אויף א קייט, ווען נעגארא פלעגט זיך דארפען ווייזען פאר איהם. אויסערדעם האבען אלע געוואוסט, אז דיקסאנד און מיסים וועלדאן האבען מעהר ניט ליעב נעגארא. מען איז אלזא געווען צופריעדען, וואס נעגארא האט זיך געהאלטען פון דער ווייטען און איז ארומגעגאנגען ביים ברעג מעער, גלייך וויא ער וואלט געזוכט שעהנע מושעלן (מויער קעפ). יעצט אבער ווען מען האט געדארפט קאכען עסען, האט דער נעגער זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און האט געזוכט נעגארא'ן. ער האט איהם אין ערגעץ ניט געזעהן.

— נעגארא! נעגארא! האט דער שטארקער דשים געשריען מיט דער גאנצער קראפט פון זיינע לונגען.

נעגארא האט זיך ניט אפגערופען.

— נעהם זוכט איהם ערגעץ, האט מיסיס וועלדאן געזאגט צו דיא נעגער, פיליכס שלאפט ער ערגעץ אונטער א שטיין.

צוויי נעגער זיינען איהם געגאנגען זוכען. זיי האבען איהם אויסגעזוכט איבעראל, זיי האבען איהם גערופען, זיי האבען געשריעען צו איהם; זיי זיינען ארויפגעגאנגען אויף א גרויסען שטיין און האבען פון דארט בעטראכט דעם גאנצען ברעג, זיי האבען איהם אין ערגעץ ניט געפונען. נעגארא איז פערשוואונדען געווארען. ענדליך זיינען זיי צוריק געקומען און האבען דערצעהלט מיסיס וועלדאן, אז נעגארא איז פערשוואונדען געווארען.

— פיליכט איז ער געגאנגען זוכען א דארף, א שטאדט אדער א וואינונג פון מענשען, האט דיא גוטע פרוי געזאגט, וואוהין קען ער דען פערשווינדען אין דיעזער ווילדער געגענד? ווען ער וועט הונגעריג ווערן, וועט ער געוויס קומען צו אונז.

— איך וועל דערווייל אפקאכען דעם מיטאג, האט דשים געזאגט, איך בין קיין געלערנטער קאך, אבער אין אונזער לאגע וועלען מיר מוזען צופריעדען זיין מיט מיין קאכען, איך ווייס נור ניט, וואס איך קען קאכען פאר אייך, מיסיס וועלדאן.

— זארגט אייך ניט פאר מיר, האט מיסיס וועלדאן געענטפערט, איהר וועט מיר מאכען קאפעע מיט צו זיבאק. מיר האבען נאך סארדעללען און אנדערע קאנסערווען פון „פילגרים" איך וועל ניט שטארבען פון הונגער.

דשים האט געקאכט, וויא ער האט געקענט. ווען דאס עסען איז פערטיג געווארען, איז אנגעקומען דיקסאנד מיט זיינע מאטראזען. אזוי וויא זיי האבען מיט גענומען פון שיף פיעלע זאכען, וועלכע זיי האבען גערעכענט פאר נאטהווענדיג, האט עס געדויערט ביז פאר נאכט, ביז זיי האבען צו געבראכט אלע זאכען צום לאגער.

— נעגארא איז פערשוואונדען געווארען, האט דשים געמעלדעט דיקסאנד.

— אה! יעצט פערשטעה איך! האט דיקסאנד אויסגערופען מיט פערצווייפלונג אין זיין שטימע, יעצט ווייס איך אלעס! — אך! דער טייגעניכטס!

— וואס איז שוין נייעס? האט מיסיס וועלדאן איהם געפרעגט, וואס ביסט דוא אזוי אויפגערעגט, מיין ליעבער דיק?

— נעגארא האט אייך בעגאנבעט, האט דיקסאנד געענטפערט, ווען איך בין געקומען אויפ'ן שיף און האב געוואלט נעהמען אייער רייזע קאסטען, האב איך געפונען אז ער איז אויס געבראכען, אייערע זאכען זיינען געווען צו ווארפען ארום און דאס געלד איז פערשוואונדען געווארען.

מיסים וועלדאן האט טרויעריג אראפגעלאזען דעם קאפ. דאס איז געווען א הארטער שלאג פאר איהר. עס איז וואהר, אז זיא איז זעהר רייך און ווען זיא זאל קומען אין א גרויסער שטאדט, וויא לימא, דיא הויפט שטאדט פון פערו, אדער סאנט יאגא, דיא הויפט שטאדט פון טשילי, וועט זיא דארט געפינען באנ־קירען, וועלכע וועלען איהר גיבען געלד, וויא פיעל זיא וועט פערלאנגען, אבער ביז זיא וועט קומען אהין, איז דאך דאס געלד איהר איינציגער רעטונג. מיט געלד קען מען דינגען מענשען, קויפען פערד און וועגען, וועלכע זאלען זיי ברענגען קיין לימא אדער סאנט יאגא, אהן געלד קען זיא דאך דא אויסגעהן פון הונגער.

איינינע מינוטען האבען אלע געשוויעגען. יעדער האט פערשטאנען, וויא וויכטיג דאס געלד איז אין זייער לאגע. ענדליך האט דיקסאנד געזאגט:

— עס איז נאך א גליק פאר אונז, וואס נעגארא האט ניט אוועק גענאנבעט דיא פינף הונדערט דאלאר, וועלכע האבען זיך געפונען אין קאפיטאן האללס קא־סא, דיעזעס געלד געהערט צו קאפיטאן האלל, איך האב גערעכענט, עס אוועק צו גיבען קאפיטאן האללס פרוי. דיעזעס געלד איז אונז געבליעבען. דאס איז אלעס וואס מיר פערמאגען יעצט.

— פינף הונדערט דאלאר איז וועניג אין דער לאגע, אין וועלכער מיר געפי־נען זיך יעצט, האט מיסים וועלדאן געזאגט טרויעריג, אבער עס קען זיין, אז מיט דיעזעס געלד וועלען מיר קענען צו קומען צו א שטאדט, פון וועלכער איך וועל קענען טעלעגראפירען אדער שרייבען נאך סאן פראנסיסקא צו מיין מאן, דאן זיי־נען מיר גערעטעט. אלזא בערוהיגט אייך און געהמט עפעס עסען, עס איז שוין שפעט און איהר זייט מיעד.

אלע זיינען געווען זייער הונגעריג און האבען זיך געזעצט עסען. ביים עסען האט מען זיך צו רעדט און מיסים וועלדאן האט געפרעגט:

— וויא אזוי האט נעגארא געקענט קומען אויפ'ן שיף און ארויסנעהמען דאס געלד?

— וויא עס ווייזט אויס, האט ער בענוצט דיא צייט, ווען איך בין געגאנגען זוכען א פלאץ פאר אונזער לאגער. ער האט גענומען א באאט, וועלכען מיר האב־בען געלאזען אויפ'ן ברעג, און איז מיט איהם צו געפאהרען צום „פילגרים".

— אבער דיא בראנדונג (דיא כוואליעס, וועלכע שלאגען און רוישען ביים ברעג)? וויא האט ער אליין געקענט פיהרען א באאט?

— ווער וויים, וואס נעגארא איז? פיליכט איז ער א מאטראז? פיליכט איז ער נאר אמאל געווען א שיפס־קאפיטאן? האט דיקסאנר געענטפערט, — איך

האב שוין ניט איין מאל בעמערקט, אז ער פערשטעהט ווא צו פיהרען א שיף.

— אבער וואוהין קען ער דען אנטלויפען מיטין געלד? האט מיסיס וועלדאן ווייטער געפרעגט, ווא איך זעה, געפינען מיר זיך אין א גאנץ ווילדער, גאנץ אונ־בעוואוינטער געגענד. מיר געפינען זיך שוין דא א גאנצען טאג און מיר האבען ניט געפונען קיין שפור, קיין צייכען פון א מענשען. וויא קען עס א מענש זיך אונ־טערשטעלען צו געהן אליין אין ווילדען וואלד? ער קען דאך אויסגעהן פון הונגער.

— אויף דיעזע פראגע ווייס איך ניט וואס צו ענטפערן.

דיא זון איז אונטערגעגאנגען און עס איז באלד נאכט געווארען, וויא עס איז אין אלע הייסע לענדער. קוים געהט דיא זון אונטער, ווערט פינסשטער. דיק־סאנד האט געהייסען דיא נעגער לאזען ברענען דאס פייער און צו לעגען יעדעס מאל פרישעס האלץ.

— מיר מוזען האלטען א פייער א גאנצע נאכט, האט ער געזאגט, ערש־טענס, וויל ווילדע טהירע האבען מורא פאר א פייער און אנטלויפען פאר איהם. צווייטענס איז דאס פייער א צייכען, אז דא געפינען זיך מענשען, פיליכט וועט א יענער דערזעהן דאס פייער און צו קומען צו אונז. דריטענס, פיליכט וועט נעגא־רא נאך צוריק קומען. ער וועט איינזעהן, אז אליין קען ער גאר ניט מאכען און וועט צוריק קומען.

אזוי וויא אלע זיינען געווען זייער מיעד פון דער שווערער ארבייט און פון דער אויפרעגונג, האט מען געמוזט זיא לייגען שלאפען, זיך אויסרוהען, אום מען זאל מארגען קענען זיך איבערלעגען, וואס מען זאל ווייטער טאהן און מען זאל זו־כען מיטעל צו קומען צווישען מענשען. אום צו זיין נאך זיכערער האט דיקסאנד געהייסען דיא פינף נעגער שטעהן אויף דער וואך: יעדער פון זיי זאל ארומגעהן ארום לאגער צוויי שטונדען. דינגא זאל פריי ארומלויפען און זאל העלפען האלטען דיא וואך, אויף איהם קען מען זיך פערלאזען.

ווען דיקסאנד האט אלעס בעזארגט און אלעס בעווארנט, האט ער זיך גע־לעגט שלאפען. ער האט געמוזט זיך אויסרוהען און זאמלען קרעפטע אויף מארגען. געגען אכט אוהר זיינען אלע אין לאגער געשלאפען אויסער דעם נעגער באט, וועל־כער איז געשטאנען אויף דער וואך, אבער אויך אנאנדער פערזאן האט געוואכט. דאס איז געווען מיסיס וועלדאן, זיא האט ניט געקענט שלאפען, זיא האט עפעס מורא געהאט, דאס הערץ האט איהר געזאגט, אז איהרע ליידען הייבען זיך ערשט אן, אז ביז אהער האט זיא נאך גאר ניט געליטען, אז זיא מיט איהרע גוטע פריינ־

זיינען אריינגעפאלען אין א גרין, וועלכע אין אונבעקאנטער פיינד האט געשטעלט פאר זיי. זיא איז געזעסען א גאנצע נאכט לעבען איהר קינד און האט געקוקט אין דיא פינסטערע נאכט.

## 10טעס קאפיטעל.

## העררים.

דיא נאכט איז פאריבער רוהיג. נור איין מאל, נעגען צוויי אוהר פארטאג, האט דינגא אנגעהויבען צו בילען און איז געלאפען צום טייך. דער נעגער דשים, וועלכער איז דאמאלס געשטאנען אויף דער וואך, האט אויפגעשטעלט זיין ביקס און איז געווען בערייט צו שיעסען אויף יעדען, ווער עס וועט צוקומען צום לאגער. מיסים וועלדאן איז געווארען זעהר אונרוהיג און האט געוואלט אויפוועקען דיקסאנד און דיא מאטראזען; דיננא איז אבער באלד צוריק געקומען. ער האט נאך גע־ברומט זעהר בייז, אבער ער האט זיך דאך אניעדער געלעגט לעבען געצעלט, וואו דיקסאנד איז געשלאפען.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט דשים אויפגעקאכט קאפעע און האט געמאכט א פריהשטיק פאר אלעמען. נאכ'ן פריהשטיק האט מיסים וועלדאן געבעט־טען אלעמען, זיי זאלען זיך זעצען ארום איהר און זאלען זיך בעראטהען, וואס זיי זאלען ווייטער טאהן.

— וויא איך זעה, ווייס קיינער פון אונז, וואו מיר געפינען זיך יעצט, האט מיסים וועלדאן אנגעהויבען צו רעדען, מיר געפינען זיך דא שוין באלד 24 שטונדען און מיר האבען נאך ניט געזעהן א שפור פון א מענשען. בלייבען דא איז אונמענ־ליך. עס איז דאך קלאר און דייטליך, אז אהער קומען קיינע שיפען, מיר קענען אלזא ניט ערווארטען, אז א שיף זאל קומען און זאל אונז אויפנעהמען, וויא עס ווייזט אויס, קומען אהער זעלטען מענשען פון לאנד, אלזא וואס זאלען מיר טאהן?

—איך האב שוין דאריבער נאכגעדאכט, האט דיקסאנד געענטפערט. נאך מיין מיינונג, זאלט איהר, מיסים וועלדאן, בלייבען דא מיט אלע מענשען, נור צוויי פון אונז זאלען געהן אין וואלד זוכען א שפור פון מענשען.

— ווער זאל אבער געהן זוכען? האט מיסים וועלדאן געפרעגט.

— איך דענק, אז אלע זאלען בלייבען דא. איך און דער אלטער טאם ווילען געהען אין וואלד זוכען מענשען, האט דיקסאנד געזאגט, מיר וועלען אויך מיטנעה־מען דעם הונד, וויל א הונד דערשמעקט גיכער א מענשען.

וויא מיסים וועלדאן האט נים געוואלט אוועקלאזען פון זיך דעם געטרייען דיקסאנד, תאט זיא דאך געמחט צונעבען, אז עס איז ניטא קיין אנדער מיטעל ארויסצוקומען פון דיעזע טרויעריגע לאגע.

ווען דענקסטו צו געהן? האט זיא געפרעגט.

— מארגען אין דער פריה, האט דיקסאנד געענטפערט, היינטיגען טאג וויל איך נאך פערברענגען דערמיט אראפצונעהמען פון שיף אלעס, וואס מיר דארפען דארט נים לאזען. דאן וועל איך זעהן צו בעפעסטיגען דעם לאגער, צו זעהן, אז איהר זאלט זיין זיכער דיא צייט, ווען מיר ווילען דא נים זיין און אויסער דעם וויל איך נאך אבווארטען היינטיגען טאג, פיעלייכט וועט דאך אנקומען א מענש פון לאנד.— וואס דענקט איהר פון מיין פלאן, אנקעל בענעדיקט?

— איך בין געסטערן א גאנצען טאג ארומגעגאנגען אויף דעם ברעג און אין וואלד און האב נים געפונען ניט איין נייעם העקסאפאד, האט אנקעל בענעדיקט געענטפערט, איך פרעג אייך, איז עס ווערט דער מיה צו פאהרען דריי מאנאטע אויף דעם וועלטמעער, צו ליידען שיפברוך, ארויס צוקומען אין אזא שעהנעם לאנד און נים צו געפינען איין איינציגען נייען העקסאפאד?—איך וויל דאהער אויך געהן מיט אייך אין וואלד, פיעלייכט וועל איך אין וואלד געפינען נייע העקסאפאדען.

דיקסאנד האט נים ווילענדיג א שמייכעל געטאהן און האט אויסגערופען:

— ליעבער, גוטער אנקעל בענעדיקט! יעצט האנדעלט עס זיך נים וועגען ענטאמאלאָגיע און העקסאפאדען. מיר מוזען זעהן צו קומען צווישען מענשען, מיר מוזען אויפזוכען מענשען, וועלכע זאלען אונז העלפען קומען א היים, נאך סאן פראנסיסקא.

— דערביי אבער קען מען דאך זוכען העקסאפאדען אויך, האט אנקעל בע־נעדיקט געענטפערט.

— ניין, אנקעל בענעדיקט, צוערשט מחען מיר זוכען מענשען, דערנאך וועט איהר מענען זוכען העקסאפאדען, וויאפיעל איהר ווילט. איך דענק אלזא, אז איהר זאלט בלייבען דא מיט מיסים וועלדאן און זאלט ליעבער אכטונג געבען אויף איהר און אויפ'ן קליינעם דשעק.

— לערנט מיך ענטאמאלאָגיע, ליעבער אנקעל, האט דער קליינער דשעק גע־בעטען, איך וויל אויך בעקאנט ווערן מיט אייערע העקסאפאדען.

— מיט פערגניגען, מיין ליעבער דשעק! האט אנקעל בענעדיקט אויסגערר פען, פון היינט אן וועל איך דיר יעדען טאג געבען א לעקציאן אין ענטאמאלאָגיע

און איך האף, אז אין א פאאר מאנאטע וועסט דוא מיר העלפען נעהן זכען נייע העקסאפאָדען.

— וויא לאַנג דענקט איהר צו בלייבען אויף אייער רייזע? האט מיסים וועלדאן אונטערבראָכען דאס געשפרעך איבער דיא העקסאפאָדען.

— איך וועל נעהן צוויי טעג אין וואלד, האט דיקסאנד געענטפערט, אין דיעזע צוויי טעג, דענק איך צו מאכען וועניגסטענס פינפציג מייל, אויף אזא שטרעקע מוזען מיר דאך בעגעגענען א מענשען, אדער געפינען א וועג צו א דאָרף אדער א שטאדט. איך דענק, אז מיר געפינען זיך אין פערו, אין א בעפעלקערטעס לאנד. עס מוז זיך געפינען דאָ ערגעץ א לייכט טהורם, א מיליטערישע סטאציאָן, א דאָרף אדער זאנסט מענשען, וועלכע בעארבייטען דיא וואלד פראדוקטען.

מעהר האט מען נים גערעדט דאריבער. א גאנצען טאג האט דיקסאנד גע־ארבייטעט אריבערצובערענגען פון שיף אלעס, וואס ער האט געפונען פאר נעטהיג מיט צו נעהמען, דאן האט ער געזעהן צו בעפעסטיגען דעם לאגער. ער האט גע־הייסען דיא נעגער ברייננען האלץ פון וואלד און מאכען א סארט פארקען ארום דעם שטיין, וואו מיסים וועלדאן האט דערווייל געוואינט. ער האט געוויזען דיא נעגער וויא צו שיעסען מיט דיא נייע רעמינגטאָן ביקסען. ער האט זיי אנגעזאגט, וויא זיי זאלען האלטען דיא וואך בייא טאָג און ביי נאכט, קורץ, ער האט אלעס פארבע־רייטעט פאר זיין רייזע, וועלכע האט געדארפט געדויערן נאך זיין רעכנונג פיער ביז פינף טאָג.

דריי מאל אין דער צייט פון דיעזען טאג איז דינגא גאר פלוצלינג געווארען ווילד, האט געברומט און געבילכט שרעקליך; יעדעס מאל זיינען דיא נעגער געלאָ־פען זעהן, אויף וועמען דינגא בילכט, אבער יעדעס מאל זיינען זיי געקומען צוריק און האבען געמעלדעט. אז זיי האבען קיינעם נים געזעהן, און ווייסען נים וואס עס איז מיט'ן הונד: ער בילכט אויפ'ן שאטען פון דיא בוימער.

ענדליך איז נאכט געווארען און אלע האבען זיך געלעגט שלאפען אויסער דיא וואכען. אין דער פריה האבען אלע גענעסען פריהשטיק, נאכ'ן עסען האט דיקסאנד מיט דעם אלטען טאָם אנגעטאהן זייערע פעקלעך אויף דיא פלייצעס און האבען געוואלט אבשיעד נעהמען פון מיסים וועלדאן, פלוצלינג איז דינגא אויפגע־שפרונגען, האט אנגעהויבען שטארק צו ברומען און צו בילען און איז געלאפען צום וואלד, אלע האבען זיך אומגעקוקט אין דער זייט, וואו דינגא איז אוועק געלאפען.

אויף א שטיין צווישען דיא בוימער איז געשטאנען א נים הויכער, אבער קרעפטיגער מאן און האט געקוקט אויף דיא מענשען ארום דעם געצעלט. ער האט

זיך נים איבערגעשראקען פאר'ן הונט, זאנדערן האט געוואַרט איהם בערוהיגען און צו רופען צו זיך. אייניגע אויגענבליקע זיינען אלע געשטאנען וויא פערשטיינערט, ענדליך איז דיקסאנד געקומען צו זיך און האט בעגריסט דעם פרעמדען מיט דער האנד. דער פרעמדער האט געענטפערט זיין גרוס און איז לאנגזאם און פארזיכטיג אראָפּ געגאנגען פון שטיין.

דיקסאנד האט צוגערופען דינגא צו זיך און דער פרעמדער האט זיך געלא־זען צו געהן צום לאגער. ערשט יעצט האט מען דערזעהן, אז ער טראגט אויף דיא פּלייצעס א לאנגע ביקס און א יאגד טאש וויא א יעגער. דיקסאנד און מיסיס וועלדאן האבען איהם בעטראכט פון קאָפּ ביז אין דיא פיס. דאס איז געווען א מאן פון א יאהר פיערציג, זיינע האר און זיין בארד זיינען שוין געווען גרוי, זיין געזיכט איז געווען בראון, פערברענט פון דער זון, וויא א מענש, וועלכער האט א לאנגע צייט געלעבט אויף דער פרייער לופט. ער האט געטראגען א קורצע יאקע פון ברוינעם לעדער. קורצע לעדערנע הייזען האבען געשטעקט אין הויכע יאגד שטיוועל, אויף וועלכע עס האבען געקלונגען א פּאאר גרויסע שפּאָרען, וויא עס טראגען דיא ווילדע רייטער אין זיד אמעריקא.

— איהר זיים וויכקאמען! האט דיקסאנד געזאגט אויף ענגליש.

אזוי וויא ער האט נים געוואוסט ווער דער פרעמדער איז און וואס פאר א שפּראכע ער רעדט, האט ער פּראבירט רעדען מיט איהם ענגליש.

— איך דאנק אייך, מיין פריינד! האט דער פרעמדער געענטפערט אין א גאנץ גוטעס ענגליש.

— זיים איהר אן ענגלענדער? האט דיקסאנד געפרעגט.

— איך בין אן אמעריקאנער, האט דער פרעמדער געענטפערט.

— פון זיד אמעריקא?

— ניין, פון נארד אמעריקא, פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, האט דער פרעמדער געענטפערט.

ווען מיסיס וועלדאן האט דערהערט, אז ער איז אן אמעריקאנער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, איז זיא גאר לעבעדיג געווארען, איז צוגעגאנגען צו איהם און האט פריינדליך געזאגט:

— עס פרעהט מיך זעהר צו זעהן מיינעם א לאנדסמאן, איך בין אויך אן אמעריקאנערין פון דיא פעראייניגטע שטאטען, און דארום װיל איך ערלויבען אייך צו פרעגען, וואו געפינען מיר זיך יעצט?

— אין זיד אמעריקא, האט דער פרעמדער געענטפערט.

— איך האב אויך נערעכענט אז מיר נעפינען זיך אין זיד אמעריקא, האט מיסים וועלדאן ווייטער געזאגט, איך וויל אבער וויסען, אין וועלכער געגענד פון זיד אמעריקא געפינען מיר זיך? זיינען מיר ווייט פון לימא, דיא הויפט שטאדט פון פערו?

— לימא איז זעהר ווייט פון דאנען, האט דער פרעמדער געענטפערט, איהר געפינט זיך געראדע אויף דעם לאנד פון דער רעפובליק באָלי וויא, צווישען פערו און טשילי.

— ענטשולדיגט מיר, מיין הערר, וואס איך שטעל אייך אזוי פיעל פראגען און איך האב פערגעסען אייך צו זאגען, ווער איך בין. איך בין מיסים וועלדאן פון סאן פראנסיסקא. קען איך וויסען וויא איהר הייסט?

— איך הייס הערריס און בין געבארען געווארען אין אטלאנטא אין שטאט דשאָרדשיא.

— וואינט איהר דא ערגעץ נים ווייט?

— איך וואין גאנץ ווייט פון דאנען, אבער איך רייז יעצט נאך אטאקאמא, א גרויסע שטאדט אין פערו.

— גאנץ אליין? האט מיסים וועלדאן געפרעגט פערוואונדערט.

— איך בין גוט בעקאנט אין דיעזער געגענד, האט הערריס געענטפערט, א צוויי הונדערט מייל ווייט פון דיעזען ברעג וואינט מיינער א ברודער. ער האט דארט א גרויסע פארם און א ראנטשאָ (א פּלאץ, וואו מען האלט בהמות), ווען איהר ווילט, קען איך אייך ברענגען צו מיין ברודער, ער וועט אייך שוין גיבען פערד און וועגען, וועלכע וועלען אייך ברענגען, וואוהין איהר ווילט. ער קען אייך צו שטעלען אין סאנט יאגאָ, דיא הויפט שטאדט פון טשילי, אדער אין וואלדיווויא דיא הויפט שטאדט פון באָליוויא.

— אה, איך דאנק אייך זעהר, הערר הערריס! האט מיסים וועלדאן אויס־גערופען, איהר זעהט דאך אין וואס פאר א טרויעריגע לאגע מיר געפינען זיך.

— מיין ברודער וועט זיך שעצען גליקליך, ווען ער וועט האבען דיא געלע־גענהייט צו העלפען זיינע לאנדסלייט, האט הערריס געזאגט.

דאן האט ער זיך אנגעבויגען צו מיסים וועלדאן און האט געוויזען אויף דיא פינף נעגער.

— זיינען זיי אייערע שקלאפען?

— וואס רעדט איהר, הער הערריס? האט מיסים וועלדאן אויסגערופען, ווייסט איהר דען נים, אז זייט 1862 זיינען אלע שווארצע שקלאפען בעפרייט

געווארען אין דיא פעראייניגטע שטאאטען און דער שקלאפען האנדעל איז פערבאטען ?

— ענטשולדיגט מיר, מיסיס וועלדאן, איך האב עס ווירקליך פערגעסען, איך בין שוין אזוי לאנג פון דיא פעראייניגטע שטאטען, אז איך האב גאר פערגעסען, אז עס האט אויסגעבראכען א שרעקליכער בירגער קריעג איבער דיא בעפרייאונג פון דיא שקלאפען. ווען איך בין נאך געווען אין דיא פעראייניגטע שטאטען, האט דער שקלאפען האנדעל געבליהט, מיינע עלטערן האבען געהאט מעהר אלס הונ-דערט שווארצע שקלאפען.

מיסיס וועלדאן האט געפונען פאר נעטהיג צו רעדען פון עפעס אנדערש.

— איהר זאגט, מיסטער הערריס, אז ביז צו דער פארם פון אייער ברודער איז דא א שטרעקע פון צוויי הונדערט מייל, האט זיא געזאגט, וויא אזוי קענען מיר געהן צו פוס אזא ווייטען וועג ? וויא איך זעה, איז דיא געגענד בעדעקט מיטווילדען וואלד, אהן א וועג און אהן א שטעג, וויא קענען מיר קומען צו אייער ברודער ?

— עס איז ניט אזוי שווער, וויא איהר מיינט, האט הערריס געענטפערט, איך האב א פערד, איך האב איהם געלאזען ניט ווייט פון דאנען, אויף דיזען פערד וועט איהר פאהרען מיט אייער קינד, מיר מענער קענען געהן צו פוס, מיר קענען גאנץ לייכט דורכגעהן צוואנציג מייל א טאג. אין צעהן טאג וועלען מיר זיין אין סאן פעליסע, אזוי הייסט מיין ברודערס פארם.

— איך דאנק אייך זעהר, מיסטער הערריס ! האט מיסיס וועלדאן אויס-גערופען.

— אייער בעסטער דאנק וועט זיין, ווען איהר וועט אננעהמען מיין פארש-לאג און וועט געהן מיט מיר, האט הערריס געזאגט פריינדליך, איך קען אייך גאר ניט פארשטעלען, וויא מיין ברודער וועט זיך פרייען, ווען ער וועט דערזעהן לאנדס-לייט, יענקיס, און וועט נאך האבען דיא געלעגענהייט זיי צו דיענען און צו טאהן עפעס פאר זיי.

אלע זיינען געווען העכסט צופריעדען און האבען געדאנקט דעם פרעמדען פאר זיין פריינדליכקייט, נאר פלוצלונג, גאנץ אונערוואַרטעט, האט אנקעל בענע-דיקט זיך אפגערופען :

— מיסטער הערריס ! איהר זאגט, אז אייער ברודערס פארם געפינט זיך צוויי הונדערט מייל פון דאנען און מיר וועלען מוזען דורכגעהן דיעזע שטרעקע וועג צו פוס, וואלט דען ניט גלייכער געווען, מיר זאגען געהן לאנגזאם [illegible]

מעער ? וויא באלד אז דיעזע געגענד געהערט צו דער רעפובליק באלי וויא, דארפען מיר דאך, ווען מיר זאלען נעהן רעכטס, דאס הייסט, נאך זידען, קומען צו דער שטאדט איקוויק, וועלכע געהערט צו טשילי, ווען מיר זאלען אבער געהן לינקס, דאס הייסט, נאך נארדען, קומען צו דער שטאדט אריקא, וועלכע געהערט צו פערו. פון איקוויק ביז אריקא איז נור צוויי הונדערט מייל, אלזא ווען מיר געפינען זיך פונקט אין דער מיט פון דיעזעביידע שטעדט, האבען מיר דאך נור הונדערט מייל נאך איקוויק און הונדערט מייל נאך אריקא. געפינען מיר זיך אבער נעהנטער צו איינער פון דיעזע שטעדט, איז דאך פיעל בעסער צו געהן צו דער שטאדט, וועלכע איז נעהנטער ?

דיעזע פראגע האט געשטעלט א געלערנטער. ווען איינער וואלט זיך צו געקוקט צו העריסעס געזיכט, וואלט ער געזעהן, וויא זיינע אויגען האבען זיך אנגעצונדען מיט א העליש פייער, ווען אנקעל בענעדיקט האט געשטעלט דיעזע פראגע.

— איך זעה, אז איך האב פאר מיר א געלערנטען מאן, האט העררים געענטפערט מיט א שמייכעל, איהר קענט זעהר גוט אייער געאָגראפיע, איהר ווייסט וואו יעדע שטאדט געפינט זיך אויף פאפיער, אבער איהר ווייסט דאך ניט, וויא שווער עס איז צו קומען אהין. דא איז דער ברעג פלאך און מען קען געהן, ווייטער אבער הייבען זיך אויף דיא בערג ביז אין מעער און עס איז אונמעגליך צו געהן.

— דאן קענען מיר דאך געהן מיטין וואלד נאך אריקא אדער איקוויק ? האט ווידער געפרעגט אנקעל בענעדיקט.

— איך קען אבער ניט דעם וועג אהין, האט העררים געענטפערט. איך קען נור דעם וועג צו מיין ברודערס פארם, דארט וועט איהר געפינען מענשען, וועלכע וועלען אייך פיהרען, וואו איהר ווילט.

אנקעל בענעדיקט האט עפעס געברומט אונטער דער נאז. ער האט גוט געקענט דיא געאָגראפיע פון אמעריקא און נאך זיין רעכענונג איז אויסגעקומען, אז עס וואלט פיעל גלייכער געוועזען צו געהן מיטין ברעג פון מעער, ביז מען וועט צו קומען צו א שטאדט אין טשילי אדער פערו.

מיסיס וועלדאן האט געפונען פאר נעטהיג זיך אריינצומישען און איבערצובעטען דעם פרעמדען, וועלכער האט זיך געוויעזען אזוי פריינדליך געגען זיי.

— נעהמט עס ניט פאראיבעל, מיסטער העררים, האט זיא געזאגט פריינדליך, מיין אנקעל בענעדיקט איז א גרויסער געלערנטער, ער האט אייך ניט געוואלט בעליידיגען, ער האט נור געוואלט ווייזען, אז ער קען זעהר גוט דיא געאגראפיע פון זיך אמעריקא און ווייס, וואו יעדע שטאדט דארף זיך געפינען.

— איך בין קיין געלערנטער, מיסים וועלדאן, האט הערריס געענטפערט, איך ווייס זאגאר ניט, אז עס געפינען זיך שטעדט, וועלכע הייסען אריקא און איק־וויק, ווייל איך בין דארט קיין מאל ניט געוועזן. איך קען נור דיעזע געגענד, ווייל מיין ברודערס יעגער קומען אפט ביז אהער. זיי האבען דא פערשיעדענע ווילדע טהירע, בעזאנדערס דעם יאגואר, אדער אמעריקאנער טיגער, און דעם קאאונאר אדער אמעריקאנער לייב.

— אזוי? האט דיקסאנד אויסגערופען, — אזוי? עס געפינען זיך אזעלכע ווילדע טהירע אין דיעזען וואלד?

— געוויס! האט הערריס אויסגערופען, דיעזע ווילדע טהירע קומען אפט גאנץ נאהענט צו מיין ברודערס פארם און צו רייסען זיינע רינדער און אקסען, דערפאר מוזען מיר שטענדיג טראגען מיט זיך געלאדענע ביקסען.

— דאן איז דאך געפעהרליך צו געהן דורכין וואלד? האט דיקסאנד געפרעגט.

— פאר איין מענשען איז עס געוויס געפעהרליך, אבער ניט פאר פונפצעהן מענשען, וועלכע זיינען בעוואפענט מיט ביקסען האט הערריס געענטפערט.

— איך נעהם אן אייער פריינדליכען פארשלאג, האט מיסים וועלדאן געזאגט, און מיר וועלען געהן צו אייער ברודער, אבער עס איז מיר זעהר אונאנגע־נעהם צו צו נעהמען ביי אייך אייער פערד.

— זייט אונבעזארגט, מיסים וועלדאן! ערשטענס, בין איך געוואינט צו געהן צו פוס, צווייטענס, האף איך אנצוטרעפען אויפ'ן וועג אייניגע פון מיין ברודערס מענשען, דאן וועלען מיר אלע האבען פערד צום רייטען.

— און ווען קענען מיר זיך לאזען אין וועג?

— זאגאר היינט, זאגאר באלד, האט הערריס געענטפערט.

— דאן דארפען מיר זיך פארבערייטען צו דער רייזע, האט מיסים וועלדאן געזאגט צו דיקסאנד.

דיקסאנד האט זיך געווענדעט צו דיא נעגער און האט זיי געהייסען אנהוי־בען איינצופאקען דיא זאכען, וועלכע זיינען אם נעטהינסטען.

— מיסטער הערריס, איך האף, אז איהר וועט זיך ניט אפזאגען צו עסען מיט אונז מיטאג, האט מיסים וועלדאן געזאגט, מיר האבען גענוג פראוויאנט מיט גענומען פון אונזער שיף.

— איך נעהם אן אייער איינלאדונג מיט דאנק, האט הערריס געזאגט,

אבער איך קען נים לאזען אזוי לאנג מיין פערד אליין, איך מוז נעהן איהם ברענגען אהער.

— קען איך נעהן מים איך, מיסטער הערריס ? האט אנקעל בענעדיקט געפרעגט.

— געוויס, מיין הערר געלערנטער ! האט הערריס א שטאך געטאהן אנקעל בענעדיקט, עס איז אבער גאר נים וויים. אייער געאגראפיע איז דאס נים נעטהיג.

— איך בין קיין געאגראף, האט אנקעל בענעדיקט געענטפערט ערנסט, איך בין נור אן ענטאמאלאג, ריכטיגער נאך א העקסאפאדיסט.

— ענטאמאלאג ? העקסאפאדיסט ? וואס זיינען דאס פאר ווערטער ? וואס בעדייטען דיעזע ווערטער ?

אנקעל בענעדיקט האט איהם ערקלערט, אז עס איז דא א וויסענשאפט, וועלכע הייסט ענטאמאלאגיע און מיט וואס פאר א געגענשטאנד דיעזע וויסענשאפט בעשעפטיגט זיך.

— נון, דאן האט איך גאט אליין צו געשיקט ! האט הערריס אויסגערופען, אויף מיין ברודערס פארם געפינען זיך זעהר פיעל קעפער (זשוקעס), וועלכע צו בייסען דיא בהמות. מיין ברודער האט שוין לאנג געוואלט שרייבען דיא רעגיערונג פון באליוויא און בעטען, מען זאל איהם זאגען, וואס צו טאהן געגען דיעזע גע־פעהרליכע העקסאפאדען, וויא איהר רופט זיי.

— איך מוז פריהער וויסען, וועלכע העקסאפאדען ברענגען אייך שאדען, דאן קען איך אייך זאגען א מיטעל געגען זיי, האט אנקעל בענעדיקט געענטפערט רוהיג.

— מיין ברודערס מענשען וועלען אייך ברענגען גאנצע זעק מיט העקסאפא־דען, האט הערריס גוזאגט, און איהר וועט האבען גענוג געלעגענהייט זיי אויס צו שטודירען, דאס איז אבער נאך נים אלעס, ווען איהר וועט אונז געבען א זיכער מיטעל געגען געוויסע פליעגען און ביענען, וועלכע פלאגען אונזערע בהמות, וועט ער אייך אפשיטען מיט גאלד.

אנקעל בענעדיקט האט שיער נים געטאנצט פאר פרייד : יעצט וועט ער האבען דיא בעסטע געלעגענהייט אוים צו שטודירען דיא העקסאפאדען פון זיד אמעריקא.

— אח, איך דארף נים אייער געלד ! האט ער אויסגערופען, איך שטודיר נים דיא ענטאמאלאגיע אום צו מאכען געלד ! איך האב ליעב דיא וויסענשאפט.

— איך האלט עס פאר א גרויסע עהרע צו רייזען צו זאמען מיט אזא

געלערנטען מאן, האט הערריס געזאגט מיט א שמייכעל. אלזא קוממ מיט מיר זעהן, וואס מיין פערד טהוט דארט

הערריס און אנקעל בענעדיקט זיינען אוועק געגאנגען אין וואלד. ווען זיי זיינען פערשוואונדען געווארען צווישען דיא ביימער, האט מיסיס וועלדאן געזאגט צו דיקסאנד:

— וויא געפעלט דיר דיעזער מאן?

— ער איז מיר אנפאנגס שטארק געפעלען, האט דיקסאנד געענטפערט, אבער זייט אנקעל בענעדיקט האט געשטעלט זיינע ריכטיגע פראגען, ווייס איך שוין נים וואס צו דענקען פון איהם. מיר דאבט, אז אנקעל בענעדיקט האט פאל־קאמען רעכט. מיר וואלטען גיכער געקענט קומען צו שטאדט, ווען מיר זאלען געהן מיטין ברעג פון׳ם מעער.

— מיר קענען עס נאך יעצט טאהן, האט מיסיס וועלדאן בעמערקט.

— געהן אליין אין אן אונבעקאנטער געגענד, וואו עס געפינען זיך ווילדע מהירע, איז אבער געפעהרליך, האט דיקסאנד געענטפערט, איך האב שוין דארי־בער נאכגעדאכט. איך ווייס, אז קיינער פון אונז איז א יעגער. אונזערע שווארצע זיינען גאנץ גוטע און בראווע מענשען, אבער קוים וועלען זיי דערזעהן א יאגואר אדער א קאאוגאר, וועלען זיי אנטלויפען און וועלען אונז לאזען אליין. מיר מוזען זיך האלטען אן הערריס. איך וועל שוין אויף איהם אכטונג געבען.

אונטערדעסען זיינען הערריס און אנקעל בענעדיקט צוריק געקומען. הערריס האט געפיהרט ביים צוים א שעהנעס, שטארקעס פערד. ווען דיקסאנד אדער מיסיס וועלדאן וואלטען געוועזען קענען אויף פערד, וואלטען זיי באלד דערקענט, אז דאס איז אן עכטעס אראבישעס פערד, און זיי וואלטען זיך געפרעגט, וויא קומט אן אראבישעס פערד צו א פארמער פון זיד אמעריקא?

מיסיס וועלדאן האט יעצט פערטיג געמאכט א לייכטען פריהשטיק פאר הערריס און האט געגעסען מיט איהם, אום איהם צו צייגען, וויא דאנקבאר זיא איז פאר זיין פריינדליכע איינלאדונג.

אונטערדעסען האט דיקסאנד מיט זיינע נעגער איינגעפאקט דיא נעטהיגע זאכען, וועלכע זיי האבען געמוזט מיטנעהמען. ער האט געמאכט פעקלעך פון 80 ביז הונדערט פונט יעדעס און האט זיי איינגעטהיילט יעדען א פעקעל, נור ער, דער אלטער טאם און אנקעל בענעדיקט האבען נים געדארפט טראגען קיין פעקעל

זיי זיינען נענאננען בעוואפענט און האבען נעבילדעט דיא הויפט מאכט, דיא וואך אדער דיא גארדע (גווארדיא) פון דער קליינער קאראוואנע.

נענען פינף אוהר פאר נאכט, ווען דיא היץ האט אביסעל אפגעשלאגען, האט זיך דיא קליינע קאראוואנא געלאזען אין וועג. הערריס איז נעוועזען דער פיהרער.

## 11טעם קאפיטעל.

## אנקעל בענעדיקט ווייס שוין גאר ניט, וואו ער איז אין דער וועלט.

אין דיא ערשטע פאר שטונדען זיינען אלע נעוועזען צופריעדען מיט דער רייזע. מיסים וועלדאן האט זיך איבערציינט, אז איהר פערד איז א גוטעס, שטילעס, רו־הינעס טהיער, וועלכעס איז בעקאנט מיט דער נעגענד און געהט זעהר פארזיכטיג. אלע זיינען נעוועזען צופריעדען, וואס מען איז אריינגעגאנגען אין וואלד, אין שאטען פון גרויסע און אלטע בוימער. עס איז ניט נעוועזען אזוי הייס אין וואלד וויא אויפ׳ן ברעג פון מעער. דער וואלד האט נעבליהט און יעדעס ביימעלע, יעדעס גרעזעלע האט ארויסגעגעבען אן אנגענעהמען, ערקוויקענדען גערוך.

מען איז נעגאנגען זעהר לאנגזאם, ווייל מען איז נעגאנגען אויף א גאנץ שמאלען שטעג, א ווינק אויף א וועג. אין וואלד זיינען ארומגעפלויגען שעהנע פיי־געל, וועלכע האבען געשריען, נעזונגען און נעקווייטשעט. דיקסאנד האט זיך דער־מאנט, אז אין דיא וועלדער פון באליוויא דארפען זיך נעפינען דיא קאליברים, גאנץ קליינע פייגעלעך, ניט גרעסער פון א ביען, וועלכע האבען אבער אזעלכע שעהנע פעדערן, אז עס ווייזט זיך אויס, אז זיי זיינען אפגעשאטען מיט ברילליאנ־טען, רובינען, סמאראגדען און מאפירען. דיא אינדיאנער רופען זיי „דיא שטראלען פון דער זון" אדער „דיא האר פון דער זון".

— איך מוז חאפען פאר דיר א קאליברי, האט ער נעזאגט צום קליינעם דשעק.

— אך, יא, דיק! האט דער קליינער דשעק אויסגערופען, חאפ מיר א קא־ליברי! איך וויל האבען א קאליברי!

דיא איינציגע שווירינקייט, וואס האט זיך זיי פארגעשטעלט, איז נעוועזען אנקעל בענעדיקט, ער האט אויף קיין פאל ניט געוואלט געהן גלייך מיט אלעמען און קוים האט ער דערזעהן א פליעג אדער אנאנדער העקסאפאד, איז ער איהם נאכגעלאפען. מיסיס וועלדאן האט איהם יעדעס מאל נעבעטען, ער זאל זיך ניט

אפטהיילען פון דער קאראוואנע, ער פלעגט יעדעס מאל צו זאגען, אז ער וועט עס טאהן, אבער קוים האט ער דערזעהן א העקסאפאד, האט ער זיך ניט געקענט איינהאלטען און איז איהם נאכגעלאפען מיט זיין נעץ.

עס איז ווירקליך געוועזן צום לאכען; ווען איינער זאל געוועזן בעטראכטען דיעזען זאנדערבארען געלערנטען, וויא ער איז געגאנגען מיט זיין מיקראסקאפ צונעבונדען צו א ריעמען איבער דער פלייצע, אויפ'ן רוקען האט ער געטראגען זיין בלעכענעם קאסטען מיט דיא העקסאפאדען, וועלכע ער האט אנגעזאמעלט אין ניי זעעלאנד. אין דער האנד האט ער געהאלטען א לאנגען שטעקען, צו וועלכען עס איז געוועזן צוגעבונדען א פיינע זיידענע נעץ, מיט וועלכע ער פלעגט חאפען זיינע פליענען, ביענען און אנדערע העקסאפאדען.

ווען אנקעל בענעדיקט וואלט געוועזן א באטאניקער, וואלט ער געוויס געוועזן בעמערקט, אז אין וואלד וואקסען בוימער, וועלכע קומען קיין מאל ניט פאר אין אמעריקא, ער איז אבער געוועזן נור אן ענטאמאלאג און האט געקענט געאגראפיע נור דערפאר, ווייל ער האט געמוזט וויסען, אין וועלכע לענדער עס געפינען זיך עקסאפאדען.

ווען עס איז נאכט געווארען, האט הערריס אויסגעזוכט א פרייען פלאץ אין וואלד, וואו מען זאל איבערנעכטיגען. דיא נעגער האבען צולעגט א פייער און האבען אפגעקאכט עסען. פאר מיסיס וועלדאן, איהר קינד און איהר דיענסט מעד־כען פלעגט מען מאכען א געצעלט פון א זיגעל פון „פילגרים", דיא איבעריגע אלע פלעגען שלאפען אויף דער ערד אין ווייכען גראז.

דעם ערשטען טאג איז מען געגאנגען נור דריי שטונדען. דעם אנדערן טאג איז מען אויפגעשטאנען גאנץ פריה, ווען עס האט נור וואס אנגעהויבען צו טאגען, און מען האט זיך געלאזען אין וועג. מען פלעגט אזוי געהן ביז עס איז געווארען שטארק היים, ביז נעגען מיטאג, דאן פלעגט מען בלייבען שטעהן, זיך קאכען עסען און זיך אויסרוהען, ביז עס פלעגט ווערען קיהלער, דאן פלעגט מען ווייטער געהן, ביז עס פלעגט ווערן נאכט.

און אזוי זיינען פערגאנגען פיער טאג, אין וועלכע עס האט גאר ניט פאסירט־ דיקסאנד האט זיך נור געוואונדערט, וואס ער האט דיא גאנצע צייט ניט געזעהן ניט איין קאליברי און ניט איינעם פון דיעזע שעהנע פאפאגייען, וועלכע דארפען זיין זעהר פיעל אין דיא וועלדער פון באליוויא.

אנקעל בענעדיקט האט זיך גאר פלוצלינג דערמאנט, אז אין באליוויא זיינען גאר ניטא אזעלכע גרויסע וועלדער, אין וועלכע מען זאל קענען געהן פינף טאג

נאַכאַנאַנד. —„אין באַליוויאַ דאַרפֿען זיך געפינען די פּאַמפּאַס, גרויסע סטעפּעס, בעוואַקסען מיט הויכע גראַזען, אבער קיינע וועלדער“, האָט ער געברומט. ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען און האָט עס געפּרעגט העררים.

— איהר זייט אַ גרויסער געלערנטער, אבער איהר ווייסט דאָך ניט, אַז מיר געפינען זיך יעצט נאַר ניט אין באַליוויאַ, זאָנדערן אין פּערו, האָט העררים געענט־פערט מיט אַ געלעכטער.

— אבער פאַר וואָס זעה איך קיינע קאַליברים? האָט דיקסאַנד געפּרעגט.

— וואַרט, מיין ליעבער! האָט העררים געענטפערט, קאַליברים געפינען זיך קיין מאָל ניט נאָהענט ביים מעער.

דעם קליינעם דשעק האָט אנגעהויבען צו לאַנגווייכלען דיעזע רייזע אין וואַלד און ער האָט אנגעהויבען צו בעטען, אַז מען זאָל שוין קומען גיכער צו אַ הויז, אדער אַ דאָרף. העררים האָט עס דערהערט און איז אוועקגעלאָפען ערגעץ אין וואַלד. אין אַ קורצע צייט איז ער צוריק געקומען און האָט געבראַכט אַ גאַנצען זאַק מיט אַ פּרוכט, וועלכע האָט אויסגעוויזען, וויא אַ גרויסע פלוים אדער וויא אַן אבריקאָס.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פּרוכט? האָט מיסיס וועלדאַן געפּרעגט.

— דאָס איז אַ מאַנגאָ, האָט העררים געענטפערט.

— אַ מאַנגאָ? האָט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען, וואַקסען דען אין זיד אַמעריקאַ מאַנגאָ'ס? מיר דאַכט, אַז מאַנגאָ'ס וואַקסען נור אין אַפריקאַ.

— איהר זעהט דאָך, העררר געלערנטער, אַז מאַנגאָ'ס וואַקסען אין זיד אַמע־ריקאַ אויך, האָט העררים געענטפערט און אַ זאָנדערבאַרער שמייכעל האָט זיך געקרייזעלט איבער זיינע ליפּען.

נאָך מיטאָג אין דעמזעלבען טאָג איז די קליינע קאַראַוואַנע געגאַנגען דורך אַ זעהר געדיכטע, וואַלד. פּלוצלינג האָט דער קליינער דשעק דערזעהן אַ זאָנדער־באַרעס טהיער און האָט אויסגערופען:

— וואָס איז דאָס, מאַמאַ?

אַלע האָבען זיך אומגעקוקט און האָבען דערזעהן לויפען אַ זעהר הויכעס טהיער מיט אַן אונגעוועהנליכען לאַנגען האַלז, מיט אַ קאָפּ פון אַ פערד, מיט צוויי גאַנץ קליינע הערנער.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ טהיער, מיסטער העררים? האָט דיקסאַנד גע־פרעגט.

— דאָס איז אַ לאַמאַ, האָט העררים געענטפערט.

— ניין! דאָס איז אַ זשיראַף; האָט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען, עס איז

וואר, אז איך בין נור אן ענטאָמאָלאָג, אבער איך פערשטעה אזוי פיעל פון אנדערע טהיערע אום צו וויסען, אז דאס איז קיין לאמא, זאנדערן א זשיראַפע.

— עס קען זיין אז אויף אייער שפראכע, אויף דער שפראכע פון געלערנטע. הייסט דיעזעס טהיער א זשיראפע, האט הערריס געענטפערט, מיר, ניט געלערנטע מענשען, רופען עס לאמא.

— אבער אום גאטעס וויללען! זשיראפען געפינען זיך נור אין אפריקא! האט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען.

דאס מאל איז שוין אנקעל בענעדיקט געווארען רעכט בייז. מיסיס וועלדאן האט צום ערשטען מאל אין איהר לעבען געזעהן אנקעל בענעדיקט בייז אין אויסער זיך. דער געלערנטער ענטאָמאָלאָג האט געקענט איבערטראגען דאס גרעסטע בעליידיגונג אין האט געשוויעגען, ווען מען האט אבער בעריהרט זיין וויסען פון דער נאטור געשיכטע, פלעגט עס איהם פערדריסען.

איך זאג אייך נאך אמאל, מיסטער הערריס, אז דאס איז א זשיראפע! האט אנקעל בענעדיקט געשריען ניט מיט זיין קול, איך זאג אייך נאך אמאל, אז זיראפען געפינען זיך נור אין אפריקא.

— מיר זיינען דאך אבער אין אמעריקא, האט הערריס געענטפערט גראב.

דיקסאנד איז געווארן ערנסט. ער האט געוואוסט, אז אנקעל בענעדיקט איז א וואהרער געלערנטער און ווען ער זאגט, אז דאס איז א זשיראפע, מעג מען איהם זיכער גלויבען, וויא דעם אונבעקאנטען הערריס. אלזא, וואס קומט דא פאר? וואו געפינען זיי זיך?

הערריס האט אויך פערשטאנען, אז געגען אזא געלערנטען, וויא אנקעל בענעדיקט, מעג מען זיין אביסעל פארזיכטיגער, ער האט זיך דאהער געווענדעט צו דיקסאנד און האט איהם געפרעגט:

— זייט איהר אמאל געוועזען אין זיד אמעריקא?

— נור אין דיא פארט שטעדט.

— אבער אויפ'ן לאנד? אין דיא בערג? אין דיא וועלדער?

— קיין מאל ניט האט דיקסאנד געענטפערט.

— זייט איהר אמאל געוועזען אין דיא וועלדער פון זיד אמעריקא? האט ער געפרעגט אנקעל בענעדיקט.

— קיין מאל ניט, האט אנקעל בענעדיקט געענטפערט.

— דאן קענט איהר גאר ניט וויסען, וואס פאר טהיערע און וואס פאר העקסאפאדען עס געפינען זיך דא.

— מיסטער הערריס ! דיא וויסענשאפט איז הייליג ! האט אנקעל בענעדיקט ארויסגעפלאצט. קראנקע מענשען, געלערנטע מענשען, גרויסע מענשען האבען בעך רייזט אלע לענדער און אלע געגענדען און האבען אויסשטודירט אלע פלאנצען און אלע טהיערע פון יעדען לאנד און פון יעדער געגענד. איך גלויב זיי, וויל זיינען אלע געוועזען עהרליכע מענער, וועלכע האבען געאפפערט זייער לעבען פאר דיא וויסענשאפט.

דיקסאנד איז געווארען אנרוהיג, אויך מיסיס וועלדאן האט אנגעהויבען צו פערשטעהן. אז דא איז עפּעס ניט גלאט, אז הערריס איז ניט דער גוטער פריינד, אויף וועלכען מען קען זיך פערלאזען. וואס טהוט מען אבער ? עס איז געוועזען דער ניינטער טאג׳ זייט זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון דעם ארט, וואו דער „פּילגרים“ איז ארויף אויף א ריף. געהן צוריק ? אליין אין ווילדען וואלד ? — דאס איז אונ־מעגליך.

— וויא ווייט האבען מיר נאך צו געהן ? האט זיא געפרעגט הערריס׳ן.

— מארגען וועלן מיר קומען אויף דיא פארם פון מיין ברודער, האט הערריס געענטפערט.

עס איז נאכט געווארען. הערריס האט אויסגעזוכט אן ארט, וואו מען זאל אובערנעכטיגען. אלע זיינען געוועזען זעהר מיעד פון דער לאנגער און שווערער רייזע און זיינען אניעדערגעפאלען, וויא דיא דערהרגעטע. זאגאר מיסיס וועלדאן און באלד אנטשלאפען געווארען. קוים אבער האבען זיי צוגעמאכט דיא אויגען, האבען זיי דערהערט א ווילדעס געשריי.

— אט איז עס ! איך האב עס ! יעצט זאגט וואס איהר ווילט, איך גלויב אייך ניט !

דאס האט געשריען אנקעל בענעדיקט. אלע זיינען אויפגעשפרינגען פון זייער געלעגער און זיינען צוגעלאפען צו אנקעל בענעדיקט.

— וואס איז עס ? וואס האט איהר ? האט מען איהם געפרעגט.

— עס האט מיך א בים געטאהן, האט אנקעל בענעדיקט געשריען.

— וואס האט אייך א בים געטאהן ?

— א העקסאפאד.

ווארפט איהם אוועק !

— אוועק ווארפען אזא זעלטענעם העקסאפאד ? האט אנקעל בענעדיקט זיך געבייזערט, — אויף קיין פאל !

— אבער, אום גאטעס ווילען ! מאכט מען דען אזא לארם איבער א פליעג ? האט מיסיס וועלדאן געפרעגט מיט א פארוואורף.

אנקעל בענעדיקט איז אויפגעשפרונגען, גלייך ווי א גיפטיגע שלאנג וואלט איהם א ביס געטאהן.

— ווייסט איהר דען, וואס פאר א פליעג דאס איז? פערשטעהט איהר דען, וויא וויכטיג עס איז פאר מיר און פאר אייך אלעמען, וואס איך האב געפונען דיעזע פליעג? קענט איהר דען פערשטעהן, וויא נאטהווענדיג עס איז אויף א רייזע צו קענען אלע העקסאפאדען?

— אנקעל בענעדיקט, מיר זיינען אלע זעהר מיעד און עס אינטערעסירט אינז זעהר וועניג צו קענען אייערע העקסאפאדען, האט מיסיס וועלדאן געזאגט מיט א פארוואורף אין איהר שטימע.

— אבער ליעבע קוזינע! דאס איז דאך דיא פליעג טזע־טזע! האט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען. איהר ווייסט געוויס ניט, אז דיא פליעג טזע־טזע געפינט זיך נאר אין אפריקא, זיא איז בעזאנדערס געפעהרליך פאר פערד און פאר אקסען. ווען זיא בייסט א פערד, ווערט ער קראנק און קרעפירט אין עטליכע טעג. עס זיינען דא געגענדען, אין אפריקא וואו מען קען ניט האלטען קיין בהמות און קיינע פערד, איבער דיא פליעגע טזע־טזע.

ער האט אויף געהויבען דיא צוויי פינגער פון זיין רעכטער האנד און האט אלעמין געוויזען א פליעג, וועלכע איז געווען עהנליך צו אונזערע שטוב פליעגען, נור ווען מען האט זיך גוט צוגעקיקט צו איהר, האט מען געקענט בעמערקען, אז דער קאפ איז עפעס גרעסער און דער בויך איז עפעס לענגער.

— זעהט איהר דיעזע פליעג? האט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען, — דאס איז דיא בעריהמטע טזע־טזע, וועלכע נעהרט זיך פון בלוט פון מענשען און טהיערע. פאר טהיערע איז זיא זעהר געפעהרליך, אבער אויך מענשען ווערן קראנק, ווען זיי ווערן צוביסען פון דער טזע־טזע.

— אבער וואס רעדט איהר, אנקעל בענעדיקט? האט מיסיס וועלדאן געברענט, מיר זיינען דאך אין זיד אמעריקא.

— דאס קען ניט זיין! מיר זיינען אין אפריקא, ווייל דיא פליעג טזע־טזע געפינט זיך נור אין אפריקא! האט זיך איינגעשפארט אנקעל בענעדיקט.

עס האט גענומען א גרויסע צייט, ביז מען האט איהם בערוהיגט און אלע האבען זיך ווידער געלעגט שלאפען, נור דיקסאנד און מיסיס וועלדאן האבען ניט געקענט שלאפען א גאנצע נאכט. זיי האבען פערשטאנען, אז אנקעל בענעדיקט איז ניט משוגע, אז ער איז א געלערנטער מאן און ווען ער זאגט, אז דיעזעס לאנד איז

אפריקא, מעג מען זיך אויף איהם פערלאָזען. וואָס טהוט מען אָבער? אלע זיינען מיעד, אז זיי שלעפען זיך קוים ארום, געהן צוריק צום ברעג איז אונמעגליך, אלזאָ וואָס טהוט מען?....

## 12טעם קאפיטעל.

## דיא שרעקליכע ענטדעקונג.

דעם אנדערען טאָג אין דער פריה האָט מיסיס וועלדאָן געפרעגט הערריס'ן וויא ווייט איז עס נאָך צו זיין ברודערס פארם?

— נאָך מיין רעכנונג האָבען מיר נאָך זעקס מייל, האָט הערריס געענט-פערט.

—אלזאָ לאָמיר געהן שנעלער, האָט מיסיס וועלדאָן געבעטען, מיר זיינען אלע שרעקליך מיעד און מיר דאכט, אז מיין דזשעק האָט דאָס פיעבער.

מען האָט זיך געלאָזט און מען איז אוועקגעגאנגען צוויי שטונדען. פלוצלונג אין דינגא ווילד געוואָרען. ער איז געשפרונגען, ער האָט געברומט, ער האָט זיך געריסען, ער איז געוועזן אויסער זיך.

— וואָס איז היינט מיט'ן הונט? האָט דיסקאנד געפרעגט.

— ער רייסט זיך היינט, גלייך וויא ער וואָלט דערזעהן נעגאָרא, האָט טאָם בעמערקט.

— נעגאָרא? וויא קומט נעגאָרא אהער?

— ווער ווייס? ווער קען עס וויסען? האָט טאָם געענטפערט.

— אָבער וויא איז דאָס מעגליך, אז ביז אהער האָבען מיר קיין שפור געזעהן פון נעגאָרא און יעצט, ווען מיר זיינען שוין אזוי נאָהענט צו א וואוינונג פון מענ-שען, זאָל זיך נעגאָרא ווידער ווייזען?

— איך ווייס עס ניט, אָבער עס פאסירען מיט אונז זאָנדערבארע זאכען, האָט טאָם געזאָגט טרויעריג.

דיסקאנד האָט שוין לאנג ניט געגלויבט הארריס'ן עס איז איהם ניט געפעה-לען, וואָס הערריס זוכט זיי צו פערפיהרען אין וואלד, נאָך זיין רעכנונג וואָלטען זיי יעצט געדארפט זיך געפינען אין א פרייער געגענד, אין א סטעפּ. וויא קען דען זיין א פארם אין א וואלד? ווען זיינברודער האָט ווירקליך א גרויסע פארם מיט פיי-לע טויזענד קיה און אָקסען, מוז ער דאָך האָבען פאר זיי גרויסע שטרעקען פרייעס לאנד, וואו זיי פיטערן זיך?

דיא היטץ איז דעם טאג געווען בעזאנדערס דריקענד, מען איז דערשטיקט געווארען פון היטץ. זאגאר דיא נעגער האבען זיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס און מען האט געמוזט מאכען א סטאציאן פריהער וויא געוועהנליך. אום עלף אוהר זיינען אלע שוין געווען אזוי מיעד, אז מע האט געמוזט בלייבען שטעהן.

הערריס האט אויסגעזוכט אפאסענדע פלאטץ, וואו צו בלייבען שטעהן און צו פערברייינגען דיא הייסע שטונדען פון טאג. קוים איז מען געבליעבען שטעהן, זיינען אלע אנידערגעפאלען אויף דער ערד פון מיעדיגקייט.

ווייסט איהר, וואס ? האט הערריס געזאגט צו דיסקאנד, בלייבט איהר דא און איך וועל אליין געהן פאראויס, לעלדען ליין ברודער, אז איך האב גע־בראכט לאנדסלייט. ער וועט ארויסשיקען פערד און וועגען, וועלכע וועלען אייך ברענגען אויף זיין פארם.

— ניין ! האט דיסקאנד אויסגערופען, איהר מוזט בלייבען מיט אונז ! איך וועל אייך ניט לאזען געהן.

דערביי האט ער איהם געוויזען אויף זיין רעמינגטאן ביקס, א שטיק שיעס אייזען, פאר וועלכעס מען האט געמוזט האבען רעספעקט (דרך ארץ).

א זאנדערבארער שמייכעל האט זיך געקרייזעלט אויף הערריס דינע ליפען.

— ווען איהר ווילט עס ניט, וועל איך בלייבען מיט אייך, האט ער געזאגט גאנץ, רוהיג, איך האב געוואלט דאס בעסטע. אבער איהר גלויבט ניט. דאס איז טרויעריג !

אין דער צייט ווען דיסקאנד האט אזוי גערעדט מיט הערריס, איז אנקעל בענעדיקט זיך רוהיג געגאנגען אין װאלד זוכען נייע העקסאפאדען. אנקעל בענע־דיקט האט יעצט ניט געוואוסט, אויף וואס פאר א וועלט ער געפינט זיך. ער איז געווען עסט איבערצייגט, אז ער געפינט זיך אין אפריקא, הערריס האט אבער בעהויפטעט, אז זיי זיינען אין זיד אמעריקא און דער געלערענטער מאן האט ניט געוואוסט, וועמען ער זאל בעסער גלויבען: זיין וויסענשאפט אדער דעם אונבע־קאנטען, וועלכער הייסט זיך רופען הערים.

דיא געלערענטע זיינען זאנדערבארע מענשען, זיי זיינען וויא קינדער: זיי גלויבען יעדען און מען קען זיי זעהר לייכט אפנארען, וויא מען קען זעהר לייכט אפנארען א קינד. א געלערנטער איז ניט פראקטיש, דאס הייסט, ער קען ניט ציהען נוצען פון יעדער קלייניגקייט, ער קען ניט מאכען א געשעפט פון יעדע געלעגענהייט, ווייל ער בעשעפטיגט זיך ניט מיט געלד מאכען, ניט מיט געלד פערדיענען, ער בעשעפטיגט זיך מיט דער וויסענשאפט. דאס הייסט, פון זיינע

געדאנקען, פון זיינע פאָרשונגען, פון זיין מיח, פון זיין ארבייט פערדיענען מענשען געלד, ער אָבער איז צופריעדען מיט זיינע ערפינדונגען און ענטדעקונגען.

פראקטישע מענשען, געלד מענשען, געשעפטס מענשען, לאכען פון דעם געלערענטען און פערשפּאָטען איהם. דומקעפּ! פאר וואָס פערשטעהען זיי ניט, אז אלעס געלד, וואָס איז דאָ אויף דער וועלט איז געמאכט געוואָרען פון מענשליכע געדאנקען? מענשען האָבען געמאכט מיליאָנען פון דער עלעקטריציטעט און דיא ערפינדער פון דער עלעקטריציטעט זיינען געשטאָרבן פאר הונגער. מנשען זיינען געוואָרען מיליאָנערען פון אייזענבאהנען און דיא ערפינדער פון דער דאמפּף מאַשינע האָבען געלעבט אין עלענד און נויט. בעטראכט דיא ציוויליזירטע וועלט און איהר וועט זעהן, אז אלע לעבען נור פון מענשליכען געדאנק, נור פון מענשליכען פערשטאנד, נור פון דיא פאָרשונגען פון דיא געלערנטע. דער געלערנטער אָבער בלייבט א קינד. זיין גאנצעס גליק זיין גאנצעס לעבען הענגט אָפּ פון זיין וויסענשאפט, דערפאר איז ער אזוי שטאָלץ אויף זיין וויסענשאפט און עס קרענקט איהם זעהר, ווען מען וויל זיך אויסלאכען פון זיין וויסענשאפט.

אָנקעל בענעדיקט האָט עס זעהר פערדראָסען, וואָס השרים האָט בעהויפּטעט אז זיי געפינען זיך אין זיד אמעריקא. ער איז געווען פעסט איבערצייגט אז זיי געפינען זיך אין אפריקא. און דארום האָטער בענוצט יעדע גלגענהייט אום צו זאמלען בעווייזע, אז דיעזעס לאנד איז אפריקא. קוים האָבען זיך אלע אניעדער געלעגט אפּרוהען, איז ער אוועקגעלאָפען מיט זיין נעץ, מיט זיין מיקראָסקאָפּ און מיט זיינע אינסטרומענטען זוכען חיקסאפאָדען.

ער איז ארומגעגאנגען אייניגע צייט אין וואלד און האָט קיין נייעס געפונען פלוצלונג אָבער האָט ער דערזעהן אזאך, פון וועלכע ער איז אויפגעשפּרונגען מיט שרעק, שטוינען און פערוואונדערונג. ער איז געקומען אין אן אָרט, וואו דיא ביימער זיינען אויסגעברענט געוואָרען. אין דערמיט איז געלעגען א גרויסער הויפען אש און פערלאָשענע קאָהלען. עס איז געווען דייטליך, אז ערשט ניט לאנג האָט דאָ געברענט א גרויסער פייער און מענשען זיינען געזעסען ארום פייער וואָס האָבען אָבער געטאָן דיזע מענשען? צו וואָס האָבען זיי צולייגט דיזען פייער?

דאָס האָט מען אויך געקענט זעהן: זיי האָבען געבראָטען און געגעסען מענשען פלייש. אין איין אָרט איז געווען א האלב אָבגעברענטע האנד פון א מענשען עס איז געווען דייטליך, אז שארפע ציינער האָבען געגעסען און געריסען דאָס פלייש פון דיעזער האנד. אין אנאנדער אָרט איז געלעגען א פוס; ווייט ארום זיינען געווען צו וואָרפען קעפּ, שארבענס פון מענשען קעפּ.

— דאָ האָבען זיך אונטערהאַלטען מענשען־פרעסער, קאַניבאַלען! האָט אַנקעל בענעדיקט אויסגערופען, דאָ האָבען זיי געטויטעט זייערע אָפּפער און האָבען זיי אויפגעפרעסען. דאָס מוז אַלזאָ זיין אפריקא. די ווילדע פון אַמעריקא זיינען קיינע מענשען־פרעסער.

דער געלערנטער ענטאָמאָלאָג האָט פערגעסען זיינע העקסאָפּאָדען, און איז געלאָפען דערצעהלען דיקסאָנדען, וואָס ער האָט געפונען. דיקסאָנד איז באַלד געגאַנגען מיט אָנקעל בענעדיקט און האָט בעטראַכט דאָס שוידער־האַפטע בילד, וועלכעס האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט.

— מיר זיינען אין דונקעלען אפריקא! האָט ער אויסגערופען, מיר זיינען אין די ווילדעסטע געגענדען פון אפריקא, וואו עס וואוינען מענשען־פרעסער!

דיקסאָנד איז געוועזען אויסער זיך פאַר שמערץ און פערצווייפלונג.

— הערריס איז אַ רויבער, אַ מערדער! האָט ער געשריען, אָבער צו וואָס האָט ער אונז פערפיהרט אַהער? וואָס וועט ער האָבען דערפון, וואָס די ווילדע וועלען אונז אויפעסען?

— פאַר וואָס פרעגט איהר ניט, פון וואַנען האָט הערריס געוואוסט, אַז מיר האָבען געליטען שיפברוך אויפ'ן ברעג? עס איז דאָך דייטליך, אַז ער האָט געוואָלט אונז פערפיהרען אַהער, ווער האָט איהם דען געזאָגט, אַז מיר געפינען זיך אויפ'ן ברעג?

— נעגאָראָ! נעגאָראָ! האָט דיקסאָנד אויסגערופען, נעגאָראָ איז בעקאַנט מיט הערריס'ן! נעגאָראָ האָט געשיקט הערריס'ן! נעגאָראָ האָט אָפּגערעדט מיט הערריס'ן, ער זאָל אונז פערפיהרען. יעצט פערשטעה איך אַלעס!

ער האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ און האָט געוויינט, ווי אַ קליין קינד.

עס איז פערגאַנגען אַ גרויסע צייט, איידער דיקסאָנד האָט זיך בערוהיגט. ענדליך איז ער געקומען צו זיך און האָט געזאָגט צו אָנקעל בענעדיקט.

— זאָגט ניט מיסיס וועלדאָן פון דיעזער ענטדעקונג, לאָז זי וועניגסטענס ניט וויסען, אין וועלכער געפאַהר מיר געפינען זיך. איך ווייס ניט, וואָס עס וועט ווייטער געשעהן מיט אונז, אָבער איך זאָג אייך, אַז איך וועל פערקויפען מיין לעבען זעהר טהייער. מיר זיינען צעהן און זאָגאַר עלף מענשען, וועלכע זיינען גוט בעוואָפענט, איך רעכען אייך, אָנקעל בענעדיקט, אויך פאַר אַ שיי־סער. מיר וועלען זיך פערטהיידיגען, ווי וויים מיר וועלען קענען, פון יעצט אָן זאָלט איהר, אָנקעל בענעדיקט, נעהמען אַ ביקס אויף די פּלייצעס, איך וועל אייך אויסלערנען שיעסען און איהר וועט קענען זיך פערטהיידיגען.

— געוויס, געוויס, מיין פריינד! האָט אָנקעל בענעדיקט געזאָגט, איך וועל זיך אויסלערנען שיעסען און איך וועל דערביי האָבען די געלעגענהייט אויסצושטודירען די העקסאַפּאָדען פון אפריקא.

דעם געלערנטען זיינען נאָך אַלץ געלעגען אין קאָפּ זיינע העקסאַפּאָדען.

---

שלום אין נעכסטען ווערק „די שקלאַפען־הענדלער אין אַפריקא.“

---

### 1טעס קאפיטעל.

## דער שקלאפען האנדעל.

**דער שקלאפען** האנדעל, דיא גרעסטע, דיא שרעקליכסטע אונגערעכטיגקייט, **וועלכע איז בעגאנגען** געווארען פון איין מענשען געגען אנדערן, איז אבגעשאפט געווארען ערשט נאר נים לאנג. אונזערע קינדם קינדער וועלען פיעלייכט גאר נים גלויבען, "אז אמאל זיינען דיא מענשען געווען אזוי שלעכט, אזוי ווילד און אזוי אונבארמהערציג, אז זיי זיינען אנגעפאלען אויף דיא דערפער פון אנדערע מענשען, האבען געטייטעט אלע אלטע, שוואכע און קראנקע און האבען דיא געזונדע מענער און פרויען אוועקגעשלעפט אויף טויזענדער מייל ווייט פון זייער היים און האבען זיי פערקויפט אויפן מארק, וויא מען פערקויפט בהמות.

און דאך איז עס וואהר! און דאך האט עס פאסירט ערשט נאר נים לאנג! און דאך פאסירט עס אויך נאך היינט, נאך אין 1900!

ווען האט זיך אנגעהויבען דער שקלאפען האנדעל? ווען האט איין מענש אנגעהויבען צו פערקויפען און צו קויפען דעם אנדערן מענשען אלס שקלאף? דאס קענען מיר נים וויסען. מיר געפינען, אז שוין מיט פיער טויזענד יאהר צוריק איז יוסף פערקויפט געווארען פון זיינע אייגענע ברידער אלס שקלאף אין א פרעמדעס לאנד. וויא עס וויזט אויס, איז עס שוין דאמאלס נים געווען קיין נייעס, אז איין

מענש זאל פערקויפען דעם אנדערן אלם שקלאף. עס איז אלזא אוממעגליך צו זא־גען, ווען דער שקלאפען האנדעל האט זיך אנגעהויבען, מיר קענען נור זאגען, ווען ער האט אויפגעהערט אפיציעל.

אין 1838 האט די ענגלישע רעגיערונג ערקלערט, אז אלע שקלאפען אין איהרע קאלאניעס זיינען פריי. זעקס הונדערט זיעבעציג טויזענד שווארצע שקלאפען זיינען דאמאלס בעפרייט געווארען אין די ענגלישע קאלאניען אין אזיען, אפריקא און אמעריקא —מיט צעהן יאהר שפעטער, אין 1848, האט די דאמאליגע פראנ־צויזישע רעפובליק. די זאגענאנטע צווייטע רעפובליק, בעפרייט אלע שווארצע שקלאפען אין די קאלאניען, וועלכע האבען דאמאלס געהערט צו פראנקרייך. צוויי הונדערט זעכציג טויזענד שווארצע שקלאפען זיינען בעפרייט געווארען.

אין 1861 האט אויסגעבראכען א קריעג אין אמעריקא איבער די בעפריי־אונג פון די שקלאפען. דריי יאהר נאכאנאנד האט געדויערט דיעזער בלוטיגער בירגער קריעג און מעהר אלס א מיליאן שווארצע שקלאפען זיינען בעפרייט געווא־רען אין די פעראייניגטע שטאאטען.

אין 1876 זיינען בעפרייט געווארען די שווארצע שקלאפען אויף די אינזלען קובא און פארטא־ריקא.

אין 1881 האט קייזער דאם פעדרא II בעפרייט די שווארצע שקלאפען פון בראזיליען.

האט שוין אבער דער שקלאפען האנדעל אויפגעהערט? — ניין! אין ווילדען אפריקא ווערט נאך יעצט, אין 1900, געפיהרט דער שקלאפען האנדעל. עס איז וואהר, אז דער שקלאפען האנדעל איז יעצט ניט אזוי גרויס, ניט אזוי שטארק פער־ברייטעט, וויא מיט הונדערט יאהר צוריק, אבער פיעלע הערשער אין אפריקא און אזיען דארפען נאך יעצט שקלאפען און מען קען נאך יעצט קויפען שקלאפען אויף דעם שקלאפען מארק אין זאנדיבאר און אין מאזאמביק און זאנאר אין מאראקקא.

דאס טרויערינגסטע אין שקלאפען האנדעל איז דאס, וואס ניט נור ווילדע אפריקאנער פיהרען דעם שקלאפען האנדעל, זאנדערן ציוויליזירטע אייראפעער. די גרעסטע, די ערגסטע, די אונמענשליכסטע שקלאפען הענדלער זיינען געווען צי־וויליזירטע אייראפעער און זיינען עס נאך יעצט. ניט דער ווילדער מענש בעגעהט דאס גרעסטע אונרעכט, זאנדערן דער געבילדעטער מענש.

אפריקא איז שטענדיג געווען א געהיימניס פאר יעדען. קיינער האט ניט גע־וואוסט, וואס עס טהוט זיך אין דיזען ווילדען, שווארצען לאנד. מען האט געוואוסט, אז אין אפריקא געפינען זיך פיעלע פעלקער, וועלכע עסען מענשען־פליישׁ, פעלקער,

וועלכע זיינען קאנניבאלען. זיי פיהרען קריעג מיט אנדערע פעלקער ארום זיי, נור אום צו פאנגען מענשען, וועלכע זיי טוידטען און פרעסען זיי אויף. מען האט גע־וואוסט, אז אין פיעלע געגענדען ווערט מענשענפלייש פערקויפט אויפ'ן מארק, וויא דאס פלייש פון אקסען און ציעגען.

עס איז אלזא קיין וואונדער, וואס עס האבען זיך געפונען מענשען, וועלכע האבען ריזיקירט מיט זייער לעבען, און זיינען געפאהרען אויספארשען דאס דונקעלע אפריקא. זיי האבען עס געטהאן אויס דריי אורזאכען. ערשטענס, האבען עס גע־טהאן פרומע מענער, וועלכע האבען געוואלט ציוויליזירען דיא ווילדע מענשען און זיי לערנען א רעליגיאן. צווייטענס, האבען עס געטהאן געלערנטע מענ־שען, וועלכע האבען געוואלט אויספארשען דיא פלאנצען און דיא טהיערע פון די־זען וועניג בעקאנטען וועלט טהייל. דריטענס, פאליטיקער, וועלכע האבען געזוכט אפצונעהמען נייע לענדער און צו גרינדען דארט קעניגרייכע און קייזערטהימער.

אין 1853 האט זיך, א געלערנטער ענגלישער מיסיאנער מיט'ן נאמען דוד ליווינגסטאן געלאזען רייזען אין ווילדען אפריקא. ער האט דורכגערייזט הונדערטער מיילען אין דיא ווילדעסטע געגענדען און האט איבערגעטראגען און איבערגעליטען אזוי פיעל ליידען, שמערצען און שוועריגקייטען, אז קיינער האט נים געגלויבט, אז ער זאל וועלען נאך אמאל צוריקפאהרען. דוד ליווינגסטאן איז אבער געווען א מי־סיאנער און א געלערנטער. ער האט געוואלט ציוויליזירען דיא ווילדע און אין דער זעלבער צייט האט ער אויסגעפארשט דאס לאנד. זיין ערשטע רייזע האט געדויערט מעהר אלס דריי יאהר, דאן איז ער צוריקגעקומען קיין ענגלאנד און האט אנגע־שריעבען דאס ערשטע בוך איבער דעם ווילדען אפריקא.

קוים האט ער זיך אויסגערוהט אין ענגלאנד און איז ווידער פאלקאמען גע־זונד געווארען, איז ער ווידער אוועקגעפאהרען קיין אפריקא, דאן איז ער פערפא־לען געווארען און מען האט נים געוואוסט, וואס מיט איהם איז געווארען. אין 1870 האט א ניו יארקער צייטונג, דער „ניו יארק העראלד" ארויסגעשיקט דעם אמע־ריקאנער הענרי מ. סטענלי זוכען דוד ליווינגסטאן. דיזע רייזע האט געקאסט צעהן טויזענד דאללאר, אבער הענרי סטענלי האט געפונען דעם געלערנטען ליווינגסטאן אין קעניגרייך אודשידשי.

הענרי סטענלי האט אבער אזוי ליעב בעקומען דאס ווילדע אפריקא, אז ער האט שפעטער געמאכט אליין איינינע רייזען אום אויסצופארשען דאס לאנד און ער האט געגרינדעט דאס קעניגרייך קאנגא, וועלכעס געהערט יעצט צו בעלגיען.

אין רײַזעס װילדע אפריקא, צװישען דיא װילדעסטע מענשען, האט זיך יעצט געפונען מיסיס װעלדאן מיט איהרע בעגלײטער.

אבער װיא אזוי קומען זיי אהער? װיא קומט עס, װאס זיי האבען ביז אהער ניט געװאוסט, װאו זיי געפינען זיך? װיא קומט עס, װאס דיקסאנד, אנקעל בענעדיקט און מיסיס װעלדאן האבען געגלויבט, אז זיי געפינען זיך אין זיד אמעריקא? װער האט זיי פערפיהרט אהער? צו װעלכען צװעק האט מען זיי פערפיהרט?

דאס װעט דער לעזער געװאהר װערען אין פאלגענדען קאפיטעל.

## 2טעס קאפיטעל.

# העררים און נעגארא.

און אבענד פאר דעם טאג, װען אנקעל בענעדיקט האט אויסגעפונען דעם פלאץ, װאו דיא מענשענפרעסער האבען אפגעהאלטען זייער מאהל צייט, זיינען צװיי מענשען געזעסען אויף א גרויסען שטיין, האבען גערויכט און האבען גערעדט צװישען זיך.

— װען דוא זאלסט קענען זיי פערפיהרען נאך הונדערט מייל װייטער, װאלטען מיר זיכער געװען, אז מיר האבען זיי אין דיא הענד, האט איינער געזאגט. איך האב געטהאן גענוג. איך האב איבערגעשטעלט דעם קאמפאס פון דעם „פילגרים" און האב זיי פערפיהרט ביז אהער. דוא קענסט זיך דענקען, אז דאס איז קיינע לייכטע ארבייט. זיי זיינען געפאהרען נאך אמעריקא און איך האב זיי פערפיהרט נאך אפריקא.

— דוא האסט רעכט, נעגארא, האט דער אנדערער געענטפערט, װאס װאלט עס דיר אבער געהאלפען, װען איך זאל ניט געװען קומען דיר צו הילף? דוא אליין װאלסט מיט זיי גאר ניט געקענט מאכען. זיי האבען מיר דערצעהלט, אז דוא ביזט אנטלאפען פון זיי, אז זיי האלטען דיך פאר א טויגעניכטס. דער יונגער שיפס קאפיטאן האט זיך זאגאר געקלאגט פאר מיר, אז דוא האסט געװאלט צוברעכען דעם קאמפאס פון „פילגרים".

— דערפאר ארבייטען מיך דאך צוזאמען, מיין גוטער העררים, האט נעגארא געזאגט. דער שקלאפען האנדעל װערט פון טאג צו טאג געפעהרליכער און דערצו נאך ברענגט ער איין זעהר װעניג. מיר מוזען אלזא זוכען אנדערע מיטעל, װיא צו מאכען געלד.

— איך זעה ניט איין, װיא מיר קענען מאכען פיעל געלד ביי דיזען געשעפט.

האט חעררים בעמערקט, מיר האבען פיעל שוועריגקייטען דערביי: דער משוגענער געלערנטער, גלויב איך, האט נאר קיין ווערטה וואס וועלכען מיר מאכען מיט איהם? דיא נעגער קען מען פערקויפען אלס שקלאפען. דיא מאטראזען אבער זיינען צו אלט, מען קען פון זיי נאר ניט מאכען. עס בלייבט אלזא מיסיס וועלדאן, וואס דענקסט דוא צו טהאן מיט איהר און מיט איהר קינד?

— איהר מאן איז א מיליאנער, האט נעגארא געענטפערט, ער וועט געבען מיט פערגניגען א האלב מיליאן דאלאר פאר איהר מיט'ן קינד. וויא פיעל שווארצע שקלאפען וואלטען מיר געדארפט פיהרען פון אפריקא נאך בראזיליען אדער קובא אום צו מאכען א האלבען מיליאן דאלאר? — ווען דוא וואלסט זיי פערפיהרט נאך איין הונדערט מייל ווייטער, טיעפער אין לאנד, וואלטען מיר זעהר לייכט געקענט מאכען פון זיי פיעל געלד.

— עס איז אבער אונמעגליך, האט חעררים געענטפערט, דער משוגענער גע־לערנטער לאזט זיך ניט אפנאררען. ער זוכט פליעגען, ביענען און קעפער (זשוקעס), און דורך א פליעג, וועלכע הייסט טזע־טזע, האט ער דערקענט, אז זיי געפינען זיך אין אפריקא. דער יונגער דיק סאנד געטרויט מיר ניט און איך בין זיכער, אז ער איז בערייט יעדע מינוט מיר ארייננצושיקען א קוגעל אין קאפ, ווען ער וועט נור זעהן, אז איך האב ניט גוטעס אין זינען. איך האב מורא פאר דיעזען פייעריגען אמעריקאנער, וועלכער האלט שטענדיג א רעוואלווער אין קעשענע און וויל איהם אויך בענוצען. צום אונגליק האבען זיי נאך מיט זיך א בייזען הונד דינגא, וועלכער איז עפעס בייז אויף דיר, מיין פריינד נעגארא. יעדעס מאל ווען דוא קומסט צו צו נאהענט צו זייער לאגער, הייבט אן דער הונד זיך צו רייסען. ער ווערט ווילד און ווען ער זאל קענען דיך דערגרייכען, וואלט ער דיך צוריסען.

— דעם הונד וועל איך שוין פערזארגען, האט נעגארא געזאגט, וויא צו זיך אליין

— אבער אויך דער יונגער שיפס קאפיטאן איז דיר קיין גרויסער פריינד, האט חעררים בעמערקט.

— נון, דער וועט עס שוין טהייער בעצאהלען, האט נעגארא ערוויעדערט — דער איז מיינער, איך וועל מיך שוין אפרעכענען מיט איהם.

— איך דענק, אז איהם וועלען מיר קענען לייכט פערקויפען, האט חעררים בעמערקט, פאר אזא שעהנעם יונגען מענשען קענען מיר נעהמען שעהנעס געלד.

נעגארא האט געשוויגען.

— אבער, גוטער פריינד, דוא האסט מיר נאך ניט דערצעהלט, וויא דוא

קומסט אויפ'ן „פילגרים 1" האט הערריס אויסגערופען, אלס אלטער גוטער פריינד דארף איך דאך אלעס וויסען.

— איך האב נים פיעל צו דערצעהלען. איך בין אוועקגעפאהרען פון אפריקא מיט שווארצע שקלאפען. איך האב זיי געפיהרט אויף מיין אייגענעם שיף נאך בראזיליען. אויפ'ן וועג האב איך בעגעגענט אן ענגלישעם קריעגס-שיף, וועלכעס איז ארומגעפאהרען אויף דעם אטלאנטישען וועלט מעער זוכען דיא שקלאפען שי־פען. זיא האט באלד דערקענט מיין שיף און האט אנגעהויבען זיך נאכצויאגען נאך מיר. ווען איך האב געזעהן, אז איך קען זיא נים אויסמיידען און דוא ווייסט דאך, פריינד, אז דיא ענגלישע קריעגס שיפען מאכען נים פיעל צערעמאניען מיט א שקלאפען הענדלער: זיי הענגען איהם אויף דעם העכסטען זעגעלבוים.... — און הענגען אויף א זעגעלבוים איז קיין בעזאנדערעס פערגניגען, האט איהם הערריס אונטערבראכען.

— גאנץ געוויס! האט נעגארא געזאגט, ווען איך האב געזעהן, אז איך קען נים אויסמיידען דיא ענגלענדער, האב איך מיט צוויי מאטראזען אראפגעלאזען דאס גרעסטע באאט, אין וועלכען מיר האבען מיטגענומען אזוי פיעל לעבענסמי־טעל, וויא פיעל עס איז נור מעגליך געווען, און מיר זיינען אנטלאפען. דיא ענגלענדער האבען צוגענומען מיין שיף מיט מיינע שווארצע וואארע. איך מיט מיינע צוויי מאטראזען האבען ארומגעוואנדערט אויפ'ן מעער, ביז מיר האבען אנגעטראפען א פאסאזשיר דאמפפער, וועלכער איז געפאהרען קיין ניי זעעלאנד. איך האב אנגע־הויבען צו וויינען און האב דערצעהלט, אז אונזער שיף איז אונטערגעגאנגען און מיר האבען זיך געראטעט אויף א באאט. מען האט אונז אויפגענומען און מען האט אונז געבראכט קיין אקלענד.

— אלזא האסט דוא נים געדארפט בעצאהלען פאר דיין רייזע, האט הערריס געלאכט.

— דיא פאסאזשירען פון דעם גרויסען דאמפפער האבען זיך צונויפגעלעגט און האבען מיר געגעבען פונפציג פונט סטערלינג.

— דאן האסט דוא דאך געמאכט א גוטעס געשעפט? האט הערריס ווידער געלאכט.

— און מיין שיף? און מיינע זעקס הונדערט שקלאפען? האט נעגארא אויס־גערופען בייז, — דיא פערדאמטע ענגלענדער! מיין שיף אליין איז ווערטה געוועזען מעהר אלס פינף טויזענד פונט סטערלינג און מיינע שקלאפען? ווען איך זאל געוועזען

ברענגען קיין בראזיליען דריי הונדערט פון די זעקס הונדערט, וואלט איך די פערקויפט צו מויזענד דאלאר א שטיק.

— און וואס איז ווייטער געשעהן ?

— איך האב פערבראכט זעקס מאנאטע אין אקלענד, האט נעגארא ווייטער דערצעהלט. איך האב געהאט זעהר וועניג געלד ביי זיך און האב עס באלד אויפ־געגעסען. איך האב געזוכט עפעס א געשעפט און האב ניט געקענט געפינען. לעבען זאל אפריקא! אין אפריקא קען מען נאך צו יעדער צייט מאכען א געשעפט, עס איז נאך דא גענוג שווארצע וואארע און מען צאהלט נאך גוט פאר א שווארצען שקלאף, אין די זאגענאנטע ציוויליזירטע לענדער האט מען גאר ניט וואס צו טהאן.

— דוא ביסט דאך אבער א גוטער שיפס־קאפיטאן! האט הערריס געפרעגט, דוא האסט דאך געקענט אננעהמען א שטעלע אלס שיפס קאפיטאן, אלס ערשטער אדער צווייטער אפיציער אויף א שיף.

— צום טייפעל זאלען געהן אלע ציוויליזירטע! האט נעגארא אויסגערופען,

— זיי פערלאנגען דאקומענטען, רעקאמענדאציאנען, רעפערענצען און נאך אזעלכע נארישע זאכען. — ענדליך האט מיר דער צופאל געבראכט דעם „פילגרים“. איך בין איינגעטרעטען אלס קאך און, זעלבסטפערשטענדליך, אז איך האב געזוכט א געלעגענהייט צו צונעהמען דעם „פילגרים“, ווייל דאס איז געווען א שטארקעס שיף און עס וואלט גאנץ גוט געטויגט פאר א שקלאפען שיף. דער צופאל איז מיר געווען גינסטיג. דער שיפס קאפיטאן איז דערטרונקען געווארען אויף דער יאגד נאך א וואל פיש און איך האב געוואלט ערקלערען מיסיס וועלדאן, אז איך בין א שיפס קאפיטאן, זיא האט מיר אבער ניט געטרויט און האט איבערגעגעבען דאס קא־מאנדא אויפ׳ן שיף דעם יונגען דיקסאנד.

איך האב דאן געזוכט א געלעגענהייט איבער צו שטעלען דעם קאמפאס און צו פערפיהרען דאס שיף קיין אפריקא. איך האב עס געוואלט פיהרען נאך אנגאלא, ארייננפיהרען אין טייך קאאנזא און זיא ברענגען צו מיין פריינד, דעם קעניג פון די מאקאלאלא׳ס, וועלכער וואלט ביי מיר צונעגומען מיסיס וועלדאן, ער וויל זעהר האבען א ווייסע פרוי, און די איבעריגע. איך וואלט דאן אליין געהאט א שיף און וואלט ווידער געקענט אנהייבען א האנדעל מיט שקלאפען. צום אונגליק, האט אויסגעבראכען א שרעקליכער שטורם און דער פערדאמטער דיקסאנד האט מיר ניט געלאזען אויפשטעלען דעם קאמפאס, וויא איך האב געוואלט, דער „פילגרים“ איז ארייננעקומען אין א שטארקע שטרעמונג, וועלכע האט איהם צוגעבראכט אהער צום טייך קאאנזא. ווען דיקסאנד וואלט מיך געלאזען פיהרען דאס שיף, וואלט

איך עס געווען אריינגעפיהרט אין טייך לאַנגאַ, ער האט עס אבער נים געוואָרט און דער „פילגרים" איז ארויף אויף א שטיין.

אזוי וויא איך קען גוט דיעזע געגענד, האב איך געוואוסט, אז איך וועל דאָ ערגעץ געפינען איינעם פון מיינע אלטע בעקאנטע, וועלכע וועלען מיר העלפען פערפיהרען מיינע פאסאזשירען אויף א שקלאפען מארק, און איך האב דיך געטראפען.

— אבער אויפ'ן „פילגרים" איז דאך געווים געווען פיעל געלד? האט הערריס געפרעגט, אזא רייכע פרוי, וויא מיסיס וועלדאן, פאהרט דאך נים אהן געלד.

— זיא האט דאס געלד ביי זיך, האט נעגאָראַ נעענטפערט.

— קומט מיר דאָך א העלפט פון איהר געלט!

— דערוויל האב איך עס דאָך ניט, האט נעגאָראַ געזאגט, יעצט זיינען מיר נור צוויי געגען צעהן אָדער נעגען צוועלף, ווען מיר זאָלען רעכענען דעם געלערנטען און מיסיס וועלדאן אויך. וואס קענען מיר צוויי מאכען געגען זיי? — מיר מוזען זיי פערפיהרען צו א בעקאנטען, וואו עס וועלען זיך געפינען געגוג מענשען, וועלכע וועלען אונז העלפען זיי צו בינדען און צו צו נעהמען אלעס, וואס זיי האבען, דאַן וועלען מיר זיך צו טהיילען מיט זייער געלד אויך.

— מיר וועלען האבען א שווערע ארבייט, האט הערריס געזאגט, וויא צו זיך אליין. מיר דאַכט, אז זיי וויסען שוין, וואו זיי זיינען און אז איך האב זיי פערפיהרט. דיקסאנד וועט געווים וועלען זיך אומקעהרען צום ברעג.

— ווער געפינט זיך יעצט נים ווייט פון דאנען? האט נעגארא געפרעגט.

צוואנציג—דרייסיג מייל ווייט פון דאנען דארף זיך יעצט געפינען דער אראַבער איבן האמיד, האט הערריס געענטפערט, ער פיהרט צוויי הונדערט שקלאפען צום קעניג באַנאמא. ער האט מיט זיך זעכציג גוט בעוואפענטע סאלדאטען. ווען מיר זאלען איהם דערגרייכען, קענען מיר איהם פערקויפען דיא שווארצע און פיער לייבט אויך דיקסאנד.

— און מיסים וועלדאן מיט איהר קינד מיט דעם געלערנטען וועלען מיר שוין אליין קענען ברענגען, וואו מיר וועלען געפינען פאר נעטהיג.

אין דיזער מינוט איז הערריס אויפגע־פרונגען. דינגא האט זיך געוויעזען צווישען דיא בלעטער פון דיא בוימער. נעגארא האט איהם דערזעהן און איז ארויפגעקלעטערט אויף א בוים. ווען דינגא איז צוגעלאפען צום בוים און האט געוויזען זיינע שאַרפע צעהנער, האט נעגארא אויסגעשאסען אויף איהם.

דינגא איז אנטלאפען.

— פאר וואס איז ער אזוי בייז אויף דיר? האט הערריס געפרעגם.

— מיר האבען צווישען זיך אן אלטע רעכנונג, האט נעגארא געענטפערט, איך מוז איהם דערשיעסען.

**3טעס קאפיטעל.**

## צופוס אין ווילדען וואלד.

נענען פינף אודער נאכמיטאג איז הערריס צוגעקומען צו דיקסאנד און האט נעזאגט צו איהם:

— ווען מיר זאלען יעצט צוגעהן אביסעל גיכער, וואלטען מיר נאך היינט גע־קענט קומען אויף מיין ברודערס פארם.

און דיקסאנדס אויגען האט זיך אנגעצונדען א פייער. יעצט ווען ער האט שוין געוואוסט, אז הערריס איז א פעררעטהער און ער איז נעגארא'ס קאמעראד, האט איהם געשטאכען יעדעס ווארט, וואס הערריס האט געזאגט צו איהם. — אך! עס טהוט וועה, עס טהוט שרעקליך וועה, ווען מיר ווייסען, אז דער מענש וועלכער רעדט צו אונז אזוי גוט, אזוי פריינדליך, אזוי ליעבליך, איז א פעררעטהער, א בע־טריגער, א שווינדלער, וועלכער וויל אונז פערפיהרען מיט זיינע זיסע רעד.

דיקסאנד האט יעצט שוין גאנץ גוט געוואוסט, אז הערריס וויל איהם פער־פיהרען, בעטריגען, בערויבען, בעשווינדלען. ער האט געוואלט עס איהם זאגען אין געזיכט, אבער ער האט זיך איינגעהאלטען און האט נור געזאגט:

— מיר מוזען דא נעכטיגען, ווייל אלע זיינען זעהר מיעד און קענען ווייטער נים געהן.

— מיר קענען דא איבערנעכטיגען גאנץ רוהיג, האט הערריס געזאגט, מאר־גען אין דער פריה וועלען מיר קומען אויף מיין ברודערס פארם.

דיקסאנד האט זיך אועקגעקעהרט פון איהם און האט בעטראכט זיין רע־מינגטאן ביקס. הערריס האט פערשטאנען דעם ווינק און איז זיך אוועקגעגאנגען.

דיעזע נאכט האט דיקסאנד אויסגעשטעלט דאבעלע וואכען. ביז אהער פלעג־נען אלע שלאפען נור איינער פלעגט שטעהן אויף דער וואך, דיעזע נאכט האט דיקסאנד געהייסען, אז צוויי מענשען זאלען שטעהן אויף דער וואך און זאלען שיע־סען אויף יעדען פרעמדען, וועלכער וועט צוקומען ביי נאכט.

געגען האלבע נאכט איז דיקסאנד אויפגעשטאנען און איז צוגעגאנגען צום אלטען טאם, וועלכער איז גראדע געשטאנען אויף דער וואך.

— ווייסט דוא, טאם, אז מיר געפינען זיך אין א זעהר טרויריגער לאגע? האט ער איהם געפרעגט.

— איך װײס אלעס, האט דער אלטער טאָם געענטפערט.

— אלזא װאס טהוט מען יעצט ?

— מיר מוזען צוריק געהן צום ברעג, דאָרט מאכען א בעפעסטיגטען לאגער און װארטען, ביז א שיף װעט פארביי פאהרען און אונז אויפנעהמען.

— איך האב אויך אזוי גערעכענט, האט דיקסאנד געזאגט טרויעריג, איך װיל אבער, אז מיסיס װעלדאן זאל ניט װיסען דערפון. מיר מוזען איהר זאָגען, אז הערריס האט אונז פערראטהען און מיר מוזען צוריקגעהן, זיא דארף אבער ניט װיסען, אז מיר זיינען אין אפריקא און הערריס און נעגאָרא זיינען שקלאפען הענדלער.

— בלייבען ביים ברעג און װארטען אויף א שיף איז אבער אויך קיין פלאן, האט דער אלטער טאָם געזאָגט טרויעריג. איך דענק, אז אלע ערפאהרענע שיפס קאפיטאנע װייסען, אז אין דיעזער געגענד געפינט זיך א זעהר שטארקע שטרעמונג צום לאנד און זיי װייכען אוים דיעזע געגענד.

— דאן װעלען מיר מוזען געהן צו פוס נאך נאָרד אדער נאך זיד, ביז מיר װעלען צו קומען צו סטאציאָנען פון ציװיליזירטע מענשען. זאָ װייט איך װייס, געפינען זיך ענגלישע און פארטוגיעזישע סטאציאָנען אין דיעזער געגענד. אין ערטער געפינט זיך זאגאר אן ענגלישער קאנסול מיט ענגלישע סאָלדאטען.

— דאס איז ריכטיג, האט דער אלטער טאָם געזאָגט, װיא צו זיך אליין, מיר קענען דאָ ניט בלייבען, מיר מוזען װייטער געהן, מיר מוזען זוכען הילף, מיר מוזען אויסגעפינען ציװיליזירטע מענשען, װעלכע זאָלען אונז העלפען און זאָלען אונז פערשאפען דיא מיטעל צו קומען נאך אמעריקא.

דיא נאכט איז פערגאנגען רוהיג. גאנץ פריה, װען דיא זון איז נור װאס ארויסגעקומען, האט דיקסאנד זיך פארבערייטעט צו דער רייזע צוריק צום ברעג. ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט געזוכט הערריס. ער האט איהם אין ערגעץ ניט געזעהן. ער האט געשיקט א נעגער זוכען דאס פערד. דער נעגער האט עס אין ערגעץ ניט געפונען. הערריס איז אנטלאָפען געװארען מיט זיין פערד.

ערשט יעצט איז דיא לאגע געװארען זעהר טרויעריג. ביז אהער איז מיסיס װעלדאן מיט איהר קינד געריטען אויפ'ן פערד און דיא מענער זיינען געגאנגען צו פוס. װאס טהוט מען אבער יעצט ? װיא קען מען לאזען א שװאכע פרוי און א קינד פון זעקס יאָהר געהן צו פוס אין א װילדען װאלד אין אפריקא ?

אייניגע מינוטען איז דיקסאנד געשטאנען, װיא פערשטיינערט : ער איז געװען אזוי פערצװייפעלט, אז ער האט ניט געװאוסט װאס צו טהאן און ניט װאס צו זאָגען. ענדליך איז ער אויפגעשפרונגען און האט געזאָגט צום אלטען טאָם :

— העררים איז אנטלאָפען, מיסיס וועלדאן און איהר קינד קענען ניט געהן צו פוס אין דיעזען ווילדען וואלד, מיר מוזען צוקומען צו א טייך און מאבען א ראפט (פלאָס, פלאָט) דערמיט וועלען מיר זעהר פיעל געווינען. ערשטענס, וועט מיסיס וועלדאן מיט איהר קינד ניט דארפען געהן צופוס. צווייטענס, וועלען מיר אלע ניט דארפען זיך שלעפען אין דיעזער שרעקליכער היץ אין ווילדען וואלד. פיער מענשען קענען גאנץ לייכט פיהרען א ראפט. מיר וועלען אויך שנעלער צו קומען צום ברעג.

אין דיעזע מינוט איז מיסיס וועלדאן צוגעקומען צו איהם און האט געפרעגט:

— וואו איז העררים? פאר וואס זעה איך איהם ניט?

— העררים איז מעהר ניט דא ביי אונז, האט דיקסאנד געענטפערט שטי־לערהייט.

— ער איז אנטלאָפען פון אונז, האט מיסיס וועלדאן געזאָגט רוהיג, ער האט אונז פערפיהרט אין א וואלד און האט אונז איבערגעלאָזען. זאל ער האבען עס אָפגערעדט מיט נעגאָרא.

— איך ווייס עס ניט, איך ווייס נור, אז מיר מוזען צוריקגעהן צו דעם אָרט, וואו דער „פילגרים" איז ארויף אויף א שטיין.

— דיק, ביסט דוא פעסט איבערציינט, אז העררים איז א פעררעטהער און אז ער האט אונז אבזיכטליך פערפיהרט אהער?

— יא, מיסיס וועלדאן! איך בין איבערציינט, אז ער האט אונז אבזיכטליך פערפיהרט אהער און מיר מוזען אנטלויפען פון דאנען!

— אבער וויא אזוי?

— מיר מוזען צו קומען צו א טייך, איך גלויב זאגאר, אז דער טייך, וועלכער ניעסט זיך אריין אין מעער ניט ווייט פון דעם אָרט, וואו דער „פילגרים" איז ארויף אויף א שטיין, דיעזער טייך דארף זיך געפינען ערגעץ ניט ווייט. ווען מיר וועלען צו קומען צו איהם אדער צו אנאנדער טייך, וועלען מיר מאבען א פלאָס און וועלען אראָפפאָהרען צום ברעג.

— זאָרגט זיך ניט צופיעל פון מיינעטוועגען, האט מיסיס וועלדאן געזאָגט רוהיג, איך בין שטארק, איך קען געהן צו פוס.

— איך וועל טראָגען דעם קליינעם דשעק אויף מיינע פלייצעס! האט אויס־געררופען דער נעגער דשים.

— מיר קענען מאבען א טראג זיץ (נאָסילקי) און טראָגען איךביידען, האט אויסגערופען דער נעגער באַטס.

— מיר וועלען מאַכען פאַר אייך און פאַר דעם קליינעם דשעק א שטוהל פון צווייגען פון ביימער און וועלען אייך טראַגען, האט געזאָגט דער דריטער נעגער אַסטין.

— איך דאַנק אייך, מיינע פריינד! איך קען געהען צופוס, האט טיסיס וועל־ראַן געזאָגט, איך בעט אייך נור, איהר זאָלט מיר העלפען טראַגען מיין קינד, ווייל ער פיהלט זיך עפּעס ניט אם בעסטען.

— אלזא לאָמיר געהן! האט דיקסאַנד געבעטען, מיר מוזען זעהן אנטלויפען פון דאנען, וויא אם שנעלסטען.

אין איינינע מינוט האט מען זיך אויסגעשטעלט פערטיג אויף דיא רייזע.

— מאַרש! האט קאָמאַנדירט דיקסאַנד.

מען האט זיך געלאָזען געהן צוריק. ווען מען איז אוועקגעגאַנגען א פּאַאר הונדערט שריט, האט זיך דער אלטער טאָם אומגעקוקט און האט געפרעגט:

— וואו איז דינגאָ? איך זעה ניט אונזער הונד דינגאָ!

מען איז געבליעבען שטעהן און מען האט אָנגעהויבען צו רופען:

— דינגאָ! דינגאָ!

דינגאָ האט זיך ניט געוויעזען.

— וואס זאָל זיין מיט דינגאָ? האט געפרעגט איינער דעם אנדערן. זאָל הערריס האָבען צוגענומען דינגאָ מיט זיך? דאס איז אונמעגליך. דינגאָ איז א קלוגער הונד. ער ווייס, ווער עס האט איהם גערעטעט דאס לעבען און וועט ניט אנט־לויפען פון איהם.

מען האט געוואַרט געגען א האלבע שטונדע און מען האט גערופען דעם הונד, געפייפט צו איהם, געשריען צו איהם. ער איז ניט צוריקגעקומען. ענדליך האט מען געמוזט ווייטער געהן אהן דינגאָ.

דער טאָג איז געווען א בעזאָנדערס הייסער. דיא אפריקאַנישע זון האט גע־ברענט, וויא פייער. אום צעהן אוהר האט זיך פון אַלעמען געגאָסען דער שווייס טייבענווייס. אזוי וויא זיי האָבען געוואָלט אנטלויפען פון הערריס און נעגאָראָ, האָ־בען זיי זיך גענומען מיט אן אנדער וועג צוריק און זיי זיינען פערגאַנגען אין א גע־דיכטען וואלד. אין ערטער איז דיא ערד געווען אזוי פייכט און זומפּיג אונטער דיא ביימער, אז מען האט געמוזט זיי אויסמיידען. אין ערטער איז דיא ערד געווען בע־דעקט מיט אראָפּגעפאַלענע צווייגען און טויטע ביימער. אז מען איז זיי אריבערגע־גאַנגען מיט שווערער מיה.

געגען צוועלף אוהר איז דיא היץ געוואָרען אזוי שטאַרק, אז מען האט געמוזט

בלייבען שטעהן און זיך אפרוהען. מען האט אויסגעקליבען א טרוקענעם פלאץ אין וואלד און מען האט דארט געמאכט א לאגער. מען האט צולעגט א פייער און מען האט געקאכט עסען. דער קליינער דשעק האט זיך היינט געפיהלט א ביסעל בעסער און האט געבעטען, מען זאל איהם צוריק געבען זיין פערד.

ארום פינף אוהר נאך מיטאג האט מען זיך ווייטער געלאזען אין וועג. דאס מאל זיינען אונזערע רייזענדע געווען גליקליכער. זיי האבען געטראפען א וועג, אן אויסגעטרעטענעם וועג. קוים אבער זיינען זיי אוועקגעגאנגען געגען א מייל, האבען זיי דערזעהן אין דיא זייטען פון וועג ליגען מענשען ביינער, גאנצע סקעלעטען פון מענשען.

— דאס זיינען דיא ביינער פון אונגליקליכע שקלאפען, וועלכע זיינען קראנק געווארען אויפ'ן וועג און מען האט זיי געלאזען דא שטארבען, האט טאם געזאגט צו דיקסאנד. — וויא עס ווייזט אויס, געפינען מיר זיך אויף א וועג פון שקלאפען הענדלער.

— זאג עס קיינעם ניט, האט דיקסאנד געבעטען.

מיסיס וועלדאן האט גוט געזעהן דיעזע ביינער, זיא האט אבער געשוויגען און האט זיך געמאכט, אז זיא זעהט זיי ניט.

דער איינציגער מענש פון דער קליינער קאראוואנע, וועלכער איז געבליעבען גאנץ רוהיג און גאנץ גלייכגילטיג, איז געווען אנקעל בענעדיקט. זייט ער האט זיך איבערצייגט, אז ער געפינט זיך אין אפריקא, האט ער אנגעהויבען גאנץ ערנסט אויסצופארשען דיא העקסאפאדען פון אפריקא. ער האט זיך וועניג געקימערט וועגען דיא גרויסע היץ, עס האט איהם ניט געארט ארייןצוקריעכען אין א זומפ ביז אין דיא קניע אום צו חאפען א נייעם העקסאפאד. ער האט זאגאר אנגעהויבען צו לערנען דעם קליינעם דשעק דיא ענטאמאלאגיע, אבער דער קליינער דשעק האט זיך געפיהלט ניט אם בעסטען און האט ניט געוואלט הערען; וואס אנקעל בענעדיקט האט איהם געלערנט.

אזוי איז מען ווייטער געגאנגען, ביז עס איז נאכט געווארען און מען האט געמוזט זוכען א נאכט לאגער, דאס איז ניט שווער געווען. מען האט באלד אויסגעפונען א פלאץ, וואו עס האבען ניט געוואקסען קיין ביימער און מען האט דארט געמאכט א לאגער. דיקסאנד האט מורא געהאט צו געכטיגען צווישען ביימער, וואו א פיינד קען זיך בעהאלטען און אויספארשען אלעס, וואס ער דארף וויסען. יעצט ווען דינגא איז אויך פערשוואונדען געווארען, מוזען זיי זיין דאפעלט פארזיכטיג.

דיקסאנד איז ווענינ נעשלאָפען דיעזע נאַכט. ער האט אזוי מורא נעהאַט, אז הערדים און נענאַראַ זאָלען אויף איהם נים אָנפאלען ביי נאַכט, אז ער האט זיך נים געוואָלט פערלאָזען אויף דיא וואך. יעדער איז נעשלאָפען מיט א שארף געלא־ דענע ביקס לעבען זיך. אבער דיא נאַכט איז פאראיבער שטיל און רוהיג: קוים האט אָנגעהויבען צו טאָגען, זיינען אלע אויפגעשטאַנען און מען האט זיך ווידער גע־ לאָזען אין וועג.

4טעם קאפיטעל.

## טערמיטען בערגלעך.

עס איז געווען א בעזאָנדערס הייסער טאָג. עס איז געווען דיא היץ פאר א שטורם, ווען דער הימעל עפענט זיך און גיעסט ארוים זיינע וואַסערן נים טראָפּען וויים, וויא ביי אונז, זאָנדערן מיט אמאל, עמער וויים, גאנצע טייכען גיעסען זיך אוים פון דיא וואָלקענס.

— פון וואַנען ווייסט איהר עס, אָנקעל בענעדיקט? האט מיסים וועלדאן נעפרענט.

— דיא העקסאַפּאָדען זאָגען עס מיר, האט אָנקעל בענעדיקט געענטפערט, קוקט אייך צו צו דיא פליענען, דיא ביענען, דיא זומער פייגעלעך און דיא קעפער (זשוקעס), און איהר וועט זעהן, אז זיי זיינען אונרוהיג, אז זיי זוכען א פלאץ וואו זיך צו בעהאלטען, זיי האָבען מורא פאר'ן שטורם, זיי ווייסען, אז דער שטורם פער־ ניכטעט זיי; זיי פיהלען דעם שטורם און זוכען זיך צו בעהאלטען.

מיסים וועלדאן און דיקסאנד האבען צוואר גאָר נישט בעמערקט, אז דיא העקסאפאדען זאָלען זיין אונרוהיג, אבער זיי האבען נעפיהלט, אז עס וועט זיין א שטורם, ווייל עס האבען זיך געוויעזען אויפ'ן הימעל וואָלקענס.

נענען מיטאג איז א האלבער הימעל בעדעקט געוואָרען מיט שווארצע וואָל־ קענס. דיא היץ איז געוואָרען נאך גרעסער, נאך אונערטרעגליכער. דיקסאנד איז געווארען זעהר אונרוהיג. ער האט געוואוסט, וואס עס הייסט א שטורם אין הייסען אפריקא.

— מיר מוזען זוכען אן אָרט, וואו זיך צו שיצען, וואו זיך צו בעהאלטען פון שטורם, האט ער געזאָגט צום אלטען טאָם, מיר קענען נים בלייבען אונטער א בוים, ווייל דער בליץ טרעפט זעהר אָפט דיא ביימער. מיר מוזען האָבען א דאך איבער אונזער קאָפּ.

— וואו נעהמט מען אבער א דאך איבער'ן קאָפּ? האט דער אלטער טאָם

געפרעגט טרויעריג, וואו קענען מיר געפינען אן ארט וואו זיך צו שיצען געגען שטורם?

— מיר מוזען געהן זוכען, פיעללייכט וועלען מיר געפינען א ברעג, א הייל אין דער ערד, א גרויסען שטיין, וואו מיר זאלען קענען זיך שיצען פון שטורם.

דיקסאנד האט זיך דערמאנט, וואס ער האט אמאל געלעזען פון דיא אינדיא־נער אין אמעריקא, אז ווען זיי געפינען זיך אין א ווילדען וואלד און וויסען ניט וויא אזוי ארויסצוקומען, קלעטערט איינער פון זיי ארויף אויף דעם העכסטען בוים און פון דארט קען ער זעהן א וויטע שטרעקע ארום זיך. ער האט געהייסען איינעם פון זיינע מאטראזען ארויפקריעכען אויף דעם העכסטען בוים, וועלכער האט זיך גע־פונען ארום זיי און בעטראכטען דיא געגענד ארום.

— איך זעה בערגלעך אין דער נארד זייט, האט געזאגט דער מאטראז פון שפיטץ פון בוים.

— וויא וויים זאלען זיי זיין פון דאנען? האט דיקסאנד געפרעגט.

— געגען א דריי מייל, האט דער מאטראז געענטפערט.

— דאן מוזען מיר געהן שנעלער צו דיעזע בערגלעך! האט דיקסאנד אויס־גערופען.

וויא גרויס דיא היץ איז געווען און וויא מיעד זיי זיינען געווען, האבען זיי דאך געמוזט געהן מיט אלע זייערע קרעפטע אום צו דערגרייכען דיא בערגלעך. קוים זיינען זיי אוועקגעגאנגען געגען א מייל, האט דער וואלד אויפגעהערט און זיי זיינען ארויסגעגאנגען אויף א פלאכעס לאנד, וועלכעס איז אמאל געווען בעדעקט מיט הויכע גראזען, יעצט אבער זיינען דיא גראזען געווען פערדארט, פערברענט פון דער זון. מען האט יעצט געזעהן דייטליך דיא בערגלעך און דיקסאנד האט זיי אונטער־געטריעבען און האט יעדעס מאל אויסגערופען:

— שנעלער! שנעלער!

אונטערדעסען איז דער גאנצער הימעל בעדעקט געווארען מיט פינסטערע וואלקענס און מען האט אנגעהויבען צו הערען דאס קראכען פון דונער. עס האבען זיך געוויעזען קורצע אבער פייערדיגע בליצען און עס איז געווען גאנץ דייטליך, אז באלד, באלד וועט אויסברעכען דער שרעקליכער שטורם.

— וואס טהוט מען? וואו בעהאלט מען זיך? וואו שיצט מען זיך? האט דיקסאנד אויסגערופען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג.

באלד איז געווארען אזוי פינסטער, אז מען האט קוים געקענט זעהן צוואנציג שריט ווייט פון זיך.

— א לאנער ! נעצעלטען ! האט פלוצלונג אויסגערופען דישים.

אלע האבען געקוקט אין דער זייט, וואו דער נענער האט געוויזען. ביים שיין פון א בליץ האבען זיי דערזעהן הויכע, שפיצינע בערגלעך אדער געצעלטען גאר ניט ווייט פון זיך.

— זאל עס זיין א לאנער פון ווילדע אפריקאנער האט דיקסאנד געפרעגט. קיינער האט איהם ניט געענטפערט.

— בלייבט אלע דא, איך וועל געהן זעהן, וואס דארט איז, האט דיקסאנד אויסגערופען און איז אוועקגעלאפען צום לאנער.

אין איינינע מינוט ארום איז ער צוריקגעקומען און האט געזאגט:

— עס איז קיין לאגער, עס זיינען בערגלעך פון טערמיטען (אזא סארט אמייזען, מוראשקעס). זיי זיינען זעהר הויך און מען קען זיך אין זיי בעהאלטען פון רעגען.

— אבער נור דיא בייזע טערמיטען, דיא בייסענדע טערמיטען מאכען אזעלכע הויכע בערגלעך, האט אנקעל בענעדיקט בעמערקט, זיי מאכען זייערע נעסטען ביז 12 אדער 15 פוס דיא הויך, דער העכסטער מענש קען זיך אלזא בעהאלטען אין זיי, אבער זיי בייסען דאך אזוי שטארק, אז מיר וועלען מוזען אנטלויפען.

— דיא בערגלעך זיינען לעדיג, האט דיקסאנד געענטפערט, דיא טערמיטען האבען זיי אוועקגעווארפען.

אנקעל בענעדיקט האט יעצט געוואלט בעווייזען, אז ער איז אן עטאמאלאג און קען זעהר גוט דעם כאראקטער און דיא געוואהנהייטען פון דיא טערמיטען, אבער קיינער האט איהם ניט געוואלט הערען, ווייל עס האט שוין אנגעהויבען צו רעגנען.

— שנעלער ! שנעלער ! האט דיקסאנד גערופען.

אלע זיינען יעצט געלאפען צו דיא בערגלעך פון דיא טערמיטען. זיי זיינען צוגעקומען צום ערשטען בעסטען בערגעל און האבען איהם בעטראכט. דער לאך אדער דער אריינגאנג איז געווען צו ענג פאר מענשען, מען האט געמוזט נעהמען א האק און אויסהאקען א גרויסע עפענונג. דאס איז געשעהן אין איינינע סעקונדען און איינער נאכ'ן אנדערן זיינען אריינגעקראכען אין בערגעל פון דיא טערמיטען.

דער שטורם האט אויסגעבראכען מיט זיין גאנצער מאכט. עס איז געווען אן עכטער אפריקאנישער שטורם. דער דונער האט נאר ניט אויפגעהערט, דיא בליצען האבען געדויערט מינוטען לאנג און פון דיא וואלקענס האבען זיך געגאסען טייכע וואסער.

אונזערע רייזענדע האבען זיך געפיהלט גליקליך, וואס זיי האבען געפונען א דאך איבערן קאָפּ, א שוץ פון רעגען און פון דונער און בליץ. צום גליק, האבען זיי מיטגענומען א לאַנטערנע פון „פילגרים״ און דיעזע לאַנטערנע איז זיי יעצט צו ניץ געקומען.

קוים האבען זיי זיך אביסעל בערוהיגט, האבען זיי אָנגעצונדען דיא לאַנטערנע און האבען בעטראַכט, וואו זיי געפינען זיך ערגעץ אין דער וועלט.

זיי האבען אויפגעהויבען דיא לאַנטערנע און האבען בעטראַכט דעם אָרט, וואו זיי האבען געפונען שוץ פון שטורם. עס איז געווען א קייכעבדיגע זאַל פון עלף פוס דיא ברייט און דיא לענג און צוועלף פוס דיא הויך. נעבען דיעזען זאַל האבען זיך געפונען קאַמערן פון דריי־פיער און פינף פוס דיא ברייט און דיא לענג, וואו א מענש האט געקענט זיצען גאַנץ בעקוועם און זאָגאר זיך אויפשטעלען, אבער ניט זיך לעגען. אין איין אָרט האט זיך געפונען א וועג אַראָפּ, וויא אין א קעלער. דאס איז ווירקליך געווען דער קעללער אדער דיא שפּייז קאַמער פון דיא טערמיטען.

טאָם האט זיך אַראָפּגעלאָזען אין קעללער און האט געפונען, אז דאָרט קענען דריי מענשען גאַנץ בעקוועם שלאָפען.

דיא טערמיטען זיינען איינע פון דיא זעלטענסטע בעשעפּעניש. זיי זיינען געבאָרענע ארכיטעקטען. זייער נעסט איז א מייסטער שטיק פון ארכיטעקטור. מען בעוואונדערט דיא פּיראַמידען פון עגיפּטען, ווייל זיי זיינען אזוי הויך. ווען מען זאָל אבער בערעכנען, אז דיא העכסטע פּיראַמידע, דיא כעאָפּס פּיראַמידע איז 450 פוס דיא הויך. עס האבען זיא געמאַכט מענשען, וועלכע זיינען פון 5 ביז 6 פוס דיא הויך. אלזאָ האבען מענשען געמאַכט א געביידע, וועלכעס איז 90 מאָל העכער פון זיי. בעטראַכט מען אבער דאס געביידע פון דיא טערמיטען, וועלכעס איז פונפצעהן פוס דיא הויך אדער 180 צאָלל דיא הויך און מען פערגלייכט זיא מיט דעם טערמיט, וועלכער איז נור א האלבעס צאָלל דיא הויך, געפינט מען, אז דיא טערמיטען האבען געבויט געביידען, וועלכע זיינען 4 מאָל אזוי הויך, וויא דיא געביידען, וועלכע מענשען האבען געבויט. בערעכענט מען ווייטער, אז דיא מענשען האבען געבויט דיא פּיראַמידען מיט אינסטרומענטען, פון גרויסע שטיינער, און דיא טערמיטען בויען זייערע געביידען אָהן אינסטרומענטען און נור פון לעהם, פון דעם זאַפט פון פערשיעדענע גראָזען און מיט זייער אייגענעם שפּייעכץ, דאַן מוז מען צוגעבען, אז דיא טערמיטען זיינען גרעסערע ארכיטעקטען פון דעם מענשען.

דער ענגלישער רייזענדער ליעטענאַנט קאַמעסאָן דערצעהלט, אז אמאָל איז ער מיט פיער קאַמעראַדען געזעסען גאַנץ רוהיג אויף א בערגעל פון טערמיטען און

האָבען געגעסען. דער בעריהממטער דוד ליווינגסטאָן דערצעהלט, אז ער האט זיך זעהר אָפט אָפגענארט פון דיזע טערמיטען בערגלעך: עס האט זיך איהם אויס־געוויעזען, אז דאָס איז א דאָרף פון ווילדע אפריקאנער. א האָלענדישער רייזענדער מיט'ן נאמען שעטמאן דערצעהלט, אז ער האט אמאל צוגעבראכט צוויי טעג אין א בערגעל פון טערמיטען.

דיא טערמיטען בערגלעך ווייזען אויס וויא א היטעל צוקער, אונטען זיינען זיי ברייט און אויבען ווערען זיי ענגער און שמעלער. דוד ליווינגסטאן דערצעהלט, אז אין איין אָרט האָט ער אָנגעטראָפען א גרויסען טערמיטען בערגעל, וועלכער איז געווען איבער צוואנציג פוס דיא הויך, ארום איהם האבען זיך געפונען עטליכע קלענערע, וועלכע זיינען געשטאנען ארום איהם אין א פאָלשטענדיגען קרייז, גלייך וויא ער וואָלט געמאכט געוואָרען מיט א צירקעל. ער האט געוואָלט בעטראכטען און אונטערזוכען דיזע זאָנדערבארע געביידען, אבער דיא טערמיטען זיינען אָנגע־פאלען אויף איהם און האבען איהם פערטריעבען.

מיט דיא טערמיטען טאָר מען ניט שפּאַסען, זיי בייסען שרעקליך און קענען צובייסען דיא הויט פון אן עלעפאנט. זיי זיינען עבטע, געאיבטע סאָלדאטען און ווער עס קומט צו צו נאהענט צו זייער גרענעץ, דער געהט ניט אוועק גאנץ. דיא וויל־דעסטע טהיערע אין אפריקא האבען מורא פאר דיא טערמיטען און אנטלויפען פון זייערע נעסטער. דיא טערמיטען צו פרעסען און צו בייסען אלעס: קליידער, לעדער און זאָגאר האָלץ. ווען זיי פאלען אָן אויף א הויז, פרעסען זיי עס אויף. אין פיעלע ערטער מוזען דיא איינוואוינער אנטלויפען פון זייערע דערפער און איבערלאָזען זייערע הייזער פאר דיא טערמיטען.

5טעם קאפיטעל.

## אנקעל בענעדיקט האלט א פארלעזונג איבער דיא טערמיטען.

ווען מען האט זיך ארומגעקוקט און מען האט בעטראכט דיא קאמערן און קעמערלעך פון דיא טערמיטען, האט מען אָנגעהויבען צו דענקען פון שלאָפען. דער שטורם אין דרויסען איז געווען שרעקליך. ווער עס האט ניט געזעהן א שטורם אין דיא הייסע לענדער, דער קען גאָר קיין בעגריף ניט האָבען, וואס עס הייסט א שטורם. מען קען עס ניט בעשרייבען מיט ווערטער, ווייל עס פעהלען ווערטער צו בעשרייבען אזא שטורם. דער דונער הערט גאָר ניט אויף, איין דונער קראכט נאכ'ן אנדערן און פערטויבט דיא אויערן. דער הימעל און דיא ערד זיינען פול מיט פייער פון דיא בליצען און אין דערזעלבער צייט גיעסען זיך טייכען וואסער פון דיא וואָלקענס

און דער ווינד רוישט און פייפט און היילט און קלאָגט און רייסט אלעס, וואָס עס טרעפט אויף זיין וועג.

אונזערע רייזענדע האָבען זיך געפיהלט גליקליך, וואס זיי האבען געפונען אזא גוטע קווארטיר, אין דעם נעסט פון דיא טערמיטען זיינען זיי געווען געשיצט פון ווינד, פון רעגען, פון דונער און פון בליץ, נור אונטער דיא פיס האט אָנגעהויבען פייכט צו ווערען, וויל דער רעגען האט זיך אריינגעגאָסען דורך דעם אריינגאנג. מען האט געמוזט אָפּהאקען שטיקער פון דיא ווענד, זיי צוקלאפּען אויף שטויב און אויסשיטען אונטער דיא פיס. דעם לאָך אָדער דעם אריינגאנג האט מען געמוזט פערהענגען מיט א שטיק זעגעל טוך. אזוי וויא דיא לופט האָט אָנגעהויבען צו ווערן געשטיקט, האט מען געמוזט אויסהאקען נאָך א לאך פון דער אנדערער זייט בערגעל, אויף דיעזער אַרט איז געוואָרען א צוג לופט און מען האט געקענט אטהעמען פריי.

יעצט האט מען אָנגעהויבען צו דענקען פון שלאָפען. פאר מיסיס וועלדאָן, דעם קליינעם דשעק, דעם דיענסט מעדכען און אָנקעל בענעדיקט האט מען אָפּגעגעבען דעם גרויסען זאל. דיקסאנד האט זיך געפונען א פלאץ אין א קעמעריל נעבען זיי. דיא פינף נעגער זיינען אראָפּגעקראָכען אין קעללער. טאָם און זיינע מאטראָזען האָבען זיך אויסגעזוכט קעמערליך ארום דעם גרויסען זאל. אין דיעזע קעמערליך איז צוואר געווען ניט אזוי בעקוועם צו שלאָפען, אבער א מאטראָז איז שוין געוואוינט צו שלאָפען, וואו ער קען נור זיך צו שפּארען.

אזוי וויא עס איז נאָך געווען גאנץ פריה, עס איז ערשט געווען נעגען זעקס אוהר נאָך מיטאג, האט נאָך קיינער ניט געוואָלט שלאָפען; יעדער איז געזעסען אין זיין קעמעריל און האט געטראכט.

— מיר האָבען יעצט א גאנץ גוטע קווארטיר, האט דיקסאנד געזאָגט, איך דענק, אז מיר זאָלען דאָ פערבלייבען א פּאאר טעג און זאָלען זיך גוט אויסרוהען. מיר זיינען דאָ גאנץ זיכער געגען יעדען פיינד, קיינעם וועט ניט איינפאלען, אז מיר האָבען זיך בעהאלטען אין א בערגעל פון טערמיטען. מיר האָבען נאָך גענוג פּראָוויאנט און קענען זיך דאָ גוט אויסרוהען.

— איך ווייס ניט, איך פערשטעה ניט, וויא קומט עס, וואס דיא טערמיטען זיינען אנטלאָפען געוואָרען פון אזא גוטע וואוינונג, האט זיך נאָר פּלוצלונג אויסגערופען אָנקעל בענעדיקט. איך בין שוין געווען אין קעללער און האב שוין דורכגעזוכט אלע קעמערליך, איך האב געפונען בעווייזע, אז דיא טערמיטען זיינען דאָ געווען נאָר

ניט לאנג. וויא קומט עס. וואס זיי זיינען נאר פלוצלונג אוועק פון דאנען? פאר וואס זיינען זיי אנטלאפען.

— אבער וואס הארט עס אייך, אנקעל בענעדיקט? האט דיקסאנד געפרעגט.

— ליעבער דיק! האט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען, — ליעבער דיק! ווען איהר זאלט זיין אן ענטאמאלאג און זאלט האבען גוט אויסשטודירט דיא העקסאפאדען, וואלט איהר געוואוסט, אז דיעזע קליינע טהיערכען (חיהלעך) זיינען פיעל קליענער פון א מענשען. זיי אנטלויפען ניט פון זייער וואוינונג גלאט אזוי, אויס פאנטאזיע, צום פערגניגען. א מענש טהוט עס אויך ניט אויס פאנטאזיע, ווען א מענש אנטלויפט פון זיין היים, איז ער געוויס געצוואונגען דערצו. דער נאמען עמיגראנט איז א זעהר טרויעריגער, קיינער וויל ניט ווערן אן עמיגראנט אויס פערגניגען, ווען מען ווערט אן עמיגראנט, איז שוין געוויס אין דער היים געוועזען אזוי שלעכט, אז מען האט עס ניט געקענט אויסהאלטען דער אונטערשיעד אבער צווישען א מענשען און א העקסאפאד איז זעהר גרויס: א מענש אנטלויפט פון זיין היים, ווען עס ווערט איהם שלעכט, א העקסאפאד אנטלויפט פון זיין היים, ווען ער פיהלט, אז עס וועט איהם שלעכט ווערען, דער מענש וויים ניט, וואס מארגען וועט מיט איהם געשעהן; א העקסאפאד פיהלט פריהער מיט צוויי־דריי טעג, אז עס וועט איהם ווערן שלעכט, און ער אנטלויפט פון דער היים.

— דאן איז דער העקסאפאד א נביא, א פראפעט, ער וויים פריהער, וואס עס וועט געשעהן! האט דיקסאנד געלאכט.

דאס האט שטארק פערדראסען דעם אלטען געלערנטען ענטאמאלאג און ער האט אויסגערופען:

— נארישע, שמאלצע מענשען! איהר מיינט ווירקליך, אז איהר זייט קלוג, אז איהר פערשטעהט עפעס. איהר זייט ניט קלוג! איהר פערשטעהט גאר נישט. דער קלוגער קעניג שלמה האט געזאגט: לך אל נמלה עצל, ראה דרכיה וחכם. געה צו דער אמייזע (מוראשקע); קוק זיך צו צו איהרע אוינען, צו איהר ארט לעבען, צו איהרע געוואהנהייטען, און דוא וועסט קלוג ווערן. אז אנדערער אלטער פילאזאף האט געזאגט: מלפינו מבהמות הארץ ומעוף השמים יחכמנו. (איוב, לא 12.) ער לערנט אונז פערשטאנד פון דיא בהמות פון לאנד און פון דיא פייגעל פון הימעל ווערן מיר קלוג. דיא בהמות זיינען פערשטענדיגער פון אונז, דיא פייגעל זיינען קלוגער פון אונז, דיא טערמיטען וויסען מיט צוויי־דריי טאג פאראויס, אז עס קען קומען א געפאהר, און זיי אנטלויפען.

— אלזא, וואס דענקט איהר, אנקעל בענעדיקט? האט דיקסאנד געפרעגט.

— איך דענק, אז מיר זיינען אין א געפאהר און דערפאר דארפען מיר זיין זעהר פאָרזיכטיג, האט אָנקעל בענעדיקט געענטפערט, — מיר דארפען ניט שלאָפען, מיר מוזען האלטען א וואך א גאנצע נאכט, אז מיר מוזען זיך צו הערען צו אלעס, וואס וועט פארקומען ארום אונז.

— וויא עס ווייזט אויס, האלט איהר דיא טערמיטען פאר א גאנץ בעזאָנדערס קלוגע טהיערע, האט דיקסאנד געזאָגט מיט א שמייכעל.

ער האט נוט געקענט אָנקעל בענעדיקט און האט געוואוסט, אז קוים גיט מען איהם א געלעגענהייט צו רעדען פון זיינע העקסאפאָדען, קען ער אוועקרעדען שטונדען לאנג און זאָל ניט מיעד ווערען.

אין דרויסען איז דער שטורם געווען שרעקליך. דיא דונערן און בליצען זיינען געווען אזוי שטארק, אז עס איז געווען אונמעגליך צו צומאכען אן אויג. זיצען אזוי רוהיג און שווייגען איז אויך זעהר לאנגווייליג. דיקסאנד האט דאהער געפונען, אז דאס בעסטע וועט זיין, ווען אָנקעל בענעדיקט וועט עפעס פאָרלעזען, דארום האט ער אכין געזוכט צו שטעלען פראגען אָנקעל בענעדיקט. זיינע פראגען האבען געווירקט. אָנקעל בענעדיקט האט געבעטען, אז אלע זאָלען זיך זעצען ארום איהם און ער וועט זיי ערקלערן, וואס פאר טהיערע (חיה'לעך) דיא טערמיטען זיינען.

אלע האבען זיך אויסגעזעצט ארום איהם און ער האט אָנגעהויבען:

— דיא טערמיטען. געהערן צו דער קלאסע העקסאפאָדען, וועלכע הייסען נעאוראָפטער, Neuropter. דיעזעס ווארט איז א גריעכישעס. עס בעשטעהט פון צוויי ווערטער: נעאוראָ, נערוועז, און פטער, פליגעל. צו דיעזער קלאסע געהערן אלע לעבעדיגע זאכען, וועלכע האבען זעקס פיס, אלזא העקסאפאָדען, און פיער פליגעל. אין וועלכע מען זעהן פיעלע אָדערן אדער נערוועז, אין דיזער קלאסע געפינען זיך דריי טויזענד סאָרטען. דיא סאָרטע, וועלכע האט אויסגעבויט דיעזען נעסט, דיעזעס בערגעל, אין וועלכען מיר געפינען זיך יעצט. הייסט: „טערמעס מאָרדאקס״, דיא בייסענדע טערמיטען אדער „טערמעס אטראָקס״, דיא בייזע שלעכטע טערמיטען.

דיעזע טערמיטען זיינען בעריהמטע דערמיט, וואס אין יעדען נעסט געפינען זיך דריי סארטען אדער קלאסען: ארבייטער, דיא קעניגין און סאָלדאטען. דיא ארבייטער בויען דאס נעסט און פערזאָרגען דיא גאנצע קאָלאָניע מיט פראוויאנט, מיט עסען. דיא קעניגין לעגט אייער, פון וועלכע עס ווערן אויסגעבריהט נייע טערמיטען, מיט אנדערע ווערטער, זיא בעזאָרגט דאס געשעפט פון קינדער מאכריי.

דיא סאָלדאטען פערטהיידיגען דאס נעסט און פיהרען קריעג מיט אנדערע נעסטער מיט אנדערע קאָלאָניען.

וויא קליין דיעזעס טהיער, דיעזע אמייזע (מוראשקע) איז, אזוי בראוו און מוטהיג איז זיא אלס סאָלדאט. ווען א פרעמדע ארמעע קומט צו צו זייער נעסט און פאלט אָן אויף זיי, פערטהיידיגען דיא סאָלדאטען זייער היים, זייערע קעניגין און זייערע קינדער מיט אזוי פיעל מוטה מיט אזוי פיעל פעסטיגקייט, מיט אזוי פיעל אויסדויער, מיט אזוי פיעל זעלבסט אויפאָפפערונג, אז מענשען מעגען זיך לערנען פון זיי. וויא צו פערטהיידיגען זייער פאטערלאנד, זיי ווארפען זיך ארויף אויף זייער פיינד, בייסען איהם מיט זייער שארפעס מויל, רייסען איהם מיט זייערע קליינע שעערן, וועלכע זיי האבען אין זייערע פאָרדער פיס, און שטארבען ליעבער אלס אויפצוגעבען זייער נעסט און זייערע קינדער.

ווען מען זאָל פערגלייכען א שמשון הגיבור, אָדער א הערקולעס, מיט א טער-מיט, מוז מען זאָגען, אז דער טערמיט איז אזא העלד, וויא שמשון הגיבור אדער וויא הערקולעס. איך האב אייך שוין געוויעזען און בעוויעזען, אז דיעזעס בערגעל, אין וועלכען מיר געפינען זיך, איז א גרעסערעס וואונדער, וויא דיא פיראמידען פון עגיפטען, ווען מען פערגלייכט דיא גרויס פון א מענשען מיט דער גרויס פון א טער-מיט. יעצט וויל איך אייך בעווייזען דיא קראפט פון א מענשען און דיא קראפט פון א טערמיט.

— דאס איז אינטערעסאנט! האט דער אלטער טאָם אויסגערופען.

— געווים איז עס אינטערעסאנט, האט אָנקעל בענעדיקט געזאגט גאנץ רו-היג, איהר ווייסט אבער נאך נאָר ניט, פאר וואס עס איז אינטערעסאנט און וויא אזוי עס איז אינטערעסאנט. — ווייסט איהר, אז א הונד, וועלכער וועגט פערציג פונט, קען מיט זיינע צעהנער צו ברעכען א ביין, וועלכער איז אזוי שטארק, אז מען דארף איהם שלאָגען מיט א האמער, וועלכער וועגט צעהן פונט אום איהם צו צו-ברעכען? פערשטעהט איהר, אז ווען א מענש הייבט אויף א האמער פון צעהן פונט, מוז ער געברויכען א קראפט פון צוואנציג פונט? אלזאָ יעדעם פונט פון דעם הונט גיט ארויס א קראפט פון א פונט, ווייל דער גאנצער הונט גיט ארויס א קראפט פון דרייסיג פונט. א מענש איז שטארקער פון א הונט און א געוועהנליכער מענש, וועלכער וועגט 130 פונט קען ארויסגעבען א קראפט פון 250 פונט, א שטארקער מענש אבער, א העלד, א שמשון הגיבור, קען ארויסגעבען א קראפט פון טויזענד פונט, אדער קנאפע אכט מאל מעהר, וויא פיעל ער וועגט. נון לאָמיר זאָגען, אז נאָר א גרויסער העלד, א זעהר שטארקער מענש, קען ארויסגעבען א

קראפט, וועלכע איז צעהן מאל אזוי גרויס, וויפיעל ער וועגט. דאן איז ער שוין אן אויסער אָרדענטליכער מענש.

דער טערמיט אבער וועגט נור איין גראן און ער קען מיט זיינע שעערן צו־שניידען א שטיק האָלץ פון 20 גראן, אדער ער גיט ארויס א קראפט, וועלכע איז צוואנציג מאָל גרעסער אלס דאס געוויכט פון זיין קערפער. יעצט פערשטעהט איהר שוין, אז א טערמיט איז א גרעסערער העלד פון שמשון הגיבור אדער פון הער־קולעס?

דער געלערנטער דוד ליווינגסטאן דערצעהלט, אז דער גרויסער און שטארקער עלעפאנט אנטלויפט מיט א שרעקליכען געשריי, ווען דיזע קליינע העלדען פאלען אָהן אויף איהם, א לייב האט מורא פאר זיי און ווייכט זיי אויס. זיי אבער האָבען פאר קיין זאַך קיין מורא. ווען זיי געהן אין קריעג און קומען צו גלייכע א וואנט, קלע־טערן זיי זיא אריבער, קומען זיי צו א טייך און געפינען קיין בריק, אויף וועלכער אריבער צו געהן, שליעסען זיי זיך אָן מיט זייערע שעערן איינער אָן אנדערן און בילדען א הענגע בריק, אויף וועלכע אלע געהן אריבער. דיא טערמיטען, וועלכע בילדען דיא בריק, ווערן דערטרונקען, אבער נאך טויטערהייט האלטען זיי איינער דעם אנדערן אזוי פעסט, אז מען קען אריבערגעהן איבער זיי.

זייער פרוכטבארקייט איז אויסער אָרדענטליך. דיא קעניגין לעגט ביז זעכציג טויזענד אייער אין איין טאָג און פון יעדעס איי ווערט א טערמיט, עס ווערן אלזא געבאָרען זעכציג טויזענד טערמיטען א טאָג, און ווען עס געפינען זיך אין א נעסט עטליכע קעניגינען, ווערט פון יעדער קעניגין זעכציג טויזענד טערמיטען א טאָג.

דאס איז אבער נאָך ניט אלעס. יונגע טערמיטען זיינען גאנץ גוט צום עסען. דיא אפריקאנער בראָטען זיי אין אייל און עסען זיי.

— האט איהר שוין אמאל געגעסען געבראָטענע טערמיטען? האט דער אל־טער טאָם געפרעגט.

— דערווייל נאך ניט, האט אָנקעל בענעדיקט געענטפערט, אבער איך האָף, אז איך וועל נאך אמאל עסען א בראטען פון טערמיטען.

אנקעל בענעדיקט האט ווייטער דערצעהלט און געלערנט, וויא דיא טערמי־טען לעבען, וויא זיי בויען זייער נעסט, וויא זיי ערציעהען זייערע קינדער, וויא זיי פיהרען קריעג מיט דיא רויטע און שווארצע אמייזען (מוראשקעס). צו ביסלעכוויים זיינען דיא מאטראָזען און דיא נעגער אנטשלאָפען געוואָרען דיא לאַנטערנע איז אויסגעגאַנגען. וויל קיינער האט ניט אָנגעצונדען אנאנדער ליכט. אין בערגעל פון

דיא טערמיטען איז געוואָרען פינסטער און אנקעל בענעדיקט האט נאך אלץ דערצעהלט און געלערנט, וויא דיא טערמיטען לעבען.

פלוצלונג האבען דיא נעגער, וועלכע זיינען געלעגען אין קעללער אנגעהויבען צו שרייען:

וואסער! וואסער! עס קומט אן וואסער!

6טעס קאפיטעל.

## דיא טויבער גלאקע.

דיא נעגער זיינען ארויסגעקראכען פון קעללער און האבען געשריען, אז דער קעללער איז שוין פול מיט וואסער און זיי קענען דארט מעהר ניט בלייבען.

אלע האבען זיך אויפגעהאפט דיקסאנד האט באלד אנגעצונדען א ליכט און זיי האבען זיך אמגעקוקט וואס עס טוהט זיך ארום זיי. דער קעללער איז געווען פול מיט וואסער.

וואס זאל עס הייסען? פון וואנען קומט דאס וואסער אין קעללער? האט דיקסאנד געפרעגט.

— וואהרשיינליך געפינט זיך ניט ווייט א טייך האט דער אלטער טאָם געענטפערט, דיעזער טייך איז אנגעשוואָלען געוואָרען פון דעם שטארקען רעגען און ער האט פערפלייצט דעם גאנצען טאהל און דיא טערמיטען בערגלעך.

— דאַן וועלען מיר דאך דערטרונקען ווערען! האט דער נעגער דשים אויסגערופען.

דיקסאנד איז געשטאנען, וויא א פערשטיינערטער און האט ניט געוואוסט וואס צו זאָגען און וואס צו טאהן.

— לאָמיר פערשטעהן, פון וואנען קומט דאס וואסער? האט אנקעל בענעדיקט געפרעגט.

דיקסאנד איז אויפגעשפרונגען און האט זיך געהאפט צו דער לאַנטערנע. ער האט בעטראכט דאס גאנצע נעסט און האט געפונען, אז דאס וואסער איז אָנגעקומען דורך דעם לאָך, וועלכען זיי האבען געמאכט פון דער אנדערער זייט פון בערגעל, אז דיא לופט זאל קענען אריינקומען.

— וויא קומט עס, וואס דאס וואסער איז אנגעקומען דורך דעם קליינעם לאך און ניט דורך דיא עפענונג, דורך דיא טהיר פון בערגעל? האט דיקסאנד געפרעגט.

אין דיעזע מינוט האט מיסיס וועלדאן אויסגערופען:

— וואסער! איך פיהל דאס וואסער קומט אן אין אונזער הייז.

לאנגזאם האט זיך געגאסען דאס וואסער און האט פערגאסען דעם גאנצען באדען פון דעם טערמיטען בערגעל. אלע זייגע געשטאנען ביז אין דיא קנעכעל אין וואסער. דיקסאנד האט גענומען אלע זאכען, בעזאנדערס אפער דאס פולווער, און האט זיי ארויפגעלעגט אין א קעמעריל העכער. דאן האט ער אויפגעהויבען דיא לאנטערנע און האט בעטראכט דעם פוס־באדען ארום: — אלעס איז געוועזען בעדעקט מיט וואסער, אלע זיינען געשטאנען אין וואסער ביז אין דיא קניע, ווייטער אבער איז דאס וואסער נים געשטיגען.

דיא נעגער זיינען געווארען אונרוהיג און האבען געוואלט אנטלויפען.

— זייט רוהיג! האט גאר פלוצלונג געזאגט אנקעל בענעדיקט, דאס וואסער וועט מעהר נים שטייגען. מיר זיינען דערווייל זיכער.

— פאר וואס זיינען מיר עס אזוי זיכער, אנקעל בענעדיקט?

— ווייל מיר געפינען זיך אין א טויכער גלאקע.

אנקעל בענעדיקט האט זיי דאן ערקלערט. ווען מיר נעהמען א גלאז, קעהרען זיא איבער מיט'ן מויל אראפ און האלטען זיא אין א שיעסעל וואסער, איז עס אונז אונמעגליך זיא אראפצודריקען צום גרונד פון דעם שיעסעל. מיר זעהן דאן דייטליך, אז נור א האלבע גלאז איז אנגעפילט מיט וואסער, דיא אנדערע האלבע גלאז איז לעדיג. פאר וואס איז עס? פאר וואס קומט דאס וואסער נים אריין אין פילט נ ט אויס דאס גאנצע גלאז? — ווייל ווען מיר האבען איבערגעקעהרט דאס גלאז, האט זיך אין איהר געפונען לופט. דיעזע לופט לאזט נים אריין דאס וואסער.

דאס איז א קינדער שפיעל, קלוגע מענשען האבען אבער בענוצט דיעזעס קינדער שפיעל פאר א גאנץ ניצליכען צוועק. זיי האבען געמאכט א גרויסען אייזערנעם קעסעל אדער א גאנץ גרויסע גלאק; אין דערטיט פון דיעזע גלאק אינוועניג האט מען געמאכט א באנק, אויף וועלכער עס קענען זיצען צווי־דריי מענשען. דיזע גלאק לאזט מען אראפ אין מעער גאנץ טיעף. דיא מענשען, וועלכען זיצען אינעווע־ניג, האבען א לאנטערנע, וועלכע בעלייכטעט דעם באדען פון מעער.

דיעזע גלאק הייסט „דיא טויכער גלאק" און ווערט בענוצט, ווען מען דארף זוכען אין מעער טהייערע זאכען, וועלכע זיינען אראפגעפאלען פון א שיף אדער ווען א שיף איז אונטערגעגאנגען און מען וויל ארויסנעהמען דאס גאלד און זילבער, וועלכע געפינען זיך אין איהר.

— אבער וואס געהער זיך דאס אן מיט אונז? האט דער אלטער טאָם געפרעגט.

— מיר געפינען זיך יעצט אין א טויבער גלאָקע, האט אָנקעל בענעדיקט געענטפערט. ארום אונז איז וואסער, אין טערמיטען בערגעל געפינט זיך אבער לופט און דיעזע לופט לאזט ניט דאס וואסער אויספילען דיא הייל, וואו מיר געפינען זיך.

אלע האבען געשוויגען. יעדער האט פערשטאנען, אז אָנקעל בענעדיקט האט רעכט, נור דיקסאנד האט זיך ניט בערוהיגט.

— איך האב געלעזען פון דער טויבער גלאָק, האט ער געזאָגט, איך געדענק, אז דיא לופט אין דער טויבער גלאָק ווערט פערדארבען און מען מוז אלע מאל צו־ברענגען פרישע לופט, זאָנסט קענען עס דיא מענשען ניט אויסהאלטען?

אָנקעל בענעדיקט האט געשוויגען. דער געלערנטער ענטאמאָלאָג האט פערגעסען אזא קלייניגקייט.

אונטערדעסען איז דיא לופט אין דער הייל געווארען געשטיקטער און געשטיקטער. דאס וואסער איז ווירקליך מעהר ניט צוגעקומען, אבער דיא לופט איז געווארען אזוי שווער און אזוי געשטיקט, אז אלע זיינען בעגאָסען געווארען מיט שוויים און האבען אָנגעהויבען שווער צו אטהעמען.

— וואס טהוט מען? האט דיקסאנד געמורמעלט, — וויא העלפט מען זיך אויס פון דיעזער נויט?

— מיר מוזען אויסהאקען א לאך אין דאך פון אונזער הייל, האט דער אלטער טאָם געזאָגט.

— אבער דאן וועט דאך דאס וואסער אָנלויפען אין אונזער הייל און מיר וועלען דערטרונקען ווערען, האט דיקסאנד געזאָגט טרויעריג.

עס זיינען וויעדער פערגאנגען אייניגע מינוט און דיא לופט אין דעם הייל איז געוואָרען שווערער און געשטיקטער.

פלוצלונג האט אָנקעל בענעדיקט אָנגעהויבען צו טאנצען אין וואסער און צו שרייען:

— אהא! יעצט וויים איך! יעצט פערשטעה איך!

— וואס וויסט איהר, אָנקעל בענעדיקט? האט מיסיס וועלדאן געפרעגט.

— יעצט וויים איך. פאר וואס דיא טערמיטען זיינען אנטלאָפען פון זייער נעסט, האט אָנקעל בענעדיקט געענטפערט, — דיא טערמיטען האבען געפיהלט, אז זייער נעסט וועט פערפלייצט ווערען, פערגאָסען ווערן מיט וואסער און זיי זיינען אנטלאָפען פריהער און האבען זאָגאר איבערגעלאָזען זייער פראָוויאנט אין קעללער

איך האב אייך געזאָגט, אז דיא טערמיטען זיינען זעהר קלוג, זיי וויסען פאָראויס, אז עס וועט קומען א געפאהר, און זיי מיידען זיא אויס, זיי אנטלויפען פון איהר. דיא טערמיטען זיינען דיא קליגסטע העקסאפאדען....

ער האט נאך ווייטער גערעדט און ערקלערט, וויא קלוג דיא טערמיטען זיי־נען, אבער קיינער האט איהם מעהר נים געהערט און מעהר נים געוואלט הערען, וויל דיא לופט איז געוואָרען אזוי שווער, אז דיא פלאם פון דעם ליכט האט אָנגע־הויבען זיך צו ווארפען און צו ברענען דונקעלער.

— עס העלפט נים, מיר מוזען האבען פרישע לופט, אדער מיר וועלען דער־שטיקט ווערן, האט דיקסאנד געזאָגט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער גענומען דעם לאָדע שטאק פון זיין ביקס און האט אָנגעהויבען צו בויערן אין דער וואנד פון זייער הייל. דאס איז אבער געווען קיין לייכטע ארבייט. דיא טערמיטען וויסען, אז עס קען אָנקומען א וואסער און זיי מאבען דיא ווענט פון זייער נעסט אזוי דיק, אז עס איז נים לייכט זיי דורכצובויערן. ענדליך איז עס אָבער דאך געלונגען. דיקסאנד האט דורכגעלעבערט דיא וואנד. מען האט געהערט א רויש, וויא מען עפענט א לופט קישען און דיא לופט געהט ארויס, דערפאר אבער האט זיך אויפגעהויבען דאס וואסער אין הייל. אלע זיינען שוין געשטאנען ביז אין דיא לענדען אין וואסער.

— דאס ציינט, אז עס איז ארויס אביסעל לופט און אויף איהר אָרט איז אנגעקומען וואסער, האט דיקסאנד געזאָגט. — וואס טהוט מען יעצט?

— דיא פראַגע איז, אויב דאס גאנצע בערגעל פון דיא טערמיטען געפינט זיך אונטערן וואסער אדער נים? האט מיסים וועלדאן געזאָגט, מען מוז פראָבירען מאכען א לאך אויבען, אין דאך פון אונזער הייל, פיעלייכט שטעקט ארויס דער שפּיץ פון בערגעל איבערן וואסער, דאן זיינען מיר גערעטעט.

— דאס איז יעצט דאס איינציגע מיטעל אונז צו רעטען, האט דיקסאנד געזאָגט.

— דאן פראָביר עס דיק, האט מיסים וועלדאן געבעטען, ערגער קען שוין נים זיין. מיר ווערן דערשטיקט.

עס איז שוין ווירקליך געווען נים צום אויסהאלטען, זאגאר אנקעל בענעדיקט האט אָנגעהויבען צו פיהלען, אז עס איז איהם שווער צו אטהעמען און ער האט פערגעסען אָן זיינע העקסאַפּדען.

— מען מוז עפענען א טהיר אדער א פענסטער אום ארייננצולאָזען דיא לופט, האט ער געזאָגט.

דיקסאנד האט ווידער גענומען דעם לאדעשטאק פון זיין ביקס, האט איהם אויפגעשטעלט פונקט אין דערמיט, אין העכסטען פונקט פון דעם טערמיטען בערגעל, און האט אנגעהויבען צו קלאפען אויף איהם מיט א האק.

— קלאפט שטארקער! האט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען, קלאפט שטארקער, ווייל דער שפיץ פון א טערמיטען בערגעל איז הארט וויא אייזען. דיא טערמיטען זיינען זעהר קלוג, זיי ווייסען, אז דיא דעק, דיא ארקע, פון א געביידע מוז זיין שטארקער, וויא דאס גאנצע געביידע, ווייל דיא ארקע האלט אויף דאס גאנצע געביידע.

דיקסאנד האט געקלאפט מיט זיין גאנצע קראפט. פון דעם דאך פון דער הייל האבען אנגעהויבען צו פאלען גרויסע שטיקער הארטעס לעהם. מיסיס וועלדאן און אנקעל בענעדיקט האבען געמוזט בעהאלטען זייערע קעפ אן א זייט, עס זאל זיי ניט פאלען א שטיק לעהם, הארט וויא א ציגעל, אין קאפ.

ענדליך נאך לאנגער און שווערער מיה איז עס דיקסאנד געלונגען דורך צו בויערן א לאך אין דאך פון טערמיטעל בערגעל. א שטראם פרישע לופט האט זיך אריינגעריסען אין דיא הייל.

— מיר זיינען געראטעט! האט דיקסאנד אויסגערופען, אויף דעם שפיץ פון בערגעל געפינט זיך קיין וואסער.

אין דער זעלבער צייט אבער האט זיך דאס וואסער אין דער הייל אויפגעהויבען אזוי הויך, אז אלע זיינען געשטאנען ביז דיא ארימס אין וואסער.

— מיר מוזען ארויפקלעטערן העכער, האט מיסיס וועלדאן געזאגט.

— מיר מוזען צוברעכען דעם שפיץ פון דעם טערמיטען בערגעל און ארויסגעהן פון דאנען, מיר קענען דא ניט בלייבען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אנגעהויבען צו האקען דעם שפיץ, דעם דאך, פון דעם טערמיטען בערגעל. מיר האבען שוין בעשריעבען, אז דיא טערמיטען בויען זייער נעסט אין דער געשטאלט פון א היטעל צוקער. דיקסאנד האט יעצט געוואלט אראפקלאפען, אראפברעכען דאס קעפעל פון דעם היטעל. דער אלטער טאם האט איהם געהאלפען אין זיין ניט לייכטער ארבייט.

נאך לאנגער און שווערער ארבייט איז עס ענדליך געלונגען אויסצוהאקען אזא גרויסען לאך, אז א מענש האט געקענט ארויסשטעקען דעם קאפ. דיקסאנד איז דער ערשטער ארויסגעקראכען און האט זיך אומגעקוקט: דיא גאנצע געגענד ארום איז געווען בעדעקט מיט וואסער, נור דיא שפיצען פון דיא טערמיטען בערגעך האבען ארויסגעשטעקט פון וואסער. אזוי וויא דאס וואסער איז אבער זעהר

שפעל אבגעלאפען, האט מען געקענט רעכענען, אז אין א פאאר שטונדען וועט מען קענען געהן אין וואלד, אויסהאקען ביימער און מאכען א ראפט, א פלאס, אויף וועלכע מען וועט קענען פאהרען צום ברעג פון מעער.

עס האט נור וואס אנגעהויבען צו טאגען און מען האט שוין געקענט זעהען דייטליך דיא גאנצע געגענד ארום.

פלוצלונג האט דיקסאנד דערהערט דעם געררויש פון א פייל, וועלכער פליהט אין דער לופט. אויפ'ן וואסער זיינען אנגעקומען שיפלעך (לאדקעס) פול מיט נע־גער, וועלכע זיינען געוועזען בעוואפענט מיט פייל און בויגען.

— העלפט מיר! שיעסט! האט דיקסאנד אויסגערופען.

דער אלטער טאם און דיא נעגער דשים און באט זיינען ארויפגעקראכען צו איהם מיט זייערע ביקסען און זיי האבען אויסגעשאסען אויף דיא שיפלעך. זייערע קוגעלן האבען געטראפען. איינינע נעגער האבען פערוואָרפען מיט דיא הענד און זיינען אריינגעפאלען אין וואסער. דיא איבעריגע האבען ארויסגעלאזען א ווילדעס געשריי. א פאאר הונדערט שיפלעך האבען ארומגערינגעלט דאס טערמיטען בערגעל פון אלע זייטען.

דיקסאנד מיט זיינע נעגער זיינען אראפגעשפרונגען פון טערמיטען בערגעל. זיי זיינען געשטאנען ביז אונטער דיא ארימס אין וואסער און האבען געשאסען, אבער וואס קענען מאכען פינף־זעקס מענשען געגען עטליכע הונדערט? אין דער צייט ווען דיקסאנד מיט זיינע נעגער האבען זיך געשלאגען געגען פיינד פון איין זייט, זיינען הונדערטער נעגער אנגעפאלען אויפ'ן טערמיטען בערגעל פון דער אנדערער זייט, האבען צוהאקט דאס בערגעל, פערוואָרפען שטריק אויף אנקעל בענעדיקט, מיסיס וועלדאן, איהר קינד און דעם אלטען טאם, האבען זיי געבונדען און אריינגעוואָרפען, וויא א בינטעל, אין זייערע שיפלעך.

דיקסאנד מיט זיינע נעגער האבען זיך נאך געוועהרט איינינע צייט, באלד אבער אין זיי אויסגעגאנגען פולווער און בליי. מען איז אויף זיי אנגעפאלען, מען האט זיי געבונדען דיא הענד און דיא פיס און מען האט זיי, וויא דיא שעפסען, אריינגעוואָרפען אין דיא שיפלעך.

וויא אויפגערעגט, וויא געררייצט דיקסאנד איז געוועזען, האט ער דאך בעמערקט אז מען שוינט זיין לעבען און דאס לעבען פון דיא נעגער: מען וויל זיי נים טויטען. מען האט געזוכט זיי צופאנגען לעבעדיגערהייט. עס איז געווען דייטליך, אז דיא ווילדע אפריקאנער ווערן קאמאנדירט פון איינעם, זיי טהוען נור, וואס מען הייסט

י. עס איז געווען דייטליך, אז זיי האבען געהאט א שטרענגען בעפעהל, אז ד
אלען קיינעם ניט טויטען, זאנדערן פאנגען לעבעדיגערהייט.

ווען דיקסאנד מיט זיינע קאמעראדען וואלטען צייט געהאט זיך בעסער ארומ־צוקוקען, וואלטען זיי געזעהן, וויא הערדים און נעגארא זיצען אויף איינעם פון דיא פיעלע שיפלעך און קאמאנדירען, אבער זיי האבען דערצו קיין צייט געהאט. מען האט זיי געבונדען, וויא דיא שעפסען, און איינציגווייס אריינגעווארפען אין א שי־פעל. קיינער האט ניט געוואוסט, וואס איז מיט'ן אנדערן געשעהן, מען האט זאגאר ניט געוואוסט, אויב אלע לעבען, אויב אלע זיינען געפאנגען.

7טעם קאפיטעל.

# אין לאגער פון דיא שקלאפען הענדלער.

דאס שיפעל, אין וועלכען דיקסאנד איז געלעגען, איז געפאהרען נור א גאנץ קורצע שטרעקע. נאך דיקסאנדס רעכנונג איז זיא געפאהרען נור איין פיערטעל שטונדע, דאן איז זיא צוגעקומען צו א ברעג און איז געבליעבען שטעהן. מען האט ארויסגענומען דיא געפאנגענע און מען האט זיי ארויפגעפיהרט אויף א בערגעל.

אין דערמיט בערגעל האט געוואקסען אן אלטער גרויסער פייגענבוים. דיעזע ביימער פוןווילדע פייגען טרעפט מען נור אין וועסט אפריקא. זיי צו וואקסען זיך א מאל אזוי גרויס און אזוי ברייט, אז א גאנצעס דארף דארפען זיך שיצען פון רע־גען און שטורם אונטער זייערע צווייגען.

דיעזע פייגענביימער זיינען איינע פון דיא וואונדער פון אפריקא. ווען מען לאזט אזא בוים רוהיג וואקסען, ווערט פון איהם א גאנצער וואלד. איינינע צווייגען לאזען זיך אראפ ביז צו דער ערד. עס געהן ארויס פון זייווארצלען, פון וועלכע עס וואקסען אויס נייע ביימער. אויף דיעזער ארט בילדען זיך גאנצע קאלאנאדען (געננג צווישען זיילען), אונטער וועלכע דיא נעגער בויען זייערע שטיבעלעך. דער בוים אליין איז דער דאך. דיא פרוכט פון דיעזען בוים איז עהנליך צו פייגען, אבער מען קען זיא ניט עסען.

נאך מיינער מיינונג האט דיעזער בוים אמאל געוואקסען אין פאלעסטינא און דאס זאל זיין דיא מיינונג פון דיא פסוקים אין ת"נך, וואו עס שטעהט: וישב ישראל איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו. דיא אידען האבען געוואוינט רוהיג׳ עדער אונטער זיין ווינשטאק און יעדער אונטער זיין פייגענבוים. ווען עס הערשט יעדע אין לאנד, קען מען אונטער אזא פייגענבוים לעבען גאנץ רוהיג, ווייל מען

האט א פרעכטיגעס הויז. מען דארף נור מאכען פיער ווענט פון צווייגען און דאס שטיבעלע איז פערטיג.

דיקסאנד האט געזעהן, אז אונטער דיא צווייגען פון דעם פייגענבוים געפינען זיך אייניגע הונדערט שווארצע שקלאפען, וויא עס האט איהם אויסגעוויזען, פרישע, ערשט געפאנגענע, און גענען הונדערט גוט בעוואפענטע אראבער אדער פארטו־געזען, וועלכע האבען זיי בעוואכט. עס איז געווען דייטליך, אז דיזע אראבער אדער פארטוגיעזען זיינען ערשט נים לאנג, פיעלייכט פאריגע נאכט אין דער צייט פון שטורם, אנגעפאלען אויף עטליכע דערפער פון פרייעדליכע, רוהיגע אפריקאנער, האבען געטויטעט אלע עלטערע מענער און פרויען און האבען מיטגענומען נור יונגע מענער, פרויען און קינדער. דיקסאנד האט געזעהן, וויא דיא פרויען און קינדער האבען נאך געוויינט, געיאמערט און געקלאגט. דיא מענער דאגעגען זיינען געווען רוהיג, אבער פינסטער, פערביסען און דראהענד. אין זייערע אויגען האט געברענט א פייער פון האס, צארן און וואוטה (רציחה).

דיא מענער שקלאפען האבען געטראגען א יאך, דאס איז א דינער בוים, וועלכער האט צווייא צווייגען, וויא א גאפעל. דיזען יאך טהוט מען אן דעם שקלאף אויפ'ן האלז.ביידע עקען פון גאפעל ווערן פערבונדען מיט א שטריק און דאס ענדע, דאס הענטעל פון גאפעל איז צוגעבונדען צו א צווייטען יאך, וועלכער ליעגט אויפ'ן האלז פון א צווייטען שקלאף אום מען זאל זיין נאך זיכערער, אז דער שקלאף וועט נים אנטלויפען, ווערט איהם ארומגעבונדען א שטריק ארום דיא לענדען, דיא עקען פון שטריק ווערן ארומגעבונדען ארום ד־א לענדען פון א צווייטען, א דריטען, א פיערטען שקלאף. עס קומט אויס דאס אלע שקלאפען זיינען פערבונדען מיט א־ין שטריק. דיא הענד און דיא פיס פון יעדען שקלאף זיינען פריי.

יעדער שקלאף טראגט א בינטעל פראוויאנט און שיעס מאטעריאל, זאגאר פרויען מוזען טראגען שווערע בינטלעך. פאראויס פאר דיא שקלאפען געהען דיא שקלאפען טרייבער מיט געלאדענע ביקסען אדער מיט פייל און בויגען. הינטער דיא שקלאפען געהען ווידער שקלאפען טרייבער מיט געלאדענע ביקסען. פוןביידע זייטען פון דיא שקלאפען געהען דיא שקלאפען הענדלער מיט לאנגע בייטשען פון רויע, נים אויסגעארבייטעטע פעל פון אן עלעפאנט אדער א נול פערד (היפאפאטהאמוס). קוים זעהן זיי, אז א שקלאף געהט לאנגזאם אדער ער וויל אראפווארפען פון זיך זיין בינטעל, שלאגען זיי איהם אונבארמהערציג מיט זייערע לאנגע און שרעקליכע בייטשען.

דיא שקלאפען געהן טייסטענס גאנץ נאקעט אדער טראגען א שטיקעל טוך,

ארום זייערע לענדער, אויף דיא פרויען טראָגען נור א האַנדטוך אדער א סאָרט קורצעס קליידעל ארום זייערע לענדען.

ווען דער ענגלישער אפיציער קאמעראָן האט בערייזט אפריקא אין 1841 און האט מיט זיינע אויגען געזעהן, וויא שרעקליך, וויא אונמענשליך, וויא אונבארמהערציג וויכד מען בעהאנדעלט דיא אונגליקליכע שקלאפען, האט ער עס בעשריבען אין ענגלישע צייטונגען. ער האט דערביי בעשריעבען גאנץ דייטליך, אז מייסטענס זיינען דיא שקלאפען הענדלער פארטוגיזען, דיא רעגיערונג פון פארטוגאל האט זיך געפיהלט בעליידיגט און האט פראָטעסטירט געגען דיא בעשולדיגונגען פון ליי־טענאנט קאמעראָן און ווען פארטוגאל וואָלט געווען אביסעל גרעסער און אביסעל שטארקער, וואלט אויסגעבראָכען א קריעג צווישען ענגלאנד און פארטוגאל, אבער פארטוגאל איז צו שוואך און ענגלאנד האָט געשיקט נאך עטליכע קריעגס שיפען, זיי זאָלען אויפזוכען דיא שיפען פון דיא שקלאפען הענדלער און זאָלען זיי פאנגען. אבער וואס העלפט עס? אין דער צייט, ווען דיא ענגלישע שיפען פלעגען ארומ־פאָהרען ארום דיא ברענעס פון אפריקא, פלעגט מען אין לאנד, אין דערמיט פון אפריקא, אנפאלען אויף דערפער, טייטען דיא עלטערע מענער און פרויען און דיא אינגערע אוועקשלעפען אלס שקלאפען און זיי פערקויפען אויף דיא גרויסע שקלאפען מערק פון דיא שטעדט טומבוקטו, קאָקי, קאָאנזא און דערנלייכען.

דער ערשטער געדאנק, וואס איז געקומען דיקסאנד אין קאָפ, איז געוועז, וואו איז ערגעץ מיסים ווערדאן, דשעק און אָנקעל בענעדיקט? ער האט זיי געזוכט מיט דיא אויגען און האט זיי אין ערגעץ ניט געפונען.

— זיא איז א שטארקע פרוי, האט ער געזאגט צו זיך אליין, זיא וועט עס איבערטראָגען, פיעלייכט וועלען דיעזע ווילדע מענשען זיא בעהאנדלען בעסער, ווייל זיי ווייסען, אז זיא איז רייך און איהר מאַן וועט בעצאהלען פאר איהר, וויא פיעל געלד מען וועט פון איהם פערלאנגען, אבער אָנקעל בענעדיקט? וואס וועט ווערען פון דיעזען אלטען, געלערנטען מענשען, אנקעל בענעדיקט איז א געלערנטער מאַן, אבער ער איז שוואכער פון א קינד. וואס קענען זיי מאכען מיט אזא אלטען מאַן?

ער איז שיער ניט אויפגעשפרונגען פאר שמערץ און פערדרוס, ווען ער האט געדענקט פון אָנקעל בענעדיקט. ער האט זיך געשעהמט צו וויינען, א שטארקער מאַן דארף ניט וויינען און טאָר ניט וויינען. ער האט ניט געוואָלט פרעגען ביי איי־נעם פון דיא שקלאפען טרייבער, וואו מיסים ווערדאן, איהר קינד און אָנקעל בע־נעדיקט געפינען זיך, ווייל קיינער וואָלט איהם ניט געענטפערט.

דער טאָם־טאָם איז אַן אפריקאנישע פויק. ער ווערט געמאַכט פון אַן אויס־

נעהויילמען בוים, דאס הייסט, א שטיק פון א בוים ווערט אויסגעהוילט און אריבער געצויגען מיט א פעל פון א ציעג.

דיא שקלאפען האבען זיך אויסגעשטעלט צו פיער אין א רייהע (שורה). נאך דיקסאנדס בערעכנונג האבען זיך געדארפט געפינען ביז זעקס הונדערט שקלאפען, מענער און פרויען, אויסער קינדער.

דיקסאנד האט מען געשטעלט אין דערמיט. איהם האט מען ניט אנגעטאהן קיין יאך, אבער מען האט איהם ארומגעבונדען א שטריק ארום דיא לענדען און דיא עקען פון דעם שטריק זיינען געווען צוגעבונדען צו אנדערע שקלאפען. יעצט האט ער געהאט דיא געלעגענהייט צו זעהן אויף א ווייטע שטרעקע און ער האט דער־זעהן, אז פיער פון דיא נעגער, וועלכע ער האט געדעטעט פון דעם שיף „וועלדעק" געפינען זיך צווישען דיא שקלאפען.

— וואו איז דער פינפטער ? האט ער געפרעגט זיך אליין, — איך גלויב ניט, אז ער איז טויט, וויל איך האב געזעהן דיימליך, אז מען האט ניט געוואלט אונז טייטען. אלזא פיעלייכט איז ער אנטלאפען ? — דאן.... פיעלייכט וועט ער קומען צו אן ענגלישען אדער אמעריקאנישען קאנסול און וועט פאדערן, מען זאל אונז בעפרייען.

דאס איז געווען א זעהר שוואכע האפנונג, אבער דאך א שטראהל פון האפ־נונג. ווען מען טרינקט זיך, האפט מען זיך אן א שטרוי אן. אלעס איז מענכיך אויף דיעזער וועלט. א הויכער, שטארקער אראבער מיט א לאנגער ביקס אויף דיא פלייצעס האט עפעס געזאגט אויף א שפראכע, וועלכע דיקסאנד האט ניט פער־שטאנען, און דער טרויעריגער צוג האט זיך געריהרט. האט אנגעהויבען צו געהען זיין לאנגען, שווערן און טרויעריגען מארש. — וואוהין ? וויא לאנג וועלען זיי אזוי געהן ? — ווער וויים עס ? ווער קען עס איהם זאגען ? ווער וועט עס איהם זאגען ?

דאס וועטער איז צוואר געווען ווארם, אבער דער הימעל איז געווען בעדעקט מיט וואלקענס. דיקסאנד האט ניט געוואוסט, אז עס האט זיך אנגעהויבען דיא „מאזיקא", דיא רעגען צייט.

אין איירֿאפא האט דאס יאהר פיער צייטען : זומער, הערבסט און ווינטער, אין אפריקא האט דאס יאהר אויך פיער צייטען : צוויי הייסע צייטען און צוויי רע־גען צייטען. דריי מאנאטע נאכאנאנד איז דער הימעל ריין, קלאר, בלוי און דיא זון ברענט, וויא פייער, דאן קומען דריי מאנאטע, אין וועלכע עס רעגענט כמעט יעדען טאג. אמאל רעגענט עס א גאנצען טאג, אמאל רעגענט עס עטליכע טעג נאכאנאנד, אמאל רעגענט נור איין שטונדע אדער א פאאר שטונדען אין טאג.

דיזע רעגען צייט הייסט אויף פיעלע אפריקאנישע שפראכען „מאזיקא“. דאן קומען ווידער דריי הייסע מאָנאטע, דאן ווידער דריי רעגען מאָנאטע אדער „מאזיקא“. — דיא „מאזיקא“ הייבט זיך אָן געוועהנליך מיט א שרעקליכען שטורם און דער שטורם, וועלכער האט פערטריעבען דיקסאנד מיט זיינע מענשען אין טערמיטען בערגעל, איז געווען דער אָנפאָנג פון דער „מאזיקא“.

דיא „מאזיקא“ איז דיא בעסטע צייט פאר דיא שקלאפען הענדלער. ערשטענס, ווייל אין דער רעגען צייט זיינען געוועהנליך אלע איינוואוינער אין זייערע דערפער און ווען מען פאלט אָן אויף א דאָרף, נעהמט מען געפאנגען אלעמען פון דאָרף. צווייטענס, איז אין דער רעגען צייט ניט אזוי שווער שווער צו געהן און צו טרייבען דיא שקלאפען אויף א מארק, ווייל עס איז ניט אזוי הייס.

דיקסאנד האט צוואר געלערנט געאָגראפיע און האט געוואוסט, וואס פאר יאהרעס צייטען עס גיבט אין אפריקא, אָבער ער איז קיין מאָל ניט געווען אין אפריקא און האט ניט פראבירט דיזע יאהרעס צייטען אויף זיך אליין. ער האט ניט געוואוסט, אז דיא „מאזיקא“ האָט זיך יעצט אָנגעהויבען. ער האט נור געהערט, וויא פיעלע פון דיא געפאנגענע שקלאפען זאָגען זעהר אָפט: „מאזיקא! מאזיקא!“

דער הימעל איז אלזאָ געווען בעדעקט מיט וואָלקענס און עס איז געווען ניט גאנץ שווער צו געהן, אבער מען האט געטריעבען דיא שקלאפען ניט דורך א וואלד, וואו זיי קענען אנטלויפען און זיך בעהאלטען אין דיאביימער, מען האט זיי געטריבען אויף פעלדער, בעוואקסען מיט הויכע גראָזען, מיט ראָהר (קאמיש, טראָסט) און מיט קליינע ביימעלעך. דיא אפריקאנער געהן באָרוויס און דיא הויט פון זייערע פים ווערט אזוי הארט, אז זיי קענען שוין געהן אין אזא געגענד. דיקסאנד האט אבער געטראָגען שעהנע שיך, אמעריקאנער שיך, וועלכע זיינען באלד צוריסען געוואָרען און דיא הארטע גראָזען האבען צוריסען דיקסאנדס פים. שוין אויפ'ן אנדערן טאָג האט ער געמוזט אװעקוואַרפען זיינע צוריסענע שיך און געהן באָרוויס.

ביי טאָג האט עס אביסעל צונערענענט. מען איז ניט געבליעבען שטעהן איבערוואַרטען דעם רעגען, זאָנדערן מען איז געגאנגען אין רעגען. ווען עס פלעגט ווערן נאכט, פלעגט מען אויסזוכען א בערגעל אדער א געדיכטען בוים און דאָרט איבערנעכטיגען. מען פלעגט קאָכען גרויסע קעסלען און געבען דיא געפאנגענע א סאָרט שווארצע זופּע מיט א סאָרט הארטע פלעצלעך אלס ברויט.

דיקסאנד האט ניט געקענט וויסען, וואס פאר א זופּע דאס איז און וואס פאר פלעצלעך דאס זיינען. ער איז געווען הונגעריג און האט געגעסען אלעס, וואס

מען האט איהם גענעבען. איבערעסען זיך האט מען ניט געקענט, ווייל מען פלעגט נעבען צו עסען נור אזוי פיעל, אז מען זאָל ניט שטארבען פון הונגער.

אזוי זיינען פערגאנגען צעהן טאָג. נאך דיקסאנד רעכנונג האט עס גערארפט זיין דער צעהנטער מאי 1873, אבער פאר ליידען, פאר שמערצען, פאר פערדרוס און צאָרן האט ער פערגעסען זאגאר דיא צייט רעכנונג. ווען מען געפינט זיך אין א ווילדעס לאנד, צווישען ווילדע מענשען ווערט מען אליין פערווילדערט און פער־גרעבט.

דיקסאנד האט יעצט געהאט דיא געלעגענהייט צו ערפאהרען, וויא ווילד, וויא אונמענשליך, וויא בארבאריש דער שקלאפען האנדעל ווערט געפיהרט. אזוי וויא עס איז דאמאלס געווען דיא רעגען צייט, פלעגט זיך אָפט מאכען, אז מען האט געמוזט דורכגעהן א געגענד פון עטליכע מייל, בעדעקט מיט וואסער. מען איז געגאנגען ביז אין גארטעל אין וואסער, און וועלכען עס האבען זיך געפונען ווערים און בלוטעגעל (פיאווקעס) זעהר אָפט פלעגען דיא בלוטעגעל זיך אָנקוועלען אן דיא נאקעטע פיס און זויגען דאס בלוט פון דעם אונגליקליכען שקלאף. אזוי וויא ער האט געמוזט טראָגען א בינטעל אין דיא הענד, פלעגט ער זאגאר ניט קענען אָפרייסען פון זיך דיא בלוטעגעל.

פלעגט א שקלאף קראנק ווערן און פלעגט ניט קענען ווייטער געהן, פלעגט מען איהם שלאָגען, פלעגט ער אבער זיין אזוי קראנק, אז דאס שלאָגען האט ניט געהאָלפען: ער האט דאך ניט געקענט ווייטער געהן, פלעגט מען איהם לאָזען לי־גען, ער זאל דאָרט שטארבען, אָדער ווילדע טהיערע זאָלען איהם צורייסען.

עס האט זיך אמאל געמאכט, אז מען האט ניט געקענט געפינען א פאסענ־דען פלאץ פאר א נאכטלעגער, דאן איז מען געגאנגען א גאנצע נאכט. דאן בלייבען פיעלע שקלאפען ליעגען, זיי קענען ווייטער ניט געהן. מען שלאָגט זיי, מען רייסט פון זיי שטיקער, אומזיסט! זיי קענען ווייטער ניט געהן. מען מוז זיי איבערלאזען, וואס וועט ווערן פון זיי? — זיי זיינען פערלאָרען.

אזוי זיינען ווידער פערגאנגען צעהן טעג. דיקסאנד איז געווען פערצווייפעלט. וואָלט מען שוין וועניגסטענס געקומען ערגעץ אין א שטאָדט? וואלט מען וועניג־סטענס געבליעבען שטעהן עטליכע טעג, מען זאל זיך קענען אויסרוהען? — אבער ניין! מען האלט אלץ אין איין געהן און געהן....

אין איין פינסטערע נאכט האט דיקסאנד ניט געקענט שלאפען. ער איז גע־זעסען צוגעבונדען צו א בוים און האט געטראכט פון זיינע ליעבע פריינד, פון מיסיס וועלדאן, פון דעם קליינעם דשעק און פון אָנקעל בענעדיקט.

— וואו זיינען זיי יעצט ? וואו געפינען זיי זיך ? איז עס מעגליך זיי צו רעטען ! וואו זיינען דיא טייפעל נעגארא און הערריס ? פאר וואס זעה איך זיי נים ?

פלוצלונג האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז עפעס א טהיער קריכט צו איהם. דיא נאכט איז נעווען אזוי פינסטער, אז עס איז שווער געווען צו זעהן, וואס פאר א טהיער דאס איז. אנפאנגס האט ער געוואלט פערטרייבען דאס טהיער מיט דיא הענד, אדער שרייען, אז דיא וועכטער זאלען צוקומען און טייטען דאס טהיער, באלד אבער האט ער זיך איבערלייגט, אז עס איז פאר איהם פיעל בעסער צוריסען צו ווערן פון א ווילדעס טהיער, אלס צו פיהרען אזא טרויעריגעס לעבען. דאס לעבען האט שוין פאר איהם קיין ווערטה געהאט און ער איז געווען בערייט צו שטארבען.

אזוי וויא ער האט אזוי געטראכט און זיך איבערלעגט, איז דאס טהיער ארויפגעשפרונגען אויף איהם און האט אנגעהויבען צו לעקען זיין געזיכט און זיינע הענד. וויא פינסטער עס איז געווען אין דרויסען, האט ער דאך באלד דערקענט, אז דאס איז א הונד און א בעקאנטער הונד.

— דינגא ! האט דיקסאנד אויסגערופען. דאס איז דינגא ! ווא קומסט דוא אהער ?

ער האט ארומגענומען דעם הונד און האט אנגעהויבען איהם צו קושען פאר פרייד. יעצט האט ער שוין געוואוסט, אז דאס איז דינגא, ווייל ער האט געפונען אויף זיין האלז דעם באנד און האט אנגעטאפט מיט דיא הענד דיא אויסגעקריצטע צוויי בוכשטאבען S. V.

אזוי וויא ער האט געגלעט דעם הונד און האט בעטאפט זיין האלזבאנד, האט ער געפונען, אז פון אונטערן האלזבאנד שטעקט עפעס ארויס. ער האט עס ארויסגענומען. עס איז געווען א בלאט פון א פאלם בוים, אין וועלכען עס איז געווען איינגעוויקעלט א שטיקעלע פאפיער.

— א בריעף ! האט ער אויסגערופען. דינגא האט מיר געבראכט א בריעף ! אבער פון וועמען ? ווער האט איהם געשיקט ?

ער וואלט אוועקגעגעבען צעהן יאהר פון זיין לעבען פאר א שטיקעל ליכט, פאר אביסעל פייער, וועלכעס זאל איהם געבען דיא מעגליכקייט איבער צו לעזען דעם בריעף. וואס העלפט עס אבער ? אין דרויסען איז געווען פינסטער און ער האט געמוזט ווארטען, ביז עס וועט טאג ווערן אום צו לעזען דעם בריעף.

דינגא איז באלד פערשוואונדען געווארען. אזוי וויא דיקסאנד האט נים גע־

וואוסט, פון וואנען ער איז געקומען, אזוי האט ער ניט געוואוסט, וואו ער איז אהינגעקומען.

וויא הייסע קוילען האט געברענט דאס שטיקעל פאפיער אין דיקסאנדס האנד. ער האט עס געדרעהט אין אלע זייטען, ער האט אויפגעריסען זיינע אויגען און האט געקוקט דארויף. ער האט גאר ניט געקענט זעהן. ער איז שוין ניט גע־שלאפען א גאנצע נאכט און האט קוים דערלעבט דעם טאג, ער זאל קענען איבער־לעזען דעם בריעף.

ענדליך האט אנגעהויבען צו טאגען. עס איז געווארען אזוי ליכטיג, אז דיק־סאנד האט געקענט זעהן, אז אויף דעם פאפיער איז געווען אנגעשריעבען מיט א בליישטיפט פאלגענדע צייל[ע]ן.

מיסיס וועלדאן און דער קליינער דשעק געפינען זיך צוויי טאג רייזע פאראויס פאר דיא קאראוואנע מיט שקלאפען. מען טראגט זיי אויף א קיטאנדא. הער־רים און נעגארא בעגלייטען זיא. אנקעל בענעדיקט געהט צופוס נעבען מיסיס וועלדאן. איך האב זיא געזעהן, האב אבער מיט איהר ניט געקענט רעדען. איך האב געפונען דינגא אין וואלד. ער איז געווען פערוואונדעט, אבער זיין וואונד האט זיך אויסגעהיילט. — פערצווייפעלט ניט, חערר קאפיטאן. איך האב נאך האפנונג. איך וועל ניט דערלאזען, מען זאל אייך פערקויפען פאר א שקלאף.

דשאן.

— דשאן! האט אויסגערופען דיקסאנד, דשאן הייסט דער פינפטער נעגער, וועלכען איך האב גערעטעט פון דער „וואלדעק" איך האב איהם ניט געזעהן צווי־שען דיא שקלאפען. אלזא איז ער אנטלאפען געווארען, ווען מען האט אונז גע־פאנגען.

ער איז אויפגעשפרונגען און האט געוואלט טאנצען פאר פרייד. — אלזא לעבט נאך מיסיס וועלדאן, איהר קינד און אנקעל בענעדיקט! עס איז וואהר, אז זיי געפינען זיך אין דיא הענד פון אזעלכע געפעהרליכע מענשען, וויא נעגארא און הערריס, אבער זא לאנג דער מענש לעבט, איז נאך דא האפנונג.

— מען לאזט ניט איהר מיט'ן קינד געהן צו פוס, מען טראגט זיי אין א קיטאנדא, האט דיקסאנד געזאגט צו זיך אליין. דאס אליין בעווייזט, אז מען וויל איהר ניט טהאן קיין שלעכטעס.

ער האט שוין געוואוסט, וואס א קיטאנדא איז. א קיטאנדא הייסט אויף דער שפראכע פון יענע פעלקער א טראגבאהרע (נאסילקי), וועלכע ווערט געמאכט

פון צווי׳ שטאנגען. אויף דיעזע צוויי שטאנגען לעגט מען אן צווייגען און בלעטער פון ביימער און מען זעצט זיך אויף זיי. פיער מענשען טראָגען דיא קיטאנדא.

באלד אבער האט מען אנגעהויבען צו פויקען אויפ׳ן טאם־טאם, א צייכען, אז מען דארף ווייטער געהן. דיקסאנד האט בעהאלטען דעם בריעף אין זיינע קליידער און איז ווייטער געגאנגען מיט דיא איבעריגע שקלאפען. ער האט יעצט געהאט פרישען מוטה און א נייע קראפט צו געהן. ער איז גאָר לעבעדיג געווארען. יעצט האט ער געוואָלט לעבען אום צו בעפרייען אלעמען און זיך נוקם צו זיין אָן נעגאָרא און הערריס. — דאס קליינע, שמוציגע שטיקעל פאפיער, וועלכעס ער האט געטראָגען אויף זיין הערצען, האט איהם געגעבען מוטה און קראפט צו לעבען און צו האפען.

## 8טעם קאפיטעל.

## אין קאזונדא.

צום ערשטען מאל האט דיקסאנד געהערט דאס וואָרט קאזונדא אין לאנער. ער האט ניט געוואוסט, וואס דיעזעס וואָרט בעדייטעט. דיא שקלאפען טרייבער האבען עס געזאָגט עטליכע מאל און פיעלע שקלאפען האבען עס וויעדערהאָלט. דיקסאנד האט ענדליך פערשטאנען, אז קאזונדא איז א שטאדט אָדער א דאָרף, וואו עס געפינט זיך א גרויסער שקלאפען מארק.

— מען טרייבט אונז אלזאָ אין דיעזע שטאדט און דארט וועט מען פערקויפען דיעזע אונגליקליכע.

דיא רייזע איז געוואָרען מיט יעדען טאָג שווערער. דיא אונגליקליכע שקלאפען זיינען שוין געוועזען אזוי מיעד, אז זיי האבען זיך קוים, קוים געהאלטען אויף דיא פיס.

דיקסאנד האט צום ערשטען מאָל געזעהן מיט שמערץ און שרעק, וויא פיעלע יונגע און שטארקע שקלאפען בלייבען נאָר פלוצלונג שטעהן, גיבען זיך א חאפ ביים הערצען און פאלען אניעדער טויט.

דוד ליווינגסטאן האט עס אויך געזעהן און אזוי וויא ער האט געלערנט מעדיצין, האט ער געבעטען, מען זאָל איהם ערלויבען אויפשניידען דעם טויטען קערפער פון אזא אונגליקליכען. ער האט געפונען, אז עס האט ביי איהם געפלאצט דאס הערץ.

זייט דיא שקלאפען זיינען געוואָהר געווארען, אז מען פיהרט זיי נאך קאזונדא,

זיינען פיעלע פון זיי געשטאָרבען פון דיעזער קראַנקהייט. עס איז געווען דייטליך, אז פיעלע האבען געוואוסט, וויא שרעקליך מען בעהאנדעלט דאָרט דיא אונגליקליכע שקלאַפען.

אונטערדעססען איז צוגעקומען א נייע פּלאָגע. עס איז אויסגעגאַנגען לעבענס מיטעל. דיא שקלאַפען טרייבער און דיא שקלאפען הענדלער האבען נאָך געהאט וואס צו עסען, דיא שקלאפען אבער האבען אָנגעהויבען ליידען הונגער. זיי פלעגען געהן א גאנצען טאָג און אבענדס, ווען מען פלעגט שוין קומען אויף א נאַכטלעגער, פלעגט מען זיי געבען א ביסעל זופּ, אין וועלכער עס האבען זיך געפונען קוים דריי־פיער קערנער רייז. דערמיט האט דער אונגליקליכער געדאַרפט לעבען פיער און צוואנציג שטונדען.

דיא געגענד איז געווארען בערגיג און מען האט געמוזט געהן אויף שטיינער, און וועלכע מען פלעגט זיך צושלאָגען דיא פיס. דיקסאנד האט שרעקליך געליטען פון דיעזע שטיינער. זיינע פיס זיינען געשוואָלען געווארען און ער האט זיך קוים גע־קענט ריהרען.

יעדע נאכט פלעגט ער ווארטען אויף דינגאָ, אבער דינגאָ איז מעהר ניט גע־קומען צו איהם.

— וואס איז געווארען פון דשאן? פלעגט ער פרעגען זיך אליין, — איז עס איהם געלונגען צו קומען אין אן אָרט, וואו עס געפינט זיך אן ענגלישער אדער אמעריקאנער קאנסול? וויים ער, אז מען פיהרט אונז נאָך קאַזונדאַ? — וואס איז קאַזונדאַ? צו וועמען געהערט קאַזונדאַ? געפינען זיך אין קאַזונדאַ ציוויליזירטע מענשען?

אויף אלע דיעזע פראגען האט איהם קיינער ניט געענטפערט, קיינער ניט געוואלט ענטפערן.

ענדליך איז מען אָנגעקומען קיין קאַזונדאַ. דיקסאנד האט דערזעהן פאר זיך עטליכע הייזער, געדעקט מיט בלעטער פון ביימער אדער מיט ראהר (קאַמיש). ארום דער שטאדט האט זיך געפונען א הויכער פּארקען פון גראָבע קלעצער. מען האט אריינגעטריעבען דיא שקלאַפען דורך א גרויסען טויער.

טויזענדער שווארצע, מענער, פרויען און קינדער, זיינען ארויסגעלאָפען פון זייערע הייזער זעהן, וואס פאר וואארע מען האט אָנגעבראכט. אלע האבען גערעדט, געשריען, געלאכט און זאגאר געטאנצט.

ווען זיי האבען דערזעהן דיקסאנד, א ווייסען מענשען, האבען אלע אויף איהם

געוויעזען מיט דיא פינגער. זיי האבען נאך קיין מאל ניט געזעהן א ווייסען מענשען צוזאמען מיט דיא שקלאפען.

אויף א גרויסען פלאץ אין דערמיטען שטאדט האט מען אויסגעשטעלט דיא שקלאפען און מען האט זיי איבערגעצעהלט. פון אכט הונדערט מענער פרויען און קינדער, זיינען געבליעבען נור צוויא הונדערט און פופציג, דיא איבעריגע זיינען געפאלען אויפ'ן וועג. דאן האט מען אנגעהויבען זיי צו סארטירען: עלטערע מענער בעזונדער, אינגערע מענער בעזונדער, עלטערע פרויען בעזונדער, אינגערע פרויען בעזונדער.

ווען מען האט זיי אויס סארטירט, האט מען זיי אריינגעטריעבען אין אפענע שטאלען, וויא בהמות. דער שטאל איז געווען אייגענטליך א גרויסער פלאץ, ארומגערינגעלט מיט א הויכען פארקען פון גראבע קלעצער. מען האט אריינגעפיהרט צו 30, צו 50 אין א שטאל און מען האט פערמאכט דיא שווערע טהירען. אין דיעזע שטאלען האבען זיך אבער שוין געפונען אנדערע שקלאפען, וועלכע מען האט פריהער אנגעבראכט.

אויף דיקסאנד האט מען אריינגעטריעבען אין א שטאל מיט נאך צוואנציג שקלאפען. אלע זיינען געווען אזוי מיעד, אז זיי זיינען אניעדערגעפאלען אויף דער ערד, וויא דיא געהרגעטע. דיקסאנד האט זיך אויך אניעדערגעזעצט אויף דער ערד און האט זיך פערטראכט.

אין דער גאנצער צייט וואס ער איז געשטאנען אויפ'ן מארק אדער אויפ'ן פלאץ אין דערמיטען שטאדט, האט ער אלץ געזוכט מיט דיא אויגען געגאר'אץ, הערים'ן אדער א ווייסען מענשען, וועלכער זאל איהם קענען זאגען, וואו מיסיס ווערדאן מיט איהר קינד געפינען זיך. ער האט אבער קיינעם ניט געזעהן.

— וואו זיינען זיי? האט ער געפרעגט זיך אליין, איז מיסיס ווערדאן ניטא אין קאזונדא? — אלזא וואו איז זיא דען? — וואו איז אנקעל בענעדיקט? וויא האבען זיי איבערגעטראגען דיא לאנגע רייזע אין דער רעגען צייט? — נאך מיין רעכנונג האט אונזער רייזע געדויערט אכט און דרייסיג טעג. — אכט און דרייסיג טעג אין ווילדען אפריקא!

אזוי וויא ער איז אזוי געזעסען פערטראכט און האט זיך געבראכען דעם קאפ צו וויסען, וואס זיינע פריינדע מאכען, האט ער דערהערט א לארם, א געשריי, א געוואלד, א שיסעריי, א פויקען אויפ'ן טאם־טאם, א בלאזען מיט א הארן פון אנטילאפען (א סארט שופר).

— אלוועז! דאן אלוועז! דאם אלוועז! האט מען נעשריען פון אלע זייטען און מיט אלערליי שטימען.

— וואס איז דאס? ווער איז אלוועז? האט דיקסאנד געפרעגט זיך אליין.

ער האט אבער קיין צייט געהאט זיך צו איבערלעגען און צו זוכען אן אנט־ווארט אויף זיינע פראגען. עס זיינען אריינגעלאפען אין זיין שטאל שקלאפען טריי־בער און האבען איהם, וויא דיא איבעריגע, ערשט אנגעקומענע שקלאפען, ארויס־געטריעבען אויפ'ן מארק.

מען האט אויסגעשטעלט אלע שקלאפען, וועלכע זיינען היינט אנגעקומען, אין א האלב קרייז. דיקסאנד האט ווידער געהאט דיא געלעגענהייט צו זוכען מיט דיא אויגען מיסיס וועלדאן, איהר קינד און אנקעל בענעדיקט. ער האט אויך גע־זוכט נעגארא און הערקולעס. דיא צוויי מענשען רויבער, וועלכע האבען פערראטהען און פערפיהרט איהם מיט אלע זיינע מענשען. צו זיין גרעסטען בעדויערן, האט ער ניט געקענט געפינען ניט מיסיס וועלדאן, ניט דיא רויבער נעגארא און הערקולעס.

פון אויבען פון דער גאס איז אנגעקומען א קיטאנדא, בעדעקט מיט אן אל־טען, אפגעשאסענעם, צוריסענעם טעפיך (קארפעט, קאוויאר), אויף דיעזער קי־טאנדא איז געזעסען אן אלטער, אויסגעדארטער, איינגעשרומפענער, אפגעלעבטער מאן, קיין נענער, אבער פון א גאנץ דונקעלער הויט פארב, מיט גרויע האאר און מיט א פאאר פייערדיגע, שטעכענדע גרויע אויגען, וועלכע האבען געברענט, וויא דיא אויגען פון א הונגעריגען וואלף.

— אלוועז! דאן אלוועז! דאם אלוועז! האט מען געשריען פון אלע זייטען.

דיקסאנד האט געוואוסט, אז דאס ווארט דאן איז א טיטול ביי דיא שפא־ניער, דאס ווארט דאם איז דערזעלבער טיטול ביי דיא פארטוגעזען. דיא בעדייטונג פון דיעזעס ווארט איז הערר, וויא דאס ווארט סער אויף ענגליש, דאס ווארט גאָ־סודאר אויף רוסיש, דאס ווארט סיניאר אויף איטאליעניש און דאס ווארט מאָנ־סעניער אויף פראנצייזיש. דיעזער טיטול ווערט אבער געגעבען נור צו גרויסע מע־נער, צו עלטסטע, צו פארשטעהער פון א שטאדט, פון א קירכע, אדער צו מענער, וועלכע האבען א הויכען ראנג (טשין) אין דער רעגיערונג פון א לאנד. ווען מען שרייט אלזא דאן אלוועז! אדער דאם אלוועז! מוז עס זיין א גרויסער מאן; — אבער ווער קען דען זיין דיעזער האלבער נעגער?

באלד איז ער געוואהר געווארען, ווער דיעזער דאן אלוועז איז. ער איז געוועזען דער גרעסטער שקלאפען הענדלער פון וועסט אפריקא. ער פלעגט עס ארויסשיקען בעוואפענטע רויבער באנדען, זיי זאלען איהם ברענגען שקלאפען. אלע שקלאפען

אין שטאָדט האבען נעהערט צו איהם. יעצט איז ער נעקומען זעהן דיא מענשען וואָרע, וועלכע זיינע אגענטען האבען היינט געבראכט.

דיקסאנד האט נעזעהן, וויא מען האט פארביינעטריעבען פאר דאַן אלוועז אלע שקלאפען, מיט וועלכע ער איז אָנגיצקומען קיין קאזונדא. ווען מען האט גע־בראכט פאר איהם דיא פיער נעגער, וועלכע דיקסאנד האט גערעטעט פון דעם „ויאלדעק", האט דשים, דער עלטערער פון זיי, זיך געשטעלט פאר איהם און האט געזאגט אויף ענגליש:

— מיר זיינען קיינע שקלאפען! מיר זיינען פרייע אמעריקאנער בירגער!

אלוועז האט נעוואוסט, ווער דיעזע נעגער זיינען. נעגאַרען האט איהם פריי־הער דערצעהלט וויא ער האט פערנארט א שיף מיט אמעריקאנער.

— מיר זיינען פרייע אמעריקאנער בירגער! האט דשים ווידערהאָלט.

— אָלל רייט! האט אלוועז געענטפערט.

דאס זיינען געווען דיא איינציגע צוויי ווערטער ענגליש, וועלכע אלוועז האט געקענט.

דיא פיער אמעריקאנער נעגער האבען נאך אמאל פראָטעסטירט. אלוועז אבער האט געשמייכעלט און האט ווידער געזאָגט: אלל רייט!

דיקסאנד האט דאס אלעס געזעהן, אלעס געהערט און זיין בלוט האט אָנ־געהויבען צו קאָכען אין איהם. ער האט ניט געקענט איינשטעהן אין דער רייהע. ער איז צוגעלאָפען צו אלוועז און האט מיטגעשלעפט דיא אנדערע פיער נעגער, צו וועלכע ער איז נעווען צוגעבונדען.

— דאַן אלוועז! איך בין א פרייער אמעריקאנער! האט ער אויסגערופען, אויך דיעזע פיער נעגער זיינען פרייע אמעריקאנער בירגער. איהר קענט אונז ניט האלטען אלס שקלאפען. אונזער רעגיערונג וועט זיך אָננעהמען פאר אונז.

דאַן אלוועז האט געשמייכעלט. ער האט ניט פערשטאַנען, וואס דיקסאנד רעדט צו איהם. ער האט זיך אויך ניט שטארק געקימערט, וואס דיקסאנד איז בייז. אין ווילדען אפריקא האט מען זעהר וועניג מורא פאר אמעריקא אדער פאר ענגלאנד.

דיקסאנד האט זיך דאַן געווענדעט צו זיינע נעגער און האט זיי געזאָגט, אז ער האט האָפנונג, זיי זאָלען בעפרייט ווערן, אז איינער פון זיי געהט בעטען הילף ביי אן ענגלישען אדער אמעריקאנישען קאנסול.

אזוי וויא ער האט אזוי גערעדט צו זיינע נעגער, האט ער געפיהלט, וויא א

שווערע האנד האט זיך ארויפגעלעגט אויף זיין פלייצע. ער האט זיך אומגעקוקט,— הינטער איהם איז געשטאנען הערריס.

— אה! וואס מאכט איהר, מיין יונגער פריינד? האט הערריס אויסגערופען פריינדליך, — עס פרעהט מ'ך זעהר אייך ווידער צו זעהן.

— וואו איז מיסיס וועלדאן? האט דיקסאנד געפרעגט האסטיג, אונרוהיג, אויסער זיך פאר צארן און פערצווייפלונג.

— אך! דיא ארימע פרוי! האט הערריס געזיפצט, — זיא האט עס ניט גע־קענט אויסהאלטען. זיא האט עס ניט געקענט איבער לעבען. זיא האט דאך אזוי ליעב געהאט איהר קינד....

— דאן איז מיסיס וועלדאן טויט! האט דיקסאנד געשריען ניט מיט זיין קול. — און דער קליינער דשעק? וואס מאכט ער? וואו איז ער?

— אך! דאס ארימע קינד! האט הערריס געזיפצט.

וויא א ווילדעס טהיער איז דיקסאנד ארויפגעשפרונגען אויף הערריס, האט ארויסגעכאפט א פיסטאלעט פון הערריסעס גארטעל און, איידער מען האט זיך אומגעקוקט, האט דיקסאנד אויסגעשאסען.

הערריס איז אניעדערגעפאלען טויט. דיא קוגעל האט איהם געטראפען אין הערצען.

עטליכע שקלאפען טרייבער האבען זיך ארויפגעווארפען אויף דיקסאנד און אין איינינע מינוט איז ער געלעגען געבונדען ביי דיא הענד און דיא פיס, וויא א שעפס. אלוועז האט געהייסען, מען זאל איהם טייטען, אין דיעזע מינוט אבער איז נעגארא צוגעקומען צו איהם און האט איהם געזאגט עטליכע ווערטער אויף פאר־טוגיעזיש און אלוועז האט געגעבען א ווינק צו זיינע מענשען, זיי זאלען איהם לאזען לעבען.

צום ערשטען מאל זייט זיי האבען זיך געפונען אין אפריקא, האט דיקסאנד ווידער געזעהן נעגארא'ן און ער האט שיער ניט געוויינט פאר שמערץ און פער־דרוס, וואס ער קען ניט ארייגשיעסען א קוגעל אין נעגאראס הערצען, וויא ער האט עס געטהאן מיט הערריס'ן, אבער וואס האט ער געקענט מאכען, ווען ער איז גע־לעגען געבונדען.

נעגארא האט עפעס געזאגט צו זיינע מענשען און זיי האבען גענומען דיק־סאנד און האבען איהם אריינגעטראגען אין אן ענגען, פינסטערן שטאל, דארט הא־בען זיי איהם אניעדערגעלעגט אויף דער ערד, האבען פערמאכט דיא טהיר, זיא פערריגעלט פון דרויסען און זיינען זיך אוועקגעגאנגען.

דיקסאנד איז געבליעבען אליין. ער האט געוואוסט, אז אלוועז און נעגארא וועלען איהם נים פערשווייגען דעם טויט פון הערוים, אבער ער האט יעצט גע־וואלט שטארבען. וואס טויג איהם דאס לעבען? וואס פאר א ווערטה האט פאר איהם דאס לעבען, ווען אלע זיינע גוטע פריינד זיינען טויט אדער פערקויפט אלס שקלאפען אין ווילדען אפריקא?

פטעס קאפיטעל.

## דער קעניג פון קאזונדא.

קאזונדא האט געהערט צו א ווילדען אפריקאנישען קעניג. דיא שטאדט איז געווען איינגעטהיילט אין צוויי העלפט, אין צוויי גרויסע שטעדט. צווישען ביידע שטעדט איז געפלאסען א טייך. פון דער זייט טייך האבען געוואוינט אלוועז, נע־גארא און נאך עטליכע אראבישע שקלאפען הענדלער. זיי פלעגען שענקען דעם קע־ניג שקלאפען, שעהנע קליידער פון אייראפא און שנאפס, דערפאר האט זיי דער קעניג ערלויבט צו האנדלען מיט שקלאפען אין זיין שטאדט.

אין ווילדען אפריקא איז דאס קיין נייעס. יעדער אייראפעער, וועלכער ווייס, וויא אזוי זיך צו צושמייכלען צו א ווילדען אפריקאנישען קעניג און איהם צו פער־שיכורן מיט אייראפעאישע געטרענק, קען מאכען מיט איהם, וואס ער וויל. וויא ווייט דיעזע קעניגע פון אפריקא זיינען נאך בארבאריש ווילד, בעווייזט אונז פאל־גענדער פאקט.

אין 1880 איז אנגעקומען א געזאנדשאפט פון ענגלאנד צום קעניג פון לאנד־בעגין. אין דיעזען לאנד האט נאך געבליהט דער שקלאפען האנדעל ביז 1885. ענגלאנד האט געשיקט אן אפיציער מיט סאלדאטען, ער זאל אונטערהאנדלען מיט'ן קעניג און זאל איהם ערקלערן, אז דיא אייראפעאישע מעכטע האבען פערבאטען דעם שקלאפען האנדעל.

דער ענגלישער אפיציער איז געקומען צו קעניג פון בעגין און האט איהם דערצעהלט, אז דיא קעניגין וויקטאריא איז א גרויסע הערשערין, זיא האט פיעלע טויזענדער סאלדאטען מיט קאנאנען און זיא בעט איהם, אז ער זאל פערביעטען דעם שקלאפען האנדעל אין זיין לאנד. ווען דער קעניג האט אלעס אויסגעהערט, האט ער געענטפערט, אז ער איז אויך א גרויסער קעניג און ער קען נור דאן צו זאגען צו פערביעטען דעם שקלאפען האנדעל אין זיין לאנד, ווען קעניגין וויקטאריא וועט איהם חתונה האבען און ער וועט ווערן הערשער פון ענגלאנד. זעלבסטפער־

שטענדליך. אז קעניגין וויקטאריא האט נים געוואָלט הייראטהען זיינע שוואַרצע מאַיעסטעט און האט צוגענומען זיין לאַנד.

פאר מענער אבער, וויא אלוועז און נענאַראָ, איז עס פיעל בעסער, אז אזא ווילדער קעניג זאל הערשען און קיינער זאל איהם נים שטערן. אונטער דעם שוץ פון אזא קעניג קענען זיי בעגעהן דיא גרעסטע פערברעכען און ווען עס קוטט אמאל אן איראָפּעאישער רייזענדער און זעהט, וויא שרעקליך מען פיהרט דעם שקלאַפּען האנדעל, קען ער אויך גאָר נים טהאן, ווייל דיעזעלבע איראפּעער, וויא אלוועז, נענאַראָ און הערריס, ערקלערן איהם, אז זיי בעשיצען גאָר דיא שקלאַפּען און אלע מערדער פון אונמענשליכקייטען.

איינינע טעג נאָך דעם, וואס האט פּאסירט מיט ד׳קסאנד און זיינע קאמע־ראדען, האט מען אין דיא גאסען פון קאזונדא געפּויקט, געבלאָזען מיט הערנער און אויסגערופען, אז מאָרגען הייבט זיך אָן דער גרויסער מארק טאָג, דער יריד, וועל־בער ווערט געהאלטען אין קאזונדא נור פיער מאל אין יאהר.

אויף דיעזע ירידין אדער מערק טעג קומען זיך צונויף קויפלייטע פון דיא ווילדעסטע געגענדען אין אפריקא. מען ברענגט אן אויף אזא מארק שקלאַפּען, עלפענביין, נאלדשטויב, גלאזפערל, גלאז קאָראלען, בוימוואל שטאָפען, לייכטע קאלירטע האנדטיכער און קאפּטיכער (פאטשיי׳עס) פאר דיא פרויען, אמונוואא־רען, וויא מעסער, העק, זעגען און אנדערע אינסטרומענטען און פיעלע אנדערע וואארען, וועלכע געהן נור אין יענע געגענדען. מעהר פון אלע וואארען ווערן פער־קויפט שקלאַפען און עלפענביין. דיעזער ארטיקעל געהט נאך איראפּא, וואו מען מאכט פון איהם פערשיעדענע זאכען

א בעזאָנדערס וויכטינער ארטיקעל ווערט געבראכט פון איראפּא און דאס איז מעסינגדראָטה, מעשינע דראָטהען. פון דיעזע דראָטהען ווערן געמאכט ארמ־בענדער, א סאָרט בראָסלעטען, און פוס בענדער. יעדער נענער און יעדע נענערין מוז טראָגען אויף דיא הענד און דיא פיס גרזיסע רונגען פון מעסינג דראָטה. דיא אפריקאָנער קינסטלער קויפען נור דאס דראטה און מאכען שוין אליין דיא ריננען, דאס הייסט, זיי פּאסען צו דיא רינגען צו דיא הענד און דיא פיס פון דיא קויפער.

אזא יריד אדער גרויסען מארק האט מען יעצט אויסגערופען אין קאזונדא, דיא הויפּט שטאדט פון קעניג מאנוא לוננא I דיא קויפלייטע און פאבריקאנטען פון ווייטע געגענדען קומען מיט איינינע טעג און זאגאר מיט איינינע וואכען פריהער.

זיי וויסען, אז אונגעפעהר. אן ערך, אין דיעזער און דיעזער צייט וועט שטאטפינדען א גרויסער מארק אין קאזונדא, אין ביהע אדער אן אנאנדער גרויסער שטאדט און זיי קומען צופאהרען מיט עטליכע טעג פריהער אום צו קריעגען א גר־טען פלאץ פאר זייערע געצעלטען.

אין דעם טאג פון דעם גרויסען מארק. יריד, זיינען אלע איינוואוינער פון קאזונדא אויפגעשטאנען גאנץ פריה, האבען זיך אויסגעפוצט, וויא שעהן זיי האבען געקענט, און זיינען ארויסגעגאנגען אויף דער גאס, אויפ'ן גרויסען פלאץ, וואו דער הויפט מארק האט זיך געפונען. מען האט באלד אנגעהויבען צו האנדלען, צו שא־בערן, צו קויפען און צו פערקויפען. דיא אייראפעאישע קויפלייטע האבען געקויפט נור עלפען ביין, גאלד שטויב און אנדערע ארטיקלען וועלכע האבען א ווערטה אין אייראפא. דיא רייכע אפריקאנער קויפלייטע האבען געקויפט שקלאפען. דיא ארי־מערע איינוואוינער פון קאזונדא האבען געהאנדעלט קלייניגקייטען: אייזען וואארע און ביליגע בוימוואל שטאפען, וועלכע קומען מייסטענס פון ענגלאנד.

נאך מיטאג איז געווארען א גרויסער אויפרוהר אויפ'ן מארק. מען האט אנ־געהויבען צו רעדען און צו שרייען: „דער קעניג קומט!" „דער קעניג וויל זעהען דעם מארק" — אלע זיינען געווארען אויפמערקזאם, אלע זיינען געבליעבען שטיל. פיעלע זיינען זאגאר אוועקגעגאנגען אדער האבען בעהאלטען זייערע שעהנסטע און טהייערסטע וואארע, ווייל דער קעניג מעג זיך נעהמען, וואס ער וויל, און קיינער טאר איהם ניט זאגען אווארט. פון בעצאהלען וויים ניט א שווארצער קעניג פון ווילדען אפריקא, ווייל אלעס געהערט צו איהם, זאגאר דאס לעבען פון זיינע אונ־טערטהאנען.

באלד האט מען געהערט שיעסען, פויקען אויפ'ן טאם־טאם און בלאזען מיט הערנער, א צייכען, אז דער קעניג קומט. אן דער עקע פון דער גרויסער גאס האט־בען זיך געוויעזען עטליכע מענער בעוואפענט מיט ביקסען, דאס איז דיא לייב גאר־דע פון קעניג מאנוא לונגא. נאך זיי איז געקומען א באלדאכון, א סארט חופה, אונטער וועלכער אכט שטארקע נעגער האבען געטראגען דעם קעניג אויף א קי־טאנדא, וועלכע איז געווען בעדעקט מיט טהייערע טעפיכע (קארפעטס, קאווריאר) און מיט שטאפען, וועלכע זיינען דורכגעשטריקט מיט גאלד. נאך דער קיטאנדא פון דעם קעניג איז געקומען דיא קיטאנדא פון דער קעניגין, דאס הייסט, פון דער ערשטער פרוי דעם קעניגס, ווייל דער קעניג האט פיעלע פרויען, אבער נור איינע הייסט קעניגין און ווערט געטראגען אויף א קיטאנדא, דיא איבעריגע פרויען געהן

צו פוס. ארום דער קיטאנדא פון דעם קעניג און דער קעניגין זיינען געגאנגען דיא סאלדאטען פון דער לייבגארדע, בעוואפענטע מיט ביקסען.

דער קעניג און דיא קעניגין זיינען אנגעקומען אין דערמיט פון דעם גרויסען פלאץ. דארט איז מען געבליעבען שטעהן און דער קעניג איז אראפגעגאנגען פון זיין קיטאנדא אום צו געהן זעהן און בעטראכטען דעם מארק און דיא וואארען, וועלכע זיינען דארט אויסגעשטעלט צום פערקויפען.

דיא קויפלייטע, וועלכע קומען נאך קאזונדא אויפ'ן מארק, וויסען גאנץ גוט, אז וואס דער קעניג דערזעהט, דאס געפעהלט איהם און ער נעהמט עס צו. זיי רעדען זיך דאהער פריהער אפ, אז זיי זאלען מאכען א באלל, א באנקעט, פאר'ן קעניג. קוים קומט ער אויפ'ן מארק, לאדעט מען איהם איין אויפ'ן באלל, וואו מען גיט איהם אזוי פיעל שמארקען וויין און שנאפס צו טרינקען, אז ער ווערט שיכור און קען זיך ניט ריהרען. גיכטערט ער זיך אויס, גיט מען איהם וויעדער שטארקע געטרענקע, ביז ער ווערט טויט שיכור. מען האלט איהם אזוי אנגעשיכורט, ביז דער יריד ענדיגט זיך.

דיעזעס מאל האבען אלוועז, נעגארא און אנדערע אייראפעאישע הענדלער געפונען פאר נעטהיג גאר ניט צו צולאזען דעם קעניג צום מארק. זיי האבען אפ־גערעדט, אז קוים וועט ער אראפגעהן פון קיטאנדא, זאל מען איהם באלד איינלא־דען אויף א פאנש, א גאנץ נייעם סארט געטרענק, פון וועלכען דער קעניג האט נאך ניט געוואוסט.

זיי האבען אויך אויסגעפיהרט זייער פלאן פינקטליך. קוים איז דער קעניג אראפ פון זיין קיטאנדא, זיינען צו איהם צוגעגאנגען אלוועז און נעגארא און האבען איהם געזאגט, אז זיי האבען געבראכט פון אייראפא א נייעס געטרענק, וועלכעס הייסט פאנש און מען דארף עס טרינקען ווארעמערהייט, דערפאר אבער איז עס אזוי גוט, אז דער קעניג וועט שוין הייסען, מען זאל איהם מאכען א פאנש יעדען טאג.

דער קעניג האט זיך געלאזען איינרעדען און ער מיט זיינע פרויען, מיט זיינע מיניסטארען, מיט זיין לייבגארדע זיינען געגאנגען מיט אלוועז און נעגארא צו א גרויסען פלאץ פאר אלוועזעס וואוינונג, וואו מען האט געמאכט דעם פאנש.

אין דערמיט פון דיעזען פלאץ האט זיך געקאכט א גרויסער קעסעל טהעע מיט צוקער. ניט ווייט פון קעסעל זיינען געשטאנען אנגעגרייט עטליכע פעסעלאך ראם, וועלכע מען האט געדארפט אריינגיעסען אין קעסעל.

דער קעניג מיט זיין בעגלייטונג האבען זיך אויסגעזעצט אויף מאטען אדער

אויף שטרוי און האבען צונעקוקט, וויא מען מאַכט דאס נייע געטרענק פון דיא ווייסע מענשען, וועלכעס הייסט פּאַנש. ווען דער קעסעל האט אָנגעהויבען שטאַרק צו זיעדען, האט מען נעעפענט א פעסעלע ראָם און מען האט עס ארייננעגאָסען אין קעסעל. דאן האט מען אָנגעצונדען דעם ראָם, דער קעניג האט געזעהן, וויא איבערן קעסעל ברענט א בלויעס פייער און דאס האט איהם איבערראשט. מען האט אָנגעגאָסען א גרויסען לעהמענעם בעכער און מען האט איהם דערלאַנגט. ער האט איהם אויסגעטרונקען און עס איז איהם זעהר געפעלען. ער האט געהייסען געבען צו פערזוכען פון דיעזען געטרענק אלע זיינע פרויען און זיינע מיניסטאָרען און לייבגארדע.

מען האט באלד געמוזט מאכען א צווייטען פּאַנש, דאס הייסט, וויעדער אָנגיסען דעם קעסעל, איהם וויעדער לאזען אויפזיעדען און וויעדער ארייננגיעסען אין איהם א פעסעלע ראָם. דעם קעניג איז אזוי געפעלען דער פּאַנש, אז ער האט איהם א נאמען געגעבען „פייער-וואסער‟, אן עכטער אפריקאַנישער נאָמען. א ווילדער מענש קען עס אויך אנדערש ניט רופען, ווייל ער זעהט וואסער, וועלכעס ברענט מיט א בלויער פלאַם.

מען האט באלד אויסגעטרונקען דעם צווייטען קעסעל. דער קעניג איז גע־וואָרען אזוי שיכור, אז ער האט שוין ניט געוואוסט, וואס טהוט זיך מיט איהם. דאן איז גענאַראָ צוגעקומען צו איהם און האט געזאגט:

— וויל דער קעניג האבען דאס פערגניגען צו טייטען א ווייסען מענשען?

— פאר וואס? וואס האט ער דען געטהאן?

— ער האט ערמאָרדעט א ווייסען מענשען, אונזער א קאמעראד.

— דאן ברענגט איהם! איך וועל הייסען איהם צושניידען אויף שטיקער! איך האב שוין לאַנג געוואָלט זעהן דאס בלוט פון א ווייסען מענשען.

געוועהנליך האבען דיא שווארצע קעניגע מורא צו טייטען א ווייסען, ווייל זיי ווייסען, אז פאר א ווייסען נעהמט מען זיך אָן און מען פיהרט קריעג מיט א קעניג, וועלכער האט געהייסען טייטען א ווייסען. יעצט אבער האט קעניג מוא לונגא גע־האט א געלעגענהייט צו טייטען א ווייסען מענשען, דערביי איז ער נאך געווען אזוי שיכור, אז ער האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם.

גענאַראָ איז אוועקגעגאנגען ברענגען דיקסאנד.

אונטערדעסען האט מען אויפגעקאָכט א דריטען קעסעל פּאַנש. דער שיכורער קעניג האט געוואָלט אָנצינדען דעם ראָם מיט זיינע קעניגליכע הענד אום צו זעהן, וויא אזוי וואסער קען ברענען. אלוועז האט איהם צוואר געבעטען, ער זאל עס ניט

מהאן, ווייל אזעלכע קונסט שטיקע קענען נור ווייסע מענשען, דער קעניג האט אבער זיך איינגעשפארט און האט אנגעהויבען צו שרייען, אז ער איז אויך אזוי קלוג, וויא דיא ווייסע מענשען. ער האט ארויפגענאָמען צופיעל ראָם, האט גענומען א ברענענדעס שטיק האָלץ און האט געוואָלט אָנצינדען דעם ראָם, דאס קעסעל האט זיך איבערגעקעהרט און איידער מען האט זיך אומגעקוקט, האט דער ראָם געברענט ארום דעם קעניג און דער קעניג אליין איז געוואָרען א זייל פון פייער.

אלע אנוועזענדע, ווייסע און שווארצע, זיינען געווען אזוי איבערראשט און אזוי דערשראָקען, אז זיי האבען גאָר ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט זיי. אלוועז האט צוואר פראבירט ארויפגיעסען אויף קעניג אן עמער וואסער, אבער דאס האט ניט געהאָלפען, ווייל א פייער פון אלקאָהאָל קען מען ניט לעשען מיט וואסער.

אין א צייט פון 20 ביז 30 מינוט איז דער קעניג געבליעבען ליעגען פער־ברענט, פערקוילט. ער האט נאך צוואר געלעבט, אבער קוים האט מען זיך צוגע־ריהרט צו איהם, איז זיין פלייש געפאלען פון איהם שטיקער ווייס. דיא סאָלדאטען פון זיין לייבגארדע, זיינע מיניסטארען און אלע איינוואוינער פון קאזונדא, וועלכע האבען געזעהן דעם שרעקליכען אונגליקספאל, האבען אנגעהויבען צו שרייען, צו וויינען, צו קלאָגען און צו שיעסען.

נענאָראָ איז געקומען צו לויפען. ער האט דערהערט דעם שרעקליכען לארם און האט פערשטאנען, אז עפעס איז פאָרגעקומען. ער איז אבער געקומען צו שפעט. דער קעניג איז געלעגען אויף דער ערד, ער האט נאך קוים, קוים געאטהעמט. איינינע שטונדען שפעטער איז דער קעניג געשטאָרבען.

### 10טעס קאפיטעל.

## דיא בעערדיגונג פון א קעניג.

דעם אנדערן טאָג האט דיא שטאָדט קאזונדא פארגעשטעלט א זאנדערבא־רעס בילד. דער גרויסער און פרעהליכער יריד איז פערשוואונדען געוואָרען, וויא דורך א צויבער. אלע הייזער זיינען געווען פערמאכט און מען האט זעלטען געזעהן א מענשען אויף דער גאס.

דער ווילדער מענש קען זיך ניט פאָרשטעלען דעם טויט אלס א געוועהנליכער, נאטהוועגדיגע ערשיינונג. דער טויט איז ביי איהם אן אויסעראָרדענטליכע, אונ־נאטירליכע ערשיינונג, וועלכע איז פעראורזאכט פון שלעכטע מעניטען, פון צויבערער,

פון כישוף מאכער. זיי האבען עס געמאכט, אז דער מענ׳ש זאל שטארבען. מען מוז אלזא אויסגעפינען, ווער עס האט געבראכט דעם טויט פון א מענשען און מען מוז בעשטראפען דיא שולדיגע. מען מוז עס טהאן אום זיך צו שיצען, ווייל היינט האט ער געבראכט דעם טויט אויף איין מענשען, מארגען וועט ער מאכען, אז אנאנדע־רער זאל שטארבען. דיא געזעלשאפט מוז אלזא זיך בעשיצען און טהאן, וויא עס שטעהט אין פסוק: ובערת הרע מקרבך: דוא זאלסט אויסרוימען דאס שלעכטע פון דיר. מען מוז פערניכטען דאס שלעכטע, מען מוז טויטען דעם שרעקליכען צויי־בער, וועלכער מאכט, אז מענשען זאלען שטארבען, און דארום איז עס אנגענומען, אז א מכשפה לא תחיה, דיא צויבערין, דיא כישופמאכערין דארף ניט לעבען.

דיעזע אידעען געפינען מיר ביי אלע ווילדע מענשען: ביי דיא רויטע מענשען אין אמעריקא, ביי דיא געלע מענשען אין אויסטראלאזיען, ביי דיא שווארצע אין אפריקא און ביי דיא געלע — שמוציגע איז דיא קאלטע געגענדען.

דער טויט פון א הויפטלינג אדער קעניג, ווען ער איז ניט געפאלען אויפ׳ן שלאכט-פעלד, איז געוויס פערארורזאכט פון א צויבער. קעניג מוא לונגא איז גע־שטארבען מיט אזא אתנעוועהנליכען טויט, מיט אזא מיתה משונה, אז אלע איינ־וואוינער פון קאזונדא און פון דיא געגענדען ארום האבען געמוזט דענקען, אז אז צווישען זיי געפינט זיך יעצט א שרעקליכער צויבערער, וועלכער האט געמאכט, אז דער קעניג זאל זיך אנצינדען און זאל פערברענט ווערן.

דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס אלע האבען זיך בעהאלטען אין זייערע וואוינונגען. דיא פרויען האבען גאר מורא געהאט זיך צו ווייזען אויף דער גאס, ווייל ביי אלע ווילדע פעלקער איז עס אנגענומען, אז פרויען בעשעפטיגען זיך מעהר מיט צויבעריי וויא מענער, און קיום מאכט זיך אן אונגליק, בעשולדיגט מען צו־ערשט דיא פרויען און ווען מען קען ניט געפינען דיא שולדיגע פרויען, הייבט מען אן צו זוכען שולדיגע מענער.

מען קען זיך אלזא לייכט פארשטעלען, וויא דיא איינוואוינער פון קאזונדא האבען יעצט געציטערט. יעדער האט מורא געהאט פאר זיין לעבען און האט זיך בעהאלטען אין זיין הויז אדער וואו ער האט געקענט.

מען מוז דערביי בעמערקען, אז דיא בעערדיגונג פון א קעניג געשעהט ניט, וויא דיא בעערדיגונג פון א געוועהנליכען מענשען. יעדער קעניג איז א גאנצער אדער א האלבער גאט. ער קען ניט געהן אויף יענער וועלט, וויא א געוועהנליכער מענש. איהם מוזען בעגלייטען זיינע פרויען, זיינע שקלאפען, זיינע פערד און זיינע הינט. מען מוז איהם מיט געבען אלעס, וואס ער האט בעזאנדערס ליעב געהאט

אין זיין לעבען. דערפון איז ענטשטאַנדען דיא זיטע (מנהג) אין אינדיען, אז דיא פרוי ווערט פערברענט מיט דעם טויטען קערפער פון איהר מאַן.

אויך אין קאַזונדאַ האט מען אָנגעהויבען צו מאַכען פאָרבערייטונגען צו דער בעערדיגונג פון קעניג מוּא לוּנגאַ. נאַך דיא זיטען פון לאַנד פלעגט מען בעערדיגען א קעניג אין טייך. מען פלעגט אָפציעהען דעם טייך אין א קאַנאַל. אין באָדען פון טייך פלעגט מען אויסגראָבען א טיעפע גרוב, וואו מען פלעגט אַניעדערלעגען דעם קערפער פון קעניג. איבער איהם פלעגט מען לעגען זיינע פרויען, וועלכע מען פלעגט שלאַכטען, וויא דיא שעפּסען, און זייער בלוט האט געדאַרפט פערגיעסען דעם טויטען קערפער פון קעניג. דאַן פלעגט מען אויסשלאַכטען אלע זיינע שקלאַפען, זיינע פערד, זיינע ליעבלינגס קיה און זיינע הינט.

ווען דיא גרויסע און טיעפע גרוב ארום קעניג איז געוואָרען פול מיט בלוט און מיט טויטע קערפער פון זיינע פרויען, שקלאַפען און הויז טהיערע, פלעגט מען דיא גרוב פערשיטען, עפענען דעם קאַנאַל און וויעדער לאָזען דעם טייך פליעסען איבער זיין גראַב. עס פלעגט אויסקומען, אז קיינער האט נאַכדעם ניט געוואוסט, וואו דער קעניג ליעגט בעגראַבען. דיעזע פאָרבערייטונגען האבען אבער געדאַרפט נעהמען צייט און אונטערדעסען האט מען זיך געזאָרגט, ווער עס זאל ווערן קעניג פון קאַזונדאַ.

וויא אָרים, וויא קליינליך, וויא טרויעריג דאס קעניגטהום אין ווילדען אפ־ריקא איז, וויל דאָך יעדער זיין קעניג און ווען יעדער וויל זיין קעניג, טהוט ער אלעס מעגליכע אום עס צו ווערן. ער גיט געשענקע, פּרעזענטען, צו דיא מיניסטאָרען און דיא לייבגאַרדע. ער זאָגט צו אַלעס מעגליכע דעם פאָלק. ער זוכט זיך פריינד, וועלכע זאָלען איהם העלפען. אויב עס איז נור מעגליך, פערשאַפט ער זיך אן אַרמעע. אין דיא ציוויליזירטע לענדער הייסט עס פּאָליטיק, אין ווילדען אפריקא האט עס קיין נאמען, ווייל דער ווילדער מענש ברעכט זיך ניט דעם קאָפּ, ער זאל אויסגעפינען א שעהנעם, פּאַסענדען נאמען פאר זיינע האַנדלונגען, ער ט ה ו ט, ער ה א נ ד ע ל ט, ער זוכט צו דערגרייכען זיין ציעל מיט אלע מיטעל, וועלכע ער קען אָנווענדען.

קעניג מאַנוּא לוּנגאַ האט ניט איבערגעלאָזען ערוואַקסענע קינדער, וועלכע זאלען קענען ווערן קעניג נאָך איהם. ער האט געהאַט א ברודער, וועלכער האט זעהר געוואָלט ווערן קעניג, און דיא עלטסטע קעניגין האט געוואָלט בלייבען קעני־גין. פאר איהר איז עס געוועזען א לעבענס פראַגע. ווען דעם קעניגס ברודער ווערט

ווערן קעניג, ווען מען זיא קוילען און ארייננווארפען אין גראב פון טויטען קעניג, ווען זיא אבער בלייבען קעניגין, וועט מען טייטען נור דיא איברינע פרויען.

מען קען זיך לייכט דענקען, וואס פאר א וויכטיגע ראָלע עס האבען גע־שפיעלט אין דיעזער פּאָליטיק דיא ווייסע מענשען, וויא אלוועז און נעגאָרא. זיי האבען געהאט איינענע סאָלדאטען מיט ביקסען. אלזא זיינען זיי געווען אים שטאנד צו מאכען פאר קעניג וועמען, זיי האבען געוואָלט. און זיי האבען געפונען, אז פאר זיי איז בעסער צו האבען אלס קעניגין אן אלטע נעגערין, וועלכע האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר, אלס א יונגען און קרעפטיגען נעגער, דעם קעניגס ברודער. אלוועז און נעגאָרא האבען אלזא ערקלערט, אז דיא קעניגין מאַננא בעא זאל בלייבען הערשערין פון קאזונדא לאנד.

עס איז ניט וויכטיג פאר אונז צו בעשרייבען, וואס אלוועז און נעגאָרא האָ־בען אויפגעטהאָן אום צו בעפעסטיגען דיא רעגירונג פאר דער קעניגין מאַנינא בעא. מיר ווילען נור זאָגען, אז מען האט געהאפט דעם קעניגס ברודער און מען האט איהם אריינגעוואָרפען אין געפענגניס און דיא מיניסטאָרען, וויא דיא לייבגאַרדע האבען ערקלערט, אז קעניגין מאַנינא בעא איז יעצט דיא הערשערין פון קאזונדא לאנד.

דאס אלעס איז געשעהן דעם אנדערן טאָג נאך דעם קעניגס טויט. אויפ'ן דריטען טאָג האט מען אנגעהויבען צו פויקען, צו טרומפּעטען און צו שרייען אין דיא גאסען פון קאזונדא, אז מאַנינא בעא איז קעניגין און וועט מאָרגען בעערדיגען דעם פערשטאָרבענעם קעניג.

דער יריד האט זיך ווידער געעפענט, דיא איינוואוינער האָבען ווידער אָנ־געהויבען זיך צו ווייזען אויף דער גאס און דיא שטאָדט איז ווידער לעבעדיג געוואָרען.

געגען צוויי אוהר נאך מיטאג איז נעגאָרא אריינגעקומען אין דעם שטאָלל, וואו דיקסאנד איז געווען פערשפּארט. זיים דיקסאנד האט געטייטעט הערריס'ן, האט ער נעגאָרא ניט געזעהן.

נעגאָרא איז אריינגעקומען אין שטאל, האט געלאָזען אָפען דיא טהיר, אום עס זאל זיין ליכטיגער, האט זיך העפליך פערניינט און האט געזאָגט מיט א פער־ביסענעם שפּאָט. — איך האלט עס פיר מיין פפליכט צו קומען בעגריסען דעם יונגען שיפסקאפּיטאן פון דעם „פילגרים“ און איהם צו זאָגען, אז עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס ער קען דאָ ניט קאָמאנדירען אזוי גוט, וויא ער האט קאָמאנדירט אויפ'ן שיף.

דיקסאנד האט איהם ניט געענטפערט.

— אבער, מיין ליעבער שיפס קאפיטאן, דערקענט איהר מיך שוין גאר ניט? האט נעגארא געפרעגט מיט א געלעכטער. — מיר דאכט, אז איהר זייט געפאה־רען קיין אמעריקא, וויא קומט עס, וואס איהר האט פערפיהרט אייער שיף נאך אפריקא?

דיקסאנד האט געשוויגען.

— נון, זעהט איהר, מיין יונגער שיפס קאפיטאן, אויפ'ן „פילגרים" האט איהר געוואלט קאמאנדירען אין דער צייט, ווען עס האט זיך געפונען אויפ'ן שיף און אלטער פעהיגער שיפס קאפיטאן, איך אליין, יעצט בין איך דער קאפיטאן און איך מעלד אייך, אז איהר וועט נאך היינט, שטארבען.

— אלע מענשען מוזען שטארבען, האט דיקסאנד געענטפערט רוהיג.

— איך פערשטעה! האט נעגארא אויסגערופען, איהר דענקט, אז מען וועט מורא האבען צו טייטען א ווייסען מענשען, ווייל דער אמעריקאנער קאנסול וועט זיך אננעהמען פאר אייך. איהר האט א גרויסען טעות, מיין ליעבער שיפסקאפיטאן, אין קאזונדא מעג איך טהאן, וואס איך וויל, אמעריקא וועט ניט שיקען קריענס שיפען נאך קאזונדא.

— ווער ווייס? האט דיקסאנד געענטפערט גאנץ רוהיג, פיעללייכט וועט אמעריקא געפינען א מיטעל מיך צו בעפרייען אדער וועניגסטענס מיך צו רעכען (זיך נוקם צו זיין פאר מיר.)

— דערווייל אבער וועט איהר שטארבען מיט א שרעקליכען טוים, האט נע־נארא זיך געריימצט מיט דעם אונגליקליכען יונגען מענשען.

דיקסאנד האט זיך אוועקגעקעהרט פון איהם און האט איהם מעהר ניט גע־ענטפערט א ווארט. נעגארא האט נאך געווארט איינינע מינוט, האט נאך געזאגט איינינע שטעך ווערטער, אבער אזוי וויא דיקסאנד האט איהם מעהר ניט געענט־פערט, איז ער זיך אוועקגעגאנגען.

אונטערדעסען האט מען געשמאק געארבייט ביים טייך. מען האט אויסגע־גראבען א שטארקען דאמם (גרעבליא) אום אויפצוהאלטען דאס וואסער פון טייך און עס צו פיהרען אויף אנאנדער וועג. דאס בעט, דער באדען, דער גרונד פון טייך איז געווארען טרוקען און דארט האט מען אויסגעגראבען א טיעפען און לאנגען גרוב, וואו מען וועט בעערדיגען דעם קעניג.

נעגען אבענד זיינען אלע פארבערייטונגען בעענדיגט געווארען און דיא צערע־מאניע פון בעערדינונג האט זיך אנגעהויבען. דער קערפער פון טויטען קעניג איז

נעזען אָנגעטהאָן אין א קלייד פון דינע שטעקעלעך, וועלכע האבען צונעהאלטען, דאס פערברענטע פלייש, עס זאָל נים צופאַלען פון קערפער. דיא קעניגין און אלע קעבס ווייבער פון׳ם קעניג זיינען געשטאנען ארום איהם. לעבען זיי און ארום זיי זיינען געשטאנען פערציג שקלאפען, דיא הענד און דיא פים געבונדען. דיעזע פער־ציג שקלאפען האבען גערארפט בעגלייטען דעם קעניג אויף יענער וועלט. ארום זיי איז געשטאנען דיא לייבגארדע פון קעניג, נעגארא, אלוועז און דיא אראבישע שקלאפען הענדלער.

עס איז שוין דונקעל געוואָרען, ווען דיא גרויסע צערעמאָניע האט זיך אנגע־הויבען און מען האט אָנגעצונדען שטיקער האָלץ און פעסער מיט פעך, אום דיא צערעמאָניע זאָל אויסקומען שרעקליכער, שויעריגער און טרויעריגער.

צוערשט האט מען ארייננעלעגט דעם קעניג אין גרוב און דעם קעניגס צווי־בערער האט אָנגעהויבען צו טאנצען א ווילדען טאנץ און צו שרייען מיט א וויל־דער, אונמענשליכער שטימע, ער האט בעשוואָרען דיא בייזע גייסטער, זיי זאלען נים צוקומען צום טויטען קעניג. ווען דיעזע צערעמאניע האט זיך געענדיגט, האט דיא קעניגין א ווינק געטהאן און דער הויפט הענקער (תליון) פון׳ם קעניג האט גענומען פונפצעהן פון דעם קעניגס קעבס ווייבער און האט זיי איינע נאך דער אנדערער געקויילען און זייער בלוט אויסגעגאָסען אין גרוב, וואו דער קעניג איז גע־לעגען. זייערע טויטע קערפער האט מען ארוכגעלעגט ארום טויטען. ביים טויט פון יעדער פון דיעזע אונגליקליכע, האָט מען געפויקט אויף דיא טאם־טאמס און דער צויבערער האט געשריען, געהיילט און געזאָגט צויבער שפריכע.

ווען דאס האט זיך געענדיגט, האט מען ארומגעלעגט אויף דער ערד ארום קעניג דיא פונפציג געבונדענע שקלאפען לעבעדיגערהייט. דאן האָט מען געבראכט א ווייסען מענשען, דאס איז געווען דיקסאנד. מען האט אריינגעשלאָגען אין דער ערד א ^אננען קלאָץ און מען האָט דיקסאנד צוגעבונדען צו דיעזען קלאָץ.

נעגארא איז דאן צוגעגאנגען צום איהם און האט צו איהם געזאָגט:

— מיין ליעבער קאפּיטאן, דוא וועסט בעגראָבען ווערן לעבען דעם גרויסען קעניג פון קאזונדא. באלד וועט מען דורכבערעכען דעם דאם (דיא גרעבליען), וועל־כע האט אפּגעהאלטען דאס וואסער פון טייך. דיעזעס וואסער וועט מיט אמאָל זיך אויסגיעסען אין אלטען בעט פון טייך און וועט פערדעקען דעם קעניג, זיינע פרויען, ויינע שקלאפען און דיך, מיין ליעבער קאפּיטאן.

דיקסאנד האט נים געענטפערט. עס איז אויך קיין צייט געווען צו ענטפערן, ווייל איינגע מינוטען שפּעטער האבען זיך אלע דערוויטערט פון דער שרעקליכער

סצענע. מיט אמאל האט זיך א נאס געטהאן דער גאנצער טייך און האט פארגאָסען דעם טויטען און די לעבעדיגע ארום איהם.

עס איז געוועז א שרעקליבע, שוידערהאפטע סצענע. מען קען עס גאר ניט גלויבען און דאך איז עס וואהר, דאך טהוען עס מענשען, קלוגע מענשען, וועלכע זיינען בעשאפען געוואָרען אין עבען בילד פון גאָט.

## 11טעס קאפיטעל.

## ענטאמאלאגיע.

מיר האבען אין גאנצען פערלאָרען מיסים וועלדאן, איהר קינד און אָנקעל בענעדיקט. זייט זיי זיינען אָנגעקומען קיין קאָזונדא, האָט מען זיי געהאלטען אין אן אנדער טהייל פון דער שטאָדט. זיי זיינען צוואר געווען געפאנגען, אָבער ניט איינגעשפארט אין א שטאל, זאָנדערן אין א גרויסען הויף מיט א גרויסען גאָרטען ארום, זיא מיט איהר קינד האבען געוואוינט אין א בעזונדער שטיבעלע, אנקעל בענעדיקט האָט געוואוינט אין א בעזונדער שטיבעלע ניט ווייט. זיי פלעגען זיין צוזאמען א גאנצע טאָג, פלעגען געהן שפאציערן אין גאָרטען, פלעגען זאָגאר עסען צוזאמען, אבער ארויסגעהן פון גאָרטען האבען זיי ניט געקענט.

מען האָט זיי בעהאַנדעלט ניט אלס שקלאפען, זאָנדערן אלס געפאנגענע. אָנקעל בענעדיקט איז אָנפאנג גאר געווען צופריעדען, וואס ער האָט זיך געפונען אין אזא גרויסען גארטען, א שטיק וואלד מיט אלערליי ביימער, ער האָט גערעכענט, אז יעצט וועט ער האָבען דיא בעסטע געלעגענהייט אויסצושטודירען דיא העקסאפאָדען פון אפריקא, באלד אָבער האט ער זיך איבערציינגט, אז אין דיעזען גאָרטען געפינען זיך זעהר ווייניג נייע העקסאפאדען און דאס האט איהם זעהר פערדראָסען.

אוים לאנגוויילע האט ער אָנגעהויבען צו לערנען דעם קליינעם דשעק ענטאָמאלאָגיע.

— מיין ליעבער דשעק, האט ער געזאָגט צו איהם, דוא ווייסט, אז אויף דער וועלט זיינען דאָ פיעלע טהיערע, וועלבע האבען זעקס פיס, דיעזע טהיערע הייסען העקסאפאָדען, דאס זיינען פליעגען, ביענען, קעפער (זשוקעס) זוממערפייגעלעך, קאקראטשעס, פלעה, וואנצען, היישערעקען און נאָך, און נאָך און נאָך. זיינען זיי אָבער אלע גלייך? איז א פליעגע עהנליך צו א זוממערפייגעלע?

— ניין, האט דער קליינער דשעק געענטפערט.

— איז א זומערפייגעלע עהנליך צו א היישעריק?

— ניין, האט דשעק געענטפערט.

— איז א פליעג עהנליך צו א מאָסקיטאָ (קאָמאר)?

— יא, האט דער קליינער דשעק געענטפערט.

— נו, זעהסט דוא, מיין קינד, אז דיעזע העקסאפאדען קענען נים אלע גע־רעכענט ווערן צו איין פאמיליע, צו איין סאָרט טהיערע, זיי זיינען פערשיעדענע סארטען. יעדע סאָרט, אדער יערע פאמיליע פיהרט אנאנדער לעבען, עס לעבט אנדערש, עס גענעהרט זיך פון אנדערע זאכען, און עס האט א געוויסע בעשטימונג, א געוויסען ווערטה אין דער נאטור.

— אבער, ליעבער אנקעל, צו וואס דארף עס א מענש וויסען? האט דער קליינער דשעק געפרעגט.

— נאַרעלע, דער מענש מוז דאך לעבען צווישען דיעזע טהיערע, דוא זעהסט דאך, אז וואו דוא געהסט און וואו דוא שמעהסט, פליעהען ארום דיר ביענען, פלי־גען, קעפער, מאסקיטאס און אנדערע העקסאפאדען. זיי קריעכען אריין אין דיין בעט, ווען דוא שלאָפסט, אין דיין שיעסעל ווען דוא עסט, אין דיין גלאָז וואסער ווען דוא טרינקסט. אלזאָ דארף דאך דער מענש וויסען, וועלכע העקסאפאדען זיי־נען איהם ניצליך און וועלכע זיינען איהם שעדליך.

— זיינען דען דאָ ניצליכע העקסאפאדען? האט דער קליינער דשעק געפרעגט, איך האב זיי אלע פיינט, נור א זומערפייגעלע האב איך ליעב.

— מיין גוטער דשעק, ווייסט דוא דען נים, פון וואנען מיר בעקומען האָניג?

— דיא ביענען מאכען עס.

— און וואָס זיינען דען ביענען? — העקסאפאדען. אלזאָ זיינען דאך דאָ ניצ־ליכע העקסאפאָדען. דוא ווייסט אָבער נאָך נים, אז דאס שעהנע זייד, פון וועלכען דיין מוטער האט א קלייד, ווערט אויך געמאכט פון א העקסאפאד.

— זייד מאַכט א העקסאפאד? האט דשעק אויסגערופען פערוואונדערט. דאס איז ביי איהם געווען א נייעס.

— יא, מיין קינד, זייד ווערט געמאכט פון א זומערפייגעלע, א העקסאפאד, האט אנקעל בענעדיקט ערקלערט. דוא זעהסט אלזאָ, מיין קינד, אז עס זיינען דאָ ניצליכע העקסאפאדען און שעדליכע העקסאפאדען. דער מענש דארף אלזאָ וויסען וועלכע העקסאפאדען זיינען ניצליך און וועלכע זיינען שעדליך. דערפאר האבען גע־לערנטע מענשען איינגעטהיילט אלע העקסאפאדען אין צעהן קלאסען, אין צעהן סארטען.

די ערשטע קלאסע הייסט אָרטאָפּטער, Orthopter העקסאפאדען מיט גלייכע פליגעל, וויא קאקראטשעס (פרייסען) גריכען און אנדערע.

די צווייטע קלאסע הייסט דיפּטער, Dipter העקסאפאדען מיט צוויי פליגעל, וויא פליגען, מאסקיטאס (קאמארעס) און אנדערע.

די דריטע קלאסע הייסט לעפּידאפּטער, Lepidopter העקסאפאדען, וועלכע האבען פיער פליעגעל און דיעזע פליעגעל זיינען בעדעקט מיט שופּען, וויא די שופּען פון א פיש. די שופּען זיינען אבער אזוי קליין, אז מען קען זייא זעהן נור דורך א מיקראסקאפּ, צו דיעזער קלאסע געהערען אלע זומער פייגעלעך.

די פיערטע קלאסע העמיפּטער, Hemipter האלבע פליעגעל, דאס זיינען העקסאפאדען, וועלכע האבען נור האלבע פליעגעל אונד דארום קענען זייא ניט פליעהען, אבער זיי שפּרינגען, צו דיעזער קלאסע געהערן פלעה, ציקאדען און אנדערע.

די פינפטע קלאסע הייסט קאָלעאָפּטער, Coleopter העקסאפאדען וועלכע האלטען זייערע פליעגעל אין א שייד, ווען זייא פליעהען הייבט זיך אויף דער שייד בלייבען זייא אויף אן ארט, קענען זייא צונויף זייערע פליעגעל און בעהאלטען זייא אונטער א דעק.

— דאס האב איך נאך קיין מאל ניט גיזעהן, האט דער קליינער דשעק אויסגערופען, העקסאפאדען, וועלכע בעהאלטען זייערע פליעגעל אין א שייד?

— דאס זיינען די אינטערעסאנטעסטע העקסאפאדען, האט אנקעל בענעדיקט ערקלערט, עס געפינען זיך דרייסיג טויזענד סארטען פון דיעזע העקסאפאדען דאס זיינען אלע קעפער (זשוקעס) זיי זיינען די ניצליכסטע און די שעדליכסטע העקסאפאדען, אייניגע פון זיי פרעסען אויף די תבואות פון אונזערע פעלדער און פון אונזערע גערטנער און ווען זיי מאכען זייער קווארטיר אין אפעלד, קען מען פון זיי ניט לויז ווערען. דער פארמער ארבייטעט שווער און בימער און פערזעעט זיין פעלד, פּלוצלונג קומען אן העקסאפאדען און פרעסען אויף זיין ארבייט, זיין מיה און זיין פלייס.

— אלזא וואס טוט מען? האט דער קליינער דשעק געפרעגט.

— מען פערטרייבט זיי.

— וויא אזוי קען מען זיי פערטרייבען?

— דאס לערנט אונז די וויסענשאפט, וועלכע הייסט ענטאמאלאגיע, האט אנקעל בענעדיקט ניענטפערט שטאלץ, ווען דוא וועסט קענען דיעזע וויסענשאפט, וועסט דוא וויסען, וויא אזוי מען פערטרייבט א שעדליכען קעפער.

דער קליינער דשעק האט זיך פערטראכט, ער האט אנגעהויבען צו פערש־טעהן, אז עס איז ווירקליך ניצליך פאר א מענשען צו קענען ענטאמאלאגיע.

— צייגט מיר, ליעבער אנקעל, א העקסאפאד פון דער קלאסע קאלעאפטער האט ער געבעטען.

קום מיט מיר, מיין קינד, און איך וועל דיר צייגען. דיעזע העקסאפאדען זיינען דא אזוי פיעל, אז מען קען זיי געפינען איבעראל.

ער האט צו געפירט דעם קליינעם דשעק צו אבוים און האט באלד אויסגע־זוכט אקליין חיה'לע מיט זעקס פיס. עס איז געווען רויטליך־ברוין מיט שווארצע פינטעלעך אויפן ריקען. קוים האט מען עס אנגעריהרט, האט זיך עס צו נויפגע־קייקעלט, וויא אקניילעכעל, און עס איז אראפגעפאלען. אנקעל בענעדיקט האט עס אויפגעהויבען און האט עס געוויעזען זיין יונגען שילער און האט איהם געפרעגט:

— ווייסט דוא, וואס דאס איז?

— דאס איז משה רבינו'ס קיהעלע, א משיח פערדעל, האט דער קליינער דשעק געענטפערט.

אנקעל בענעדיקט האט אשמייכעל געטאהן און האט געזאגט:

— דוא האסט רעכט, מיין קינד, אלע קליינע קינדער אין דער וועלט האבען ליעב דיעזען העקסאפאד און גיבען איהם א צערטליכען נאמען, דיא רוסישע קליינע קינדער רופען עס „באזשיא קאראווקא,“ נאמט קיהעלע. דיא פראנצויזישע קליינע קינדער רופען עס „מאריא'ס קיהעלע,“ דאס קומט דערפון, וואס עס איז אזוי שטיל און רוהיג און ווען מען ריהרט עס אן, קייקעלט עס זיך צונויף. אין דער ווארהייט אבער איז עס א שעדליכעס העקסאפאד, ווייל עס פרעסט אויף דיא גאנץ ווייבע בלעטעלעך פון דיא ביימער.

— אבער זעהט דאך, אנקעל, עס ליעגט אזוי שטיל און אזוי רוהיג, אז איך קען עס קייקלען וויא א קניילבעל.

און דאך איז עס א שרעקליכער פרעסער און ברענגט פיעל שאדען דעם פארמער, האט אנקעל בענעדיקט ערקלערט, דאס איז איינער פון דיא קאלעאפ־טער, איך וועל איהם אפלאזען, וועסט דוא זעהן, וויא ער פליהט.

אנקעל בענעדיקט האט אפגעלאזען דעם קאלעאפטער און האט געהייסען זיין יונגען שילער אכטונג געבען, וואס עס וועט פאסירען, קוים האט דער קאלע־אפטער געפיהלט, אז מען ריהרט איהם נים אן, האט ער אנגעהויבען זיך צו ריה־רען, דאן האט ער אויפגעהייבען זיינע הארטע געפינטעלטע דעקען און האט ארויס־געלאזען פיער גאנץ דינע דורכזיכטיגע פליעגעל.

— אט איז עס! האט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען, אט האסט דוא גע־זעהן, וויא ער בעהאלט זיינע דינגע פליענעל אונטער א דעק, וויא אין אשייד. ווען ער דארף פליעהען, עפענט ער אויף דעם שייד, צו שפרייט זיינע דינגע, פיינע, צארטע פליענעלעך און פליהט.

אין דיעזע מינוט איז מיסיס וועלדאן צו געקומען צו זיי. דשעק האט אויס־גערופען פול פרייד און שטאלץ;

— מוטער! איך וועל לערנען ענטאמאלאגיע, איך קען שוין דיא ערשטע פינף קלאסען פון דיא העקסאפאדען!

— דאס איז זעהר שעהן, מיין קינד, האט מיסיס וועלדאן געענטפערט מיט א שמייבעל, אבער מען דארף געהן עסען.

12טעם קאפיטעל.

# מיסיס וועלדאן און נעגארא.

נאכ'ן עסען האט זיך מיסיס וועלדאן אנידערגעזעצט אויף דער ווערא[נדא] פון איהר קליינעס שטיבעלע און האט זיך פערטראכט. עס איז וואהר, אז מען האט זיא ניט שלעכט בעהאנדעלט, אבער וואס ווערט דערפון? זיא איז דאך א געפאנגענע אין הערריס מיט זיין קאמעראד נעגארא זיינען ניט אזעלכע גוטע מענשען צו האלטען געפאנגענע גלאט אזוי, וואס ווילען זיי פון איהר?

אזוי וויא זיא איז אזוי געזעסען טרויעריג און פערטראכט, איז נעגארא צוגע־קומען צו איהר.

— מיסיס וועלדאן, האט ער געזאגט קאלטבליטיג, אייערע פיער שווארצע זיינען געסטערן פערקויפט געווארען אלס שקלאפען.

— ארימע מענשען! האט מיסיס וועלדאן געזיפצט.

— אייער נענערין איז געשטארבען אויפ'ן וועג, האט נעגארא ווייטער געזאגט אין דיקסאנד לעבט ניט מעהר. איהר זייט אלזא גאנץ אליין אין דיעזער ווילדער געגענד איהר זייט אין מיינע הענד.

— דאס ווייס איך, האט מיסיס וועלדאן געזאגט שטילערהייט.

— איך קען יעצט, מיך רעכנען (מיך נוקם זיין) דערפאר, וואס איהר האט מיך שלעכט בעהאנדעלט אין דער צייט, ווען איך בין געווען אייער קאך אויפ'ן „פילגרים,“ אבער איך וויל עס ניט, ווייל איך בין אקויפמאן.

מיסיס וועלדאן האט געשוויגען.

— אזוי וויא איך בין אקויפמאן, וויל איך אייך פערקויפען, איך וויל מאכען געלד פון אייך. איך וויל פערקויפען אייך, אייער זוהן און דעם אלטען נארר, וועל־כער יאגט זיך נאך פליעגען און זומערפייגעלעך.

— איהר קענט אונז ניט פערקויפען, וויל מיר זיינען פרייע אמעריקאנער בירגער, האט מיסיס וועלדאן געזאגט שטאלץ.

— ווען איך זאל וועלען, זייט איהר שקלאפען, האט נעגארא ערווידערט.

— אבער ווער וועט דען קויפען א ווייסע פרוי? יעדער קויפמאן האט דאך מורא פאר א ווייסען מענשען, ווייל זיין רעגיערונג קען זיך אננעהמען פאר איהם.

— איך ווייס פון איינעם, וועלכער וועט אייך אפקויפען פון מיר מיט פערגניגען.

— מעג איך וויסען, ווער ער איז און וויא ער הייסט?

— געוויס! ער הייסט דשיימס וויללאם וועלדאן, אייער מאן.

— מיין מאן! האט מיסיס וועלדאן געפרעגט ערשטוינט.

— געוויס, מאדאם! וועט דען ניט אייער מאן געבען פאר אייך און פאר אייער קינד, וויא פיעל איך וועל פון איהם פערלאנגען? — איך דענק זאגאר, אז פאר דעם אלטען פליעגען חאפער וועט ער מיר אויך געבען אייניגע טויזענד דאל־לאר. דער פליעגען חאפער איז דאך אייער פערוואנדטער.

מיסיס וועלדאן האט געקוקט נעגארא גלייך אין דיא אויגען. זיא האט גע־וואלט וויסען, אויב ער מיינט דאס ערנסט אדער ער שפאסט נור.

— ווען דענקט איהר מיך צו פערקויפען? האט זיא ענדליך געפרעגט.

— נאך היינט.

— וואו?

— דא, אין דיעזער שטאדט. דענקט איהר, אז אייער מאן וועט ניט קומען צו לויפען פון סאן פראנציסקא אייך אפנעהמען?

— ווען ער זאל נור וויסען, וואו איך בין, וועט ער געוויס קומען מיך אפנעהמען, האט מיסיס וועלדאן געזאגט, אבער פון וואנען וועט ער וויסען, אז איך בין דא?

— איך וועל איהם זאגען, האט נעגארא געענטפערט. איך וועל פאהרען נאך סאן פראנציסקא און וועל עס איהם זאגען, און וועל דערביי אויך אפנעהמען דאס געלד.

— דאס איז א לאנגע רייזע און עס דארף קאסטען פיעל געלד.

— איך האב געלד אויף דיא רייזע, האט נעגארא געזאגט.

— דאס געלד, וואס איהר האט ארויסגענאנבעט פון מיין קאסטען אויפ'ן „פילגרים." האט מיסים וועלדאן בעמערקט:

— לאז זיין אזוי, האט נעאנרא געענטפערט רוהיג, איך האב ארויס גענומען פון אייער קאסטען צעהן טויזענד דאללאר אלס אנגעלד פאר אייך, איך פערלאנג אבער נאך אהאלבע מילליאן, דאס איז ניט פיעל. איך דענק, אז אייער מאן וועט געבען פאר אייך, אייער קינד און דעם פליענען האפער אהאלבע מילליאן דאללארס־

— מיין מאן וועט געווים געבען פאר מיר אהאלבע מילליאן, אבער גלויבט ניט, אז ער וועט אייך גלויבען אויפ'ן ווארט מיין מאן קען מען ניט אזוי לייכט אפנאררען.

— דאס ווייס איך, האט נעגארא אויסגערופען, אבער ווען איך זאל איהם ברענגען א בריעף פון אייך, אז איך האב אייך גערעטעט פון טויט און אז איך בין אייער געטרייעסטער פריינד, וועלכער איז געוועזען געפאנגען גלייך מיט אייך, אבער איך בין אנטלאפען געווארען אום איהם צו מעלדען, וואו איהר געפינט זיך און וויא מען קען אייך אויסקויפען. ווען איהר וועט איהם שרייבען מיט אייער האנד־ שריפט, אז ער זאל מיר גיבען דאס געלד, וועט ער עס געווים טאהן.

— איך וועל אבער אזא בריעף ניט שרייבען! האט מיסים וועלדאן געזאגט פעסט.

— וואס? איהר ווילט מיר ניט גיבען אזא בריעף? האט נעגארא אויסגערו־ פען פול צארן.

— איך וויל ניט!

— איהר וועט איהם יא שרייבען! האט נעאגרא געזאגט פעסט, פערגעסט ניט, אז איהר זייט אין מיינע הענד, פערגעסט ניט, אז איהר האט א קינד...

מיסים וועלדאן איז געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט. זיא האט אנגע־ הויבען צו פערשטעהן איהר שרעקליכע לאגע.

— מיסים וועלדאן, איך גיב אייך אכט טאג צייט, האט נעאַגראַ ווייטער געזאגט, איבערלעגט אייך און שרייבט אן דעם בריעף. וועט איהר עס אבער ניט טאהן, וועט עס אייך טהייער קאסטען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען פון איהר שטיבעלע און איז פערשוואונדען געווארען.

מיסים וועלדאן האט אראפגעלאזען דעם קאפ און האט אנגעהויבען צו וויינען. איהר לאגע איז יעצט געווען פערצווייפעלט, זיא האט ניט געקענט שרייבען דעם בריעף, וועלכען נעגאַראַ האט פערלאנגט פון איהר, ווייל זיא האט ניט גע־

קענט טרויען אזא טויגעניכטס. ער קען נאך פערפיהרען איהר מאן און איהם אויך האלטען געפאנגען. ער דראהעט דאך אבער, אז ער וויל צו נעהמען איהר קינד!

13טעס קאפיטעל.

## וואוהין א העקסאפאד קען פערפיה־ען.

אנקעל בענעדיקט האט ניט געוואוסט, אז נעגארא האט בעזוכט מיסיס וועלדאן און האט פון איהר פערלאנגט א בריעף, ער האט אים אלגעמיינען זיך ניט אינטערעסירט צו וויסען, וואס עס טהוט זיך ארום איהם. ער האט געוואוסט, אז ער געפינט זיך אין ווילדעסטען אפריקא אין קען האבען דיא בעסטע געלעגענהייט צו שטודירען ענטאמאלאגיע, ווען ער זאל קענען ארויסגעהן פון פארקען און זיך פערטיעפען אין דיא וועלדער. דאס איז אבער אונמעגליך געוועזען, ווייל וואו ער איז געגאנגען, האט ער געטראפען א הויכען צוים פון שטארקע קלעצער און ער האט אויף קיין פאל ניט געקענט אריבערקלעטערן דיעזען פארקען אדער דיעזען צוים.

ער האט זיך אלזא געמוזט בעגנוגען מיט דעם גרויסען גארטען און דארום פלעגט ער שטענדיג ארומגעהן אין גארטען, בעטראכטען יעדען בוים און זוכען נייע העקסאפאדען. פון פריה מארגען, ביז עס פלעגט דונקעל ווערען פלעגט ער ארומגעהן אין גארטען און זוכען. ער האט צוואר געפונען איינינע נייע סארטען פליעגען אדער דיפטערס, אבער דערמיט איז ער ניט צופריעדען געוועזען.

איין מאל דאס איז געוועזען דעם אנדערען טאג נאך דעם, וויא נעגארא האט בעזוכט מיסיס וועלדאן און האט איהר ערקלערט, וואס ער פערלאנגט פון איהר, איז אנקעל בענעדיקט געשטאנען לעבען אבוים און האט זיך עפעס פערטראכט, פלוצלונג האט ער דערהערט אזאנדערבארעס זומען, פון א פליעג, ווען זיא פליהט.

אנקעל בענעדיקט איז געוועזען קורצזיכטיג. ווען נעגארא און הערריס האבען איהם געפאנגען ביים טערמיטען בערגעל, האט ער פערלארען זיינע בריללען, אהן דיא ברילען האט ער זיך ניט געקענט ריהרען, ער איז געוועזען א האלב בלינדער מענש, דער פאר אבער האט ער געהאט א שארפעס אויער. ער איז שוין געוועזען אזוי צו געוואוינט צו הערן דיא מוזיק פון זיינע העקסאפאדען, אז ער האט געקענט דערקענען דאס זומען פון א פליעג פון דעם זומען פון א קעפער (זשוק). וואס ער האט ניט געקענט דערזעהן מיטן אויג, האט ער דערהערט מיטן אויער

— וואס איז דאס? האט ער געפרעגט, דאס איז עפעס א נייע סארטע זומען! איך ווייס, אז דאס זומען פון דיא העקסאפאדען קומט דערפון, וואס זיי מאכען זעהר שנעל מיט זייערע פליגעל, ווען זיי פליהען. עס זיינען דא העקסאפאדען, וועלכע בעוועגען זייערע פליגעל 15 ביז 16 טויזענד מאל אין איין סעקונדע דערפאר מאכען זיי אזא זאנדערבארען גערויש, ווען זיי פליהען. דאס מאל אבער איז עס א גאנץ נייע סארטע זומען, וואס זאל עס זיין?

ער איז געבליעבען שטעהן און האט זיך ארום געקוקט אין אלע זייטען, איבער זיין קאפ האט זיך געדרעהט א שווארצער פונקט.

— א העקסאפאד! האט ער אויסגערופען פול פרייד, - איך האב געוואוסט, אז דאס איז א העקסאפאד. איך האב דערקענט דאס זומען, אבער וואס פאר א העקסאפאד איז עס? פיעלייכט איז עס א נייער העקסאפאד!

ער האט אויסגעגלאצט דיא אויגען און האט רוהיג געווארט, אז דער העקסאפאד זאל ארונטערפליהען צו איהם.

דער העקסאפאד איז געבליעבען שטעהן אויפין בוים, דאן האט ער זיך אויסגעדרעהט און האט א שפרונג געטאהן, ער איז ארויף געשפרונגען העכער, דאן האט ער זיך עפעס איבערלעגט און איז געקומען ניעדעריגער. אנקעל בענעדיקט איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט. ער האט יעצט שוין דייטליך געזעהן, אז דאס איז עפעס א נייער העקסאפאד, אבער ער האט נאך נים געקענט גענוי זאגען, וואס דאס איז. חאפען איהם מיט דער האנד האט ער מורא געהאט, ער זאל איהם נים צו קוועטשען, דאן האט ער פאר איהם קיין ווערטה. ער מוז איהם חאפען לעבעדיגערהייט, אבער וויא אזוי!

פלוצלונג איז דער העקסאפאד געקומען אזוי נאהענט צו אנקעל בענעדיקט, אז ער האט געקענט איהם בעטראכטען.

— נאט אין הימעל! האט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען, דאס איז דאך א „מאנטיקאר,“ איינער פון דיא זעלטענסטע זומער פייגעלעך אויף דער וועלט! אין גאנץ אייראפא געפינט זיך נור איין עקזעמפלאר פון דיעזען זעלטענעם העקסאפאד, אין אמעריקא געפינט זיך נוט איינער.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אויסגעשטרעקט דיא הענד און האט געוואלט חאפען דעם מאנטיקאר, אבער דער העקסאפאד איז געווען פלינקער פון איהם און איז אוועק געפלויגען.

אנקעל בענעדיקט איז געווען אויסער זיך.

— איך מוז איהם האבען ! האט ער אויסגערופען און איז נאכגעלאפען דעם מאַנטיקאָר.

דער מאַנטיקאָר איז אבער אנטלאפען פון איהם און וויא עס ווייזט אויס, איז עס איהם ניט געפעלען צו מאכען א רייזע נאך אַמעריקא, אום מען זאל איהם דארט אויסשטעלען אין א מוזעאום. אָנקעל בענעדיקט האט געווארפען אויף איהם זיין הוט, אבער דער מאַנטיקאָר האט ניט געוואלט זיך לאזען פאנגען אין א הוט.

עס האט זיך אנגעהויבען א יאגד. אָנקעל בענעדיקט וואלט אוועק געגעבען צעהן יאהר פון זיין לעבען אום צו האבען דעם זעלטענעם העקסאָפּאָד, דער העקסאָפּאָד אבער האט ניט געוואלט אוועק שענקען זיין לעבען צו ליעב דער וויסענשאפט. אנקעל בענעדיקט האט פערלארען זיין הוט און האט זיך דארויף ניט אומגעקוקט, ער איז ווייטער נאכגעלאפען דעם מאַנטיקאָר, ביז דער מאַנטיקאָר איז צו געקומען צום הויכען פארקען ארום דעם גארטען און עס איז איהם אויסגעקומען זיך צו זעצען אויפ'ן פארקען אפּרוהען.

אָנקעל בענעדיקט האט עס געזעהן און איז געווען פערצווייפעלט. ארויפקלעטערן אויפ'ן פארקען האט ער ניט געקענט און דער מאַנטיקאָר האט אויף קיין פאל ניט געוואלט אראפּשפּרינגען צו איהם. אָנקעל בענעדיקט האט פון זיך אראפּגעווארפען דעם ראָק און האט איהם ארויפגעווארפען אויפ'ן מאַנטיקאָר, אבער אָנקעל בענעדיקט האט זיך קיין מאל ניט געלערנט ווארפען, זיין ראק איז אריבערגעפלויגען איבערן פארקען און דער מאַנטיקאר איז אוועק געפלויגען.

פלוצלונג האט אָנקעל בענעדיקט דערזעהן א שטריקלייטער הענגען איבערן פארקען ער האט זיך דערפרעהט, האט זיך אנגעכאפּט אן שטריקלייטער און איז ארויפגעקלעטערט אויפ'ן פארקען. דארט האט ער געפונען א שטאנג אנגעשפּארט אן פארקען, אויף דיעזער שטאנג האט ער זיך אראפּגעלאָזען און האט אנגעהויבען נאכצולויפען דעם מאַנטיקאָר.

פון יענער זייט פארקען איז געווען א געדיכטער וואלד. אָנקעל בענעיקט האט זיך ווייניג געקימערט, וואו ער געפינט זיך, ער האט געדארפט האָבען דעם מאַנטיקאָר. אזוי וויא ער איז אזוי געלאפען, האבען צוויי שטארקע שווארצע הענד איהם ארומגענומען, איהם פערשטאָפּט דאס מויל, ער זאָל ניט שרייען און איהם אוועק געשלעפּט.

---

14טעס קאפיטעל.

# דיא רעטונג.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא ערשראָקען און ערשטוינט מיסיס וועלדאן איז געוועזן, ווען זיא האט א גאנצען טאָג ניט געזעהן אָנקעל בענעדיקט. אנפאנגס האט זיא געמיינט, אז ער איז ערגעץ פערקראָכען אין גארטען זוכען א העקסאָפאָד, ווען עס איז אבער נאכט געווארען און ער איז ניט געקומען צו איהר, איז זיא געווארען זעהר אונרוהיג. זיא האט אנגעהייבען צו רופען איהם, צו שרייען, צו זוכען איהם, — אלעס אומזיסט! אָנקעל בענעדיקט איז פערשוואונדען געווארען.

באלד איז אויך נעגאָראָ געוואהר געווארען, אז אָנקעל בענעדיקט איז פערשוואונדען געווארען און ער האט געשיקט זיינע מענשען איהם זוכען איבעראלל, אבער אויך זיי האבען ניט געקענט געפינען א שפור פון דעם פליענגען האפער. ענדליך האט נעגאָראָ געזאגט:

— איך וויל איהם מעהר ניט זוכען, וואס טויג ער מיר! וואס קען איך האבען פון דעם פליענגען האפער?

אונטערדעסען האט מען אין קאזונדא געמאכט א גרויסען פייערטאָג, דיא נייע קעניגין האט געגיבען א באָלל פאר אלע איהרע אונטערטהאנען, וויא אויך פאר אלע פרעמדע, ווייסע און שווארצע, וועלכע האבען זיך געפונען אין קאזונדא. אום צו מאכען דעם באלל נאך אינטערעסאנטער האט זיא איינגעלאדען צויבערער פון פערשיעדענע לענדער, זיי זאלען מאכען, אז איהר קעניגרייך זאל זיין גליקליך. אין אפריקא גלויבט מען זעהר שטארק אין א צויבערעד. דער ווילדער מענש לאזט זיך לייכט פערפיהרען פון יעדען פעהיגען שארלאטאן.

עס איז אנגעקומען א צויבערער פון א ווייטעס לאנד, אזוי וועניגסטענס האט ער אליין געזאגט, און ער האט זיך נאך בעריהמט, אז ער קען מאכען גרויסע וואונדער.

דעם דריטען טאָג נאָך דעם וויא אָנקעל בענעדיקט איז פערשוואונדען געווארען, איז געווען דער טאָג פון דעם גרויסען באלל. דיא קעניגין האט געהייסען גיבען אלעמען ראָם און שנאפס יעדער האט געטרונקען, וויא פיעל ער האט געוואלט. דאן האט מען געטאנצט און יעדער צויבערער האָט בעוויזען זיינע קונסט שטיקע.

נענען אבענדס זיינען שוין אלע געװען שיכור, אבער אלע האבען געװארט מיט אונגעדולד אויף דעם פרעמדען צויבערער, װעלכער האט געדארפט װייזען װאונדער.

ענדליך האט זיך געװיזען דער גרויסער צויבערער, ער איז נעקומען מיט צװיי דיענער אדער קאמעראדען, װעלכע האבען איהם געהאלפען.

זיין ערשטעס קונסט שטיק איז געװען, װאס ער האט איינגעשלונגען א שװערד, א קונסט שטיק װעלכען מען קען זעהן אין דעם ביללעגסטען מוזעאום אין ניו יארק, דיא װילדע אפריקאנער אבער זיינען געװארען ערשטוינט, איבערראשט און זאגאר דערשראקען, װען זיי האבען געזעהן, װיא א מענש שלינגט איין א שארפעס שװערד.

— דאס איז צויבער! דאס טוהען נייסטער! האבען זיי געשריען און זיינען געפאלען אויף דיא קניע פארן צויבערער.

דאן האט דער צויבערער גענומען א גרויסען שטרוי הוט, האט געװיזען אלעמען, אז דער שטרוי הוט איז לעדיג, האט עפעס געזאגט און האט ארויס גע־שלעפט פון שטרוי הוט א לעבעדיגען האז. דאס איז אויך א גאנץ געװעהנליכעס קונסט שטיק. אבער אין אפריקא, אין װילדען אפריקא, פאר װילדע און האלב װילדע מענשען איז עס געװען א צויבער, א װאהרער צויבער. דיא קעניגין איז געװען אויסער זיך פאר שטוינען און בעװאונדערונג. זיא האט זאגאר אנגעהויבען מורא צו האבען פאר דיעזען שרעקליכען צויבערער.

פלוצלונג האט דער צויבערער געפונען, אז אין דיעזען ארט איז איהם אונ־מעגליך װייטער צו בעװייזען זיינע קונסט שטיקע, ער מוז זיך אויסזוכען אנאנדער פלאץ. ער אליין האט עס אבער נים געזאגט, זאנדערן איינער פון זיינע דיענער אדער בעגלייטער, װעלכער האט גוט גערעדט דיא קאזונדא שפראכע.

דיא קעניגין האט איהם ערלויבט זיך אויס צו זוכען דעם פלאץ, װעלכער פאסט איהם בעסער פאר זיינע צויבער שטיקלעך, דער נייער צויבערער האט אנ־געהויבען צו טאנצען און צו געהן װייטער אין דיא שטאדט פון דיא װייסע שקלא־פענהענדלער. אלע זיינען איהם נאכגעגאנגען. דיא קעניגין האט מען געטראגען אויף א קיטאנדא זיא איז געװען ארומגערינגעלט פון איהר לייב גארדע.

דער צויבערער האט געפיהרט, יעצט דאס גאנצע פאלק פון קאזונדא צו דעם גארטען, װאו מיסיס װלדאן מיט איהר קינד זיינען געװען פערשפארט, אלויעז נעגארא און אנדערע װייסע מענשען, װעלכע האבען זיך געפונען לעבען דער קעניגין, האבען אויף קיין פאל נים געקענט פערשטעהן, פאר װאס דער צויבערער האט

אויסגעזוכט זייער גארטען פאר דעם פלאץ, וואו ער וועט בעווייזען זיינע וואונדער. זיי האבען אנפאנגס ניט געוואלט איהם אריינלאזען אין זייער גארטען, זיי האבען אבער מורא געהאט פאר דיא ווילדע פערשיכורטע מענגע. זיי האבען געמוזט עפענען דיא טויערן פון גארטען און אריינלאזען אלעמען.

מיסיס וועלדאן האט זיך נור וואס געלעגט שלאפען, זיא האט אבער ניט געשלאפען, זייט אנקעל בענעדיקט איז פערשוואונדען געווארען, האט זיא ניט גע־קענט שלאפען. ווען זיא האט דערהערט דעם שרעקליכען ליארעם און דיא ווילדע געשרייען פון דער מענגע, האט זיא גענומען איהר קינד אויף דיא הענד און איז ארויס געגאנגען פון איהר שטיבעלע זעהן, וואס עס טהוט זיך אין דרויסען.

אין דיעזע מינוט האט דער צויבערער בעוויעזען א נייעם צויבער, וועלכער האט אלעמען איבערראשט און איבער געשראקען. ער האט געוויעזען, אז פון זיין מויל און פון זיינע נאזלעכער זיינען ארויסגעגאנגען פלאמען פייער. דיא גאנצע ווילדע מענגע איז געפאלען פאר איהם אויף דיא קניע און האט אנגעהויבען צו שרייען און צו בעטען צו איהם וויא צו א גאט. ווען אלע זיינען געלעגען אויף דיא קניע, איז דער צויבערער צו געגאנגען צו מיסיס וועלדאן, האט זיא מיט איהר קינד אנגענומען מיט זיינע שטארקע אייזערנע הענד און איז מיט זיי אנטלאפען געווארען אין דער פינסטערער נאכט.

נעגארא האט עס געזעהן און איז געווארען אויסער זיך פאר צארן און פער־דרוס. ער האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז דאס איז קיין אפריקאנער צויבערער זאנדערן אן אייראפעער, וועלכער איז געקומען בעפרייען מיסיס וועלדאן.

— האפט איהם! יאגט איהם נאך! ער איז א בעטריגער! האט ער גע־שריעען צו זיינע מענשען און צו דער מענגע.

אלע זיינען אבער געווען אזוי איבערראשט און אזוי איבער געשראקען פון דיא וואונדער, וועלכע דער צויבערער האט בעוויעזען, אז זיי האבען מורא געהאט זיך צו ריהרען פון ארט. עס האט זיך ניט געפונען איינער, וועלכער האט עס גע־וואגט נאכצולויפען דעם צויבערער.

נעגארא האט געקריצט מיט דיא צעהנער פאר צארן און פערצווייפלונג. ער האט יעצט פערלארען צ האלבע מיליאן דאללאר.

— איך וועל אליין געהן! האט ער אויסגערופען, איך וועל איהם נאכיאגען, איך וועל איהם דערגרייכען, איך וועל איאם דערשיעסען, וויא א הונד.

ער האט עס אויך געטאהן און איז באלד פערשוואונדען געווארען אין דער פינסטערער נאכט.

אונטערדעסען איז דער צויבערער געלאפען מיט מיסיס וועלדאן און איהר קינד. אזוי וויא מיסיס וועלדאן איז געפאלען אין אהן מאכט פאר שרעק און אי־בערראשונג, האט ער זיא געטראָגען אויף דיא פלייצעס מיט איין האנד און אויף דער אנדערער האנד האט ער געטראָגען דעם קליינעם דשעק. ער איז געלאפען גלייך צום טייך. אין דער צייט פון א האלבע שטונדע איז ער צו געקומען צום טייך. דארט זיינען געשטאנען צוויי קליינע שיפלעך. ער האט אנידער געלעגט מיסיס וועלדאן אין איינעם פון דיעזע שיפלעך.

ווען זיא איז געקומען צו זיך און האט געעפענט דיא אויגען, האט זיא דער־זעהן לעבען זיך דיקסאנד און אָנקעל בענעדיקט. דער הונט דינגאָ איז געלעגען לעבען זיי.

— וויא קומט איהר אהער? האט זיא אויסגערופען.

— דער נעגער דשאן, איינער פון דיא פינף נעגער, וועלכע מיר האבען גע־רעטעט פון דעם אונגליקס שיף „וואלדעק,“ האט אונז געבראכט אהער, האט דיקסאנד געענטפערט.

— וואו איז ער?

— אָט בין איך! האט דשאן אויסגערופען.

באלד האט זיך אלעס ערקלערט. דשאן איז געלאפען אזוי לאנג, ביז ער איז געקומען אין א שטאָדט, וואו עס האט זיך געפונען א ענגילשער קאָנסול. דשאן האט איהם אלעס דערצעהלט. דער ענגלישער קאָנסול האט זיך פערטראכט און האט געפרעגט:

— וואס קען איך העלפען? קאזונדא איז א גרויסעס קעניגרייך, עס איז דיא נעמ: פון דיא שקלאפענהענדלער. זיי האבען גענוג סאָלדאטען און מוניציאָן אום זי: צו שטעלען געגען א גאַצען באטאליאָן ענגלישע סאָלדאטען. איך האב אבער ביי מיר קיינע ענגלישע סאָלדאטען. מיט געוואלד קענען מיר אלזא גאר ניט מא־כען, מען מוז געברויכען ליסט (חיטראָסט) א קונסט שטיק, א חכמה, אום צו רעטען מיסיס וועלדאן און דעם געלערנטען בענעדיקט.

דער ענגלישער קאָנסול האט אנגעהויבען אויסצופרעגען דעם נעגער דשאן, מ ט וואס ער האט זיך בעשעפטיגט אין אמעריקא און האט אויסגעפונען, אז דשאן א ז אמאל געווען בעשעפטיגט אין א בילכעגען מוזעאום אין פילאדעלפיא.

— דאס איז גוט! דאס וועט אונז העלפען! האט דער קאָנסול אויסגערופען, איהר קענט געוויס פיעלע קונסט שטיקע, וועלכע מען צייגט אין א מוזעאום.

— איך קען זיי אלע, האט דשאן געענטפערט.

— דאן מוזט איהר ווערן א צויבערער און פאהרען נאך קאזונדא. דורך דעם טייך קאנסא, וועלכער פליעסט ניט ווייט פון אונזער שטאדט, קענט איהר קומען גלייך נאך קאזונדא דארט וועט איהר שוין אליין זעהן, וואס איהר האט צו טאהן און וויא אזוי איהר קענט רעטען דיא אמעריקאנער.

דער קאנסול האט געגיבען דשאנען צוויי קליינע שיפלעך און פיער נעגער, וועלכע האבען געקענט פיהרען א שיפעל און האבען געקענט דעם וועג נאך קאזונדא. דשאן איז געקומען נאך קאזונדא און איז געוואהר געווארען, וואו מיסיס וועלדאן און אנקעל בענעדיקט געפינען זיך פערשפארט. מיר ווייסען שוין, וויא ער האט געראטעוועט אנקעל בענעדיקט. וויא ער האט גערעט דיקסאנד איז לייכט צו ערקלערן. ער האט געזעהן, וויא מען האט צו געבונדען דיקסאנד צו א שטאנג און מען האט געלאזען אויף איהם לויפען דאס וואסער פון טייך. דשאן מיט זיינע פיער נעגער האבען איבערגעשניטען דיא שטריק, מיט וועלכע דיקסאנד איז געווען צו געבונדען און האבען איהם געבראכט אין זייערע שיפלעך.

דאס שווערסטע איז געווען צו רעטען מיסיס וועלדאן מיט איהר קינד. ווייל נעגארא פלעגט זיי שטארק בעוואכען. דשאן האט געמוזט זיך פערשטעלען פאר א צויבערער איבערראשען דיא ווילדע נעגער מיט זיינע קונסט שטיקע, וועלכע ער האט זיך אויסגעלערנט אין א מוזעאום אין פילאדעלפיא און אויף דיעזער ארט האט ער געראטעוועט מיסיס וועלדאן.

איידער דשאן האט געענדיגט זיין ערצעהלונג, ביז אנקעל בענעדיקט און דיקסאנד האבען דערצעהלט, וואס מיט זיי האט פאסירט און וויא דשאן האט זיי געראטעוועט, איז טאג געווארען און אונזערע אמעריקאנער האבען דערזעהן, אז זיי געפינען זיך אויף א טייך אין א ווילדען וואלד. זיי זיינען שוין געווען ווייט פון קאזונדא.

## 15טעס קאפיטעל.

# אין ווילדען אפריקא.

דער נעגער דשאן און דיא מענשען, וועלכע דער ענגלישער קאנסול האט געשיקט מיט איהם, האבען גאנץ גוט געוואוסט, אז נעגארא און דיא אנדערע שקלאפען-הענדלער וועלען זיי נאכיאגען און דארום זייגען זיי געפאהרען ניט גלייך מיטען טייך קאנזא, זאנדערן זיי זיינען אריינגעפאהרען אין איינע זיינע נעבען טייכען און אין דיא גרויסע לייקס (אזיעראס), וועלכע געפינען זיך אויף זיין וועג.

דעם ערשטען טאָג האבען זיי נעפונען פאר נעטהיג ניט צו פאהרען ביי טאָג, ווען מען קען זיי זעהן. זיי האבען אריינגעפיהרט זייערע שיפלעך אין א נעדיכטען וואלד, וואו דיא ביימער האבען זיי אין גאנצען פערשטעלט. דארטען האבען זיי צו געבונדען דיא שיפלעך צו א בוים און האבען זיך א גאנצען טאָג פערהאלטען רוהיג.

אָנקעל בענעדיקט האט צוואר געוואלט ארויסגעהן אין וואלד זוכען א „מאַנטיקאָר,“ אבער דיקסאנד האט איהם ניט געלאזען.

— איהר ווייסט נאר ניט, וואס פאר א זעלטענער העקסאַפּאַד א „מאַנטי־קאָר,“ איז, האט אָנקעל בענעדיקט ערקלערט, א „מאַנטיקאָר,“ איז אייגענטליך א שפּין, אבער א שפּין האט אכט פיס און א „מאַנטיקאָר,“ האט נור זעקס פיס. א שפּין האט קיינע פליגעל, א „מאַנטיקאָר“ אבער האט פליגעל, ער איז אַלזאָ א העקסאַפּאַד, ער איז אבער דאָך א שפּין, ווייל ער לעבט, וויא א שפּין און איז א רויבער און א מערדער, וויא א שפּין. פיעלע געלערנטע גלויבען נאר ניט, אז אויף דער וועלט געפינט זיך אזא העקסאַפּאַד. וויא גליקליך וואלט איך געווען, ווען איך זאל האבען א „מאַנטיקאָר“ אין מיין זאמלונג. ווען מיר וועלען קומען נאָך אמע־ריקא, וואלט איך באלד געשריעבען אין סעמטהאניאן אינסטיטוט, אז איך האב א „מאַנטיקאָר“ און וויל איהם שענקען דעם גרעסטען מוזעאום אין אמעריקא פיר נאטור וויסענשאַפטען. איהר קענט יעצט פערשטעהן, אז איך מוז האבען א „מאַנטיקאָר“.

דיקסאנד און מיסיס וועלדאָן האבען צוואר פערשטאנען, אז א „מאַנטיקאָר“ איז א זעהר זעלטענער העקסאַפּאַד, זיי האבען אבער דאָך ניט געלאזען אָנקעל בענעדיקט געהן אין וואלד זוכען נייע העקסאפאדען. אזוי וויא אָנקעל בענעדיקט האט זיך דאָך ניט געקענט איינהאלטען, האבען זיי איהם געבעטען, ער זאל לער־נען מיט'ן קליינעם דשעק ענטאָמאָלאָגיע.

אין דער צייט ווען אָנקעל בענעדיקט האט געלערנט מיט'ן קליינעם דשעק ענטאָמאָלאָגיע, האט דיקסאנד זיך בעשעפטיגט מיט דיא וויכטיגסטע זאכען פאר זייער רייזע. אזוי וויא דיא זון האט געברענט וויא פייער, האט מען געמוזט מאכען איבער דעם שיפעל א סארט דאָך, א דעק, וועלכע זאל שיצען מיסיס וועלדאָן מיט איהר קינד געגען דיא זון. דאן האט מען געמוזט אנהויבען צו טראכטען וועגען פּראוויאנט, אויף אזא לאנגע רייזע מוז מען האבען וואס צו עסען. יעצט האבען זיי געהאט נור צוויי וועגען צו בעקומען עסען־ווארג: כאפּען פיש אין טייך און און פאנגען פייגעל און אנדערע טהיערע אין וואלד. דשאן מיט זיינע מענשען הא־בען צוואר געהאט מיט זיך ביקסען און שיס מאטעריאל, דערווייל אבער האבען זיי

מורא נעהאט צו שיעסען, נעגאָרא מיט זיינע מענשען זאלען ניט דערהערען דעם קנאַק פון דיא ביקסען.

דאן איז געקומען דיא הויפּט פראגע: וויא וויים איז מען פון א פּאָרט, פון א שטאָדט, וואו מען זאל קענען קריגען א שיף נאך אמעריקא. דיקסאנד איז יעצט וויעדער שיפס-קאַפּיטאן, אבער פיהרען א שיף, וויא דער „פּילגרים" איז פיעל לייכטער פאר א פּעהיגען שיפס-קאַפּיטאן, וויא צו פיהרען צוויי קליינע און שוואַכע שיפלעך אויף דיא ווילדע טייכען פון ווילדען אפריקא, אהן א קאמפּאַס, אהן א וועג ווייזער, אהן א לאנדקארטע און אהן א וואסער-קארטע.

דאנעגען האט דיקסאנד גאר ניט געקענט אויסטראַכטען. מיסיס וועלדאן האט געזעהן, וויא ער זיצט אזוי טרויעריג און פערטראַכט און האט איהם געפרעגט:

— וואס ביסט דוא אזוי אונרוהיג, דיק?

ער האט איהר ערקלעהרט, פאר וואס ער איז אזוי אונרוהיג. אָנקעל בענעדיקט האט גאנץ רוהיג אויסגעהערט, וואס דיקסאנד האט ערקלערט, און האט זיך אפּגערופען:

— דאס איז דאך גאנץ איינפאך. מיר געפינען זיך אין וועסט אפריקא, דיעזער טייך פליעסט פון אָסט (מזרח) נאך וועסט (מעריב.) מיר ווייסען, אז אין וועסט אפריקא געפינען זיך נור עטליכע גרויסע טייכען, וויא דער ניגער און דער קאָנגאָ. נאך מיין רעכנונג פליעסט דיעזער טייך אריין אין דעם קאָנגאָ, דאן קענען מיר קומען אין דיא שטאָדט דאנאַטאַ, וועלכע געהערט צו פראנקרייך, אדער נאך דער שטאָדט לאָאַנדאַ, וועלכע געהערט צו פּארטוגאל. איןביידע שטעדט געפינען זיך ענגלישע און אמעריקאנישע קאָנסולן, וועלכע וועלען אונז גיבען דיא מעגליכקייט צו קומען אהיים.

דיקסאנד האט זיך פערשעהמט, דער געלערנטער ענטאָמאָלאָג האָט בעסער געקענט דיא געאָגראַפיע פון אפריקא פון איהם, א שיפסקאַפּיטאן.

דער טאָג איז פערגאנגען רוהיג. קוים איז דיא זון אונטער געגאנגען, האבען זיי אפּגעבונדען זייערע שיפעלעך און זיינען ווייטער געפאהרען. געגען האלבע נאכט האבען זיי פּלוצלונג דערהערט א זאָנדערבארעס געריש. עס האט זיך זיי אויסגעוויזען, אז הונדערט גרויסע פּומפּען ארבייטען און שעפּען וואסער.

— וואס איז דאס? האט מיסיס וועלדאן געפרעגט אונרוהיג.

באלד איז זיא געוואהר געוואָרען, וואס דאס איז. דער מאָנד איז אויפגעגאנגען און האט בעלייכטעט דיא גאנצע געגענד, ניט ווייט פון זיי זיינען געשטאנען

אין וואסער פינפציג ביז זעבציג עלעפאנטען און האבען געטרונקען. עס איז ווערטה געווען צו זעהן, וויא דיעזע גרויסע טהירע האבען אלע מיט אמאל אראפגעלאזען זייערע לאנגע נעזער אין וואסער, האבען זיי אנגענומען מיט וואסער און אויפגע־הויבען מיט אמאל. באלד האבען זיי אנגעהויבען זיך צו שפיעלען, וויא קינדער, און איינער האט אפגענאסען דעם אנדערן מיט וואסער, איינער האט געשפריצט אויפ'ן אנדערן. דער ווילדער עלעפאנט איז א גאנץ לוסטיגעס טהיער. ער האט ליעב זיך פרעהליך צו מאכען און זיך צו אמוזירען.

דער טייך איז געווארען אלע מאל גרעסער און אלע מאל שנעלער: עס זייענען צו געקומען צו איהם פיעלע קליינע טייכלעך און האבען איהם צו געבראכט פיעל וואסער. אין ערטער זיינען ארום געשוואומען גאנצע אינזלען. עס קומען זיך צו זאמען עטליכע צובראָכענע ביימער, בעזאנדערס נאך א שטארקען שטורם, וועלכער רייסט אויס פיעלע ביימער אוןווארפט זיי אריין אין וואסער, אדער ווען דיא עלעפאנטען מאכען זיך א נייעם וועג און זיי רייסען אויס דיא ביימער, אום זיי זאלען קענען בעסער געהן. דיעזע ביימער שווימען ארום אין וואסער. זיי קומען זיך אפט צונויף, פערפלעכטען זיך, פערפלאָנטערן זיך מיט זייערע צווייגען, עס פאלען אָן אויף זיי בלעטער און גראזען און עס בילדעט זיך א קליינע אינזעל. א זעלכע קליינע אינזלען ווערן צו מאל אזוי געדיכט און אזוי פעסט, אז מען קען ארומגעהן אויף זיי. צומאל פעראייניגען זיך עטליכע א זעלכע אינזלען און לעגען זיך אויס איבערן גאנצען טייך, זיי בילדען דאן א בריק, איבער וועלכער מען קען אריבער געהן דעם טייך פון איין ברעג צום אנדערן.

דיעזע אינזלען רופט מען „דיא שווימענדע אינזלען" וויל געוועהנליך שווימען זיי ארום אויפ'ן טייך פאר א רייזענדען. פאר א נאטורפארשער זיינען זיי זעהר אינטערעסאנט; ווען מען דארף אבער פאהרען אויפ'ן טייך אין א קליין שיפעלע, ווען מען דארף אנטלויפען פון א פיינד, זיינען דיעזע „שווימענדע אינזלען" זעהר אונאנגענעהם און צו מאל זאגאר געפעהרליך.

דיקסאנד מיט זיין קליינער קאראוואנא האבען עטליכע מאל בעגעגענט אזעלכע שווימענדע אינזלען און עס האט זיי געקאסט פיעל מיה זיי אויסצומיידען. דיקסאנד האט זיך באלד איבערצייגט, אז אויף דיא טייכען פון ווילדען אפריקא איז בעסער צו פאהרען ביי טאג, וויא ביי נאכט.

אבער באלד האבען אונזערע אנטלאפענע אנגעהויבען צו ליידען הונגער. דאס ביסעל פראוויאנט, וועלכע דשאן האט מיטגעבראכט, האט זיך אויסגעלאזען און מען האט געמוזט אנהויבען צו זוכען עסען. מעז האט געמאכט א נעץ און מען

האט פראבירט האפען פיש אין מייך. מען האט געהאפט אייניגע פיש, אבער פון א גאנץ נייער סארטע, נים מיסים וועלדאן, נים דיקסאנד און נים דיא נענער האבען געוואוסט, וואס פאר א סארט פיש דאס איז.

— אך! פאר וואס בין איך נים א איכטיאלאג! האט אנקעל בענעדיקט אויסגערופען, — פאר וואס האב איך געלערנט נור ענטאמאלאגיע און נים איכ־טיאלאגיע, (דיא לעהרע פון פיש, וועלכע פיש זיינען ניצליך און וועלכע זיינען שעדליך.)

עס איז אבער קיין צייט געווען צו לערנען איכטיאלאגיע, ווען מען איז הונגע־ריג, דענקט מען נור פון עסען. מען מוז אלזא עסען, וואס מען האט, אבער רויע פיש קען מען נים עסען, מען מוז זיי קאכען, נון וואו נעמט מען פייער? — מען האט געמוזט מאכען פייער, וויא דיא ווילדע מענשען מאכען עס. מען נעהמט צוויי שטיקער האלץ, אגאנץ טרוקענעס און אגאנץ פייכטעס, און מען רייבט איינס אן אנדערן אזוי לאנג, ביז זיי הייבען אן צו ברענען. מען דערצעהלט, אז דיא ווילדע אפריקאנער האבען זיך אויסגעלערנט צו מאכען פייער אויף דיעזער ארט פון דיא גאריללאס, א גרויסער און זעהר שטארקער אף (מאנקי.) ווען דעם גאריללא ווערט קאלט און ער וויל זיך אנווארעמען, נעהמט ער צוויי שטיקער האלץ און רייבט זיי אזוי לאנג, ביז זיי צינדען זיך אן. ער צולעגט דאן א פייער און לאזט איהם ברענען א גאנצע נאכט. דאן קריעכט ער ארויף אויף א בוים איבערן פייער און לעגט זיך שלאפען אין דער ווארם.

מען האט געמוזט מאכען פייער אויף דיעזער ארט און קאכען דיא פיש.

דעם אנדערן טאג האט דיקסאנד דערשאסען אן אנטילאפע, א סארט הירש, וועלכער געפינט זיך נור אין אפריקא. יעצט האבען זיי שוין געהאט גענוג פלייש צו עסען, אבער זיי האבען עס געמוזט עסען אהן זאלץ. אין אפריקא איז זאלץ א גאנץ טהייערער ארטיקעל. וואו האבען זיי געקענט נעהמען זאלץ אין ווילדען אפריקא?

## 16טעס קאפיטעל.

### S. Y.

צעהן טעג זיינען אזוי פערגאנגען. דיא אונגליקליכע רייזענדע זיינען פערפאה־רען אזוי וויים, אין אזעלכע ווילדע געגענדען, אז קיינער פון זיי האט שוין נים גע־וואוסט, וואו זיי געפינען זיך. זאגאר אנקעל בענעדיקט האט שוין נים געקענט זאגען פאר געוויס, אויב זיי געפינען זיך אויפ'ן טייך קאנגא אדער אויף אנאנדער וואסער.

דיא טייכען אין אפריקא דרעהן זיך, קרימען זיך און פערבייגען זיך אזוי, אז אמאל ווייזט זיך אויס, אז זיי פליעסען אין איין זייט, נאך ווענט דעם אנדערן מאָג זעהט מען, אז זיי פליעסען גאר נאך אַסט.

דיא געגענד איז געווארען אלץ ווילדער און שרעקליכער. מען איז ארויסגע־פאהרען פון וואלד און מען איז אריינגעפאהרען אין א דשונגלי הויכע גראָזען, ראהר, (קאמיש, טראסט) און באמבוק האבען געוואקסען פון ביידע זייטען טייך אויף הונדערטע מייל ווייט.

זאלאנג זיי האבען זיך געפונען אין וואלד, האבען זיי נאך געקענט קריגען שפייז: אין וואלד געפינען זיך פיינעל און אנטילאפען, אין דשונגל אבער האלטען זיך אויף נור וואסער פיינעל, טהיערע קענען נים לעבען אין דשונגל, ווייל דער באדען איז זומפיג און אין ערטער איז ער גאר בעדעקט מיט וואסער.

ערשט יעצט האבען אונזערע רייזענדע אנגעהויבען צו ליידען הונגער. דיא איינציגע נאהרונג, וואס זיי האבען געקענט קריגען, איז געווען פיש. אבער וואו קאָבט מען דיא פיש? אין דשונגל קען מען זיך נים אפשטעלען קאכען. דיקסאנד איז געווען פערצווייפעלט. ער און אלע דערוואקסענע מענשען האבען איבער געט־ראגען דעם הונגער, אבער דער קליינער דשעק? וואס טהוט מען מיט איהם?

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה האבען זיי דערזעהן א בערגעל, וועלכער איז געווען בעוואקסען מיט הויכע ביימער. ער איז געשטאנען גאנץ אליין, אבגע־זאנדערט אין דשונגעל.

— מיר מוזען צו פאהרען צום בערגעל, האט דיקסאנד געזאגט, וואו עס געפינען זיך ביימער, וועלען מיר געפינען וואס צו עסען.

זיי האבען זיך יעצט געפיהלט גאנץ זיכער. נעגאָראָ האט זיי געוויזט נאכגע־יאָגט, אבער ער האט נים געקענט געפינען זייער שפור און איז געווים צוריק גע־גאנגען נאך קאזונדא.

מיט שוועריגקייט איז עס זיי געלונגען צו צו קומען צום בערגעל. אלע זיינען ארויסגעגאנגען אויפ'ן לאנד. ווען מען פאהרט אוועק וואָכען לאנג אין א שיפעל, פיהלט מען א בעזאנדערעס פערגניגען, ווען מען קען א ביסעל ארומשפאצירען אויף דער מוטער ערד.

קוים איז מען ארוס געגאנגען אופ'ן לאנד, איז דיננא ארויסגעשפרונגען אין האט אנגעהויבען צו היילען, צו שפרינגען אין ארומצולויפען, וויא וואהנזיניג.

— וואס איז עפעס מיט'ן הונד? האט זיך דיקסאנד געפרעגט זיך אליין.

אבער קיינער האט איהם נים געקאנט ענטפערן, קיינער האט איהם נים

נעקענט ערקלערן, פאר וואס דיננא איז אזוי אתרוהינ. זאנאר דער קליינער דזעק האט דאס בעמערקט אין האט געזאגט:

— דיננא וויינט.

דיננא איז געשפרונגען, איז געלאפען, איז צוריק געקומען און האט געהיילט אין גערופען.

— מיר דאכט, אז דיננא רופט אונז ערגעץ, האט מיסיס וועלדאן בעמערקט, לאמיר איהם נאכגעהן.

מען האט איבערגעלאזען צוויי נעגער ביי דיא שיפלעך און אלע איבעריגע זיינען געגאנגען, וואוהין דיננא האט זיי געפיהרט. קוים האט דיננא געזעהן, אז מען געהט איהם נאך, האט ער זיך אביסעל בערוהינט, אבער ער האט נאך אלץ געהיילט און געוויינט.

אונטער א גרויסען בוים איז געשטאנען איין אלטעס געצעלט, געמאכט פון צווייגען, פון בוימער און פון בלעטער. אזעלכע געצעלטען מאכען זיך דיא רייזענדע אין אפריקא, ווען זיי דענקען צו בלייבען עטליכע טעג אין אן ארט. דיננא איז גע־לאפען צו דיעזען געצעלט. דיקסאנד און דיא איבעריגע זיינען איהם נאכגעגאנגען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום געצעלט, האט זיך זיי פארגעשטעלט א שרעק־ליכעס, שוידערהאפטעס בילד.

אין מיטען געצעלט איז געליגען דער סקעלעט פון א מענשען. דאס פלייש פון איהם איז שוין לאנג פערשוואונדען געווארען, עס זיינען געבליעבען נור דיא ביינער, זיי זיינען געווען ווייס, ווא קאלך, אבעוויין, אז זיי ליעגען שוין דא לאנג. לעבען סקעלעט זיינען געליגען צו ווארפען שטיקער פון האיב פערפוילטע קליידער, איינינע ביינעלעך פאפיער, איינינע שטארק פערראסטעטע פ ₪ קאלישע אינסטרו־מענטען אין א נאטיץ בוך.

אנקעל בענעדיקט האט אויפגעהויבען דאס נאטיץ בוך און אנגעהייבען עס צו בלעטערן. אזוי וויא עס האט געהאט שטארקע מאוולען, האר מען נאך געקענט לעזען גאנץ דייטליך וואס עס איז געשטאנען אנגעשריעבען אין איהם. דיא לעצטע ווערטער אין דיעזען נאטיץ בוך זיינען געווען:

„מיין דיענער נעגארא האט מיך בערויבט. ער האט צוגענומען מיין געלד אין אלע מיינע זאכען און האט מיך געשאסען. ער האט געמיינט אז איך בין טויט. אבער איך לעב.— איך בין קראנק און קען מיך ניט ריהרען. — עס איז אין גאנצען 120 מייל ווייט פון מעער, אבער וויא קען איך געהן אזא שטרעקע !“—

„דיננא איז מיט מיר, וואס קען ער מיר אבער העלפען?“—

„היינט איז דער 3טער דעצעמבער 1870... איך ווער אלע טאג שוואכער...
איך קען שוין מעהר נים שרייבען.“

„סעמיועל ווערנאן“.

וויא פערשטיינערט זיינען אלע געשטאנען ארום דיא ביינער פון דעם בע־ריהמטען רייזענדען. זייא האבען פערגעסען דעם הונגער, זייא האבען פערגעסען אלעס אין דער וועלט. זיי האבען בעטראכט וואס עס איז געבליעבען פון דעם גרוי־סען אונד בעריהמטען רייזענדען סעמיועל ווערנאן.

— מיר מוזען איהם בעערדיגען, האט ענדליך געזאגט אנקעל בענעדיקט, ער איז געוועזען א גרויסער מאן און איז געשטארבען מיט אזא שרעקליכען טויט. עס קען זיין, אז ער איז געשטארבען פון הונגער און פון זיינע וואונדען.

וויא הונגעריג זיי זיינען געוועזען, האבען זיי דאך אנגעשטרענגט אלע זייערע קרעפטע, האבען אויסגעגראבען א גרוב אין געצעלט און האבען בעערדיגט דיא ביינער פון סאמיועל ווערנאן.

אזוי וויא זיי זיינען געוועזען בעשעפטיגט מיט דיעזער טרויעריגער ארבייט, האט דינגא אנגעהויבען שטארק צו בילען און איז אוועקגעלאפען. באלד האט מען געהערט א ווילדען געשריי. אלע זיינען געלאפען זעהן, וואס דארט איז. אויף דער ערד האבען זיך געקייקעלט א מענש מיט א הונט. דער מענש איז געוועזען נעגארא.

— דוא ביסט דא, דוא רויבער און מערדער! האט דשאק אויסגערופען און האט געוואלט אראבטרייבען דינגא פון נעגארא.

עס איז שוין אבער געוועזען צו שפעט. דינגא האט אויפגעריסען נעגארא דעם זאלז. ווען מען האט איהם אראפגעריסען פון נעגארא, איז שוין נעגארא געוועזען טויט.

— אנטלויפט, מיסיס וועלדאן! האט אין דיעזער מינוט דיקסאנד אויסגערד־פען אויסער זיך, — אנטלויפט, וויא ווייט אייערע פיס קענען אייך טראגען!

ערשט יעצט האבען זיי דערזעהן, אז נעגארא'ס מענשען קומען אן פון דער אנדערער זייט.

נעגארא האט פערפאלגט דיא אנטלאפענע. ער האט זיי געזוכט איבעראלל, ער האט געפונען זייערע שפורען, אבער ער האט זיי נים געקענט דערגרייכען. עס איז שווער צו זאגען, אויב ער האט אויסגערעכענט, אז ווען זיי וועלען דורכפאהרען דעם דשונגל, וועלען זיי מוזען צו קומען צו דיעזען בערגעל, אדער עס איז געוועזען א צופאל, וואס ער איז געקומען צו דעם ארט, וואו ער האט בערויבט סעמיועל ווערנאן און דינגא האט איהם געמייטעט געראדע אויף דעם פלאץ, וואו ער האט

בעגאנגען זיין פערברעכען, זיבער איז נור, אז ער איז געקומען אהער אליין, זיינע מענשען זיינען איהם נאכגעגאנגען פון דער וייטען און ווען ער איז שוין געווען טוים, זיינען זיי אנגעקומען.

מיסים וועלדאן און דיא איבעריגע האבען באלד פערשטאנען, אין וואס פאר א געפאהר זיי געפינען זיך און האבען אנגעהויבען צו לויפען צו דיא שיפלעך.

דיקסאנד און דער נעגער דשאן זיינען געבליעבען שטעהן מיט זייערע ביקסען בעריים צו שיעסען.

— מיר מחען דא בלייבען, דשאן, האט דיקסאנד געזאגט צום נעגער, מיר מחען אויפהאלטען דיא ווילדע באנדע אום צו געווינען צייט, אז מיסים וועלדאן מיט איהר קינד זאלען קענען קומען אויף דיא שיפלעך. איך וויים גאנץ גוט, אז צוויי מענשען קענען נים בעשטעהן געגען הונדערט. מיר וועלען פאלען, מיר וועלען שטארבען, אבער מיר וועלען זיי אויפהאלטען אזוי לאנג, ביז מיסים וועלדאן וועט זיך אריינזעצען אין שיפעל און וועט אריינפאהרען אין דער מיט פון דעם טייך.

דער נעגער דשאן האט עפעס געענטפערט, אבער דיקסאנד האט איהם נים געהערט, ווייל נעגאראָ'ס מענשען זיינען אונטערדעסען צו געקומען נעהנטער און האבען אויסגעשטעלט זייערע ביקסען צום שיעסען. פלוצלונג איז זייער אנפיהרער געפאלען אויף דיא קניע און האט אנגעהויבען צו שרייען:

— מאטאטאָ! מאטאטאָ! א טויטער! א טויטער!

ער האט דערקענט דיקסאנד. ער האט געזעהן, וויא מען האט דיקסאנד צו געבונדען צו א קלאָץ לעבען גראב פון קעניג מיאנא לונגא און ער האט אליין געזעהן, וויא דאס וואסער האט פערגאסען דעם אונגליקליכען וייסען. דיקסאנד איז אלזא טוים, וויא קומט ער אהער? — „מאטאטאָ!" „מאטאטאָ!" א טויטער איז לעבעדיג געווארען.

דער אנבליק פון דיקסאנד האט געווירקט אויף איהם, וויא א צויבער. ער האט דערזעהן א טויטען און דאס ווירקט שרעקליך אויף יעדען אונגעבילדעטען מענשען, ער דערשרעקט זיך און פערליערט דיא פעהינקייט צו דענקען, אז פיליינכט איז עס גאר א לעבעדיגער.

דיקסאנד האט צוואר נים פערשטאנען, וואס דא איז פארגעקומען, אבער קוים האט ער דערזעהן, אז זיינע פערפאלגער ליעגען אויף דער ערד, איז ער מיט דשאנען געלאפען צו דיא שיפלעך. קיינער האט איהם נים נאכגעיאגט.

ער און דשאן זיינען געקומען פונקט אין דער מינוט, ווען מיסים וועלדאן,

דער קליינער דשעק און אַנקעל בענעדיקט האבען זיך ארייננעזעצט אין זייער שיפעל.

דיקסאָנר איז נאכגעשפרונגען נאך זיי און האט געהאפט דעם רודער.

יעצט איז ער געוואָרען שיפס־קאפיטאן און אין איינגע מינוט איז שוין זייער שיפעל געשוואומען אין דער מיט פון דעם טייך.

יעצט האט ער וועניגסטענס געוואוסט, אז ער געפינט זיך אין גאנצען 120 מייל ווייט פון דעם ברעג פון אטלאנטישען מעער.

— 120 מייל קענען מיר מאכען אין צוויי טעג, האט ער בערעכענט.

און זיין רעכנונג איז געווען ריכטיג. דעם צווייטען טאָג פאר נאכט זיינען זיי אנגעקומען אין דיא שטאדט עמבאָמא ביים אויספלוס פון טייך קאָנגא אין מעער. אין עמבאָמא האבען זיי געטראפען דעם אמעריקאנער קאָנסול הערריסאן, וועלכער האט זיי אויפגענומען זעהר פריינדליך און ברידערליך. ער האט אויסגעהערט זייער ערצעהלונג און האט בעוואונדערט דעם מוטה און דיא ענערגיע פון מיסיס וועלדאן.

מיט אנקעל בענעדיקט האט ער באלד געשלאסען פריינדשאפט, ווייל ער איז אויך געווען אן ענטאָמאָלאָג און ווען אַנקעל בענעדיקט האט איהם דערצעהלט פון דעם „מאַנטיקאָר,“ האט הערריסאן איהם פערשפראָכען, אז ער וועט זיך גיבען אלע מעגליכע מיה צו פאנגען א „מאַנטיקאָר“ און איהם צו צו שיקען צום געלערנטען בענעדיקט קוואקענבאָש אין סאַן פראַנסיסקאָ.

צעהן טעג שפעטער איז אנגעקומען א שיף, וועלכעס איז געפאהרען נאך פאַנאמא אין סענטראל אמעריקא.

אונזערע רייזענדע האבען זיך אויפגעזעצט אויף דיעזער שיף און זיינען גליק־ליך אנגעקומען אין סאַן פראַנסיסקאָ.

## ע נ ד ע

קאפיטעל 1.

# דאס דועל.

— איך זאג נאך א מאל, איך האב אליין געהערט „יענקי דודל!“ האט גע־זאגט איינער.

— און איך בעהויפטע דאס מיינינע, איך האב געהערט רול בריטאניא, האט געענטפערט דער אנדערער.

ביידע מענשען זיינען געשטאנען איינער געגען אנדערן מיט געלאדענע רע־וואלווערען און זיינען געווען בערייט צו שיסען איינער אויפ'ן אנדערן. איינער איז גע־ווען אן אמעריקאנער און דער אנדערער איז געווען אן ענגלענדער. זיי זיינען גע־שטאנען אויף גאוטס איילענד, א קליינע אינזעל אין טייך ניאגארא פאר דעם בע־ריהמטען ניאגארא וואסער־פאל.

פאר וואס אבער האבען זיי זיך געוואלט שיסען? — פאר א וואונדער, פאר א יעטעניש, וועלכע האט דאמאלס איבערראשט יעדען, דעם געבילדעטען וויא דעם אונגעבילדעטען. זייט איינינע צייט האט מען אנגעהויבען צו הערען פון הימעל א זאנדערבארע מוזיק, דאס שפּילען פון א פלייט אדער דאס שאלען פון א טרומפּעט. היינט האט מען געהערט דיעזע זאנדערבארע מוזיק אויף דער שטערנווארטע אין פּאלקאווא, רוסלאנד, מארגען האט מען זיא געהערט פון א הויכען טהורם אין דא־מאסקוס, איבערמארגען האט מען זיא געהערט אין כינא און פיער און צוואנציג שטונדען שפּעטער האט מען זיא געהערט אין אמעריקא.

דיא אונגעבילדעטע מענשען, וועלכע האבען געהערט אין דערמיט פון א שטילער נאכט א זאנדערבארע מוזיק פון הימעל, האבען זיך דערשראקען און האבען געגלויבט אז משיח קומט און אן ענגעל בלאזט שוין מיט׳ן גרויסען שופר. דיא געבילדעטע מענשען וואס האבען געהערט דיעזע זאנדערבארע מוזיק, האבען זיך פערטראכט און האבען געפרעגט: וואס איז דאס? איז דאס וואהרהייט? האבען אונזערע אויערן ווירקליך געהערט?—פון וואנען קומט עס? גאנץ הויך אין הימעל איז גאר קיין לופט ניטא, ריכטיגער נאך, דיא לופט איז דארט אזוי שיטער, אזוי שיטער, אזוי דין, אז מען פיהלט דיא ניט. מוזיק אבער קען מען מאכען נור אין דער לופט, אהן לופט ווירקט קיין שטימע, קיין אינסטרומענט. אלזא מוז דאך דיעזע מוזיק קומען ניט פון הימעל, ניט פון דער הויך, ניט פון גאנץ הויך, פאר וואס זעהט מען אלזא ניט דעם מוזיקאנט?

דיא צייטונגען האבען אויפגעכאפט דיעזעס רעטעניש און האבען אנגעהויבען צו דיסקוטירען, צו דעבאטירען, צו ערקלעהרען, געבען צו פערשטעהן און צו פערדרעהען דיא קעפ פון דיא לעזער. יעדע צייטונג האט עס ערקלעהרט אויף איהר ארט, יעדע האט געוואלט בעווייזען אז זיא פערשטעהט עס בעסער פון אלע אנדערע, פון וואנען עס קומט דיזע זאנדערבארע מוזיק. א ניו־יארקער הומאריסטישע צייטונג האט געשריבען אז דייטשע מוזיקאנטען פאהרען ארום אויף א לופט באלאן און ניבען אם קאנצערט אין דער לופט.

דיא ערנסטע מענער, דיא אסטראנאמען, האבען אנגעשטעלט זייערע טעלעסקאפען און פלעגען דורך דיא נעכט זוכען אין הימעל דעם זאנדערבארען ארקעסטער. זייט דיא וועלט שטעהט, זייט דיא דיא מענשען האבען אנגעהויבען זיך צו צוקוקען צו דיא שטערען און אויסצופארשען דיא פלאנעטען, האט מען ניט אזוי פלייסיג געקוקט אויף׳ן הימעל און געזוכט אין הימעל, וויא אין דיא מאנאטע אפריל, מאי און יוני פון 18......

פלוצלונג איז אנגעקומען א טעלעגראמע פון דעם אבסערוואטאריום אין גרינוויטש, ענגלאנד, אז אין דער צייט ווען מען האט געהערט דיא זאנדערבארע מוזיק אין הימעל, האט מען געזעהען א נייעס, זאנדערבארעס ליכט, וויא פון א זעהר שטארקער עלעקטרישער לאמפ. דאס האט אבער אפגעלייקענט דאס אבסערוואטאריום פון ליק, קאליפארניען. דיא אסטראנאמען פון ליק האבען אויך געהערט דיא מוזיק, אבער זיי האבען קיין ליכט ניט געזעהן.

צווישען דייטשלאנד און פראנקרייך איז שיער ניט אויסגעבראכען א קריעג איבער דיעזע זאנדערבארע מוזיק. דיא פראנצויזישע אסטראנאמען האבען בעהויפ־

טעט אז דיעזע הימעל מוזיק האט געשפיעלט די „מארסעליעזע," די דייטשע געלערנטע אבער האבען פעסט ערקלעהרט, אז דיעזער הימעל־ארקעסטער שפיעלט „די וואכט אם רהיין." מען האט אנגעהויבען זיך צו קריגען, זיך צו זאגען שטעכ־ווערטלעך און ענדליך זיך צו בעליידיגען און עס וואלט געוויס אויסגעבראכע א נייער קריעג צווישען דיעזע ביידע פעלקער, ווען עס זאל נים געווען אנקומען א טע־לעגראמע פון סאנקט פעטערסבורג אז דארט האט מען נאר געהערט וויא די הי־מעל מוזיק האט געשפילט „באזשע צאריא חראני!"

אין דער נאכט פון 12טען אויפ'ן 13טען מאי האט מען געהערט דיעזע מוזיק איבערן טייך ניאגארא, וועלכער איז די גרענעץ צווישען די פעראייניגטע שטאא־טען און קענעדע. די אמעריקאנער, וועלכע זיינען געשטאנען פון דער זייט טייך, האבען געהערט וויא די מוזיק האט געשפיעלט „יענקי דודל," די ענגלענדער אבער, וועלכע האבען שפאציערט אין וויקטאריא פארק פון יענער זייט טייך, הא־בען בעהויפטעט אז די מוזיק האט געשפיעלט „רול בריטאניא!"

צוויי היצקעפ, אן ענגלענדער און אן אמעריקאנער, האבען זיך דאריבער צו־ווערטעלט און האבען זיך אזוי צוקאכט, אז דער אמעריקאנער האט ארויסגערופען דעם ענגלענדער אויף א דועל. ביידע געגנער זיינען שוין געשטאנען פערטיג צום שיסען און זיי וואלטען זיך געוויס געווען געשאסען, ווען עס זאל נים געווען צוקומען א דריטער מיט א בלאט ציימונג אין וועלכען עס איז געווען בעשריבען דיעזעלבע געשיכטע צווישען פראנקרייך, דייטשלאנד און רוסלאנד.

די געגנער האבען יעצט איינגעזעהן, אז דער זאנדערבארער הימעל ארקעס־טער שפיעלט אין יעדען לאנד זיין בעליעבטעס פאלקס ליעד. אין פראנקרייך האט ער געשפיעלט די „מארסעליעזע", אין דייטשלאנד—„די וואכט אם רהיין," אין רוסלאנד—„באזשע צאריא חראני!" אין די פעראייניגטע שטאאטען—„יענקי דודל," אין קענעדע—„רול בריטאניא!"

אבער ווער האט עס געשפיעלט? פון וואנען איז געקומען דיעזע מוזיק? אויף דיעזע פראגע האט געגעבען אן אנטווארט א כינעזישער געלערנטער צי־קא־ווי. ער האט אויך געזוכט אין הימעל מיט א טעלעסקאפ און האט געהערט די מוזיק.

— דאס איז א פליה מאשין, האט ער ערקלעהרט, וואהרשיינליך האט איי־נער אויסגעפונען א נייע פליה מאשין און ער פאהרט מיט איהר ארום מיט אן איינענעם ארקעסטער. ווען ער קומט אין א לאנד, הייסט ער זיין ארקעסטער שפיעלען די פאלקס הימנע, דאס פאלקס ליעד פון דעם לאנד.

דאס האט געשריבען א כינעזער, אָבער ווער וויל עס גלויבען וואס א כינע־ווער שרייבט? איז א טשאיני־מען אויך א מענש? — ווער וועט עס אנגעהמען די מיינונג פון א כינעזען?

אזוי איז פערנאנגען איין מאָנאט נאָך׳ן אנדערן און קיינער האט ניט גע־וואוסט, ווער עס שפיעלט ביי נאכט אין הימעל.

---

2טעס קאפיטעל.

## אן אונ־והינגער מיטינג.

דער וועלדאן קלוב פון פילאדעלפיא איז אמאל געוועזען איינער פון די בע־ריהמטעסטע פעראיינע ניט נור פון אמעריקא זאנדערן פון דער גאנצער וועלט. דאס איז געוועזען א פעראיין פון געלערנטע מענער פון גאנץ אמעריקא מיט דעם צוועק אויסצופאָרשען און צו בעפערדערן די קונסט און די וויסענשאפט פון פא־רען אין א לופט באלאן. אום צו ווערען א מיטגליעד פון וועלדאן קלוב האט מען געמוזט וועניגסטען איין מאָל מאכען א רייזע אין א לופט באלאָן, אדער ערפינדען עפעס נייעס אין דער קונסט צו בויען א לופט באלאָן.

די מיטגלידער פון וועלדאן קלוב האבען געמוזט זיין שטארק, געזונד, גע־לערנט און רייך. זיי האבען אויסגעקליבען פילאדעלפיא פאר זייערע פערזאמלונגען, ווייל פילאדעלפיא איז פיעל רוהיגער פון ניו יאָרק, האט מעהר פרייען פּלאץ פון ניו יאָרק און דאס מיטינג לאָקאל פון וועלדאן קלוב אין טשעסטנוט סטריט איז גע־וועזען דער גרעסטער, שעהנסטער און בעקוועמסטער פלאץ פאר א גרויסע פער־זאמלונג.

מיר דארפען ניט פערגעסען, אז פילאדעלפיא איז די פיערטע גרויסע שטאָדט אין דער וועלט, פילאדעלפיא האָט א פארק, וועלכער איז גרעסער פון אלע לאָנדאָנער זיעבען פארקס צוזאמען און אין פילאדעלפיא געפינען זיך געביידען, וועלכע מען קען ניט געפינען אין פאריז, לאָנדאָן בערלין און וויען.

אין דער נאכט פון 25טען אויף׳ן 26טען יוני איז געוועזען גענעראל און ספע־ציאל פערזאמלונג פון וועלדאן קלוב. אלע מיטגלידער זיינען געקומען אויף׳ן מיטינג. עס איז אויך געוועזען א זעהר וויכטיגער מיטינג: א מיטגליעד האט אויסגעפונען אז ווען מען וואל מאכען שרויבע צו א לופטבאלאן, קען מען איהם קירעווען, דרעהען און איהם פיהרען וואוהין מען וויל.

דיא הויפט שוויערינקייט ביי א רייזע אין א לופט באלאָן איז דיעזע, וואס קוים הויבט זיך אויף דער לופט באלאָן אין דער הויך, קען מען איהם שוין ניט רע־גיערען, דער ווינד שלעפט איהם און ווארפט איהם און שליידערט איהם אין אלע זייטען. איינער וויל פאהרען קיין אָסטען (מזרח) און ער מוז פאָהרען קיין וועסטען (מעריב), ווייל דער ווינד וועהט נאָך וועסטען. זייט דיא ברידער מאָנגאָלפיע האַ־בען אויסגעפונען דעם לופט באלאָן אין 1783 ביז אין דעם טאג ווען דער וועלדאן קלוב האט אָפגעהאלטען זיין גענעראל און ספעציאל מיטינג האָט מען אלץ גע־קלעהרט, געטראכט און געפאָרשט וויא אזוי געפינט מען אוים א מיטעל צו רעגיע־רען דעם לופט באלאָן און צו קירעווען איהם וואוהין מען דארף און וואוהין מען וויל פאהרען. יעצט איז געקומען א מיטגליעד פון וועלדאן קלוב און בעהויפטעט, אז אזוי וויא א שיף ווערט רעגיערט און געקירעוועט מיט א שרויבע, אזוי דארף מען קענען רעגיערען און קירעווען א לופט באלאָן מיט א שרויבע.

דיעזע פראגע איז פערהאנדעלט געוואָרען אויף דיעזען ספעציאל מיטינג.

דער מיטינג איז געווען א זעהר אונרוהיגער, אלע האבען געשריען, אלע הא־בען געליארמט.

— דיא שרויבע דארף זיין ביים לופט באלאָן פון פאָרנט! האָט געשריען אין דער הויך דשים ספארט, א רייכער פארמער פון קענטאקי.

— דיא שרויבע דארף זיין פון הינטען פון לופט באלאָן, וויא ביי א שיעף! האט געשריען נאָך העכער פון איהם פהיל עוואנס, דער סעקרעטער פון וועלדאן קלוב.

פיליפ עוואנס אדער וויא מען פלעגט איהם געוועהנליך רופען פיל עוואנס איז געווען א הויכער, שטארקער, קרעפטיגער מאן פון א יאהר פיערציג. ער איז געווען א מעכאניקער, א קינסטלער און א געלערנטער, ווייל ער איז געווען דער פרעזידענט פון דער „וואלטאם וואטש קאמפאני,“ א געזעלשאפט וועלכע מאכט א טאג פינף הונדערט ווערק פון טאשענאוהרען און דיא וועלט האט אנערקענט אז דיא וואלטאם טאשענאוהרען זיינען פיעל בעסער אלס דיא שווייצער.

— רוהיג זיין! איהר האט ניט דאס ווארט! האט אויסגערופען אנקעל פרו־דענס און האט א קלאפ געטאהן מיט'ן האמער.

אנקעל פרודענס איז געווען דער פרעזידענט פון וואלדאן קלוב. ער איז אויך געווען זעהר רייך און איז נאָך דערצו געווען פרעזידענט פון „ניאגארא פאללס פאוער קאמפאני,“ א געזעלשאפט וועלכע נוצט אויס דיא קראפט פון דעם בעריהמטען

וואסער פאל צו טרייבען מאשינען אין פאבריקען פון ניו־יארק און אלע שטעדט ארום.

זיין פאמיליע־נאמען איז געווען פרודענט, אבער אלע, וועלכע האבען איהם געקענט, פלעגען איהם רופען אנקעל פרודענט, ווייל ער איז געווען פריינדליך געגען יעדען מענשען און איז שטענדיג בערייט געווען צו טאהן פאר יעדען, וואס ער האט נאר געקענט.

פיעל עוואנס איז געווען דער איינציגער מענש אין וועלדאן קלוב, וועלכער איז נים געווען גאנץ פריינדליך מיט אנקעל פרודענט. זיי האבען זיך קיין מאל נים געקריעגט, קיין מאל נים געזאגט איינער דעם אנדערן א נים פאסענדעס ווארט, אדער געוויעזען איינער דעם אנדערן א קרומע מינע. פיל עוואנס איז נים געווען צופרידען פאר וואס אנקעל פרודענט איז געווארען פרעזידענט פון וועלדאן קלוב, ווייל ער אליין האט געוואלט ווערען פרעזידענט און ער איז אויך געווען נאמינירט אלס פרעזידענט, ווען עס איז אבער געקומען צו דער וואהל, האט אנקעל פרודענט בעקומען מיט איין שטימע מעהר פון איהם. זייט דאמאלס איז פיל עוואנס בייז געווארען אויף אנקעל פרודענט און ווען אנקעל פרודענט פלעגט זאגען יא, פלעגט פיל עוואנס זאגען ניין.

זייט איינינע צייט האבען פיעלע מיטגלידער פון קלוב ארייננעבראכט נייע פארשלעגע און נייע ערפינדונגען וויא אזוי צו רעגירען א לופט באלאן. איינער האט אויסגעטראכט צו טרייבען דעם לופט באלאן מיט עלעקטריציטעט אנאנדערער—מיט קעראסין, א דריטער מיט גאזאלין. יעדער האט בעוויזען אז זיין ערפינדונג איז דיא בעסטע. מען האט בעשלאסען צו מאכען א גרויסען און שטארקען לופט באלאן און צו פראבירען מיט איהם אלע ערפינדונגען. דיא מיטגליעדער פון וועלדאן קלוב האבען זיך צונויפגעלייגט דריי הונדערט טויזענד דאלאר און מען האט געמאכט דעם לופט באלאן, וועלכען מען האט א נאמען געגעבען „גא אהעד!"

אין דעם אבענד פון 25טען אויפ'ן 26טען יוני האט מען געדארפט בעשליעסען ווען מען זאל מאכען דיא ערשטע פראבע, אבער דא האט זיך אנגעהויבען א נייע דעבאטע איבער דער שרויבע. עס איז געווארען א ליארם, א געשריי, א געוואלד. יעדער האט געוואלט בעווייזען, אז ער פערשטעהט בעסער וויא אזוי צו געברויכען דיא שרויבע, יעדער האט געוואלט בעווייזען, אז נור ער קען רעגירען א לופט באלאן.

פלוצלונג איז דיא איננערע וואכע צוגעגאנגען צום פרעזידענט און האט איהם דערלאנגט א בריעף. אלע זיינען שטיל געבליבען.

— א צוויריפט פון א פרעמדען, האט אנקעל פרודענט ערקלערט.

— לעזט עס פאר! האבען אויסגערופען איינינע שטימען.

— א גאנץ פרעמדער מאן בעט, מען זאל איהם ערלויבען אריינצוקומען אויף אונזער מיטינג, האט אנקעל פרודענט געזאגט.

— מען דארף ניט! מיר דארפען קיינע געסט אויף אונזערע מיטינגען! האט מען געשריען פון אלע זייטען.

— ער וויל בעוויזען, אז יעדע ערפינדונג צו רעגירען א לופט באלאן איז אן אונזין, האט אנקעל פרודענט ערקלערט,—ער וויל בעוויזען, אז די גאנצע אידעע פון א לופט-באללאן איז פאלש, וויל וויא מען מאכט איהם יעצט, וועט מען קיין מאל ניט קענען פאהרען אויף איהם וואו מען וועט דארפען.

— פיהרט איהם אריין! לאמיר איהם אויסהערען! האט מען געשריען.

— וויא הייסט ער? האט פיעל עוואנס געפרעגט.

— ער הייסט ראבור, האט אנקעל פרודענט געענטפערט.

— ראבור?—ראבור? וואס איז דאס פאר א נאמען? האבען געפרעגט די מיטגלידער איינער דעם אנדערן.

---

3טעס קאפיטעל.

## דער פרעמדער.

א מאן פון מיטעלען וואוקס מיט ברייטע פלייצעס, מיט א גרויסען קאפ, מיט א פאר גרויסע אויגען, מיט א שעהנעם געזיכט איז אריינגעקומען אין זאל. ער איז צוגעקומען גלייך צום פרעזידענט, האט זיך אנידער געשטעלט אויף דער פלאט-פארם, האט זיך לייכט פערנייגט און האט געזאגט מיט א פעסטער, העלער, קלינ-גענדער שטימע.

— בירגער פון די פעראייניגטע שטאאטען! איך הייס ראבור, דאס הייסט קראפט, מאכט און איך בין שטאלץ מיט מיין נאמען. איך בין פיערציג יאהר אלט, בין שטארק וויא אייזען, מיינע מוסקעלן זיינען פעסט וויא שטאהל. אזוי בין איך קערפערליך געזונד, גייסטיג בין איך ניט ווייניגער שטארק וויא קערפערליך. איך האב פאר קיינעם קיין מורא, פאר קיין מענשען און פאר קיין זאך. איך בין אן ערפינדער און ווען איך בעהויפטע א זאך וועט די גאנצע וועלט מיר ניט קע-

נען איינריידען, אז עס איז ניט אזוי. ווען איך וויל עפּעס טאהן, מוז איך עס אויס-פיהרען און ווען דיא וועלט זאל זיך שטעלען געגען מיר.

— איך דערצעהל אייך דאס אלעס אום אייך צו ערקלעהרען מיין כאראק-טער און מיינע פעהיגקייטען. איך רעד פיעלייכט צופיעל, עס איז אבער נעטהיג אייך דאס אלעס צו זאגען אום איהר זאלט מיך אויסהערען אויפמערקזאם און זאלט מיך ניט אונטערברעכען. איך וועל אייך זאגען זאכען וועלכע וועלען אייך ניט געפעלען, אבער איבערלעגט אייך צוויי מאָהל איידער איהר וועט מיר איין מאהל אנטווארטען.

— רעדט ווייטער, פּרעמדער, האט אנקעל פּרודענט געזאגט.

פיל עוואנס האט געווארפען אויף איהם א בייזען בליק.

ראבור האט זיך געמאכט גלייך וויא ער הערט ניט און זעהט ניט, וואס עס קומט פאר ארום איהם און האט ווייטער געזאגט:

שוין מעהר אלס הונדערט יאהר זייט מענשען האבען אויסגעפונען דעם לופט באללאָן, האט מען זיך געשטעלט דיא פראגע:—וויא אזוי זאָל מען רעגירען דעם לופט באללאָן? וויא אזוי זאָל מען קירעווען דעם לופט באללאָן און מאכען אז מען זאָל קענען אויף איהם פאָהרען וואוהין מען וויל? קלוגע מענשען, געלערנטע מענ-שען, האבען געקלעהרט, געטראכט און זיך געבראכען דעם קאפּ וויא אזוי צו לעזען דיעזע רעטעניש. מען האט אויסגעטראכט מאשינען מיט דאמפף, מיט עלעקטריצי-טעט, מען האט נאכגעמאכט א שיף, מען וויל רעגירען דעם לופט באלאָן מיט א רודער,—אומזאנסט! זייער מיה, זייער ארבייט, זייער שטרעבען, זייערע פערזוכע, אלעס איז געוועזען אומזיסט. עס האט זיך ארויסגעוויזען אז מען וויל מאכען מעגליך דאס אונמעגליכע.

— אויך איהר, מיטגלידער פון וועלדאן קלוב! אויך איהר האט אייך פער-זאמעלט אום צו פערהאנדלען איבער א נייע ערפינדונג, א לופט באלאָן מיט א שרויבע. איך ווייס אז דיעזע ערפינדונג האט אייך געקאָסט פיעל געלד און איך זאג אייך אז איהר האט ארויסגעוואָרפען אייער געלד אין וואסער, איך וואלט גע-זאגט אין דער בלאטע, אבער איך זאג בעסער, אז איהר האט ארויסגעווארפען אייער געלד און אייער מיה אין דער לופט. איהר קעמפּפט געגען דאס אונמעג-ליכע!"

— זאנדערבאר! דיא מיטגלידער פון וועלדאן קלוב, וועלכע האבען פריער אזוי געשריען געליארמט און אזוי היציג דעבאטירט, וואו מען זאל מאכען דיא

שרייבע צום לופט באַלאָן, האבען יעצט גאַנץ שטיל און רוהיג אויסגעהערט, וואס ראָבור האט זיי געזאגט, און קיינער האט זיך ניט א ריהר געטאָהן.

— ווייסט איהר וואס א לופט באַלאָן איז? האט ראבור ווייטער געזאָגט.-- ווייסט איהר, וואס א לופט באַלאָן איז? — א שפּיעל צייג פאַר קינדער! דער גאַנ־צער פּלאַן פון א לופט באַלאָן איז פאַלש, דער פּרינציפּ איז ניט ריכטיג. — פאַר וואס פליעהט דער לופט באַלאָן? ווייל ער איז אָנגעפילט מיט גאַז, וועלכעס איז לייכטער פון דער לופט. מען דאַרף האבען א קוביק פוס גאַז אום אויפצוהויבען איין פונט געוויכט. — ווייסט איהר אבער, וואס פאַר א קראַפט דער ווינט האט? ווייסט איהר אז דער געוועהנליכער ווינט, וועלכער טרייבט דיא זעגעל פון א שיף, האט אין זיך א קראַפט פון פיער הונדערט פערד? וויא קען אזא שפּיעלצייג, וויא א לופט באַלאָן אויסהאַלטען א קראַפט פון פיער הונדערט פערד? דיא געשטאַלט פון א לופט באַלאָן, זיין פאָרם, איז געגען דעם פּרינציפּ פון פליעהען, וויא מיר גע־פינען עס אין דער נאַטור. א לופט באַללאָן האט קיינע פליעגעל, וויא א פויגעל, קיין אויסגעשפּרייטע הויט וויא א פלעדער מויז, און קיינע לאַנגע פלאַספעדערען, וויא דיא פליהענדע פיש. -דער לופט באַללאַן איז אן אונזין!

דיא אנוועזענדע האבען אָנגעהויבען צו מורמען און צו ברומען אונטער דער נאָז, ראבור האט זיך זאגאר ניט אומגעקוקט און האט ווייטער געזאגט:

— דענקט אבער ניט, אז איך וויל בעהויפּטען, אז דער מענש זאל זיך אין גאַנצען אפּזאָגען פון דעם געדאַנקען צו פליעהען אין דער לופט. אים געגענטהייל! דער מענש מוז בעזיעגען דיא לופט, וויא ער האט בעזיעגט דאס וואסער, וויאָ ער האט בעזיעגט דעם ווינד און האט איהם איינגעשפּאַנט אין זיינע ווינד מיהלען און צו זיינע זעגעל שיפען. איך זאג נור, אז דער פּרינציפּ פון א לופט באַלאן איז פאַלש. איך בעהויפּט נור, אז דער לופט באַללאן איז אן אונזין, ווייל ער איז לייכטער פון דער לופט, ווען מען וויל פאהרען אויף דער לופט, מוז מען געברויכען א מאַשין, וועלבע איז שווערער פון דער לופט און שטאַרקער פון דער לופט.

— דאס איז דאך אונמעגליך! האט פיל עוואַנס אויסגערופען.

אנקעל פּרודענט האט א קלאַפּ געטאָהן מיט'ן האַמער און האט געבעטען עס זאל זיין שטיל.

— בעטראַכט דעם אדלער, וויא ער פליהט אין דער לופט, האט ראָבור ווייּ־טער געזאגט, איז דען דער אדלער ניט שווערער פון דער לופט און פון דעסטוועגען פליעהט ער, וואהין ער וויל?

אבער דער אדלער פליעהט נענען אלע נעזעצע פון דער מעכאניק! האט ושים ספּאָרט איהם אונטערבראכען.

— איהר מיינט נעגען דיא געזעצע, וועלכע איהר קענט, האט ראבור נעענט־פערט, ווען דער אדלער פליעהעט, דארפען מיר איהם נאכמאכען און בויען א מאַ־שין, וועלכע זאל פליעהען, וויא ער. ווייסט איהר, וויא פיעל געוויכט א פליעג קען טראגען מיט זיך, ווען זיא פליעהט? — דאס האט בערעכענט דער געלערנטער דע לוסי. ער האט אויסגעפונען, אז א זומער פייגעלע, וועלכע וועגט 30 גראן, קען טראגען מיט זיך ווען ער פליעהט, א געוויכט פון 600 גראן אדער צוויא הונדערט מאָל מעהר, וויא פיעל זיין קערפּער וועגט? — איהר ווייסט פיעלייכט אויך ניט, אז וואס גרעסער און וואס שווערער א פויגעל איז, אלץ קליינער זיינען זיינע פליגעל נעגען זיין קערפּער, איהר ווייסט פיעלייכט ניט, אז א שוואלב האט צוויי מאל לענ־גערע פליגעל, נאך דעם מאָס פון איהר קערפּער, וויא דער אדלער? — מיר מוזען אלזא מאכען א מאשין, וועלכע זאל זיין געבוים פונקט וויא דער אדלער. דאן ווע־לען מיר קענען פליעהען גאנץ הויך און אויספאָרשען דעם הימעל און דיא שטערן.

— האָט איהר שוין פּראבירט מאכען אזא מאשין? האט איינער געפרעגט.

— יא.

— אבער זיא איז ניט געפלויגען! האט געלאכט אנאנדערער.

— ערלויבט מיר, איך זאל אייך ניט גלויבען! האט פיל עוואנס אויסגע־רופען.

— מיינע הערען! איך האב קיין מאָל ניט געזאגט א ליגען, האט ראבור געזאגט שטאלץ.

— איז דאס אלזא דאס ערשטע מאל אין אייער לעבען, וואס איהר זאגט א ליגען, האט פיל עוואנס בעמערקט.

— מיינע הערען! איך האב פיינט צו שפּאַסען און ווען איינער בעליידיגט מיך, ווייס איך וויא אזוי איהם אנצולערנען, האט ראבור געענטפערט שטאלץ.

— ווארפט איהם ארויס! וואס וויל ער? וואס דארף ער דאָ? האט מען געשריען פון אלע זייטען.

אנקעל פּרודענט האט געקלאפּט מיט'ן האמער און האט געבעטען, מען זאל זיך פערהאלטען רוהיג. אבער קיינער האט איהם ניט געהערט. עס האבען זיך אויס־געשטרעקט שטאַרקע הענד און האבען געוואָלט ארויסווארפען דעם פרעמדען.

ראָבור האט רוהיג און קאלטבלוטיג ארויסגענומען פון דער קעשענע צוויא רעוואָלווערס און האט זיי אויסגעשטעלט נעגען דיא הענד, וועלכע האבען געוואלט

איהם אננעהמען. דאס האט נעווירקט דיא צוהיצטע מיטגליעדער פון וועלדאן קלוב האבען אויף א מינוט אפנעטרעטען פון איהם. באלד אבער האבען עטליכע אויף ארויסנענומען רעוואלווערס און האבען נעציעלט אויף ראבור.

— איהר זייט קיינע אמעריקאנער בירגער, איהר זיים אמעריקאנער עזעל! האט ראבור נעזאגט.

פינף רעוואלווערס האבען אויסנעשאסען, דער זאל איז נעווארען פול מיט רויך. ראבור איז פערשוואונדען געווארען.

---

4טעם קאפיטעל.

## אנקעל פרודענט און פיל עוואנס ווערן נעפאנגען

ווען ראבור איז פערשוואונדען נעווארען, האט זיך ערשט אנגעהויבען א נע־שריי און א נעוואלד און וועלדאן קלוב. דער פרעזידענט האט נעקלאפט מיט'ן האמער, ביז דיא הענד האבען איהם אנגעהויבען וועה צוא טאהן, עס האט אבער גאר נים נעהאלפען און ער האט נעמוזט שליעסען דעם מיטינג.

מען איז זיך צוואר צונאנגען, אבער אויך אויף דער גאס האט מען נעשריען און נעליארמט, בעזאנדערס איז מען בייז נעווען אויף דעם פרעמדען. יעדעס מיט־גליעד האט זיך נעפיהלט בעליידינט און נעקרענקט ביז צום אייסערסטען. דער פרעמדער האט אויסנעלאכט זייער לופט באללאן און האט זיי נאך נערופען עזלען. אזא בעליידיגונג קען אן אמעריקאנער נים איבערטראגען.

אנקעל פרודענט, דער פרעזידענט, און פיל עוואנס, דער סעקרעטער פון וועל־דאן קלוב זיינען צו זאמען נעגאנגען און האבען נערעדט איבער דעם היינטינען מי־טינג. הינטער זיי איז נעגאנגען דזשים בראון אנקעל פרודענטס דיענער.

דזשים בראון איז נעווען א נעגער, א הויכער, נעזונדער און שטארקער נענער פון א יאהר עטליכע און דרייסיג. ער איז אבער נעוועזען אזא פיינלינג, אזא טרוס, אז ער האט מורא נעהאט פאר א קאץ. אזוי וויא אנקעל פרודענטס איז נים נע־ווען פערהייראטהעט און האט נעוואוינט גאנץ אליין און א קאטעדש נים ווייט פון פייער מאונט פארק, פלענט דזשים בראון מורא האבען צו בלייבען אליין ביי נאכט און קאטעדש און פלענט מיט נעהן מיט זיין העררן און דיא קלובס און אויף מיטינ־גען. יעצט איז ער נאכגעגאנגען אנקעל פרודענט און פיל עוואנס.

— ווען איך זאל געוועזן פיהרען דיעזען מיטינג, וואלט איך נים צוגעלאזען צו אזא סקאנדאל, האט פיל עוואנס נעזאגט.

— וואס וואלט איהר דען געטאהן? האט אנקעל פרודענט געפרעגט.

— איך וואלט צוגענומען דאס ווארט פון דיעזען ראבור אדער טייפעל.

— ער האט דאך גערעדט, וויא א וויסענשאפטליכער מענש, האט מען איהם געדארפט לאזען אויסרעדען, האט אנקעל פרודענט געזאגט.

— אה, ניט אין אמעריקא! האט זיך פיל עוואנס געקאכט.— ניט אין אמעריקא לאזט מען א וויסענשאפטליכען מענשען זיך אויסרעדען.

— וואס רעדט איהר? אין אמעריקא מעג מען דאך ערשט רעדען!

אזוי האבען זיי גערעדט, זיך געבייזערט און דעבאטירט, ביז זיי זיינען צו געקומען צו דער בריק און זשיראַרד עוועניו.—דיא געגענד איז א זעהר שטילע און רוהיגע. אום איינס אוהר בייא נאכט זעהט מען דא זעלטען א לעבעדיגען מענשען. אנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען געווען אזוי פערטיעפט אין זייערע דעבאטען אז זיי האבען ניט געהערט און ניט געזעהן, וואס עס טהוט זיך ארום זיי. פלוצלונג האט זיך דעב נעגער בראון אויסגעוויעזען, אז מען געהט זיי נאך און ער האט זיך אזוי דערשראקען, אז מען וואלט געקענט זאגען, ער איז בלייך געווארען, וויא קאלך, ווען ער וואלט געווען א ווייסער, אזוי וויא ער איז אבער געווען שווארץ וויא קאהל זיינע נור זיינע רויטע ליפען געווארען בלוי, וויא א צייטיגע פלוים.

— אנקעל!.... סער!.... אנקעל! האט ער געשטאמעלט און זיינע געקרייזעלטע האאר האבען זיך אויסגעגלייכט און האבען געוואלט זיך אויפשטעלען.

אנקעל פרודענט האט איהם אבער ניט געהערט און האט ווייטער גערעדט מיט פיל עוואנס. ער האט געוואלט איהם בעווייזען. אז ראבור האט דאך ניט אין גאנצען אונרעכט. ווען דער ווינט, וועלכער טרייבט דעם זעגעל פון א געוועהנליכער שיף, קען האבען א קראפט פון פיער הונדערט פערד, דאן איז דאך ווירקליך זעהר שוועד צו רעגיערען א לופט באלכאן מיט א קליינעם לאקאמאטיוו, וועלכער קען האבען העכסטענס נור צעהן פערדע קראפט.

זיי זיינען ווייטער געגאנגען און זיינען אריינגעקומען אין פעיר מאונט פארק, איינעם פון דיא גרעסטע און שעהנסטע פארקס אין דער וועלט. אין דיעזער געגענד איז דער פעיר מאונט פארק גאנץ פערווילדערט, ער נעהמט דארט אן דעם כאראקטער פון א וואלד. דער ניגער בראון האט בעמערקט. אז ערגעץ אונטער א גרויסען בוים איז געשטאנען עפעס א זאך, א געצעלט, א גרויסער פויגעל, א בער אדער עפעס אנדערש. ער איז געווען אזוי איבערגעשראקען, אז ער האט ניט געקענט זעהן דייטליך, וואס דאס איז.

פלוצלונג האָט ער ווידער דערזעהן עטליכע געשטאַלטען, מענשען אָדער גייסטער, רויבער אָדער ניט גוטע, ארויסגעהן פון אונטער א גרויסען, אַלטען בוים. דער אָרי־מער נעגער האָט זיך אַזוי דערשראָקען, אַז ער איז געבליבען שטעהען וויא צוגע־שמידט צו דער ערד. ער האָט זיך ניט געקענט ריהרען, ווייל עס האָט איהם גע־וואָרפען וויא אין א פיבער און ער האָט קוים געקענט אויסרופען:

— סער!.... אַנקעל!....

דאס מאָל האָט עס אָבער געשריען אַזוי הויך און מיט אַזוי פיעל פערצווייפ־לונג אין זיין שטימע, אַז אָנקעל פרודענט האָט איהם געהערט און האָט געענט־פערט בייז?

— וואס ווילסט דוא? וואס איז מיט דיר?

— אָט.... דאָרט.... האָט דער נעגער געשטאַמעלט.

אָנקעל פרודענט און פיל עוואַנס האָבען זיך אומגעקוקט. פלוצלונג האָבען זיי דערהערט א ראַשען, שנעלען, ווילדען פייף. א העלעס, בלענדענדעס עלעקטרי־שעס ליכט האָט זיך גאָר פלוצלונג פערברייטעט אויף א גרויסע שטרעקע און האָט פערבלענדעט דיא דרייא שפּאַצירענדע. איידער אָנקעל פרודענט און פיל עוואַנס האָבען געקענט אַרויסריידען א וואָרט, האָבען זיך שטאַרקע, אייזערנע הענד אַרויפ־געוואָרפען אויף זיי, האָבען זיי געבונדען וויא דיא לעמער, האָבען זיי פערבונדען דיא אויגען, האָבען זיי אריינגעשטעלט א שטיק האלץ אין מויל זיי זאָלען ניט קענען שרייען און האָבען זיי אַוועקגעטראַגען און לאַנגזאַם, פאָרזיכטיג אנידערגעלעגט ניט אויף גראַז, זאָנדערן אויף ברעטער, אָדער אַנאַנדערע האַרטע זאַך.

אַנקעל פרודענס און פיל עוואַנס האָבען גערעכענט, אַז רויבער זיינען אָנגע־פאַלען אויף זיי און ווילען זיי בערויבען. דיא גאַנצע געשיכטע איז געשעהן אין איי־ניגע מינוט, עס איז געווען א שטומע סצענע, ווייל קיינער האָט אין דיעזע עטליכע מינוט ניט גערעדט א וואָרט און פון קיינעם האָט מען ניט געהערט א פּיפּס. עס האָט זיך זיי אויסגעוויזען, אַז מען האָט פערמאַכט א טהיר און א שלאָס האָט א קלונג געטאָהן. דאַן האָט דער אָרט, וואו דיא געפאַנגענע האָבען זיך געפונען, אָנ־געהויבען צו ציטערן און זיי האָבען געהערט א גערויש וויא דאס מאַכען מיט דיא פליגעל פון א גרויסען פויגעל אָדער וויא דאס גערויש פון א ראַד פון אַן עלקטרי־שער מאַשין.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען וואס עס איז פאָרגעקומען דעם אַנדערן טאָג אין פילאַדעלפיא ווען מען איז געוואָהר געוואָרען, אַז אַנקעל פרודענט און פיל עוואַנס זיינען פערשוואונדען געוואָרען, דיא גאַנצע עפענטליכע און געהיימע פּאָלי־

ציי איז אויפגעקאכט געווארען, דיא צייטונגען האבען אנגעשריבען לאנגע ארטיקעל דאריבער און דא רעפובליקאנער האבען געשריען אז דיא שטאדט גיט אויס צו וועניג געלד אויף פאליסליים. מען מוז האבען וועניגסטענס נאך צוויי הונדערט מאן, דאנגעגען האבען דיא דעמאקראטען ערקלעהרט, אז וואס מעהר פאליסליים אין א שטאדט, אלץ מעהר גניבות קומען פאר. אזוי האט מען זיך ארומגעריסען איבער צווייא הונדערט פאליסליים און 'מען האט דאך ניט געקענט אויסגעפינען, וואו אזעלכע צווייא אנגעזעהענע מענשען וויא אָנסעל פרודענט און פיל עוואנס זיי־נען אהינגעקומען.

---

### פֿמעם קאפיטעל.

## דער פרעזידענט מיט'ן סעקרעטער פון וועלדאן קלוב ווערען ווידער גוטע פריינד.

אין דער ערשטער שטונדע פון זייער געפאנגענשאפט זיינען דיא דריי געפאנ־גענע געלעגען וויא דיא קלעצער, זייערע אויגען זיינען געווען פערבונדען, זייערע מייל־לער זיינען געווען פערשטאפט מיט שטיקער האלץ און זייערע הענד און פיס זיינען געווען געבונדען מיט שטארקע שטריק. זיי זיינען געווען אזוי איבערראשט, אז זיי האבען גאר ניט געקענט אנהייבען צו דענקען וואס עס האט פאסירט מיט זיי.

צו ביסלעכווייס זיינען זיי געקומען צו זיך. פיל עוואנס האט אנגעהויבען צו רייסען זיינע הענד און עס איז איהם געלונגען מיט פיעל מיה ארויסצורייסען איין האנד פון דיא שטריק, מיט וועלכע ער איז געווען געבונדען. קוים האט ער בע־פרייט זיינע הענד, האט ער אראפגעריסען דאס טאשענטוך פון זיינע הענד, האט ער אראפגעריסען דאס טאשענטוך פון זיינע אויגען און האט ארויסגענומען דעם שפרייז־האלץ, דאן האט ער ארויסגענומען זיין מעסער און האט איבערגעשניטען דיא שטריק, מיט וועלכע זיי זיינען געווען געבונדען.

ערשט יעצט האט ער דערזעהן, אז ער געפינט זיך אין א האלב־פינסטערן צימער.—דאס צימער האט געהאט נור א קליין קיילעכדיגעס פענסטערל אין דאך, דורך דיזעס פענסטערל איז אריינגעקומען א שוואכעס ליכט, אבער ער האט אזוי פיעל געקענט זעהן, אז לעבען איהם ליגט אויף דעם באדען אנקעל פרודענט.

פיל עוואנס האט האסטיג איבערגעשניטען דיא שטריק, מיט וועלכע אנקעל פרודענט'ס הענד און פיס זיינען געווען געבונדען און האט ביי איהם אראפגעריסען

דאס באנד פון דיא אויגען. אָנקעל פּרודענט האָט ארויסגענומען דאס שפּרייז־האָלץ פון זיין מויל האָט זיך ארומגעקוקט און האָט זיך ארומגעטאַפּט גלייך וויא ער האָט געוואָלט זיך איבערציינגען אויב ער לעבט נאָך.

— איך דאַנק אייך, פיל עוואַנס! האָט ער געזאָגט.

— ניטאָ פאר וואָס, אָנקעל פּרודענט! האָט דער סעקרעטער געענטפערט.

— זאָל איך בעפרייען אייער נעגער?

— נאָך ניט, ער וועט מאכען א געוואלד און דאס דארפען מיר יעצט ניט.

אָנקעל פּרודענט האָט געהאַט ביי זיך א גרויסע סומע געלד. ער האָט א טאַפּ געטאָהן זיין קעשענע, דאס געלד איז דאָרט געווען. ער האָט זיך א כאַפּ גע־טאָהן צו זיין גאָלדענע אוהר, זיא איז געווען אויף איהר אָרט. פיל עוואַנס האָט זיך אויך בעזוכט און האָט געפונען אַלע זיינע זאַכען.

— מיר זיינען געפאַנגען ניט ביי רויבער האָט אָנקעל פּרודענט געזאָגט, מען האָט אונז ניט בערויבט, מען האָט ביי אונז קיין זאך ניט גענומען. ווער אַלזאָ האָט עס אונז געפאַנגען?

— איהר פרעגט עס נאָך? האָט פיל עוואַנס געזאָגט,—דאס האָט געטאָהן דער פרעמדער, ראָבור.

— אָבער צו וואס האָט ער עס געטאָהן?

— איך ווייס עס ניט.

איינינע אויגענבליק האָבען ביידע געשוויגען. פּלוצלונג האָט אָנקעל פּרודענט געזאָגט:

— פיליפּ עוואַנס! יעצט דארפען מיר פערגעסען אַלעס אין דער וועלט, זאָ־גאַר אונזערע דעבאַטען אין וועלדאָן קלוב און דענקען נור וויא אזוי ארויסצוקומען פון דאַנען און וויא אזוי זיך נוקם צו זיין אן דיעזען פערדאַמטען ראבור מיט זיינע באנדיטען.

— איהר האָט רעכט, אָנקעל פּרודענט, דיא ערשטע פראגע איז, וואו געפי־נען מיר זיך יעצט? מען האָט אונז געפאַנגען אין פעיר מאָינט פּארק, אַלזאָ געפי־נען מיר זיך אין פּארק. עס איז דייטליך, אז מיר געפינען זיך אין א וואַגאָן אדער אין א גרויסען קאסטען און אזוי וויא מיר פיהלען ניט אז דיעזער וואַגאָן פאהרט, אז ער בעוועגט זיך, געפינען מיר זיך געוויס נאך אין פּארק. דאן מוזען מיר זעהן צו אנטלויפען און צו ארעסטירען דיעזען ראבור. דיא געזעצע פון אמעריקא בע־שטראפען זעהר שטרענג פאר בערויבען דיא פרייהייט פון א מענשען. ראָבור קען דערפאר בעקומען צוואַנציג יאָהר געפענגניס.

— ווער איז דיעזער ראבור? האט אנקעל פרודענט געפרעגט, איז ער א רייטש, א פראנצויז, א רוסע, און ענגלענדער?

— ער איז א טוינעניכטס, האט פיל עוואנס גיענטפערט קורץ, לאָמיר זיך נעהמען צו דער ארביים!

זיי האבען אנגעהויבען צו בעטראכטען דיא וועגט פון זייער קעמערל, פיללייכט וועלען זיי געפינען א שפאלט, וואו זיי וועלען קענען אנהייבען צו ארבייטען מיט זייערע מעסערס און אויסשניידען א לאך, דורך וועלכע זיי זאלען קענען אנטלויפען. זיי האבען געזוכט און געטאפט און האבען גאר ניט געפונען. דיא וועגט זיינען געווען גלאט וויא שפיגעל און הארט וויא א שטאהל.

— פאר וואס ציטערן אזוי דיעזע וועגד? האט פיל עוואנס געפרעגט.

— פיללייכט האט זיך אויפגעהויבען א שטארקער ווינד, האט אנקעל פרודענט געענטפערט.

— אבער וואס זאל דאס הייסען? וויא קומט עס וואס מיין מעסער נעהמט ניט דיא וועגט פון דיזען צימער? זיינען זיי פון אייזען? זאלען מיר זיך געפינען אין אן אייזערנעם קאסטען?

— ניין! עס איז קיין אייזען, האט אנקעל פרודענט געענטפערט, איך האב געקלאפט מיט מיין מעסער און האב ניט געהערט דעם קלאנג וועלכען אייזען גיט ארויס. ווען מען קלאפט דארויף מיט אנאנדער אייזען.

— אלזא וואס קען עס זיין? האט פיל עוואנס אויסגערופען.

מיט דיזע ווערטער האט ער זיך אנגעשפארט מיט זיין גאנצער קראפט אן דער טהיר און האט געוואלט זיא אויסברעכען.—אלעס אומזיסט! דיא טהיר האט זאָגאר ניט א ציטער געטאהן אנקעל פרודענט האט א קלאפ געטאהן מיט'ן פוס אן באדען, עס האט געקלונגען הייל, גלייך וויא עס וואלט ניט געשטאנען אויף דער ערד.

אין דיזער מינוט האט דער נעגער אנגעהויבען זיך צוווארפען גלייך וויא ער וואלט בעקומען קאנוואלסיאנען.

— מען מוז איהם אויפבינדען, האט אנקעל פרודענט געזאגט.

אין א פאר מינוט איז בראון געזעסען אויף'ן באָדען און האט זיך ארומגע־קוקט מיט טויט שרעק.

— וואס וויל מען פון מיר? האט ער געיאָמערט,—וויל מען מיר אויפעסען?

אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען זיך ניט אומגעקוקט אויף איהם, זיי האבען בעטראכט דאס קעמערל און האבען געזוכט א מיטעל צו אנטלויפען. זיי

האבען דערזעהן דאָס קיילעכדיגע פענסטערל אין דאַך און אָנקעל פּרודענט האָט געזאָגט:

— לאָמיר זעהן, אויב מען קען ניט אַרויסקריכען דורך דיזעם פענסטערל.

אין קעמערל איז אָבער געוועזען קיין שטוהל, קיין טיש, קיין באַנק און קיין לייטערל, אויף וועלכען זיך צו שטעלען און צו צוקומען צום פענסטער, וועלכעס איז געוועזען צו הויך פאַר אַ געוועהנליכען מענשען.

— קום אַהער, בראַון, האָט אנקעל פּרודענט געזאָגט צו זיין נעגער,—שטעל זיך אויף אַלע פיער און לאָז פיל עוואַנס אַרויפקריכען אויף דיר.

בראַון האָט אַזוי געטאָהן און פיל עוואַנס האָט זיך געשטעלט אויף איהם וויא אויף אַ בלאַנק און האָט דערגרייכט דאָס פענסטער.

— עס איז פערמאַכט, האָט ער געזאָגט.

— ברעך עס אויס!

— איך קען ניט.

— פון וואָס איז דען דיזעס פענסטערל?

— פון גלאָז.

— און איהר, פיל עוואַנס, קענט עס ניט צוברעכען?

— ווייסט איהר דען ניט, אָנקעל פּרודענט, אַז דער געלערנטער סיעמענס האָט אויסגעפונען אַ סאָרט גלאָז וועלכעס מען קען ניט צוברעכען?

— אָבער קענט איהר עפּעס זעהן דורך דאָס פענסטער?

— יאָ.

— און וואָס זעהט איהר?

— גאָר נישט.

— ניט אַ בוים? ניט אַ הויז?

— איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל אַז איך זעה גאָר נישט.

— אין דיזע מינוט האָט זיך דיא טהיר געעפענט און אַ מאַן איז אַריינגעקומען אין צימער. דיא געפאַנגענע האָבען איהם באַלד דערקענט, — עס איז געוועזען ראָבור.

— מיינע הערען, איהר זייט יעצט פריי, האָט ער געזאָגט מיט זיין העלער, ערנסטער שטימע.

— פריי? האָט אָנקעל פּרודענט אויסגערופען.

— יאָ, מיינע הערען, איהר זייט פריי און מעגט אַרומגעהן און אַרומשפּאַצירען אויף מיין מאַשין וועלכע הייסט „אַלבּאַטראָס.“

## 6טעס קאפיטעל.

# דיא פליה מאשין.

ראבור האט ארויסגעפיהרט זיינע געסט אויף א קליינע פלאטפארם, וועלכע האט אויסגעוויזען, וויא דאס דעק פון א שיף.

איינינע מינוט זיינען אנקעל פרודענט און פיל עוואנס געשטאנען וויא פערשטיינערט. זיי האבען געזעהן אז זיי געפינען זיך אין דער לופט, דריי ביז פיר טויזענד פוס הויך פון דער ערד.

— דאס איז מיין פליה מאשין, האט ראבור געזאגט, דא איז נייעציג פוס דיא לענג און דריי און צוואנציג פוס דיא ברייט. זיא איז איינגעטהיילט אין דרייא טהיילע: דיא פלאטפארם אדער דאס דעק וואו מיר שטעהען יעצט, דיא מאשינען אבטהיילונג וואו עס געפינען זיך אלע מאשינען און דיא קיך, שלאף צימער און מאגאזינען פאר פראוויזיאן און אינסטרומענטען.—מיין פליה מאשין האט פליגעל, וויא א ווינט מיהל, אבער ניט אזעלכע לאנגע, וויא ביי א ווינט מיהל, זאנדערן קורצע. צוויי און דרייסיג אזעלכע פלינעל, זעכצעהן פון יעדער זייט, דרעהען זיך מיט אן אונגעוועהנליכע שנעלינקייט. זיי ווערען געטריבען דורך עלעקטריציטעט. פון פארענט און פון הינטען געפינען זיך צוויי גרויסע שרויבען וויא ביי א דאמפף שיף.

אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען ערשט יעצט דערזעהן, וויא דיא פליגעל דרעהען זיך און פאכען וויא דיא פליגעל פון א פויגעל.

— איך וויל אייך נאך יעצט ניט אויסזאגען אלע געהיימניסע פון מיין „אלבאטראס,“ האט ראבור ווייטער געזאגט, איך האב אייך אבזיכטליך געפאנגען אום אייך צו איבערציינען אז דיא גאנצע טהעאריע, דער הויפט פרינציפ פון א לופט באלאן איז פאלש. ווען מיר וויל ען פליהען אין דער לופט, מוזען מיר האבען א מאשין, וועלכע איז שווערער פון דער לופט. וועלכע איז אים שטאנד זיך צו שטעלען נעגען ווינד אדער וועניגסטענס אויסצוניצען דיא קראפט פון'ם ווינד. מיין מאשין איז שווערער פון דער לופט.

— אבער דאס איז דאך אונמעגליך! האט פיל עוואנס אויסגערופען.

— אזוי האבען געמיינט אלע ליעבהאבער פון א לופט באלאן, האט ראבור געענטפערט, דאס איז אבער א טעות. אמאל האט מען ווירקליך אזוי געלערנט און אזוי געגלויבט. האלץ איז לייכטער פון וואסער, דערפאר שווימט א שיף, און וואס

לייכטער דאס האָלץ, פון וועלכען א שיף איז געמאכט, אלץ בעסער וועט עס שווימען אויפ'ן וואסער. דערפאר פלעגט מען אין דיא אלטע צייטען בויען שיפען פון דעם לייכטעסטען האָלץ און דערפאר פלעגען אמאָל אזוי אָפט אונטערגען שיפען: מיר האבען ניט געקענט אויסהאַלטען דעם ווינט. ערשט שפעט, ערשט גאָר ניט לאנג האט מען אנגעהויבען צו בויען שיפען פון אייזען, וועלכעס איז פיער שווערער פון וואסער.—פאר וואס איז שוין פון אייזען זיכערער אלס א שיף פון האָלץ?—ווייל עס איז שווערע פון וואסער. — אבער וויא קען שווימען א שיף פון אייזען, ווען עס איז שווערער פון וואסער?—ווייל עס איז אזוי געבויט, אז עס פערנעהמט אין וואסער אזא פלאץ, אזוי פיעל אָרט, אז עס פערדרענגט, עס „דעפלאסירט,“ עס טרייבט אוועק מעהר וואסער, וויא פיעל עס וועגט. מיין פליה מאשין איז געבויט נאָך דיא זעלבע רעגעלן, וויא א שיף פון אייזען.

— אלזאָ איז אייער „אלבאטראָס“ געבויט פון אייזען? האט אנקעל פרודענט געפרעגט.

— ניין! האט ראָבור געענטפערט, מיין מאשין איז געבויט פון פאפיער.

— איהר לאכט פון אונז, ווייל איהר ווייסט, אז מיר זיינען ביי אייך אין דיא הענד, האט זיך פיל עוואנס געקאָכט.

— איך לאך גאָר ניט, האָט ראָבור געענטפערט, איך שפאס קיין מאָל ניט, איך בין אן ערפינדער, מיין קאָפּ, מיין גייסטיגע מאשין, ארבייטעט בעשטענדיג און האט קיין צייט צו שפאסען. איהר ווייסט פילייכט נאָך ניט, אז פון פאפיר קען מען אַלעס מאכען, אז אין אייניגע ערטער מאכט מען שוין פון פאפיר רעדער צו אייזענבאהן וואגאָנס, אז מיט דער צייט וועט מען מאכען שיענען פאר דיא אייזענבאַנען נור פון פאפיער. אַלעס אין מיין מאשין איז געמאכט פון פאפיער, פון פערהאַרטעוועטעם פאפיער. וויא אזוי איך מאך עס, וויל איך אייך יעצט נאָך ניט זאָגען.

— און איהר אליין טרייבט דיא גאנצע מאשין? האָט אָנקעל פרודענט געפרעגט.

— דאס איז אונמעגליך, האָט ראָבור געענטפערט, איך בין דער קאפיטאן פון „אלבאטראָס,“ איך האָב נאָך א הויפט אינזשיניר, פיער מאטראָזען, איך מיין מאשיניסטען, און א קאָך, א מאן, וועלכער בעזאָרגט אונז דיא קיך. ער קאכט און באקט פאר אונז און בעדיענט אונז ביים עסען. זייט זיכער, איהר וועט ביי מיר ניט ליידען הונגער.

אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען זיך אנגעבוירגען און האבען א קוק געטאהן וואס עס טהוט זיך אונטען אויף דער ערד.

זיי האבען געזעהן בערג, וועלכע האבען אויסגעוויזען וויא סקיינע הייפעלעך זאמד. דיא זון איז שוין לאנג געווען אויפגעגאנגען און האט געשיינט העל און וואַרעם. זיי האבען געזעהן לאנגע, דינע, זילבערנע, גלענצענדע פעדים און זיי האבען דערקענט אז דאס זיינען טייכען. וועלדער האבען זיך אויסגעוויזען וויא גרינע פלעקען.

— וואו זיינען מיר יעצט? האט אנקעל פרודענט געפרעגט.

— אויף דיעזע פראגע קענט איהר יעצט קיין אנטוואָרט בעקומען, האט ראָבור געזאגט.

• און וואוהין פאהרען מיר דען? האט פיל עוואנס געפרעגט.

— אין דער לופט.

— וויא לאנג וועט עס דויערן?

— ביז איך וועל פערטיג ווערען מיט מיין אויפגאבע, האט ראבור געענטפערט.

— ווילט איהר פיעלייכט מאכען א רייזע ארום דיא וועלט?

— נאָך ווייטער.

— וואס קען שוין זיין ווייטער?

— איהר וועט עס זעהן.

— איך וויל אבער נים פאהרען אזוי ווייט! האט אנקעל פרודענט אויסגעררפען—איך וויל גאָר נים מאכען אזא ווילדע רייזע!

— לאָז זיך אייך אויסווייזען, אז איהר פאהרט אויף אייער לופט באלאן, האט ראבור געענטפערט, אויף מיין מאשין זיים איהר פיעל זיכערער וויא אויף אייער לופט באלאן.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען אין דער אנדערער זייט פון זיין לופט שיעף און האט עפעס געזאגט אין א רעהר. אנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען געבליבען אליין.

— מיר דאכט, אז מיר פאהרען יעצט איבער קאנאדא, האט פיל עוואנס געזאגט,—זעהט, אט איז א שטאדט, מיר דאכט אז דאס איז מאנטרעאל. דארט זעה איך וואסער, דאס דארף זיין לייק ערי, ווייטער זעה איך א טייך, דאס איז געוויס דער סענט לוירענס.

— אין דיעזער מינוט איז ראבור צוריקגעקומען צו זיי און האט געזאגט:

— מיינע הערען, איך וויל אייך פערשאפען דאס פערגניגען פון א לופט־רייזע, אָבער ווען מען מאכט א רייזע אין דער לופט, דארף מען אויך עסען, מען קען ניט לעבען פון דער לופט. ביטע, מיינע הערען, דער פריהשטיק איז פערטיג.

וויא בייז זיי זיינען געווען אויף ראבור, האבען זיי דאך געמוזט געהן מיט איהם. זיי זיינען געווען הונגעריג און ווען מען איז הונגעריג און מען רופט עסען, קען מען ניט בייז זיין.

ראבור האט זיי ארייגעפיהרט אין א שעהנעם צימער, וואו עס איז געשטאַ־נען א געדעקטער טיש מיט דיא בעסטע עסענס, וועלכע מען קען ניט קריעגען אין קאנטינענטאל האטעל אין פילאדעלפיא. ער האט זיי איינגעלאדען צום עסען און זיי האבען גענעסען מיט דעם בעסטען אפעטיט.

נאכ'ן עסען איז ראבור אוועקגעגאנגען אין מאשינען אבטהיילונג און זיינע ניי געסט זיינען ווידער ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק זעהן וואו זיי געפינען זיך ערגעץ אין דער וועלט. אין א ווינקעלע צוזאַמענגעדרעהט אין דרייען איז געזעסען דער נעגער בראון און האט געציטערט. קוים האט ער דערזעהן זיין הערר, האט ער אויסגע־שטרעקטביידע הענד און האט אנגעהויבען צו וויינען.

— רעטעט מיך, מיין הערר! איך האב מורא איך זאל ניט אראבפאלען. מיר פליעהען דאך אין דער הויך.

אָנקעל פרודענט האט געוואלט בערוהיגען זיין איבערגעשראקענעם נעגער, אין דיעזער מינוט אָבער האט זיך דער „אלבאטראס“ אויסגעדרעהט אין אנאנדער זייט, ער איז צוריקגעפאהרען קיין אמעריקא. אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האַ־בען גאנץ דייטליך געזעהן דעם וועלטבעריהמטען ניאגארא וואסערפאלל, זיי האבען זאנאר געזעהן וויא אן אייזענבאהן צוג איז געפאהרען איבער דער הענג-בריק איבער דעם טייך ניאגארא.

— מיר פאהרען צוריק, האט אנקעל פרודענט געזאגט, עס קען זיין, אז רא־בור פיהרט אונז צוריק קיין פילאדעלפיא, דאן האט ער זיך נור געמאכט א שפאס מיט אונז און איך דענק, אז מיר זאָלען איהם פערצייהען און זאָלען פערגעסען דיא גאנצע געשיכטע.

— אָה, ניין! האט פיל עוואנס אויסגערופען,—מיר זאָלען איהם פערצייהען, וואָס ער האָט אונז געכאפט ביי נאכט וויא א רויבער און האָט אונז א גאנצען טאג ארומגעשלעפט אויף זיין מאשין?—אויף קיין פאלל! קוים וועלען מיר אנקומען קיין פילאדעלפיא, וועל איך איהם ארעסטירען און ער וועט שוין בעקומען צוואנציג

יאהר געפענגניס דערפאר וואס ער האט בעטריבט די פרייהייט פון דריי אמערי־קאנער בירגער.

קוים האט ער ארויסגעזאגט דיעזע ווערטער. האבען אלע צווייא און דרייסיג פליעגעל פון „אלבאטראס" אנגעהויבען צו קלאפען, די שרויבען האבען אנגעהויבען צו רוישען, די גאנצע מאשין האט אנגעהויבען צו ציטערן און צו פליהען אין דער הויך מיט אזא שנעלינקייט, אז עס האט פערכאפט דעם אטהעם פון די מיט־גלידער פון וועלדאן קלוב.

עס איז בעקאנט אז וואס העכער, אלץ שיטערער איז די לופט און אלץ שווערער ווערט עס צו אטהמען. רייזענדע וועלכע זיינען ארויפגעקלעטערט אויף גאנץ הויכע בערג, האבען דארט ניט געקענט אויסהאלטען מעהר וויא עטליכע מי־נוט. מען ווערט דערשטיקט, מען קען ניט אטהעמען, ווייל מען האט ניט גענוג לופט צו אטהעמען.

ראבור האט געוואלט ווייזען זיינע געסט וויא שנעל זיין מאשין קען פליהען אין דער הויך, און דער „אלבאטראס" איז ארויפגעפלויגען א הויך פון צוואנציג טויזענד פוס. די קעלט איז געווארען שרעקליך. זאגאר דער שטארקער פיל עוואנס האט אנגעהויבען צו ציטערן און עס האט איהם געקלאפט א צאהן אן א צאהן. דער נעגער האט אנגעהויבען צו טאנצען אום זיך א ביסעל צו דערווארעמען און האט געבעטען, מען זאל איהם ארפלאזען, עס שווינדעלט איהם פאר די אויגען, ער קען ניט פאהרען אזוי הויך.

אנקעל פרודענט האט שוין געוואלט געהן זוכען ראבור און איהם בעטען, ער זאל אביסעל ארפלאזען דעם „אלבאטראס." אין דיעזע מינוט איז ראבורט ארויס־געקומען פון א קאיוטע.

— איך האב. אבזיכטליך געלאזען פליעהען מיין מאשין אזוי הויך אום אייך צו ציינען, אז מען קען זיא זעהר לייכט רעגירען און זיא פיהרען אין אלע זייטען, האט ער געזאגט צו זיינע געסט.—מיר זיינען יעצט געווען אויף א הויך פון צוואנציג טויזענד פוס איבער דער ערד, דאס איז אבער צופיעל, אין אזא הויך איז שווער צו אטהעמען, מיר פליעהען יעצט דורך, אין איינינע מינוט וועלען מיר זיין נור פיער טויזענד פוס איבער דער ערד, עס וועט ווידער ווערען ווארם און מיר וועלען אט־העמען פרייער.—זייט איהר שוין יעצט איבערציינגט, אז פליעהען אין דער לופט קען מען נור מיט א פליה מאשין?

אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען איהם ניט געענטפערט, זיי זיינען

געווען בייז, פאר וואס ער האט זיך ערלויבט אזא שפאס. ראָבור האט זיך געמאכט ניט וויסענדיג, וואס זיי זיינען בייז און האט ווייטער געזאָגט:

— פיעלייכט ווילט איהר וויסען, וויא פיעל מאָל אין א שטונדע מיין „אל־באטראס" פליעהט, וועל איך אייך זאָגען. דאס שנעלסטע דאמפף שיף געהט נור 22 קנאָטען אדער 25 מייל א שטונדע. אן עקסטרא צוג אין ענגלאנד און פראנק־רייך לויפט 60 מייל א שטונדע, דער „אלבאטראס" פליעהט 125 מייל אין א שטונדע אדער 183 פוס אין א סעקונדע, נור צוויי פייגעל אין דער וועלט פליעהען שנעלער פון איהם; דיא שוואלב פליעהט 209 פוס אין א סעקונדע און דער שנעל פויגעל פליעהט 270 פוס אין א סעקונדע. א בריעף טויב פליעהט שנעלסטענס נור 180 פוס אין א סעקונדע.

— הערר ראָבור, מיר פרעגען אייך ניט, וויא שנעל דיא פויגעל פליעהען און וויא שנעל אייער מאשין פליעהט, האט אָנקעל פרודענט געזאגט פינסטער, מיר פרעגען אייך, וואס פאר א רעכט האט איהר געהאט אונז צו פאנגען אין פילאדעל־פיא? וואָס פאר א רעכט האט איהר אונז צוא פיהרען אויף אייער מאשין געגען אונזער ווילען?

— וואס פאר א רעכט האט איהר געהאט מיך צו בעליידיגען, ווען איך האב ערקלערט א וויסענשאפטליכע וואהרהייט, מיט וועלכע איהר האט ניט איינגע־שטימט? האט דען ניט יעדער מענש דאס רעכט צו זאָגען זיין מיינונג?

— הערר ראָבור! האט פיל עוואנס אויסגערופען, — נור אן אונוויסענדער מענש אנטוואָרטעט מיט א פראגע, ווען מען שטעלט איהם א פראגע. א געביל־דעטער מענש גיט אן אנטוואָרט אויף א פראגע. מיר פרעגען אייך: מיט וואס פאר א רעכט האלט איהר אונז געפאנגען אין פילאדעלפיא? מיט וואס פאר א רעכט האלט איהר אונז געפאנגען אויף אייער מאשין?

— מיט דעם רעכט פון דעם שטארקען, האט ראָבור געענטפערט רוהיג, — דער שטארקערער האט שטענדיג רעכט.

— איהר זייט אונפערשעהמט! האט פיל עוואנס געזאָגט בייז.

— עס קען זיין, אבער איך זאג דיא וואהרהייט, האט ראָבור געענטפערט.

## 7טעס קאפיטעל.

# איבער דיא פעראייניגטע שטאאטען.

דער טאָג איז פאריבער, דיא זון איז אונטער געגאנגען און עס איז געוואָרען נאכט. ראָבור האט אריינגעפיהרט זיינע געסט און צוויי קליינע, אבער פיינע ריינע צימערלעך, וואו זיי האבען געפונען א וויכעס בעט, ריינעס אונטער וועש און א וואש סטענד מיט אלע זאכען, וועלכע זיינען נעטהיג פאר א געבילדעטען מענשען, ווען ער שטעהט אויף פון שלאָף.

אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען אבער זעהר שלעכט געשלאפען דיזע נאכט. ערשטענס, האט יעדער פון זיי געטראכט, וויא אזוי זיך צו בעפרייען פון דיזען געפענגנים. צווייטענס, האט פון צייט צו צייט אנגעהויבען צו פייפען און צו שפיעלען א טראָמפעט אָדער א פלייט. דאס איז געווען דיא זאָנדערבארע מוזיק, וועלכע מען האט געהערט אין אלע גרויסע שטעדט פון אייראָפא און אזיען.

דאגעגען איז דער נעגער בראון זעהר גוט געשלאפען. איהם האט מען אָפגעגעבען א פלאץ לעבען דער קיך, וואו עס איז איהם געווען אזוי ווארם, וויא ער האט אליין געוואלט.

דען 97טען יוני גאנץ פריה זיינען אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס ארויסגעקומען אויפ'ן דעק, דיא זון האט געלייכטעט העל און ווארם און עס איז געווען א פערגניגען צו שטעהן אין דער הויך און אראפ צו קוקען אויף דער ערד, אויף דיא ליעבע שעהנע וועלט.

— וואס איז דאס? — וואסער? האט פיל עוואנס אויסגערופען,—זעהט נור, אנקעל פרודענט, מיר דאכט, אז דאס איז לייק מישיגען, איינער פון דיא גרעסטע זעען (אָזיערא'ס) אין דער וועלט.

אנקעל פרודענט האט זיך צו געקוקט און האט געענטפערט:

— ריכטיג, פיל עוואנס! דאס איז דער לייק מישיגען און אָט דארט, רעכטס איז שיקאגא, דיא צווייטע גרעסטע שטאדט אין אמעריקא.— זעהט! אָט איז דאס אוידיטאָריום! און אט איז דאס שעהרמאן הויז!

דאס איז ווירקליך געווען שיקאגא, דיא קעניגין פון דער וועסט, דיא צווייטע גרעסטע שטאדט אין אמעריקא נאך ניו יאָרק. זיעבעצעהן אייזענבאהנען קומען זיך צו נויף אין דיעזער שטאדט און הונדערטער שיפען ברענגען אהין דיא פראדוקטען פון קענעדע און פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

אָנקעל פּרודענט איז געווען גוט בעקאַנט מיט שיקאַגאַ און ער האט געוויזען פיל וואונדער אַלע בעריהמטע געביידען פון שיקאַגאָ.

— אבער ווען דאס איז שיקאגא, טא וואוהין פאהרען מיר? האט פיל וואונדער געפרעגט.

אנקעל פרודענט האט איהם ניט געענטפערט, זיינע אויגען האבען געזוכט ראָבור'ן, אבער זיי האבען איהם אין ערגעץ ניט געפונען. ראָבור איז ערגעץ פערשוואונדען געוואָרען.

דער „אלבאטראס" איז געפלויגען זעהר לאנגזאם, גלייך וויא ער האט געוואלט גיבען זיינע געסט דיא געלעגענהייט צו בעטראכטען דעם שטאאט איללינאיז. פון דער פרישער ריינער אונגעזונדער לופט, וועלכע זיי האבען איינגעאטהעמט, זיינען זיי הונגעריג געווארען און זיינען אריינגעגאנגען אין עסס צימער. דער טיש איז געווען געדעקט און דאס עסען איז געשטאנען אויפ'ן טיש, אבער ראבור איז ניט געווען אין צימער. אנקעל פרודענט און פיל וואונדער האבען היינט געמוזט עסען אליין.

נאָך'ן עסען זיינען זיי ווידער ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק און האבען דערזעהן פאר זיך איינעם פון דיא גרעסטע טייכען אין דער וועלט אין דעם גרעסטען טייך פון נארד אמעריקא,—דעם מיסיסיפי, דעם „פאָטער פון דיא וואסערן," דאס איז דיא בעדייטונג פון דעם אינדיאנישען וואָרט מיססיסיפי.

דער „אלבאטראס" איז געפלויגען אזוי ניעדעריג אז אָנקעל פרודענט האט דערקענט דיא שטאָדט אייאווא, דיא גרעסטע שטאָדט פון דעם שטאאט אייאווא. געגען 2 אוהר נאָך מיטאג זיינען זיי אָנגעקומען אין אָמעהאָ, נעבראסקא, וואו עס קומען זיך צונויף אלע אייזענבאהן ליניען פון ניו יאָרק און סאן פראנציסקא. אָנקעל פרודענט און פיל וואונדער האָבען געקענט צעהלען דיא הילצערנע הייזער פון אָמעהאָ.

באלד האָבען זיך אָנגעהויבען צו ווייזען הויכע בערג. דאס זיינען געווען דיא ראָקי מאונטיינס, דיא שטיינערנע בערג, וועלכע ציעהען זיך וויא א לאנגע קייט איבער גאנץ אמעריקא פון בריטיש קאָלומביא אין נאָרדען ביז דער רעפּובליק טשילי אין זידען.

— וויל ער אונז ווירקליך ארומשלעפען מיט זיך ארום דער וועלט? האט פלוצלונג פיל וואונדער אויסגערופען.

— ער וועט עס ניט מאָהן! האט אָנקעל פרודענט געענטפערט, ער טאָר עס ניט מאָהן! איך האב פיינט שפאס.

— איך האָב אויך פיינט מען זאל מיט מיר שפּאסען, אבער......?

א גאנצען טאג האבען זיי ניט געזעהן ראָבורן. זיי האָבען געגעסען, געטרונ־קען, ארומגעשפּאציערט אויף'ן דעק אבער קיינעם ניט געזעהן אויסער דעם הויפּט אינזשיניר דשאָרדש קערנס, וועלכער איז זיך געזעסען אין זיין גלעזערנע קאיוטע און האט רעגירט דעם „אלבאטראס." געגען אבענד האָבען אונזערע רייזענדע געגען זייער ווילען עס שוין ניט געקענט אויסהאלטען. זיי זיינען צוגעגאנגען צו דשארדש קערנס און האבען איהם געפרעגט:

— קענען מיר זעהן קאפּיטאן ראָבור?

— איך ווייס ניט, האט קערנס געענטפערט.

— איז ער ערגעץ אוועקגעגאנגען?

— עס קען זיין.

— ווען וועט ער צוריק קומען?

— ווען ער וועט וועלען.

אונזערע רייזענדע געגען זייער ווילען האבען געמוזט עסען אליין און באלד זיך לייגען שלאפען.

דעם אנדערן טאג, ווען זייא זיינען ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק, האט זיך זייא פאָרגעשטעלט א זאָנדערבארעס בילד. זיי האבען דערזעהן דעם יעלאו סטאון פּארק איינס פון דיא גרעסטע וואונדער פון אמעריקא.

דער יעללאָו סטאָון פּארק Yellow Stone Park איז 56 מייל דיא לענג און 55 מייל דיא ברייט. ער ליעגט אין דיא שטאאטען וויאמינג, איידאהא און מאָנטאנא Wyoming, Idaho and Montana ער געהערט צו קיינעם ניט, ווייל ער געהערט צום גאנצען פאָלק פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, ער איז א נאציאָנאל פּארק. וויא יעדע שטאָדט האט א פּארק, א גארטען, וועלכע געהערט צו דער שטאָדט, און קיין בירגער, קיין הערשער, האט דאס רעכט צו צו נעהמען פון איהם א שפּאַן ערד, אזוי געהערט. דער יעללאָו סטאָון פּארק צום גאנצען פאָלק, צו דער גאנצער נאציאָן און קיין בירגער, קיין הערשער, האט קיין רעכט צו צו נעהמען א שפּאַן ערד פון דיעזען זאָנדערבארען פּארק, וואו עס געפינען זיך אלע נאטור וואונדער פון אמעריקא.

דיא ווילדע טהיערע, וועלכע געפינען זיך אין דיעזען נאציאָנאל פּארק, שטעהן אונטערן שוץ פון אמעריקאנישען פאָלק און קיינער האט דאס רעכט זיי צו בעאונ־רוהיגען מען רעדט שוין ניט פון זיי טייטען. דער יעללאָו סטאָון פּארק איז וויא דיא חנוכה ליכט ביי אידען; יעדער מעג זיי זעהן, אבער קיינער טאָר זיי ניט בענוצען,

אין יעללאָו סטאָון פּארק געפינען זיך ביאָנס דער אמעריקאנער בופעלאָקס, דער אייינציגער אָרט אין גאַנץ אמעריקא, וואו מען קען איהם זעהן אין ווילדען צושטאנד.

אין יעללאָו סטאָון פּארק געפינען זיך אָבער אויך פיעלע נאטור וואונדער, וויא דיא בעריהמטע נאטור שפּרינגברונען, נאטור פאָנטאנען, אָדער „גייזער", וועלכע שפּריצען מיט וואסער אדער מיט שלאם (בלאָטע). אייניגע פון זיי שפּריצען בעשטענדיג, אנדערע נור צו געוויסע צייטען. איינער פון דיעזע „גייזער" הייסט דיא „ריעזין". מען זעהט פאר זיך א שרעקליך טיעפען ברונען, א לאָך אין דער ערד א פינסטערער גרוב, וועלכע איז, דאכט זיך. גאנץ לעדיג. איין מאָל אין יעדע 11—12 שטונדען קומט אָן נאָר פּלוצלונג פיעל וואסער און עס הייבט זיך אויף א זייל וואסער פון 60 פוס דיא הויך. ניט וויט פון דיעזען „גייזער" געפינט זיך „דער ריעז", א גייזער וועלכער ווארפט ארויס א זייל וואסער אויף 200 פוס דיא הויך. נאָך ווייטער זעהט מען דעם פאָכער. וועהער, א „גייזער", וועלכער ווארפט ארויס וואסער אין געשטאלט פון אדאמען פאָכער, א „פען". אייניגע „גייזער" שפּיעלען, ווארפען ארויס זיילען מיט וואסער, יעדע 10—15 מינוט, אנדערע שפּיעלען איין מאל אין 30 יאָהר.

אויסער דעם געפינען זיך אין יעללאָו סטאָון פּארק הייסע „גייזער" אין הייסע קוועלען. דאס וואסער אין דיעזע קוועלען איז אזוי הייס, אז מען קען אין זיי אָפּקאָכען א שטיק פלייש אין עטליכע מינוט. איבער דיעזע „גייזער", און קוועלען געפינט זיך שטענדיג, זומער און ווינטער א זייל רויך,—דאמפּף.

אנקעל פּרודענט איז אמאָל געוועזן אין יעללאָו סטאָון פּארק און דארום האט ער יעצט אלעם דערקענט.

— אָט איז „דער ריעז"! האט ער געזאָגט צו פיל עוואנס, — אט איז „דער טורבאן !" איינער פון דיא זאנדערבארסטע „גייזער". ער ווארפט אין וואסער נור 20 פוס דיא הויך, אבער ווען דאס וואסער קומט אָן אויבען, ווערט פון איהם א טורבאָן, א קאָפּ בעדעקונג, וויא עס טראָגען דיא אראבער.

עס איז שווער צו זאגען, אויב קאפּיטאן ראָבור האט אבזיכטליך געפיהרט זיין „אלבאטראס" איבער דעם יעללאו סטאון פּארק אום צו ווייזען זיינע געסט אלע וואונדער פון דיעזען וואונדער פּארק, אדער זיין מארשרוט, זיין וועג האט איהם געפיהרט איבער דיעזען פּארק, זיכער איז עס אבער, אז דער „אלבאטראָס" איז יעצט געפלויגען זעהר לאנגזאם און דיא רייזענדע געגען זייער וויללען האבען געקענט זעהן און בעטראכטען אלע וואונדער פון דיעזען וואונדערבארען פּארק.

פּלוצלונג אבער האבען דיא פליעגעל פון „אלבאטראָס" אנגעהויבען זיך צו

דרעהן שנעלער, דיא שרויבען האבען אנגעהויבען צו ארבייטען, דיא גאנצע מאשין האט אנגעהויבען צו ציטערן,—דער „אלבאטראס“ האט זיך אויפגעהויבען.

— וואס איז דאס? האט פיל עוואנס געפרעגט.

איידער אנקעל פרודענט האט צייט געהאט איהם צוא ענטפערן, איז דער „אלבאטראס“ אריבער געפאהרען א קיים פון בערג און האט אנגעהויבען זיך אראפצולאזען. אנקעל פרודענט האט געוואלט עפעס זאגען. קוים, אבער האט ער געעפענט דאס מויל, האט מען געהערט א הויכען, שטארקען, ראשען פייף פון א לאקאמאטיוו און דער רויך פון קוימען האט דער גרייכט דיא פאסאזשירען אויפ'ן „אלבאטראס“. דיא גרויסע טראמפעטע האט אנגעהויבען צו שפיעלען דאס בע־ריהמטע אמעריקאנישע פאלקס ליעד „יענקי דודל“.

עס איז געווען אן אייזענבאהן צוג פון סאן פראנסיסקא נאך לייק־סיטי, דיא הויפט שטאדט פון דעם שטאאט יוטא. דיא פאסאזשירען אין דיא וואגאנס האבען דערזעהן דיא פליה מאשין און האבען אנגעהויבען צו שרייען: הורראה! און צו גריסען מיט זייערע טאשענטיכער, דער „אלבאטראס“ האט זיך אראפגעלאזען נאך ניעדעריגער און איז געפלויגען גלייך מיט דעם אייזענבאהן צוג. א נייער געדאנק איז געקומען אנקעל פרודענט אין קאפ. ער האט זיך אן געבויגען איבער געלענדער און האט אנגעהויבען צו שרייען מיט דער גאנצער קראפט פון זיין שטימע:

— איך בין אנקעל פרודענט פון פילאדעלפיא!

— און איך בין פיליפ עוואנס פון פילאדעלפיא! מען האלט אונז געפאנגען! האט פיל עוואנס נאכגעשריען.

דיא פאסאזשירען אין דיא וואגאנעס האבען זעהר גוט געהערט, וואס אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען זיי געזאגט, אבער זיי האבען געמיינט, אז זיי שפא־סען און זיי האבען נאך אמאל געשריען: הורראה!

באלד האט מען דערזעהן א גרויסען, קיילעכדיגען העללען קרייז, א ראד, אן עיגול, אין דער הויך, אין דער לופט.

— דאס איז דער דאם, דער קופאל, דער קיילעכדיגער, גלעזערנער דאך פון דער גרעסטער קירכע אין סאלט—לייק—סיטי, וועלכע הייסט „טאבערנאקל“, אוהל מועד. דיעזער קיילעכדיגער דאך, קופאל, איז געמאכט פון גלאז און איז אזוי געש־ליפען, אז ער שפיעגעלט אפ דיא שטראהלען פון דער זון אויף א גרויסע שטרעקע.

אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען יעצט געקענט זעהן גאנץ דייטליך דיא הייזער פון סאלט—לייק—סיטי, איינע פון דיא מערקווירדיגסטע שטעדט אין נארד אמעריקא. דאס האט אבער געדויערט נית לאנג. דער „אלבאטראס“ האט

זיך ווידער אויפגעהויבען אין דער הויך און איז יעצט געפלויגען איבער דיא שטיי־
נערנע בערג, דיא ראקי מאונטיינס.

— מיר דאכט, אז מיר וועלען באלד זיין אין סאן פראנסיסקא, האט אנקעל
פרודענט געזאגט צו זיך אליין.

א גאנצען טאג האבען זיי ניט געזעהן ראבורן. פאר נאכט איז דער „אלבאט־
ראס" אנגעקומען קיין סאקראמענטא, דיא הויפט שטאדט פון קאליפארניען, ניט
דיא גרעסטע שטאדט, ווייל דיא גרעסטע שטאדט אין קאליפארניען איז סאן פראנ־
סיסקא, סאקראמענטא איז אבער דיא הויפט שטאדט, ווייל דאר וואוינט דער גו־
בערנאטאר פון קאליפארניען.

אזוי וויא אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען בעטראכט דיא שטאדט
סאקראמענטא, איז ראבור נאר פלוצלונג צוגעקומען צו זיי.

— מיסטער ראבור, מיר געפינען זיך יעצט איבער סאקראמענטא, דער געצ־
טער פונקט אין וועסט אמעריקא, איך דענק, אז עס איז שוין געגוג צו שפאסען
מיט אונז, האט אנקעל פרודענט געזאגט ערנסט אין פינסטער.

— איך שפאס קיין מאל ניט, האט ראבור געענטפערט רוהיג און איז ווידער
פערשוואונדען געווארען.

איינינע מינוט זיינען דיא רייזענדע געגען זייער ווילען געשטאנען, וויא פער־
שטיינערט, ענדליך איז אנקעל פרודענט געקומען צו זיך און האט געזאגט:

— איך וועל איהם דערווערגען, ווען ער וועט אונז ניט אפלאזען.

— געוויס! מיר מוזען זיך בעפרייען! האט פיל עוואנס געשריען,—מיר מוזען
לויז ווערען פון דיעזען געפענגניס, זאגאר ווען מיר וועלען מוזען בעגעהן א מארד.

פלוצלונג האבען דיא פליגעל פון „אלבאטראס" אנגעהויבען שטארק צוא
רוישען און אין איינינע מינוט ארום האבען דיא רייזענדע געגען זייער ווילען דער־
זעהן מיט שרעק און שטוינען, אז אונטער זיי געפינט זיך נור וואסער.

— דאס איז דאס שטילע וועלט מעער! האט אנקעל פרודענט אויסגערופען.

---

8טעם קאפיטעל.

## פון סאן פראנציסקא נאך אינדיען.

עס איז נור וואס נאכט געווארען, ווען דער „אלבאטראס" איז ארויפגעקומען
אויפ'ן שטילען וועלט מעער, פאסיפיק אש'ן, דער גרויסער אוקיאנוס. אנקעל פרוד־

דענט און פיל עוואנס האבען אפגעגעסען זייער נאכט עסען און האבען זיך באלד געלייגט שלאָפען, ווייל עס איז געווען א פינסטערע נאכט און מען האט ניט גע־קענט זעהען, וואס עס טהוט זיך אויפ'ן מעער.

דעם אנדער טאָג אין דער פריה זיינען זיי ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק זעהן וואו זיי זיינען ערגעץ אין דער וועלט. דער „אלבאטראס" איז יעצט געפלויגען זעהר ניעדעריג, נור הונדערט און צעהן פוס איבער דעם וואסער, און אזוי לאנגזאם, אז מען האט געקענט זעהן אלעס, וואס עס טהוט זיך אין וועלט מעער. מען האט גע־קענט זעהן, וויא פיש שווימען, וויא זיי יאָגען נאָך איינער דעם אנדערן און וויא זיי חאפען איינער דעם אנדערן.

אזוי וויא אָנקעל פּרודענט און פיל עוואנס זיינען געשטאנען און האבען בע־טראכט דאס מעער איז דער נעגער בראון ארויסגעקומען פון זיין קאיוטע און האט דערזעהן, אז זיי פליהען איבער'ן וואסער.

— דאס מעער! דאס מעער! האט ער אנגעהויבען צו שרייען, וויא א וואהנ־זיניגער,—מיר זיינען פערלאָרען! ווייל מיר שווימען אין וואסער!

ער האט אזוי געשריען, אזוי געיאָמערט און אזוי געגוואלדעוועט, אז אנקעל פּרודענט האט געמוזט איהם ארייַנשלעפּען אין זיין קאיוטע און איהם דארט פער־שליעסען, ביז ער וועט זיך אביסעל בערוהיגען.

נאָך מיטאג האָט דער מאַן, וועלכעער איז געשטאנען אויף דער וואך, געגע־בען א סיגנאל אז אלע זאָלען ארויסקומען אויפ'ן דעק. ראבור, דשאָרדש קערנס און דיא איבריגע זעקס מאטראָזען, וויא אויך אנקעל פּרודענט און פיל עוואנס זיינען אַרויסגעקומען זעהן וואס עס איז עפּעס געשעהן.

דער מאַן פון דער וואך האָט זיי געוויזען, אז ניט וויַיט, נור א פּאָר מייל פון זיי שפּיעלען זיך עטליכע ווייסע וואלפיש. דער ווייסער וואלפיש איז איינער פון דיא גרעסטע און שטארקסטע וואלפיש אין מעער. מיט איין זעץ פון זיין שטארקען עק קען דער ווייסער וואלפיש איבערקעהרען דאס שטארקסטע באָאָט. דיא וואל־פיש יענער ווייסען גאנץ גוט וויא געפעהרליך א ווייסער וואלפיש איז און זיי זיינען זעהר פאָרזיכטיג ווען זיי ווילען איהם פאנגען.

ראָבור האט געוואָלט ווייזען זיינע געסט וואָס מען קען מאַהן פון זיין מאשין און ער האָט געהייסען זיינע מענשען פאנגען איינעם פון דיא ווייסע וואלפיש. א וואלפיש חאפּט מען געוועהנליך מיט א הארפון, א שווערעס שטיק אייזען, וועלכעס איז אויבען קייַלעכדיג וויא א קוגעל און אונטען ווערט זיא דיענער און דיענער ביז זיא ענדיגט זיך מיט א שפּיץ, וועלכער איז שארף וויא א נאדעל. דיעזע הארפונע

איז צוגעבונדען צו א לאנגען שטריק. א שטארקער מאטראָז אָדער א שליידער־מאשין גיט זיא א וואָרף אויף'ן ברייטען רוקען פון וואלפיש. זיא קריעכט אריין אין זיין פעטען קערפער און ווען זיא דערגרייכט זיין הערץ קרעפירט ער, אָבער עס מאכט זיך זעהר זעלטען אז מען זאל טויטען א וואלפיש מיט איין הארפון, געוועהנ־ליך מוז מען געברויכען דרייא—פיער—פינף און זאָגאר מעהר הארפונען, איידער מען טויטעט אזא ריעז.

— פערטיג? האט ראבור געפרעגט.

— פערטיג! האט דשארדש געענטפערט.

דער „אלבאטראס" האט זיך פלוצלונג אראפגעלאזען ביז 25 פוס איבער'ן וואסער. ראבור איז ארויפגעגאנגען אויף דעם שטיבעלע וואו דער שטייערמאן שטעהט און האט בעטראכט דאס מעער. דיא וואלפיש האבען זיך געשפיעלט און האבען פון צייט צו צייט ארויסגעלאזען פון זייערע איינציגע נאזלעכער זיילען וואסער.

— ציעל אויף דעם יענעם רעכטס! האט ראבור קאמאנדירט.

דשארדש קערנס, דער הויפט אינזשעניר, האט אויפגעשטעלט א סארט קאַ־נאנע און האט אויסגעשאסען א הארפון וועלכע איז געווען צוגעבונדען צו דער קאַ־נאנע מיט א זעהר לאנגער אייזערנער קיים.

— אויפמערקזאם! האט ראבור קאמאנדירט.

וויא אנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען געווען בייז אויף קאפיטאן ראַ־בור, זיינען זיי דאך פעראינטערעסירט געווארען אין דיזען זאנדערבארען וואלפיש־פאנג. זיי האבען קיין מאל ניט געזעהען וויא מען כאפט א וואלפיש, בעזאנדערס אבער וויא ראבור וועט כאפען א וואלפיש.

דיא הארפונע האט געטראפען דעם וואלפיש אין רוקען און האט זיך איינ־געגראבען אין זיין פעטער פלייש. דער וואלפיש האט א ציטער געטאהן און האט אנגעהויבען צו שלאגען מיט זיין עק אזוי שטארק, אז דער גאנצער „אלבאטראס" איז בעדעקט געווארען מיט וואסער. פלוצלונג האט ער זיך אראפגעלאזען און איז פערשוואונדען געווארען אונטערן וואסער. דיא לאנגע קיים מיט וועלכע דיא האר־פונע איז געווען צוגעבונדען, האט זיך באלד אויסגעוויקעלט און דער וואלפיש האט אנגעהויבען צו שלעפען דעם „אלבאטראס" מיט אזא קראפט, אז מען וואלט גע־קענט מיינען, ער וועט איהם ארייגשלעפען אין וואסער. דשארדש קערנס האט שוין גענומען א שווערע האק און האט געוואלט איבערהאקען דיא קיים, באלד אבער איז דער וואלפיש ווידער ארויפגעשוואומען: ער האט געמוזט אטהעמען און ער איז

ארויפגעקומען. דיא הארפונע האט אונטערדרעסען זיך איינגעגראבען טיעפער און טיעפער אין זיין קערפער און ער האט אנגעהויבען צו ווערען שוואכער. ארום איהם איז דאס מעער רויט געווארען פון זיין בלוט.

ראבור האט יעצט געגעבען א ווינק און דיא פליענער פון „אלבאטראס" האבען אנגעהויבען צו ארבייטען שטארקער. דער „אלבאטראס" האט זיך אויפגע־הויבען און האט אנגעהויבען צו צוציהען צו זיך דעם וואלפיש. יעצט ערשט האבען אנקעל פרודענט און פיל עוואנס געקענט זיך איבערצייגען פון דער קראפט פון „אלבאטראס." דער ריעז פון מעער האט זיך געראנגעלט מיט דער ערפינדונג פון א מענשען. פלוצלונג איז דער וואלפיש ווידער פערשוואונדען געווארען אונטערן וואסער און האט מיטגעשלעפט דעם „אלבאטראס" מיט זיך. דאס דעק פון „אל־באטראס" איז שוין געשוואומען אין וואסער פון וועלט מעער. דאס האט אבער געדויערט נור איינינע אויגענבליקע. דשאדש קערנס האט איבערגעהאקט דיא סייט און דער „אלבאטראס" איז ווידער ארויפגעפלויגען אין דער הויך וויא א פויגעל, וועלכע רייסט זיך ארויס פון נעץ.

איינינע מינוט שפעטער איז דער וואלפיש ווידער ארויפגעשוואומען, דאס מאל איז ער געווען טויט. ראביר האט געלאזען זיינע געסט בעטראכטען דיעזען ריעז, דיעזען לויתן, דיעזעס אונגעהייער, דאן האט ער געגעבען א צייכען און דער „אלבאטראס" האט אנגעהויבען צו פליהען מיט אן אונגעהייערע שנעלקייט.

דעם אנדערן טאג פאר נאכט האבען אנקעל פרודענט און פיל עוואנס דער־זעהן לאנד און האבען אנגעהויבען צו טראכטען, וואס פאר א לאנד דאס איז. ראב־בור האט עס בעמערקט, איז צוגעגאנגען צו זיי און האט געזאגט גאנץ העפליך:

— מיר וועלען באלד זיין אין סיביר, מיינע העררען.

— און פון דארטען? האט אנקעל פרודענט געפרעגט.

— וועלען מיר בעזוכען יאפאן, האט ראבור געענטפערט.

— און פון דארטען?

— וועלען מיר בעזוכען כינא, האט ראבור געענטפערט גאנץ רוהיג.

אנקעל פרודענט האט שוין מעהר ניט געוואלט פרעגען. ער האט זעהר גוט פערשטאנען, אז זיין פרעגען און ארגומענטירען וועלען איהם ווענינ העלפען.

איבער סיביר איז דער „אלבאטראס" געפלויגען זעהר שנעל, עס איז דארט ניט געווען פיעל אינטערעסאנטעס צו זעהן, ווען ער איז אבער געקומען צו דיא אינ־זלען, וועלכע בילדען דאס קייזערטהום יאפאן, האט ער אנגעהויבען צו פאהרען זעהר לאנגזאם.

דען 3טען יולי האבען אָנקעל פּרודענט און פיל עוואנס געזעהן, וויא דער „אלבאטראָס" איז אריינגעפאהרען אין א געדיכטען נעבעל, וועלכער איז געלעגען איבער דער גרויסער מיננישאָן. דער נעבעל איז געוועזן געדיכט, וויא א רויך. עס איז שווער געוועזן צו אטהעמען. אזא נעבעל קומט א מאָל פאָר אין לאָנדאָן אין פריהלינג און הערבסט. אָנקעל פּרודענט און פיל עוואנס האבען גערעכענט, אז דער אלבאטראָס וועט זיך יעצט אראפּלאָזען צו דער ערד און וועט בלייבען שטעהן אום איבער צו ווארטען דעם נעבעל, ווייל דער נעבעל איז געוועזן אזוי געדיכט, אז מען האט ניט געקענט זעהן א מענשען אויף פינף שריט פון זיך. ראבור אבער האט זיך אליין געשטעלט ביי זיין מאשין און האט דיא געלאָזט ארבייטען מיט פולער קראפט אין דער צייט פון א פיערטעל שטונדע האט זיך דער „אלבאטראָס" אויפגעהויבען אזוי הויך, אז ער איז אויסגעקומען העכער פון נעבעל. דיא זון האט געשיינט העלל און ווארם, וואו דער „אלבאטראָס" איז געפלויגען, און אונטען איז געוועזן פינסטער און א געדיכטער נעבעל.

ראבור איז צוגעגאנגען צו זיינע געסט און האט געזאָגט צו זיי:

— זעהט איהר, מיינע הערען, וויא מיין מאשין איז פיעל בעסער פון א דאמפף שיף. אין אזא געדיכטען נעבעל קען דאס בעסטע דאמפף שיף זיך ניט העלפען און מוז בלייבען שטעהן, מיין מאשין אבער פליהט איבערן נעבעל און זאגאר איבער דעם וואָלקען. איך וועל אייך נאך אמאָל ווייזען, וויא אונטען אויף דער ערד וועט זיין א שטורם, עס וועט דונערן און בליצען און מיר וועלען פאָהרען אין העלען שיין פון דער זון.

א גאנצען טאָג האט געדויערט דער נעבעל און מען האט ניט געקענט זעהן דאס לאַנד אונטער דעם „אלבאטראָס". דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז דער נעבעל פערשוואונדען געוואָרען און דיא רייזענדע געגען זייער ווילען האבען דערזעהן אונטער זיך א גרויסע שטאָדט מיט פּאלאצען, מיט גרויסע הייזער, מיט טהורמס, מיט וועלכאָס (דאמשעס) און זיי האבען זאָגאר געקענט הערן דאס גערויש פון דיא גאסען.

— מיינע הערען, דאס איז יעדדאָ, דיא הויפּט שטאָדט פון יאפּאן, האט ראָבור געזאָגט צו זיינע געסט.

— הערר ראבור, מיר פרעגען אייך ניט און מיר בעטען אייך ניט, איהר זאָלט אונז ערקלערען דיא נעמען פון דיא שטעדט, איבער וועלכע מיר פאָהרען, האט אָנ־קעל פּרודענט געענטפערט בייז.

— איך האָלט עס אבער פאר מיין פפליכט אלס קאפּיטאן פון „אלבאטראָס"

אייך יעדעס מאָל צו מעלדען דיא נעמען פון דיא בעריהמטע סטאנציאָנען, וואו מיר קומען, האט ראבור בעמערקט, אין א קורצע צייט וועלען מיר זיין אין פעקין, דיא הויפט שטאָדט פון כינא.

דעם 4טען יולי האָט זיך פאָרגעשטעלט פאר אונזערע רייזענדע נעגען זייער ווילען איינע פון דיא שרעקליכסטע ערשיינונגען פון דער נאטור, וועלכע קומט פאָר נור אין דיעזע געגענדען. זיי האבען געזעהן א טאר־פון, א שרעקליכער שטורמווינד, וועלכער דויערט צוואר נור א גאנץ קורצע צייט, אבער אין דיעזע קורצע צייט איז ער אזוי שטארק, אז ער קען ארויסשליידערן אויף'ן ברעג א גרויסע און שטארקע דאמפף שיף. נעגען א טאר־פון האט שוין זאנאר דער „אלבאטראס“ ניט געקענט העלפען, אבער ראבור האט איהם אויסגעמידען. קוים האט ער דערזעהן וויא דער טאר־פון הייבט זיך אן, איז ער אנטלאפען מיט זיין „אלבאטראס.“

דעם 5טען יולי האבען זיי דערהערט א שרעקליכען געדרויש אונטער זיך, זיי האבען אראפגעקוקט און דערזעהן א גרויסען הויפען מענשען מיט פויקען, פייפען, טראמפעטען און אנדערע מוזיקאלישע אינסטרומענטען, דערביי האט מען געלאזען פליהען גאנץ הויך פאפירענע שלאנגען וויא עס מאכען עס קינדער ביי אונז.

— וואס איז דאס? האט פיל עוואנס געפרעגט אנקעל פרודענט.

אנקעל פרודענט האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

— דיא כינעזען פייערן היינט א גרויסען פייערטאג, האט ראבורס העלפער און פעסטע שטימע געזאגט,—איך וועל זיי באלד איבערראשען.

ער האט א ווינק געטאהן און דיא גרויסע טראמפעטע האט אנגעהויבען צו שפילען א כינעזישע. דיא כינעזען זיינען געפאלען מיט זייערע געזיכטער צו דער ערד און האבען אנגעהויבען צו בעטען צו זייער גאט בודדהא.

— מיינע הערען, איהר קענט יעצט בעטראכטען דיא בעריהמטע מויער, וועלכע דיא כינעזען האבע מיט טויזענדער יאהרען צוריק געבויט ארום זייער לאנד אום זיך צו שיצען נעגען זייערע פיינד, האט ראבור געזאגט.

אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען יעצט ווירקליך געזעהן דיא ברייטע מויער, וועלכע דרעהט זיך וויא א שלאנג צווישען כינא און דיא מאנדשוריי. זיא איז אזוי ברייט, אז א קארעטע מיט זעקס פערד קען זיך גאנץ לייכט אויסדרעהן אויף איהר. אמאָל פלעגען שטעהן וואכען און זיא אפהיטען, היינט איז זיא פער־נאכלעסיגט און אין פיעלע ערטער איז זיא איינגעפאלען און דיא איינוואהנער צו־שלעפען דיא שטיינער פאר זייערע הייזער.

איינינע מינוט האבען דיא רייזענדע נעגען זייער ווילען בעוואונדערט דיעזע

זאַנדערבאַרע מויער, דאַן האבען זיי זיך דערמאנט, וואו זיי זיינען יעצט און אזוי וויא ראבור איז ניט געווען יעצט אויף'ן דעק, האט פיל עוואנס געזאגט:

— אום גאטעס ווילען! וואס וועט זיין דיא ענדע? מיר מוזען דאך זעהן זיך צו בעפרייען פון דיעזע מענשען!

— מיר מוזען אבוואַרטען א געלעגענהייט האט אנקעל פרודענט געענטפערט, —ער וועט זיך דאך א מאל מוזען אראפלאזען אויף דער ערד, ער וועט דארפען פראוויאנט אדער וואסער, דאן וועלען מיר אנטלויפען.

— איך וויל אבער אזוי לאנג ניט ווארטען! האט זיך פיל עוואנס געקאכט, מיר מוזען אנפאלען אויף איהם און איהם צווינגען מיט געוואלד, ער זאל אונז אפ־לאזען.

— דאַן מוזען מיר ווארטען ביז מיר וועלען קומען אין א ציוויליזירטעס לאנד, וואו מיר זאלען קענען האבען דיא מיטעל צו פאהרען א היים, האט אנקעל פרו־דענט ערקלערט. וואס וועט אונז העלפען אראפצוגעהן פון „אלבאטראס" אין דיזע דיעזע ווילדע גענענדען? מיר וועלען דאך שטארבען פאר הונגער, איידער מיר ווע־לען צוקומען צו א שטאדט?

מיט צוויי טאג שפעטער האבען אונזערע רייזענדע געפיהלט, אז עס ווערט שרעקליך קאלט. עס איז געווען אָנפאנגס יולי, עס וואלט אלזאָ געדארפט זיין ווארם, וויא קומט עס וואָס עס איז אזוי קאלט?

אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס האָבען אראָפגעקוקט פון דעק פון „אלבאט־ראָס" און האָבען דערזעהן מיט שרעק און שטוינען בערג מיט שנעע און גאַנצע שטרעקען בעדעקט מיט אייז.

— וואס איז דאס? וויא קומט יעצט שנעע און אייז, בעזאָנדערס אין דיעזע הייסע גענענדען? האָט פיל עוואנס געפרעגט.

אָנקעל פרודענט האָט געציטערט פון קעלט, אז עס האָט איהם געקלאפּט א צאָהן אָן א צאָהן און ער האט דארום גאר ניט געענטפערט.

— מיר געפינען זיך יעצט איבער דיא הימאלאיען, האָט ראָבור'ס שטימע געענטפערט, מאָרגען אין דער פריה וועט אייך זיין אזוי ווארם, אז איהר וועט אראָפּוואַרפען פון זיך דיא העמדער, ווייל מיר וועלען זיין אין אינדיען.

דיא הימאלאיען זיינען דיא העכסטע בערג אין דער וועלט. זיי זיינען בעדעקט מיט אייביגען שנעע, אייניגע בערג זיינען אזוי הויך, אז קיין מענש האט זיי נאך ניט אויסגעפאָרשט. דיא גרעסטע טייכען פון אזיען הויבען זיך אָן פון דיעזע בערג. דער שנעע ווערט צושמאָלצען און עס ווערט פון דעם וואסער א טייך. אזוי הייבען

זיך אין דיא גרויסע טייכען פון אינדיען, דער גאנגעס, דער בראהמאפוטרא און דער אירעוואדי.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה, ווען אנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיי־נען ארויסגעקומען אויף׳ן דעק איז ראבור זיי ענטגעגען געקומען און האט געזאגט גאנץ העפליך:

— מיינע העררען, מיר זיינען אין אינדיען!

---

### 9טעם קאפיטעל.

## אנקעל פרודענט און פיל עוואנס מאכען א פלאן צו אנטלויפען.

דיא רייזענדע גענען זייער ווילען האבען גערעכענט אז ראבור וועט אראפ־לאזען זיין מאשין לעבען דיא גרויסע שטעדט אין אינדיען, ווי קאלקוטא, באמביי, מאדראס, זיי האבען אבער באלד דערזעהן מיט צארן און פערדרוס, אז דער אל־באטראס האט זיך אויסגעדרעהט און איז גאר געפאהרען אין דער געגענד פון אפ־גאניסטאן.

יעצט האבען זיי עס שוין נים געקענט אויסהאלטען און האבען גאנץ ערנסט אנגעהויבען צו טראכטען, וויא אזוי צו אנטלויפען. זיי האבען זיך צוגעקוקט צו יעדער זאך אויף׳ן „אלבאטראס״ און האבען געטראכט און געקלעהרט און זיך געבראכען דעם קאפ, וויא אזוי זיך צו בעפרייען פון דיעזען שלעכטען מענשען, וועלכער שלעפט זיי ארום דער וועלט גענען זייער ווילען.

איין מאל ווען פיל עוואנס האט זיך אנגעשפארט אן דעם ווענטעל פון דער קיך, האט ער געהערט, וויא צוויי מענשען רעדען. ער האט באלד דערקענט זייערע שטימען. דאס איז געווען דשארדש קערנס, דער הויפט אינזשעניר און טאפאזש, דער קאך.

— מיר מוזען האבען פרישען פראוויאנט, האט טאפאזש געזאגט, איך האב צוואר נאך גענוג מעהל אויף ברויט, אבער עס הייבט אן אויסצופעהלען פלייש און פיש.

— מיר וועלען באלד אנקומען צום קאספישען מעער, האט דשארדש קערנס געענטפערט אין קאספישען מעער געפונען זיך דיא בעסטע פיש אויף דער וועלט, מיר וועלען דארט בלייבען שטעהן א גאנצען טאג און וועלען חאפען פיש.

— אבער מיר דארפען שוין האבען וואסער, האט דער קאך ווייטער געזאגט.

— וואסער וועלען מיר באלד האבען, איז געווען דיא אנטווארט.

פיל עוואנס האט שיער נים געטאנצט פאר פרייד. ער האט שוין נים גע־וואלט הערען וואס זיי האבען ווייטער גערעדט און איז אוועקגעלאפען צו אנקעל פרודענט און האט איהם דערצעהלט וואס ער האט געהערט.

— דיעזע געלעגענהייט מוזען מיר בענוצען, האט אנקעל פרודענט געזאגט, אבוואהל איך מוז צוגעבען אז דער „אלבאטראס" איז א פארטרעפליכע פליה מא־שין און עס איז גאר נים אזוי שלעכט צו מאכען אויף איהר א רייזע ארום דער וועלט.

— מיט דיעזען טויגעניכטס? מיט דיעזען מענשענרויבער? האט זיך פיל עוואנס געקאָכט.—אויף קיין פאלל! ליעבער שטארבען, אלס רייזען מיט איהם!

— א טויגעניכטס איז ער געוויס, האט אָנקעל פרודענט געענטפערט, אבער מיר מוזען דאָך צוגעבען, אז זיין פליהמאשין איז דאָך בעסער פון אונזערע לופט באללאָנס.

— בעסער, נים בעסער!—דאס וויים איך נים, אָבער מיר מוזען אנטלויפען! האט פיל עוואנס געשריען, מיר מוזען אנלערנען דיעזען טויגעניכטס און איהם ווייזען, אז מיט אמעריקאנער בירגער טאָר מען נים שפאסען.

— אבער וויא אזוי?

— איך האב געזעהן אין א ווינקעל ליענען שטריק, האט פיל עוואנס ער־קלעהרט,—ווען דער „אלבאטראס" וועט בלייבען ערגעץ שטעהן, זאָלען מיר צובינ־דען א שטריק צום געלענדער און זיך אראָפּלאָזען אויף דער ערד.

— דאס איז ריכטיג! האט אָנקעל פרודענט אויסגערופען, מיר מוזען עס פּראָבירען, מיר מוזען דאָך ווייזען דיעזען רויבער, אז אן אמעריקאנער קען מען נים האלטען געפאנגען, וויא א דומען יונג. מיר זיינען מענער!

אזוי וויא זיי האבען גערעדט איז דער „אלבאטראס" גאר פּלוצלונג געבליע־בען שטעהן. זיי זיינען ארויסגעלאָפען פון זייער קאיוטע זעהן, וואס איז שוין נייעס.

דער „אלבאטראס" האט זיך אראפּגעלאזען גאנץ נידעריג צו דער ערד, נור 20 פוס הויך, אבער אויף א גרויסען זעע (אזיערא) מיט ריינעם, קלארענוואסער. פון „אלבאטראס" האט מען אראפּגעלאזען א גומי שלויך, א רעהר פון גומי עלאס־טיק, און מען האט אנגעהויבען צו פּומפּען וואסער אין דעם רעזערוואואר.

אָנקעל פּרודענט און פיל עוואנס האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדערן. זייערע בליקע האבען דייטליך געזאגט: „יעצט איז עס אונמעגליך. מיר מוזען אָב־ווארטען א בעסערע געלעגענהייט."

קוים האט מען אנגעפומפט גענוג פרישעס וואסער, האט זיך דער „אלבאטראס“ וויעדער אויפגעהויבען און איז געפלוינען מיט א שנעלקייט פון 126 מייל א שטונדע, אז עס איז געווען אונמעגליך איינצושטעהן א לענגערע צייט אויפ'ן דעק. אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען געמוזט זיך צוריקציעהען אין זייער קאיוטע. זיי האבען א גאנצען טאג געמאכט פלענער, וויא אזוי צו אנטלויפען פון זייער געפענגנים.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז דער „אלבאטראס“ געפאהרען זעהר לאנגזאם. אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען דערזעהן מיט פרייד און שרעק, אז זיי געפינען זיך איבער א גרויסעם וואסער, א מעער.

— ווען איך האב קיין טעות, געפינען מיר זיך יעצט איבער דעם קאספישען מעער, האט אנקעל פרודענט געזאגט.

— און דארום פאהרט דער אלבאטראס אזוי לאנגזאם. ער זוכט אן ארט, וואו צו בלייבען שטעהן, ווייל זיי ווילען חאפען פיש, האט פיל עוואנס צוגעלעגט.

יעצט אכזא איז עס אונמעגליך צו אנטלויפען, האט אנקעל פרודענט געזאגט טרויעריג.

באלד איז דער „אלבאטראס“ געבליעבען שוועבען אין דער לופט נור אייניגע פוס הויך איבערן וואסער. דאס איז ווירקליך געווען דאס קאספישע מעער, איינער פון דיא זאנדערבארסטע מעערע אין דער וועלט, ווייל ער איז איינגעשלאסען פון אלע זייטען פון לאנד און האט קיין פערבינדונג מיט אן אנדער מעער.

דשארדש קערנס האט געגעבען א צייכען צוא זיינע מענשען און זייא האבען ארויסגענומען נעצען און אינסטרומענטען צו חאפען פיש. מען האט אריינגעווארפען דיא נעצען אין מעער און דער „אלבאטראס“ האט זיך בעוועגט זעהר לאנגזאם און האט מיט געשלעפט דיא נעצען. דאס ערשטע מאל איז דער פאנג זעהר געראטען. ראבור האט אויסגעזוכט א פלאץ, וואו עס געפינען זיך פיעל פיש. דאס קאספישע מעער איז מערקווירדיג מיט זיין רייכטהום פון פיש. רוסלאנד האט זיינע בעסטע פיש אין זיין בעריהמטען קאוויאר (איקרא) נור פון קאספישען מעער.

דשארדש קערנס האט געהאלטען א לאנגע שפיעז מיט א דאפעלהאקען אוי-ווען, מיט וועלכע ער האט אויפגעשפיעזט בעזאנדערס גרויסע פיש, וויא דיא פיש, וועלכע הייסען אויף רוסיש „באליק“ אין סטערליאד.

דער נענער בראון האט זיך היינט עפעס פערשלאפען. ווען ער איז אויפגע-שטאנען און איז ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק, האט ער דערזעהן מיט שרעק און שטוי-נען. אז דער „אלבאטראס“ שטעהט יעצט גאנץ נאחענט צום וואסער און אלע

זיינען בעשעפטיגט מיט שטריק און מיט שפּיזען. איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז עס האט פּאסירט אן אונגליק, און ער האט אנגעהויבען צו שרייען, צו וויינען און צו יאמערן, מען זאל איהם ארויסלאָזען.

אזוי וויא דער נעגער האט געמאכט אזעלכע געוואלדען, אז מען האט ניט געקענט ארבייטען. האט ראָבור געהייסען צוויי פון זיינע מענשען, זיי זאלען איהם אריינשלעפּען אין זיין קאיוטע און זאָלען איהם דאָרט פערשליסען.

— מיין הערר! דער מאן האט דאָך רעכט זיך צו בעקלאגען, האט אָנקעל פּרודענט געזאָגט צו ראָבור.

— און איך האב דאס רעכט ניט צו הערן זיין קלאָגע און איהם איינצושפּער־רען, האט ראָבור געענטפערט.

— קאפּיטאן ראבור!! האט אָנקעל פּרודענט אויסגערופען.

— הערר פּרודענט פון וועלדאן קלוב!! האט ראָבור געענטפערט.

ביידע מענער זיינען יעצט געשטאנען איינער געגען אנדערן, וויא צוויא גע־רייצטע טיגער. מען האט געקענט מיינען, אז אָט, אט וועלען זיי זיך ארויפוואַרפען איינער אויפ'ן אנדערן און וועלען זיך דערווארגען, אבער אנקעל פּרודענט האט זיך בערעכענט, אז יעצט קען ער גאר ניט טאהן געגען זיין פיינד און האט זיך אוועק־געקעהרט פון איהם.

ראבור האט געהייסען זיינע מענשען ענדיגען שנעל דעם פיש פאנג. אין א צייט פון צוויי שטונדען האבען זיי אנגעחאפּט אזוי פיעל פיש, אז עס איז גענוג גע־ווען אויף צעהן טאג צו עסען פאר אלעמען.

אונטערדעסען האט דער נעגער אלץ געשריען און גערופען אנקעל פּרודענט, ער זאל איהם ארויסלאזען פון זיין געפענגניס, און אזוי וויא אנקעל פּרודענט האט איהם ניט געענטפערט, האט ער אנגעהויבען צו קלאפּען אין דער טהיר און צו רייַ־סען דיא ווענט.

— פיהרט איהם ארויס! האט ראבור געזאגט צו צוויי פון זיינע מענשען,— ברענגט א שטריק מיט א קארב, איך מוז אנלערנען דעם שווארצען, ער זאל וויסען וויא זיך אויפצופיהרען צווישען אנשטענדיגע מענשען.

מען האט ארויסגענומען דעם נעגער, האט איהם אריינגעזעצט אין א גרויסען קארב, וועלכער איז געווען צו געבונדען צו א שטארקען שטריק און מען האט איהם אראָפּגעלאָזען פון דעק פון „אלבאטראָס" וועלכער האט זיך יעצט אויפגעהויבען. דער נעגער איז געבליעבען הענגען אין דער לופט און האט זיך געשאָקעלט אויפ'ן לאנגען שטריק. ער איז יעצט געהאנגען צווישען הימעל און וואסער. ער האט זיך

אבער אזוי דערשראָקען, אז ער האט מורא געהאט זיך צו ריהרען און איז געבליע־בען ליעגען צונויפגעקייקעלט, וויא א קנויל.

— דאס איז שענדליך! דאס איז ניעדערטרעכטיג! האט אָנקעל פרודענט אויסגע־רופען.

— איהר דענקט אזוי, איך דענק אנדערש, יעדער מענש האט זיך זיין מיינונג, האט ראָבור געענטפערט.

— איך פּראָטעסטיר געגען אזא ניעדערטרעכטיגע בעהאנדלונג פון מיין דיע־נער! האט זיך אָנקעל פּרודענט געקאָכט.

— איהר מעגט פּראָטעסטירען, האט ראָבור געענטפערט.

— איך וועל מיך נוקם זיין פאר איהם!

— איהר מעגט עס טאהן, ווען איהר ווילט עס.

— איך וועל מיך נוקם זיין אן אייך, אן אייער מאַשין און אן אייערע מענשען! האט אָנקעל פּרודענט געשריען אויסער זיך פאר צארן און פערדרוס.

— הערר פּרעזידענט פון וועלדאן קלוב! ווען איהר וועט זיך ניט אויפפיהרען אנשטענדיג, וועל איך אייך געבען דיא זעלבע לעקציאָן, וויא אייער דיענער, האט ראָבור געזאָגט שארף, איך האב גענוג שטריק אויף מיין מאשין.

אנקעל פּרודענט איז געוואָרען רויט, וויא פייער, און וואלט געווים געוועזן זיך ארויפגעוואָרפען אויף זיין פיינד מיט זיין מעסער, אבער פיל עוואנס האט איינגע־זעהן דיא געפאהר און האט מיט געוואלד אוועקגעפיהרט זיין פּרעזידענט אין זיין קאיוטע.

אונטערדעסען האט זיך דאס וועטער געענדערט. דער הימעל איז בעדעקט געוואָרען מיט וואָלקענס, דיא לופט איז געוואָרען הייס און שטיקענד און עס האָ־בען זיך געוויעזען אלע צייכענס, אז באלד וועט אויסברעכען א שטורם. אויפ'ן קאס־פּישען מעער קומען אן דיא שטורמווינטען מיט אמאָל, האסטיג, אונערוואַרטעט. איידער מען האט זיך אומגעקוקט, האט עס אנגעהויבען צו דונערן און צו בליצען.

מען קען זיך דענקען, וואס דער ארימער נעגער האט איבערגעליטען אין זיין קאָרב, וועלכער איז אראָפּגעהאנגען פינפציג פוס פון'ם „אלבאטראָס" און טויזענד פוס איבערן קאַספּישען מעער.

דער שטורם איז געוואָרען שטארקער. דער דונער האט נאָר ניט אויפגע־הערט און דיא בליצען האבען צוריסען דיא וואָלקענס און ארומגערינגעלט דעם „אלבאטראָס" מיט א מעער פון פייער.

ראָבור איז צוגעלאָפען צו זיין הויפט אינזשעניר און האט געזאָגט צו איהם:

— מיר מוזען זיך אויפהייבען העכער פון דיא וואלקענס, איך האב עפּעס מורא פאר דיעזען שטורם.

— עס איז אונמעגליך, האט דשאָרדש קערנס געענטפערט אונרוהיג.

— פאר וואס איז עס אונמעגליך?

אונזערע עלעקטרישע מאשינען ווירקען ניט, וויא עס הערט אויף צו ווירקען א טעלעפאָן און אנדערע עלעקטרישע מאשינען אין א גרויסען שטורם: דיא עלעק-טריציטעט פון דיא מאשינען מישט זיך אויס מיט דער עלעקטריציטעט פון דער לופט און זיא קען ניט ארבייטען.

— דאן מוזען מיר זיך אראָפּלאָזען ניעדעריגער פון דער עלעקטריציטעט און דיא וואָלקענס, האט ראבור געזאָגט.

— דאס האב איך געטאהן, אבער אונזערע עלעקטרישע מאשינען האבען גאָר קיין קראפט, מיר לאָזען זיך אראפּ לאנגזאם, ווייל דער שטורם אליין דרעהט זעהר שטארק דיא פייגעל פון „אלבאטראָס", האט דשאָרדש קערנס געענטפערט.

ביידע מענער האבען זיך אנגעקוקט איינינע אויגענבליקע, זיי האבען גוט פער-שטאנען, וויא גרויס עס איז דיא געפאהר, אין וועלכער זיי געפינען זיך. אונטען האט געברויזט, געקאכט און געזאָטען דאס קאספּישע מעער. גאנצע בערג מיט וואסער האבען זיך אויפגעהויבען און האבען געשפּריצט אין דער הויך. עס האט זיך אויסגעוויזען, אז דאס קאספּישע מעער וויל איינשלינגען דעם שטאָלצען „אל-באטראָס" דערפאר, וואס ער וואגט צו פליעהען איבער איהם אין אזא שטורם.

דער „אלבאטראָס" איז אונטערדעסען געפאלען אלץ ניעדעריגער און ניעדע-ריגער, ביז דיא וועללען (כוואליעס) האבען שוין געשפּריצט אויף זיין דעק. דיא גע-פאהר איז יעצט געווען אם גרעסטען, נאך א פּאאר מינוט און דער אלבאטראס מיט זיינע מענשען וועלען אריינפאלען אין ווילדען שטורמישען מעער.

ראָבור האט זיך יעצט אליין געשטעלט ביים רודר און האט געעפענט אלע עלעקטרישע באטערעען. אין דיעזע מינוט האט דער שטורם נאכגעלאָזען אביסעל. דאס האט זיי געראטעט. דער „אלבאטראָס" איז געפלויגען, וויא א פייל פון א בויגען און אין צעהן מינוט איז ער ארויסגעפאהרען פון שטורם, ער איז אנטלאָפען געוואָרען פון שטורם. יעצט האט ער ווידער געקענט זיך אויפהייבען אין דער הויך, העכער פון דיא וואלקען און דיא מענשען אויף איהם האבען געקענט רוהיג זעהן, וויא דער שטורם שלאגט און שמייסט דיא וואסערן.

ערשט יעצט האט מען זיך דערמאָנט אָן דעם נעגער און מען האט איהם ארויפגעשלעפּט אויפ'ן דעק. ער איז געווען נאס, וויא א פיש, און האט געציטערט,

אז עס האט איהם געקלאפט א צאהן אן א צאהן. ער האט זיך גוט אפגעבאדעט אין קאספישען מעער.

---

## 10טעס קאפיטעל.

# אנקעל פרודענט געפינט א מיטעל צו אנטלויפען.

דער „אלבאטראס" איז אין א קורצע צייט אריבערגעפלוינגען אסטראכאן, דיעזע בעריהמטע רוסישע שטאדט אויף א אינזעל פון דער וואלגא. אסטראכאן איז א מאל געווען דיא הויפט שטאדט פון א טאטארישען קעניג, אין 1554 האט צאר איוואן גראזני זיא אפגענומען און געמאכט פון איהר א רוסישע גובערניע, זיא איז דער הויפט פונקט פון האנדעל מיט פיש און פיעל פראדוקטען און האט 75.000 איינוואוינער.

פון אסטראכאן איז דער „אלבאטראס" געפלויגען איבער דער וואלגא, דער גרעסטער טייך אין אייראפעאישען רוסלאנד און איז דעם אנדערן טאג אנגעקומען קיין מאסקווא. ווען ער איז אריבערגעפלויגען דעם קרעמל, האט ראבור א סוועטש געטאהן א קנעפעל און דיא גרויסע טראמפעטע האט אנגעהויבען צו שפיעלען דאס בעקאנטע רוסישע ליעד: „באזשע צאריא חראני!" — פון מאסקווא איז דער „אלבאטראס" זיך דורכגעפלויגען קיין סאנקט פעטערבורג, פון דארט איז ער אריבער געפאהרען דאס באלטישע מעער און איז אריבערגעפלויגען סטאקהאלם, דיא הויפט שטאדט פון שוועדען.

מען קען זיך לייכט דענקען, וואס דער פרעזידענט און דער סעקרעטער פון וועלדאן קלוב האבען איבערגעליטען אין דיא לעצטע עטליכע טעג. זיי האבען זיך יעצט איבערצייגט, אז עס איז כמעט אונמעגליך צו אנטלויפען, זיי האבען אלזא אנגעהויבען צו טראכטען אנדערע מיטעל, וויא אזוי זיך צו רעטען.

— מיר מוזען אנציינגען דער וועלט, דער פאליציי פון אירגענד וועלכען לאנד, אז ראבור האלט אונז געפאנגען אויף זיין פליה מאשין און שלעפט אונז ארום איבער דער וועלט האט אנקעל פרודענט געזאגט.

— אבער וואס קען דיא בעסטע פאליציי מאכען געגען אזא מאשין? האט פיל עוואנס געפרעגט, דער ווייל האבען מיר נאך קיינע באליסלייט מיט פליעגער, זיי זאלען קענען נאכפליעהען ראבורן און איהם ארעסטירען.

— מיר ווילען נור בעטען דיא פאליציי, זיא זאל מעלדען דעם וועלדאן קלוב,

וואו מיר געפינען זיך, דער וועלדאן קלוב וועט שוין זוכען מיטעל אונז צו בעפרייען האט אנקעל פרודענט געזאגט.

— אבער וויא אזוי מעלדעט מען עס א פאליציי?

— איך האב א פלאן, האט אנקעל פרודענט געזאגט. איך וועל אנשרייבען א בריעף צו דער פאליציי, עס מאכט ניט אויס, וואס פאר א פאליציי: א רוסישע, א טירקישע אדער א דייטשע. אין דיעזען בריעף וועל איך בעטען דער פאליציי, זיא זאל שרייבען דעם וועלדאן קלוב, ריכטיגער נאך, זיא זאל איבערשיקען מיין בריעף צום וועלדאן קלוב אין פילאדעלפיא.

— אבער וויא אזוי וועט קומען אונזער בריעף צו א פאליציי?

— ווען דער „אלבאטראס" וועט פליעהען איבער א גרויסע שטאדט, וועל איך שטילערהייט אראפווארפען דעם בריעף.

דיעזער פלאן איז געווען אזוי וויט ריכטיג, וויל דער „אלבאטראס" האט זיך יעצט אויסגעדרעהט און איז געפלויגען נאך דענעמארק אדער האמבורג.

אנקעל פרודענט פלעגט שמעקען טאבאק און האט צו דיעזען צוועק געהאט א זילבערנע טאבאקס דאזע (פושקע). ער האט אנגעשריעבען א בריעף, זעלבסט־פערשטענדליך, אויף ענגליש, ווייל אן אמעריקאנער האט פיינט צו לערנען אנדערע שפראכען אויסער ענגליש, האט דיעזען בריעף אריינגעקוועטשט אין זיין טאבאקס דאזע און האט געווארט אויף א געלעגענהייט אראפ צו ווארפען דיעזע טאבאק דאזע אין א גרויסע שטאדט.

עס זיינען פערגאנגען עטליכע טעג און עס האט זיך קיינע געלעגענהייט פאר־געשטעלט אראפצו ווארפען דעם בריעף. דער „אלבאטראס" האט אויסגעמיעדען דיא גרויסע שטעדט און איז געפלויגען נור איבער פעלדער און וועלדער. דעם 18טען יולי איז ער געפאהרען איבער פאריז, צוואר זיינען אנקעל פרודענט און פיל עוואנס קיין מאל ניט געווען אין פאריז, אבער זיי האבען דערקענט דיעזע גרויסע וועלט שטאדט מיט איהרע בולווארען, מיט איהרע קירכען, מיט איהרע פאלאצען, מיט איהרע טהורמס. דער „אלבאטראס" האט זיך אראפגעלאזען אזוי ניעדעריג, אז מען האט געהערט דעם גערויש פון פאריזער גאסען און אזוי וויא ראבור האט גע־פונען פאר נעטהיג צו פאהרען איבער פאריז ביי נאכט, האט אנקעל פרודענט בע־נוצט דיא געלעגענהייט. ווען דיא גרויסע טראמפעטע האט אנגעהויבען צו שפיעלען דיא מארסעלעזע, און האט אראפ געווארפען זיין זילבערנע טאבאקס דאזע מיט'ן בריעף.

מען קען זיך לייכט דענקען, וואס עס האט זיך אפגעטאהן אין פאריז, ווען מ'זן האט נאר פלוצלונג דערהערט שפיעלען דיא מארסעליעזע פון הימעל. הונדערטער טויזענדער מענשען זיינען געבליבען שטעהן און האבען געקוקט אויף'ן הימעל און פלוצלונג האבען זיי אנגעהויבען צו שרייען: הורראה!

מעהר האט ראבור ניט געדארפט, ער האט באלד א קוועטש געטאהן א קנעפעל, דער „אלבאטראס“ האט זיך אויפגעהויבען גאנץ הויך און איז אוועקגעפלויגען קיין איטאליען.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט מען געבראכט צום פערפעקט פון פאריז א זילבערנע טאבאקס דאזע מיט פאלגענדען בריעף.

„אנקעל פרודענט, דער פרעזידענט, און פיל עוואנס, דער סעקרעטער פון וועלדאן קלוב, פילאדעלפיא, זיינען געפאנגען אויף דעם לופט שיף „אלבאטראס“ פון דעם ערפינדער ראבור. ווער עס וועט געפינען דיעזען בריעף, זאל זיין אזוי גוט און זאל איהם איבערשיקען צום וועלדאן קלוב, פילאדעלפיא, אמעריקא.“

„אנקעל פרודענט, פרעזידענט.
פיל עוואנס, סעקרעטער.“

## 11טעם קאפיטעל.

דער „אלבאטראס“ האט ניט לאנג פערווײלט אין איטאליען. דיא רייזענדע געגנען זייער ווילען האבען קוים, קוים געזעהן דיא בעריהמטע שטעדט: נעאפאל, טורין, מאילאנד און ראם. פון איטאליען איז ער אוועקגעפלויגען קיין אפריקא. ער איז לאנגזאם פארביי געפלויגען דיא לענדער טוניס און אלזשיע, דאן האט ער זיך געלאזען אין דיא גרויסע און שרעקליכע וויסטע סאחארא, אדער זאהארא.

דער פרעזידענט און דער סעקרעטער פון וועלדאן קלוב האבען יעצט געהאט דיא בעסטע געלעגענהייט צו בעטראכטען דיעזע שרעקליכסטע וויסטע, דיעזעס מעער פון זאמד און שטיינער. פון צייט צו צייט האבען זיי געקענט זעהן וויא א קאראוואנע פון הונדערטער קעמלען און פערד איז לאנגזאם פארביי געפאהרען. ראבור פלעגט לאזען דעם „אלבאטראס“ פליהען זעהר לאנגזאם ווען ער פלעגט דערזעהן א קאראוואנע. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז פאר אן אמעריקאנער איז עס געוויס זעהר אינטערעסאנט און ער האט געוואלט פערשאפען זיינע געסט דאס זעלטענע פערגניגען צו בעטראכטען א קאראוואנא אין דער וויסטע סאהארא פון א הויך פון איינייע טויזענד פוס.

אײן מאל זײנען אנגעפאלען רויבער אויף אזא קאראוואנא. ראבור האט עס דערזעהן און האט געלאזט שפיעלען זײן גרויסע עלעקטרישע טראמפעטע. דיא רױ־בער וויא דיא רייזענדע האבען זיך אזוי דערשראקען, אז זיי זיינען אלע געפאלען מיט זייערע געזיכטער צו דער ערד און האבען אנגעהויבען צו שרייען:

— אללאה! אללאה! אללאה על אכביר! (גאט! גאט! גרויסער גאט!)

דער „אלבאטראס" האט זיך דאן אויסגעדרעהט נאך זיד־וועסט און איז ארייגעפאהרען אין סודאן. מיט א טאג שפעטער האבען דיא רייזענדע דערזעהן, דערהערט און דערשמעקט א גרויסע שטאדט. זיי האבען דערזעהען א גרויסען הוי־פען הייזער, וועלכער האט געבילדעט א דריי עק; זיי האבען דערהערט א ווילדען, אונגעוועהנליכלן גערויש און זיי האבען דערשמעקט א גערוך, פון וועלכען זיי האבען געמוזט זיך צו האלטען דיא נעזער, ווייל זיי זיינען געראדע פאראיבערגעפאהרען דעם פלייש מארק פון דער שטאדט.

ראבור איז צוגעקומען צו זיי און האט געזאגט העפליך, אבער פעסט:

— מיינע הערען, דאס איז טימבוקטו, דיא גרעסטע שטאדט אין סודאן דא וואוינט א גרויסער סולטאן, דער הערשער פון דער גאנצער געגענד. טימבוקטו איז אמאל געוועזען זעהר בעריהמט מיט איהר אינדוסטריע, מיט איהר קונסט און מיט איהר וויסענשאפט, היינט איז זיא פערנאכלעסיגט, אבער דאך איז זיא דיא גרעסטע האנדעלס שטאדט אויפ'ן טייך ניגער. מיר וואלטען געקענט זיך אראפלא־זען און פערברענגען דא עטליכע טעג, איך ווייס אבער ניט, וויא אזוי דיא נעגער, בערבערן און אראבער פון טימבוקטו וועלען אונז אויפנעהמען. איך דענק, אז זייא זיינען ניט זעהר געוואוינט צו זעהן מענשען קומען אין א פליה מאשין.

— מיין הערר! עס וועט אונז זיין פיעל אנגענעהמער אריינצופאלען אין דיא הענד פון דיעזע ווילדע נעגער, בערבערן און אראבער אלס צוא בלייבען בייא אייך, האט פיל עוואנס געזאגט שטאלץ.

— דאס קען זיין, האט ראבור געענטפערט, אבער איך קען עס אייך ניט ערלויבען, ווייל איך מוז מיך זארגען פאר מיינע געסט, איך בין פעראנטווארטליך פאר זייער לעבען און דערפאר קען איך זיי ניט ערלויבען אראפגעהן אין טימבוקטו, זיי קענען זיך דא געפינען אין דער גרעסטער געפאהר.

— קאפיטאן ראבור! האט אנקעל פרודענט אויסגערופען, איז עס פאר אייך ניט גענוג, וואס איהר האלט אונז געפאנגען? דארפט איהר נאך דערצו אונז בע־ליידיגען? — איך קען אזא בעליידיגונג ניט איבערטראגען און איך רוף אייך ארויס אויף א דועל אויף טויט און לעבען.

— דאס הייסט, אז מיר זאָלען זיך שלאָגען אזוי, לאַנג, ביז איינער פון אונז זאל בלייבען טויט? האט ראַבור איבערגעפרעגט.

— יא, מיין הערר.

— דאן נעהם איך ניט אן אייער דועל, הערר פרעזידענט פון וועלדאן קלוב. האט ראָבור געזאָגט רוהיג.

— ווייל איהר האט מורא פאר אייער לעבען! האט אנקעל פרודענט אויס־גערופען.

— ניין, ווייל איך וויל, אז איהר זאָלט לעבען.

— ווען איך וועל לעבען, וועט איהר ניט לעבען!

— ניין, דאס וועט מיר שוין זעהן, האט ראבור געזאגט.

— און איהר וועט עס זעהן! האט אנקעל פרודענט אויסגעשריען, אונזערע פריינד וועלען אונז בעפרייען פון אייך, איך האב זיי שוין געמעלדעט.

— דורך דיא פאסט? האט ראבור געלאכט.

— געווים דורך דיא פאסט! איך האב אראפגעווארפען א בריעף....

ראבור איז אויפגעשפרונגען. צום ערשטען מאל, זייט זיי האבען זיך געפונען אויפ׳ן „אלבאטראס", האבען זיי איהם געזעהן אין צארן.

עס איז שווער צו זאָגען, וואס עס וואָלט ארויסגעקומען צווישען דיענינע צוויי מענשען, ווען מען זאָל ניט געוועזן הערען שיעסען אין דיזעז מינוט. דיא איינוואָנער פון טימבוקטו האָבען דערזעהן דעם „אלבאטראס," האָבען זיך פערזאמעלט אין א גרויסע מענגע אויף דעם מארקפלאַץ און האָבען אָנגעהויבען צו שרייען, צו ליאר־מען און צו שיעסען. דער „אלבאטראס" איז דאמאָלס געפלויגען גאנץ ניעדעריג און דשאָדש קערנס האָט מורא געהאט אז א קוגעל פון דיא לאַנגע אראבישע ביק־סען קען נאָך טרעפען דעם „אלבאטראס." ער האָט דערהער א דרעה געטאָהן דיא שרויבע און דער „אלבאטראס" האָט זיך אויפגעהויבען און האָט אָנגעהויבען צו פליהען זעהר שנעלל. ער איז יעצט געפלויגען נאָך זיד־וועסט און איז באלד אָנגע־קומען אין א גליקליכעס לאַנד. וויא ווייט דאס אויג האָט עס געזעהן אראנזש־בויר־מער, קאקא־נוס ביימער, פאלם ביימער, בליהענדע פעלדער, גרינע וועלדער, וועל־כע האָבען ארויסגעגעבען אזא טהייערן גערוך אז אלע מענשען פון „אלבאטראס" האָבען איהם איינגעאטהעמט מיט פערגניגען. זייט דער פרעזידענט און דער סעק־רעטער פון וועלדאן קלוב האָבען זיך געפונען אויף׳ן „אלבאטראס" האָבען זיי נאָך אזא שעהנעס, אזא ליעבעס, אזא בליהענדעס לאַנד ניט געזעהן. עס איז ווירקליך געוועזן א פאראדיז, א גן עדן, א פאנטאזיע, א טרוים.

— וואס איז דאס פאר א לאנד? האט פיל עוואנס אויסגערופען.—איך בין געווען אין אמעריקא, איך האב בעזוכט דיא לענדער פון צענטראל אמעריקא, איך האב געררייזט אין בראזיליען, איך האב שוין געזעהן אין מיין לעבען שעהנע לענדער, אבער אזא שעהנעס לאנד, אזא גליקליכעס לאנד, אזא רייכעס לאנד. האב איך נאך קיין מאל ניט געזעהן.—וואס איז דאס פאר א לאנד?

— דאס איז ד א ה א מ ע א י האט ראבורס העללע שטימע געענטפערט,—דאהא מעאי איז איינע פון דיא גליקליכסטע און איינע פון דיא אונגליקליכסטע לענדער אויף דער וועלט.

ער האט ניט געוואוסט מען זאל איהם פרעגען פאר וואס עס איז אונגליקליך און האט עס אליין ערקלעהרט:

— ווען עס קומען געזאנדעטע פון א פרעמדעס לאנד צום קעניג פון דאהא מעאי, נעהמט ער זיי אויף מיט גרויס פאראד און מען בריינגט פאר זיי עטליכע דוצענד מענשען־קעפּ, וועלכע מען האט אפּגעהאקט צור עהרע פון דיא געסט. דער ערשטער מיניסטער פון'ם קעניג איז אויך דער הענקער, דער קאפּ־אפּשניידער.—דער קעניג פון דאהא מעאי האט א גוט איינגעאיבטע ארמעע פון פינף ביז זעקס טויזענד סאלדאטען און א לייבגארדע פון פיער טויזענד יונגע פרויען. מען דערצעהלט אין אלטע געשיכטען, אז קעניג אלכסנדר מוקדון האט אמאל געפיהרט קריעג מיט אמאזאנען, פרויען סאלדאטען. איך וויים ניט, אויב דאס איז וואהר, זיכער איז עס אבער, אז דיא פרויען סאלדאטען פון דאהא מעאי זיינען דיא בעסטע קריעגער פון דיעזען ווילדען אפריקאנישען קעניג. זיי טראגען לייכטע ווייסע העמדער מיט א רויטען שארף אלס גארטעל. זייערע וואפען בעשטעהען פון קורצע שווערדען און לייכטע ביקסען. איינינע פון זיי זיינען אבער, יונגע מעדכען, טראגען בלויע העמדער, ווייסע היטלען און שווערע ביקסען, דאס זיינען דיא קעניגליכע יעגער.—אבאמעאי איז דיא הויפט שטאדט פון קעניגרייך. איך וויל יעצט פאהרען זעהר לאנגזאם און אייך ווייזען אלע וואונדער פון דאהא מעאי.

ער איז געגאנגען זאגען דשארדש קערנס, ער זאל פאהרען ניעדעריג און לאנגזאם.

צופעלינגער ווייזע איז גראדע מיט א פאר טעג פריהער געשטארבען באהאַדאָן, דער קעניג פון דאהאמעאו, דאס גאנצע לאנד איז געווען אין טרויער און מען האט געמאכט גרויסע פארבערייטונגען צו דער קרענונג פון א נייעם קעניג.

ווען דער „אלבאטראס" האט זיך אראפּגעלאזען אויף צוויי טויזענד פוס דיא הויך איבער דער ערד, האט מען געזעהן פון איהם גאנץ דייטליך וויא עס ציהען

זיך מענשען צו א געוויסען אָרט. ראָבּיר איז געוואָרען פּעראינטערעסירט און האָט געלאָזען דעם „אלבאטראס" אזוי לאנגזאם, אז מען האט געקענט דייטליך זעהן, וואס עס טהוט זיך אויף א גרויסע שטרעקע.

דיא איינוואהנער פון לאנד האָבען זיך געצווינגען צו דער הויפּט שטאדט אבאָמעאי. דיא שטאדט אַליין איז אבער געוועזען לעדיג, פון דעם „אלבאטראס" האט מען געזעהן דיא הייזער פון דיעזער הויפּטשטאדט, דיא גאסען, דיא מויערן, דיא בעפעסטיגונגען, דיא טיעפע גראָבענס פאר דיא מויערן און דעם קעניגליכען פּאלאץ. ניט ווייט פון דער הויפּט שטאדט האט זיך געפונען א גרויסער, גלייכער פּלאץ, אהין האט זיך פערזאמעלט דאס פאלק.

ביי יעדער צערעמאָניע אין דאהאָמעאי, אין יעדען פייערטאג, ווערען גע־שלאַכטעט מענשענאפּפער. ווען מען דארף קרענען א נייעם קעניג, טויטעט מען עטליכע הונדערט און אפט זאגאר עטליכע טויזענד געפאנגענע מענשען.

יעצט האבען זיך פערזאמעלט אויף'ן גרויסען פּלאץ פאר דער הויפּטשטאדט פונפציג ביז זעכציג טויזענד מענשען, דער נייער קעניג איז געשטאנען אויף א בער־געל אונטער דעם שאטען פון פאלם בוימער. ארום איהם איז געשטאנען זיין אר־מעע, דיא מענער סאלדאטען און דיא פרויען סאלדאטען און ארום זיי דאס גאנצע פאלק. אן ארקעסטער מוזיקאנטען מיט פּויקען פון אויסגעהוילטע קלעצער און פלייי־טען פון באמבוק שטעקענס האט געשפּיעלט און געמאכט אזא לארם, אז א ציווי־ליזירטער מענש האט געמוזט זיך פערמאכען דיא אויערן.

אין א ווינקעל זיינען געלעגען אויסגעבונדען די אונגליקליכע וועלכע מען האט געדארפט טויטען, דאס הייסט אפּפערן, צור עהרע פון דעם נייעם קעניג. ראבור איז געוועזען בעקאנט מיט דיא ווילדע זיטען פון דיעזעס ווילדעס פאלק. ער האט געוואוסט, אז באלד וועט זיך אנהויבען א מענשען שלאכטעריי, פון וועלכער מען האט אין אייראפּא קיים א בעגריף. דיא ווילדע איינוואהנער פון דאהאמי גלויבען, אז דער פערשטארבענער קעניג דארף האבען ארום זיך אן ארמעע אויף יענער וועלט און אזוי וויא קעניג דאהאבאן איז געוועזען זעהר בעליעבט ביים פאלק, האט דער נייער קעניג געוואלט שיקען מיט איהם אויף יענער וועלט אן ארמעע פון דריי טויזענד מאן.

דער „אלבאטראס" האט זיך אראפּגעלאזען אויף פופציג פוס פון דער ערד. אן אנדער מאל וואלט דאס פאלק זיך דערשראקען, ווען עס וואלט דערזעהן דיעזע וואנדערבארע זאך אראפּקומען פון הימעל. דאס מאל אבער האט עס געגלויבט, אז

מען איז געקומען פון הימעל זעהן דיזען גרויסען פייערטאג. דאס פאלק איז געוואָרען ווילד פאר פרייד. מען האט אָנגעהויבען צו טאנצען, צו שפּריינגען, צו זינגען, צו שרייען און אויסצושטרעקען דיא הענד צו דיא געשיקטע פון הימעל.

דער נייער קעניג מיט זיינע פריעסטער האָבען געוואָלט אָפּגעבען עהרע צו דיא געזאַנדטע פון הימעל און האבען אנגעהויבען צו ברענגען מענשען אָפּפער. קוים אָבער האבען זיי אפגעהאקט דעם ערשטען קאָפּ, האט זיך דער „אלבאטראס" אראָפּגעלאָזען נאך ניעדעריגער, עס האט געקנאקט א ביקס און דער גרעסטער פריעסטער איז געפאלען טויט.

— בראוואָ, דשאָרדש קערנס! האט ראָבור אויסגערופען,—לאָמיר זיי אָנלערנען, זיי זאָלען ווייטער ניט ברענגען קיין מענשען אָפּפער.

יעצט ערשט האט דער פרעזידענט און דער סעקרעטער פון וועלדאן קלוב דערזעהן, אז אלע מאַטראָזען פון „אלבאטראס" שטעהן מיט ביקסען אין דיא הענד און זיינען בערייט צו שיעסען.

אייניגע אוינען בליקע איז דאס פאלק פון דאהאָמעאי געווען אזוי איבעראשט דער פון, וואס זייער פריעסטער איז געפאלען טויט, אז אלע זיינען געבליעבען שטעהן וויא פערשטיינערט. פלוצלונג אָבער האבען אלע אנגעהויבען צו שרייען און צו לארמען. זיי האבען פערשטאַנען, אז דיא מענשען פון „אלבאטראָס" זיינען קיינע פריינד וועלכע זיינען געקומען זיך פרעהען מיט זיי, זאָנדערן פיינד, וועלכע ווילען זיי שטערן אין זייערע הייליגע צערעמאָניען.

— מיר מוזען בעפרייען דיזע געפאנגענע, האט ראָבור געזאָגט צו זיינע מענשען, מיר טאָרען ניט דערלאָזען דיזע שרעקליכע, אונמענשליכע צערעמאָניען.

קוים האט ער דאס געזאָגט, האבען זיך דיא סאָלדאטען פון דאהאָמעאי אויסגעשטעלט און האבען געציעלט מיט זייערע ביקסען אויפ'ן „אלבאטראָס".

— ניט זיי א פּאָרציאָן בליי! האט ראָבור קאָמאנדירט.

אכט ביקסען האבען אויסגעשאָסען, אכט קוגעל האבען געטראָפען און אכט שווארצע סאָלדאטען זיינען געפאלען טויט. דאס האט אזוי אויפגערייצט דיא איבעריגע, אז אלע האבען אויסגעשאָסען מיט אמאָל און טויזענדער קוגעלן זיינען געפלויגען צום „אלבאטראָס". זיי וואָלטען געוויס געטראָפען, ווען דער „אלבאטראָס" וואָלט זיך אין א סעקונדע ניט אויפגעהויבען אין דער הויך.

— מיר מוזען זייא געבען א פּאָרציאָן פון דינאמיט קוגעלן, האט ראָבור געזאָגט.

א דינאָמיט קוגעל איז א געוועהנליכע בלייענע קוגעל, אָנגעפילט מיט דינא-

מיט, ווען זי ווערט אויסגעשאָסען, ווערט זי צוריסען אויף שטיקלעך און יעדעס שטיק בעזונדער טויטעט אָדער פערוואונדעט אַ מענשען.

ראַבור האָט אויסגעטהיילט זיינע מענשען דינאַמיט קוגלען. אכט ביקסען האָבען אויסגעשאָסען, אכט קוגלען זיינען ארויסגעפלויגען פון די ביקסען, זיינען צוריסען געוואָרען און האָבען פערברייטעט טויט און וואונדען אין אַלע זייטען. דאָס האָט געווירקט. די איינוואוינער און די סאָלדאטען פון דאהאמעאי האָבען זיך אזוי דערשראָקען פאר דיעזע געפעהרליכע קוגלען, אז זיי האָבען אָנגעהויבען צו אנטלויפען. די געפאנגענע, אונגליקליכע אָפּפער האָבען פערשטאנען, אז מען וויל זיי בעפרייען און זיי האָבען אָנגעהויבען זיך צו ריהרען און צו רייסען די שטריק, מיט וועלכע זיי זיינען געווען געבונדען.

אָנקעל פּרודענט און פיל עוואנס זיינען געווען זעהר צופריעדען מיט ראַבור דערפאר, וואָס ער האָט בעפרייט די אונגליקליכע. אויך זיי האָבען אַמאָל געקעמפּפט אין אמעריקא פאר די בעפרייאונג פון די נעגער.

אין אַ קורצע צייט האָבען זיך אַלע געפאנגענע בעפרייט, האָבען זיך אויפגעהויבען און זיינען זיך צולאָפען. דער נייער קעניג איז היינט נים געקרוינט געוואָרען.

דער „אַלבאטראָס" האָט זיך ווידער אויפגעהויבען גאַנץ הויך און איז שנעל אוועקגעפלויגען. געגען אבענד איז ער געפלויגען איבער דעם אטלאַנטישען וועלט מעער.

---

2מעם קאַפּיטעל.

## איבער דעם אטלאַנטישען וועלט מעער.

דער „אַלבאטראָס" איז ווידער געפלויגען איבער אַ וועלט מעער, דאָס מאָל אָבער איז עס געווען דאָס אטלאַנטישע וועלט מעער. ווידער אַמאָל האָבען די רייזענדע געגען זייער ווילען געזעהן אונטער זיך נור וואַסער און איבער זיך דעם בלויען הימעל. אפריקא איז פערשוואונדען געוואָרען פון זייערע אויגען און אזוי ווי אפריקא האָט אין אַלגעמיין זעהר ווייניג אינזלען, האָט מען זאָגאר פון „אַלבאטראָס" ווייט און ברייט געזעהן נור הימעל און וואַסער.

דעם 20מען יולי האָט זיך פאָרגעשטעלט איינע פון די זעלטענסטע, איינע פון די שעהנסטע און איינע פון די מערקווירדיגסטע וואונדער דער נאַטור. די זון האָט געהאַלטען ביים אונטערגעהן, מען האָט געקענט זעהן די גאַנצע גרויסע

קונעל, וויא זיא לאָזט זיך אראָפּ אין מעער. פּלוצלונג האט זיא אנגעהויבען ארויסצוגעבען פון זיך שטראהלען פון אלערליי פארבען, וויא א רעגען בויגען. דיא גרינע פארב איז אָבער געוועזן שטארקער פון אלע איבעריגע פארבען און עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז אלעס איז גרין.

דאס איז א זעהר זעלטענע ערשיינונג, א רעטעניש פון דער נאטור, וועלכעס מען האט נאָך ניט געלעזט, ניט ערקלערט. אייניגע געלערנטע בעהויפּטען, אז אין דער לופט איבערן אטלאנטישען וועלט מעער שוועבען גאנץ קליינע שטיקעלעך גלאָז אדער פּערל־אָזטער, גלאזירטער, שטויב, פון דיא פייער שפּייענדיגע בערג פון אפריקא, אזיען, און איירָאָפּא. דיעזער גלאָז שטויב מאכט דיא זעלבע ווירקונג, וויא דיא קליינע טראָפּען וואסער אין דער לופט נאָך א רעגען, וועלכע זיינען דיא אורזאכע פון רעגען בויגען. אויף דעם אנטלאנטישען מעער זעהט מען אלזאָ א רעגען בויגען, וועלכער ווערט געמאכט פון גלאָז שטויב.

דען 23טען יולי האבען דיא רייזענדע גענען זייער ווילען געזעהן אן אנדערע זעלטענע נאטור ערשיינונג, אן אנדער רעטעניש פון דער נאטור, וועלכעס מען קען זעהן נור אויף דעם אטלאנטישען וועלט מעער, אבער אויך זעהר זעלטען.

דער הימעל איז געוועזן ריין און קלאָר, דאס מעער איז געוועזן גלאט און רוהיג וויא א שפּיגעל, קיין ווינטעלע האט געבלאָזען, קיין לופטעלע האט זיך געריהרט. אלעס איז געוועזן שטיל, רוהיג און אנגענעהם. פּלוצלונג האָבען זיך געוויעזען אין דער לופט וועלכען (כוואליעס) פון ליכט. פּונקט וויא דיא וועללען פון וואסער, אזוי האָבען דיעזע וועללען פון ליכט זיך אויפגעהויבען, נאָכגעלאָפען איינע דיא אנדערע, זיך נאָכגעיאָגט איינע דיא אנדערע און פערשוואונדען געוואָרען. דיא זון איז אונטערגעגאנגען, עס וואָלט געדארפט ווערן פינסטער, אבער דאס גאנצע מעער איז געוועזן איינגעהילט אין פייער און דער „אלבאטראָס" האָט געשוועבט אין א מעער פון פייער, א פייער וועלכעס ברענט ניט, וועלכעס וואַרמט ניט, וועלכעס לייכטעט נור, אָבער ניט מיט א רויטעס ליכט, וויא פון א פלאם, זאָנדערן מיט א ווייסעס, זילבערנעס ליכט, וויא צינדהעלצלעך ווען זיי ווערן פייכט אין דער פינסטער, אָדער וויא פערפוילטעס האָלץ.

עס איז זעהר שווער צו בעשרייבען דיעזעס פייער, ווער עס האָט עס ניט געזעהן מיט דיא אויגען, דער וועט עס קוים פררשטעהען, ווער עס האָט עס אָבער געזעהן, דער וועט עס נים פערגעסען.

מען זאגט אז דיעזעס פייער קומט פון געוויסע גאנץ קליינע בעשעפענישע אין מעער, וועלכע לייכטען וויא פאָספאָר. זיי קומען ארויף אויף דיא וואסערן פון

וועלט מעער נור אין געוויסע צייטען, גיבען א פארשטעללונג פון פייערוועדק און פערשוויגדען. אזוי זאגט מען, אבער אך! וואס זאגט מען דען נים? וואס ערקלערט מען דען נים? מען זאגט פיעלעס, מען ערקלערט אלעס און דאך גלויבט דיא נא־טור אן אייבינעם נעהיימנים, א בוך, פערזיגעלט מיט זיעבען זיעגלען.

דיא נאכט איז פערגאנגען רוהיג. דעם אנדערן טאג איז דיא זון אויפגעגאנ־גען העל און פריינדליך. געגען מיטאג האט זיך נעוויזען א וואלקען אויף'ן הימעל, וועלכער האט אנגענומען א זאנדערבארע געשטאלט, און אונגעוועהנליכע פארם. עס האט זיך אויסגעוויזען אז פון איהם ווערט א טריכטער, א לייקע, א שקאר־מיץ, און וועלכען קרעמער פערקויפען עסענוועדק, פון אויבען ברייט און פון אונטען שמאל, זיך ענדענדיג מיט א שפיץ.

אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען בעטראכט מיט שטוינען און פער־וואונדערונג דיעזעס נייע וואונדער. פלוצלונג האט זיך דאס וואסער פון מעער אנ־געהויבען צו ריהרען און זיך אויפצוהויבען גלייך וויא עס האט געוואלט ארויפ־שפרינגען צו דיא וואלקענס. דאס וואסער האט זיך אויפגעהויבען אויך וויא א טריכטער, וויא א לייקע, אבער מיט'ן שפיץ ארויף, דיא וואלקענס אבער האבען פארגעשטעלט א טריכטער מיט'ן שפיץ אראפ. עס האט זיך אויסגעוויזען, אז ביי־דע טריכטערס,ביידע לייקעס, דיא וואלקענס פון אויבען און דאס וואסער פון אונ־טען, ווילען זיך פעראייניגען.

דער פרעזידענט און דער סעקרעטער פון וועלדאן קלוב האבען צוואר גע־לערנט, אז אין מעער קומט אמאל פאר א וואסער האזע (סמערטש, אויף רוסיש; וואסער ספאוט, אויף ענגליש), זיי האבען עס אבער קיין מאל נים געזעהן. זיי הא־בען עס אבער קיין מאל נים געזעהן. זיי האבען געוואוסט אז ווען א שיעף קומט אריין אין אזא וואסערהאזע, צווישען דעם טריכטער פון דיא וואלקען און דעם טריכטער פון דיא וואסערן, איז עס פערלארען. זיי האבען זעהר גוט געוואוסט אז יעדער שיפסקאפיטאן ציטערט פאר אזא וואסערהאזע, אבער זיי האבען עס קיין מאל נים געזעהן מיט דיא אויגען און דערפאר האבען זיי נים געקענט וויסען אין וואס פאר א געפאהר דער „אלבאטראס“ געפינט זיך יעצט.

עס איז שווער צו זאגען, ווער עס האט געמאכט דעם פעהלער, דשארדש קערנס אדער ראבור אליין, עס איז אבער זיכער, אז איידער זיי האבען זיך אומגע־קוקט, איז דער „אלבאטראס“ אריינגעפאהרען צווישען ביידע טריכטער און ביידע הא־בען איהם אנגעחאפט, פון אויבען דיא וואלקען, פון אונטען דיא וואסערן. דיא גאנצע מאשין האט אנגעהויבען צו פיטערן און צו קרעכצען, וויא א מענש אין פיעבערהיץ.

אָנקעל פּרודענט, פיל עוואַנס און דיא מאַטראָזען פון „אַלבאַטראָס" האָבען ניט געקענט איינשטעהן אויף דיא פיס און האָבען געמוזט זיך אנהאַפּען אָן דיא ווענט און אָן דעם געלענדער.

— רוהיג זיין! האט ראָבור קאָמאַנדירט. — רשאַרדש קערנס! שיעסען!

רשאַרדש קערנס האט אנגעלאַדען דיא קאַנאָנען און האט געציעלט אויף דעם טריכטער און דיא וואָלקענס. דיא קאַנאָנע האט אויסגעשאָסען, דער „אַלבאַטראָס" האט זיך א וואָרף געטאָהן, דער שפּיץ פון דעם טריכטער פון דיא וואָלקענס איז פערשוואונדען געוואָרען, וויא דורך א צויבער. דער „אַלבאַטראָס" איז ארויס פון געפאַהר.

דיזעס מיטעל איז ניט ניי. יעדער שיפסקאַפּיטאַן ווייס עס. ווען ער דערזעהט א וואַסער האָזע צו קומען אויף איהם, שיעסט ער אויס פון א קאַנאָנע, דיא לופט ווערט צו טריסעלט און דיא וואַסערהאָזע פערשווינדעט.

יעצט איז דער „אַלבאַטראָס" רוהיג ווייטער געפלויגען קיין זידען (דרום זייט) פון דער וועלט. דער פּרעזידענט און דער סעקרעטער פון וועלדאָן קלוב האָבען בעמערקט מיט שטוינען אַז דיא טעג ווערען קירצער און עס הויבט אָן קיהלער צו ווערן. ראָבורן האָבען זיי יעצט געזעהן זעהר זעלטען. ער פלעגט גאַנצע טעג פערברענגען אין זיין קאַיוטע.

אָנקעל פּרודענט איז געפאַלען אויף א נייעם פּלאַן. ער האט געהייסען זיין נעגער ער זאל אויספאָרשען מיסטער טאָפּאַוש, דעם קאָך, און ביי איהם געוואָהר ווערען ווער ראָבור איז און פון וואַנען ער איז. דער נעגער האט געטאָהן אלעס מעגליכע אום ארויסצונאָרען ביים קאָך זיין געהיימניס, אָבער יעדעס מאל האט דער קאָך געזאָגט עפּעס אנדערש. איין מאל האט אם פערטרויט דעם נעגער א געהיימניס, אַז ראָבור איז א שפּאַנישער גענעראַל, וועלכער האט זיך צוקריגט מיט זיין רעגיערונג; דאס אנדערע מאל האט ער איהם דערצעהלט ווידער אלס געהיימניס, אַז ראָבור איז א געוועזענער פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען; דאס דריטע מאל, אַז ראָבור איז א קעניג ערגעץ אין א לאַנד אין אינדיען.

אָנקעל פּרודענט האט זיך ענדליך איבערצייגט אַז דער קאָך לאַכט פון זיי.

— עס העלפט ניט, האט ער אמאל געזאָגט טרויעריג צו פיל עוואַנס, עס העלפט ניט! מיר זיינען אין זיינע הענד און ער קען טאָהן מיט אונז וואָס ער וויל. אנטלויפען איז אונמעגליך.

— אבער שטאַרבען איז דאָך מעגליך? האט פיל עוואַנס געפרעגט.

— וואָס מיינט איהר דערמיט?

— איך מיין דערמיט, אז איך וויל שטארבען און טויטען מיט מיר דיעזען פערדאמטען ראבור. איך וויל עס מאכען וויא שמשון הגיבור, וועלכער האט גע־זאגט: תמות נפשי עם פלשתים! איך וועל אליין שטארבען, אבער איך וועל מיך נוקם זיין אן דיא פלשתים.

— איך זעה ניט איין צו וואס מיר זאלען עס טאהן, האט אנקעל פרודענט בעמערקט.

— איהר זעהט ניט איין? האט פיל עוואנס נעפרעגט פערדראסען,—ווייסט איהר דען וואוהין מיר פאהרען?—מיר פאהרען קיין פאטאגאניען, פילייכט צום זיד פאל, ווער ווייס עס? אויף דיעזען ראבור איז אלעס צו גלויבען, ער וועט אונז ארומ־שלעפען מיט זיך, ער וועט אונז קיין מאל ניט ארויסלאזען.—נו וואס טויג אונז אזא לעבען?—איין מאל פאר אלע מאל שטארבען און פערניכטען דיעזען ראבור מיט זיין „אלבאטראס.“

— אבער וויא אזוי? האט אנקעל פרודענט נעפרעגט, וויא אזוי קענען מיר זיך דען נוקם זיין אן דיעזען ראבור?

— מיר מוזען זעהן נגב'ענען א בלעך מיט דינאמיט, האט פיל עוואנס גע־ענטפערט,—עס געפינט זיך פיעל דינאמיט אויף'ן „אלבאטראס“ ווען מיר זאלען קענען קריגען נור איין שאכטעל מיט דינאמיט, וואלטען מיר זיא אונטערגעווארפען אונטער דער מאשין און דער גאנצער „אלבאטראס“ מיט אונז, מיט ראבורן, וואלט צוריסען געווארען אויף שטיקלעך.

— דאס א פלאן, אבער צוערשט מוזען מיר האבען דינאמיט, האט אנקעל פרודענט געענטפערט.

אונטערדעסען איז דער „אלבאטראס“ רוהיג ווייטער געפלויגען, באלד האט מען דערזעהן לאנד.

— ארגענטיניען, מיינע העררען! האט ראבור ערקלערט גאנץ רוהיג.

דער „אלבאטראס“ איז אבער ניט צוגעקומען צו ארגענטיניען, זאנדערן איז געפלויגען אויף'ן אנטלאנטישען וועלט מעער נאך זידען. דער טאג איז געווארען אלע מאל קלענער, ווייל אין יענע געגענדען איז עס געוועזן ווינטער. אין ארגענטיניען איז ווינטער ווען אין פיקאדעלפיא איז זומער. אין יולי זיינען אין ארגענטיניען דיא קירצעסטע טעג פון יאהר.

באלד איז דער „אלבאטראס“ אנגעקומען קיין פאטאגאניען. אנקעל פרוד־דענט און פיל עוואנס האבען געזעהען וויא דאס גאנצע לאנד איז בעדעקט מיט טיעפען שנעע. גאנזאם איז דער „אלבאטראס“ ארומגעפאהרען קאפ הארן, דעם

לעצטען פונקט פון זיד אמעריקא. דיא קעלט איז געווארען שרעקליך. ראבור האט געגעבען זיינע נעסט פעלצען, זאנסט וואלטען זיי ניט געקענט זיך ווייזען אויפ'ן דעק. דער נעגער איז געלעגען אין קיך און האט זיך גאר ניט געוואלט ווייזען.

דיא געגענד איז זעהר קאלט און זעהר שטירמיש. דאס מעער קאכט שטענדיג, וויא א קעסעל, דער „אלבאטראס" איז אבער, וויא צום טראץ, וויא אויף צו להכעיס, געפאהרען איבערן מעער און ניט איבער לאנד. ער האט זיך יעצט געפרנען איבערן זיד אייז מער, ים הקרח הדרומי, פון אטלאנטישען מעער איז ער אריינגעפאהרען אין אייז מעער אום פון דארט ארויסצופאהרען אין שטילען וועלט מעער, אזוי האבען גערעכענט דיא רייזענדע געגען זייער ווילען, זיי האבען אבער א טעות געהאט. דער „אלבאטראס" איז געפאהרען צום זיד פאל.

---

## 13טעס קאפיטעל.

## דיא ערשטע סטאנציאן.

דיא קעלט איז געווארען שרעקליך, אונערטרעגליך. ווען מיר ווייסען, אז ערשט מיט צוויי וואכען צוריק זיינען אונזערע רייזענדע געגען זייער ווילען געווען אין דאהאמעאי, איינס פון דיא הייסעסטע געגענדען אין אפריקא, און יעצט האבען זיי זיך געפונען אויף דעם זיד אייז מעער, וועלכער איז פיעל קעלטער, אלס דאס נארד אייז מעער, קען מען לייכט פערשטעהן, וויא שרעקליך זייא האבען יעצט געפיהלט דיא קעלט.

מיר מוזען אבער אויך זאגען, אז עס איז געווען א בעזונדערע קעלט. דאס קוועק זילבער און טהערמאמעטער איז פערפרארען געווארען און נור א מעטאללענעם טהערמאמעטער האט געקענט ווייזען דיא ריכטיגע גראדען פון קעלט.– עס איז געווען 65 גראד קעלט.

אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען בעמערקט, אז ראבור בעראטה זיך זעהר לאנג מיט דשארדש קערנס. מען האט געשיקט רופען דעם קאך און מען האט איהם געגעבען א בעפעהל. ער איז אריינגעגאנגען אין שפייז קאמער, האט זיך דארט געזוימט א גרויסע צייט און איז דאן צוריק געגאנגען צו ראבור.

— מיר דאכט, אז ראבור וויל ערגעץ נעהמען פרישען פראוויאנט פאר זיין מאשין, האט פיל עוואנס געזאגט צו אנקעל פרודענט.

— דאן וועט ער געווים בלייבען שטעהן ערגעץ אויף א אינזעל, האט אָנקעל פּרודענט געזאגט, וויא צו זיך אַליין, פּיעלייכט וועלען מיר דארט קענען אנטלויפען.

— גלויבט עס ניט, אנקעל פּרודענט! האט פיל עוואנס אויסגערופען, ווען ריזער טויגעניכטס, דיזער רויבער וועט ערגעץ בלייבען שטעהן אויף א אינזעל, וועט קען מיר דארט געפינען אזעלכע באנדיטען, אזעלכע רויבער, וויא ראָבור מיט זיין באַנדע. מיר וועלען פון דארט געווים ניט קענען אנטלויפען. מיר מוזען זעהן גנבע־נען דינאמיט און צורייסען דעם „אלבאטראָס".

אזוי וויא זיי האָבען אזוי גערעדט, האט זיך דער „אלבאטראָס" אויסגעדרעהט און איז געפאָהרען קיין נאָרדען, אלזאָ אין ווארעמערע געגענדען.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז דער „אלבאטראס" געפלויגען איבערן שטילען וועלט מעער. דער פּרעזידענט און דער סעקרעטער פון וועלדאן קלוב האבען יעצט געהאט דיא געלעגענהייט צו בעטראכטען דיא געגענד, וואו דאס אייז מעער פעראייניגט זיך מיט'ן שטילען וועלט מעער. דיא וואַסערן פון שטילען וועלט מעער זיינען געוועזען ווארים וויא מילך. דאס איז געוועזען שנעע און אייז פון אייז מעער. ווען זיי קומען אריין אין דיא ווארעמערע וואסערן פון שטילען וועלט מעער, הייבען זייא אָן צו שמאָלצען צו ווערן.

פלוצלונג האט דשארדש קערנס אויסגערופען:

— וואס איז דאס? וואס קען עס זיין דאָרט גאנץ ווייט אין נאָרדען? — איז עס א שטיין?

ראָבור האט א קוק געטאהן אין דער זייט, וואו דשארדש קערנס האט איהם געוויזען, און האט געזאגט:

— דאס קען ניט זיין, אין דיזער געפינט זיך קיין אינזעל און קיין שטיין אין מעער.

ער האט געהייסען, מען זאל איהם דערלאנגען זיין טעלעסקאָפּ, זיין גרויסען ספּעקטיוו, און ער האט א קוק געטאהן אויף דעם פּונקט אין מעער.

— עס איז א באָאט! האט ער געזאגט,—איך זעה זאגאר מענשען אין באאט.

— דאן מוזען עס זיינען מענשען, וועלכע האבען געליטען שיפּברוך! האט דשארדש קערנס אויסגערופען.

— יא, דאס זיינען אונגליקליכע מאטראזען אדער פּאסאזשירען פון א שיף, וועלכעס איז אונטערגעגאנגען און זיי האבען זיך גערעטעט אין באאט, האט ראבור געזאגט זייא ליידען געווים הונגער, דורשט און קעלט. איך מוז זייא רעטען. דער „אלבאטראס" טהאר ניט לאזען דיזע אונגליקליכע אהן הילף.

מיט דיזע ווערטער האט ער א מאך געטאהן מיט דער האנד און דער „אלבאטראס“ איז געפלויגען מיט זיין גאנצער שנעלינקייט צום באאט. אין איינינע מינוט האט זיך דיא פאסאזשירען פון „אלבאטראס“ פארגעשטעלט פאלגענדעס טרויעריגעס בילד. אין א גרויסען באאט אהן א זעגעל און אהן א רודער זיינען גע־זעסען פינף מענשען. זיי זיינען געזעסען רוהיג, פערשטיינערט, פערפראַרען, פערגלי־ווערט אדער פיעלייכט זיינען זיי גאר געשלאפען. אנקעל פרודענט האט איבערגע־לעזען אויפ'ן באאט דיא ווערטער: „זשאנעט“ פון נאנט.

אלזא געהערט דאס באאט צום שיף „זשאנעט“ פון דער שטאדט נאנט אין פראנקרייך, האט ער געמורמעלט.

— האללא! ווער זייט איהר? האט ראבור געשריען.

קיינער האט איהם ניט געענטווערט.

— שיעס אוים מיט א ביקס איבער זייערע קעפ! האט ראבור קאמאנדירט.

מען האט אויסגעשאסען מיט א ביקס איבער דיא קעפ פון דיא אונגליקליכע איינער פון זיי האט א ציטער געטאהן און האט געעפענט דיא אויגען.

— נוער זייט איהר? מיר זיינען געקומען אייך רעטען! האט ראבור געזאגט גאנץ הויך אויף פראנצויזיש.

— מיר זיינען דיא מאטראזען פון דעם זעגעל שיף „זשאנעט“ האט דער מאן געענטפערט מיט א שוואכער שטימע. איך בין געוועזען ערשטער אפיציער אויף דער „זשאנעט“. מיט פינפצעהן טאג צוריק איז אונזער שיף אונטערגעגאנגען און מיר האבען זיך געראטעט אין דיזעס באאט. זייט פינף טאג איז אונז אויסגעגאנגען וואַ־סער און לעבענס מיטעל.

יעצט האבען דיא איבעריגע פייער מאטראזען אנגעהויבען זיך צו ריהרען און אויסצושטרעקען דיא הענד צו ראבורן. זיי זיינען געוועזען אזוי שוואך, אז זיי הא־בען קוים געקענט ריהרען מיט זייערע גליעדער.

ראבור האט א וואונק געגעבען צו זיינע מענשען און זיי האבען אראפגעלאזען אין באאט אן עמער וואסער. דיא אונגליקליכע מאטראזען האבען זיך א ווארף גע־טאהן אויף איהם און האבען איהם אין גאנצען אויסגעטרונקען. ווען זיי האבען גע־שטילט זייער דורשט, האבען זיי געבעטען, מען זאל זיי געבען ברויט. ראבור האט געהייסען זיי אראפלאזען אין א קארב: א פלאש שנאפס, צוויא לאבען ברויט און איינינע קאנסערוועז.

ווען דיא אונגליקליכע שיפברוכיגע האבען געשטילט זייער הונגער און זייער דורשט, האט דער ערשטער אפיציער פון דער „זשאנעט“ געפרעגט:

— וואו זיינען מיר ערגעץ אין דער וועלט?

— פערציג מייל פון דעם ברעג פון דער רעפובליק טשילי, האט ראבור געענטפערט.

— וויא אזוי קענען מיר צוקומען צו א ברעג, ווען מיר האבען קיין זעגעל?

— מיר וועלען אייך בוגסירען (שלעפען מיט א שטריק), האט ראבור געענטפערט.

— ווער זייט איהר?

— מענשען, וועלכע ווילען מאהן זייער פפליכט, האט ראבור געענטפערט און האט א וואונק געטאהן צו דשארדש קערנס.

מען האט אראפגעלאזען א שטריק פון „אלבאטראס". דיא שיפבריכיגע האבען צוגעבונדען דעם שטריק צו זייער באאט און דער „אלבאטראס" האט אנגעהויבען עס צו שלעפען. ווען דאס באאט איז צו געקומען צו דער ערשטער אינזעל אין טשילי, האט ראבור געהייסען, זיי זאלען אפבינדען דעם שטריק. דיא מאטראזען פון דער „זשעאנעט" האבען געדאנקט ראבורן און אלע מענשען אויפ'ן „אלבאטראס" און זיינען ארויפגעשפרונגען אויפ'ן ברעג.

ראבור האט זאגאר ניט געוואלט הערן זייער דאנק. ער האט א וואונק געטאהן צו זיין אינזשעניר און דער „אלבאטראס" איז ווייטער געפלויגען איבערן שטילען וועלט מעער. דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז ער צוגעקומען צו אן אינזעל. אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען געזעהן, וויא מען האט אראפגעלאזען אן אנקער אויף א קיים. דיא שארפע צעהנער פון אנקער האבען זיך איינגעגראבען צווישען שטיינער. דער „אלבאטראס" איז געבליעבען קעניגען אין דער לופט, וויא א שיף, וועלכעס הענגט אין וואסער צוגעבונדען צום אנקער, פעראנקערט.

דאס איז געוועזן דיא ערשטע סטאנציאן, זייט זייא זיינען ארויסגעפאהרען פון פילאדעלפיא, איז דער „אלבאטראס" צום ערשטען מאל געבליעבען שטעהן.

---

### 14טעס קאפיטעל.

## דער פרעזידענט און דער סעקרעטער פון וועלדאן קלוב אנטלויפען פון „אלבאטראס."

אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען געזעהן פון דעק, אז דיא אינזעל בייוועלכע דער „אלבאטראס" איז געבליעבען שטעהן, איז ניט גרויס. נאך זייער בע-

רעכענונג האט זיא גערארפט האלטען נור פונפצעהן מייל דיא לענג און דיא ברייט. —וואו געפינט זיא זיך אבער? וואו זיינען זיי יעצט?—דאס איז געווען אונמעגליך צו וויסען. אין שטילען וועלט-מעער געפינען זיך זעהר פיעלע אינזלען און גאנצע גרופען פון אינזלען.

מען האט געזעהן בערג אויף דער אינזעל, אבער קיינע מענשען. זאל עס זיין א וויסטע אינזעל? פיעלייכט וואהנען דא ווילדע מענשען, וועלכע האבען זיך דער־שראקען, ווען זיי האבען דערזעהן דיא פליה מאשין? — זיי האבען זאגאר ניט גע־געוואלט פרעגען ראבורן וואו זיי זיינען און וויא לאנג זיי וועלען דא שטעהן, ווייל זיי האבען געוואוסט, אז ער וועט זיי ניט ענטפערן. זיי האבען אלזא געמוזט ווארטען און זעהן וואס ווייטער וועט זיין.

ראבור און דשארדש קערנס האבען אונטערזוכט יעדען פליגעל פון „אל־באטראס" און יעדע שרויבע. אייניגע האט מען געמוזט אויסבעסערן, זיי זיינען עפעס פערדארבען געווארען אין דער צייט פון דעם גרויסען שטורם אויף'ן זיד אייד מעער. ראבור האט געוויזען זיינע מענשען וואס מען דארף טאהן און אלעס איז געטאהן געווארען רוהיג, אהן לארם און אהן פיעל געשריי. יעדער האט געקענט זיין ארבייט און האט זיא געטאהן מיט פערגניגען.

אנקעל פרודענט און פיל עוואנס האבען געזעהן מיט שמערץ און פערדרוס, אז ראבור דענקט גאר ניט זיך אראפלאזען אויף דיא אינזעל און זיי האבען ווידער אנגעהויבען צו רעדען פון זייער פלאן צו בעקומען א שאכטעל דינאמיט און אויפ־צורייסען דעם „אלבאטראס." אזוי וויא אלע מענשען פון „אלבאטראס" זיינען יעצט געווען בעשעפטיגט, האבען דיא רייזענדע געגען זייער ווילען גערעכענט, אז יעצט איז דיא בעסטע צייט צו בעקומען דינאמיט. זיי האבען זיך געלאזען געהן צום מאגאזין וואו עס האבען זיך געפונען דיא מאטעריאלען. פלוצלונג זיינען זיי געבליע־בען שטעהן און האבען זיך צוגעהערט. אין שטיבעלע, וואו דער שטייגער מאן זיצט בעשטענדיג, האבען יעצט גערעדט צוויי בעקאנטע שטימען.

— מיר זיינען פיעל נעהנטער צו דער אינזעל איקס, וויא איך האב גערעכענט, האט ראבור געזאגט.

— וויא וויים איז עס דען? האט דשארדש קערנס געענטפערט.

— ניט מעהר וויא צוויי טויזענד אכט הונדערט מייל.

— דאס איז א ווייטער וועג, האט דשארדש קערנס בעמערקט,—מיר מוזען אויסבעסערןביידע שרויבען. אויסער דעם נעהט אויס אונזער פראוויאנט.

— דארום מוזען מיר זיך איילען, האט ראָבור געזאָגט, מיר קענען אויסבע־סערן דיא צווייטע שרויבע אויפ'ן וועג.

— אָבער דיא פרעמדע....? האט קערנס געפרעגט.

— זיי וועלען זיין צופריעדען מיט אונזער אינזעל, האט ראָבור גענטפערט.

מעהר האבען זיי נים געקענט הערן, אבער וויא פיעל זייא האבען געהערט איז געווען גענוג פאר זיי. יעצט האבען זיי געוואוסט, אז ראָבור האט ערגעץ אויס־געזוכט א אינזעל אין שטילען וועלט מעער, וואו ער וואוינט, וואו ער נעהמט פראָ־וויאנט און אלעס, וואס ער דארף אויף זיין „אלבאטראס". צו דיזער אינזעל וויל ער זיי פיהרען. ער מוז יעצט פאָהרען אהין, ווייל ער מוז האבען לעבענס מיטעל און זיין מאשין איז עפּעס נים אורדנונג.

— וואס טהוט מען יעצט? האט אָנקעל פרודענט געפרעגט.

— מיר מוזען אויספיהרען אונזער פלאן, האט פיל עוואנס געענטפערט.

— אָבער וואו נעהמט מען דינאמיט?

— מיר מוזען עס היינט קריעגען.

— איך וועל געהן אין מאגאזין זוכען דינאמיט, האט פיל עוואנס געזאָגט. מיר דאכט, אז ער איז נים פערשלאָסען.

— ניין, איך וועל געהן, האט אנקעל פרודענט געבעטען, איהר זייט צו היציג, איהר קענט נאך אלעס פערדארבען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען שטילער הייט, וויא א גנב. אין א פיערטעל שטונדע איז ער צוריק געקומען און האט געזאגט שטילערהייט צו פיל עוואנס:

— איך האָב, וואס מיר דארפען.

— אלזאָ לאָמיר....

— ניין! לאָמיר ווארטען ביז הייטע אבענד, ווען דער אלבאטראס וועט זיך געפינען איבער דעם וועלט מעער.

זיי זיינען יעצט אריינגעגאנגען אין זייער קאיוטע און פיל עוואנס האט גע־קענט בעטראכטען, וואס אנקעל פרודענט האט איהם געבראכט. דאס איז געווען א קליינע באָמבע, וועלכע האט געהאט אין זיך געגען א פונט דינאמיט, דאס הייסט גענוג דינאמיט אויפצורייסען דעם גאנצען „אלבאטראס" מיט אלע זייגע מאשינען, מיט אלע זיינע מענשען. אום צוא מאכען, אז דאס דינאמיט זאל עקספּלאָדירען, האט מען געמוזט געברויכען אן עלעקטרישען פונק, אדער א וואָרף טאהן דיא באָמ־בע אויף א הארטע זאך.

— אן עלעקטרישען פונק האָבען מיר ניט, האָט פיל עוואַנס געזאָגט, ווארפען די באָמבע אויף א הארטע זאַך איז אויך ניט לייכט, ווייל אלעס אויפ׳ן „אַלבאַטראָס" איז ווייך. אַלזאָ וואָס טהוט מען ?

— איך האָב שוין דעריבער געטראַכט, האָט אָנקעל פּרודענט געענט־פערט, מיר וועלען גנב׳ענען אין קיך אַן אייזערנע פּאַן, וועלען זי אַנידערשטע־לען אויפ׳ן באָדען און וועלען אַ שליידער טהאָן די באָמבע אין דער פּאַן.

עס איז געוואָרען מיטאג און אלע זיינען געגאַנגען עסען. דער פּרעזי־דענט און דער סעקרעטער פון וועלדאן קלוב האָבען געגעסען מיט אַפּעטיט, גלייך ווי זיי וואָלטען גאָר ניט אין זינען געהאַט היינט צו שטאַרבען צו־זאַמען מיט אַלע מענשען, וועלכע האָבען זיך געפונען אויפ׳ן „אַלבאַטראָס".

פאר נאַכט איז אַלעס פאַרטיג געווען. דער „אַלבאַטראָס" האָט גערדאַפּט זיך ווידער אויפהויבען און אָנהויבען צו פליעהען קיין נאָרדען. אָנקעל פּרו־דענט און פיל עוואַנס זיינען ניט ארויסגעגאַנגען אויפ׳ן דעק. זיי זיינען גע־ווען זיכער, אז דער „אַלבאַטראָס" פליעהט שוין און זיי האָבען געוואַרט, ביז אַלע וועלען אַנטשלאָפען ווערען.

די צייט איז פערגאַנגען לאַנגזאַם, זעהר לאַנגזאַם. עס איז געווען אַ קאַלטע פינסטערע נאַכט. שווערע, שוואַרצע וואָלקענס האָבען בעדעקט דעם הימעל און נאָר פון צייט צו צייט האָט מען געקענט זעהן אויף איינינע אוי־גענבליק דעם שיין פון דער לבנה. געגען האַלבע נאַכט האָט פיעל עוואַנס געזאָגט :

— יעצט איז עס צייט ! קומט !

זיי זיינען ארויסגעגאַנגען אויפ׳ן דעק און האָבען זיך אומגעקוקט. דער „אַלבאַטראָס" איז געשטאַנען אויף איין אָרט, פעראַנקערט, פעסט צוגע־בונדען.

— וואָס טהוט מען יעצט ? האָט אָנקעל פּרודענט געפרעגט.

— אויספיהרען אונזער פּלאַן, האָט פיל עוואַנס געענטפערט.

— אָבער ווי אזוי ? ווען דער „אַלבאַטראָס" שטעהט אויף איין אָרט, נעבען אַן אינזעל און ניט אין מעער, לוינט דאָך ניט אויסצופיהרען אונזער פּלאַן, האָט אָנקעל פּרודענט געזאָגט טרויעריג, עס קען דאָך זיין, אַז ראָבור וועט בלייבען לעבען און מיר וועלען שטאַרבען — אויסער דעם האָב איך דערווייל נאָך קיין מיטעל צו מאַכען, אַז דאָס דינאַמיט זאָל עקספּלאָדירען : איך האָב נאָך קיין אייזערנע פּאַן.

— מיר מוזען זיין בערייט אויף אַלעס, האָט פיל עוואַנס געזאָגט, יעצט איז די בעסטע צייט, לאָמיר ארויסגעהן אין קיך און זעהן עפּעס צו קריעגען.

זיי זיינען אריינגעגאנגען אין קיך און האָבען געזוכט. דער קאָך האָט אַלעס בעהאַלטען, זיי האָבען געפונען נאָר א שאַכטעל צינדהעלצלעך און א געלאַדענע ביקס.

אַנקעל פרודענט האָט האַסטיג געכאַפּט די ביקס און די צינדהעלצלעך.

— צו וואָס דאַרפט איהר זיי ? האָט פיל עוואַנס געפרעגט.

— יעצט האָב איך א גוטעס מיטעל צו פערניכטען דעם „אַלבאַטראָס" און אונזער פיינד ראָבור.

— וואָס מיינט איהר דערמיט ? האָט פיל עוואַנס געפרעגט פערוואונ־דערט, — איך פערשטעה אייך ניט.

— איך וועל עס אייך באַלד ערקלערען, האָט אַנקעל פרודענט געזאָגט, איך וועל צורייסען א העמד אויף דינע פּאַסען, וועל אויסדרעהן פון זיי א שטריק דאַן וועל איך ארויסנעהמען דאָס פולווער פון דער געלאַדענער ביקס און וועל עס אויסשיטען נעבען לאָך פון דער דינאַמיט באָמבע. איך וועל אנצינדען דעם שטריק און איהם לאָזען ברענען לאנגזאם ,ווען דער פייער וועט צוקומען צום פולווער, וועט זיך דאָס פולווער אָנצינדען און דאָס דינאַ־מיט וועט עקספּלאָדירען און צורייסען דעם „אַלבאַטראָס".

— בראַוואָ ! האָט פיל עוואַנס אויסגערופען און האָט אָנגעהויבען צו טאַנצען פאַר פרייד.

— נור רוהיג ! נור קאַלטבלוטיג ! האָט אַנקעל פרודענט געבעטען. לאָמיר פריהער זעהן, וואָס עס טהוט זיך אויף'ן „אַלבאַטראָס" ביי נאַכט.

— זיי זיינען ארומגעגאנגען איניגע מינוט אויף'ן דעק. פלוצלונג איז א גאַנץ נייער געדאַנק געקומען אַנקעל פרודענט אין קאָפּ. ער האָט אריינ־געשלעפּט פיל עוואַנס אין זייער קאַיוטע און האָט געזאָגט צו איהם :

— הערט מיך אוים אויפמערקזאם, פיל עוואַנס ! צו וואָס זאָלען מיר שטאַרבען, ווען מיר קענען לעבען ?

— אין געפאַנגענשאַפט ביי דעם פערדאַמטען ראָבור ?

— ניין, לעבען און פריי זיין ! האָט אַנקעל פרודענט געזאָגט ערנסט.

— אָבער ווי אזוי ?

— מיר זאָלען זיך אראָפּלאָזען אויף'ן שטריק פון דעם אנקער אויף די אינזעל אונטען, האָט אַנקעל פרודענט געענטפערט פעסט ענטשלאָסען, דענקט איהר, אז עס וועט אונז שווער זיין ארומצונעהמען דעם שטריק און זיך לאנג־זאם אראָפּצולאָזען ?

— אַך, ניין! האָט פּיל עוואנס אויסגערופען, דאָס איז א קלייניגקייט! איך וועל עס טאָהן מיט פערגעניגען, אָבער... ?

— וואָס אָבער ?

— איך וועל מיך דאָך נוקם זיין אָן דיעזען פערדאמטען ראָבור! האָט פּיל עוואנס אויסגערופען.

— יעצט קענען מיר עס זעהר לייכט טהאָן, האָט אָנקעל פּרודענט גע־זאָגט.

— מיר וועלען מאכען א שטריק פון א העמד, א לאנגען שטריק, וועלען איהם אָנצינדען און לאָזען לאנגזאם ברענען, ריכטיגער געזאָגט, ניט ברענען זאָנ־דערן זיך רויכערען, ווען דאָס פייער וועט צוקומען צום פּולווער. דאָס קען דויערן א האלבע שטונדע, אין דיעזע האלבע שטונדע קענען מיר זיך אראָפּלאָזען אויפ'ן שטריק פונ'ם אנקער צו דער אינזעל. מיר וועלען דאן זיין זיכער און דער „אלבאטראָס" מיט ראָבורן, מיט אלע זיינע מענשען וועלען צוריסען ווערען אויף שטיקלאך.

— בראוואָ! גראָסאַרטיג! האָט פּיל עוואנס אויסגערופען.

זיי האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט פּיל עוואנס האָט אויסגעטאָהן זיין העמד, האָט זיא צושניטען אויף דינע פּאסען אָדער שטרייפען, האָט פון זיי אויסגעדרעהט א לאנגען שטריק און האָט איהם אויסגעלעגט אויף דעם באָדען פון זייער קאיוטע אין איינציגע ערטער פון שטריק האָט ער אריינגעפלאָכטען עטלי־כע קערנער פּולווער, אום דער שטריק זאָל בעסער ברענען.

אין א פיערטעל שטונדע איז דיא ארבייט פערטיג געוואָרען אין אָרדנונג, פּיל עוואנס האָט אָנגעצונדען איין עק פון שטריק אוןביידע זיינען יעצט ארויס־געגאנגען אויפ'ן דעק.

— מיר מוזען אויך רעטען אונזער נעגער, האָט אָנקעל פּרודענט געזאָגט.

זיי זיינען געגאנגען אין דער קאיוטע, וואו דער נעגער בראון פלעגט שלאָ־פען, דיא קאיוטע איז געוועזען ליידיג.

— וואָס זאָל דאָס הייסען ? האָט אָנקעל פּרודענט געפרעגט, וואו איז אהינגעקומען מיין געטרייער בראון ?

— מיר האָבען קיין צייט איהם צו זוכען, האָט פּיל עוואנס געזאָגט, — סומט! שנעלל! מיר מוזען ענטלויפען!

— זיי זיינען האסטיג צוגעקומען צו דעם אָרט, וואו עס האָט זיך געפונען דער שטריק, אויף וועלכען דער אנקער איז געגאנגען. לעבען איהם איז גע־

שטאנען א מאן, א וואך, וועלכען ראבור האט געשטעלט, ער זאָל מעלדען אלעס, וואָס עס וועט פאָרקומען.

וויא צוויי ווילדע טיגער האָבען זיי זיך ארויפגעוואָרפען אויף דיא וואך, האָבען אים א זעץ געגעבען איבערן קאָפּ, אז ער איז געבליעבען ליגען צומישט און בעטויבט, דאן האָט איינער נאָכ'ן אנדערן אָנגעכאפּט דעם שטריק פון אנ־קער מיטביידע הענד, האָט ארום איהם ארומגעדרעהט דיא פיס און האָבען זיך ארָאפּגעלאָזען.

— יעדער געבאָרענער אמעריקאנער קען קלעטערן, וויא א קאץ, און זיך ארָאפּלאָזען צוויי—דריי הונדערט פוס אויף א שטריק איז ביי איהם א קליינינ־קייט. אין איינינע מינוטען איז אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס געווען אונטען. זיי האָבען זיך געשטעלט אויף דיא שטיינער, אָן וועלכע דער אנקער האָט זיך געהאלטען.

אונטער דעסען איז דער מאן, וועלכער איז געשטאנען אויף דער וואך, געקומען צו זיך און האָט געמאכט א ליארם. ראבור און דזשאָדזש קערנס זיינען באלד ארויסגעלאָפען אויפ'ן דעק.

—הערט מיך אויס, ראבור! האָט אָנקעל פרודענט אויסגערופען,— איהר מיט אלע אייערע מענשען, מיט אייער מאשין געפינען זיך אין א גרויס געפאהר, ווילט איהר אונז געבען אייער וואָרט, איהר זאָלט אונז ניט נאָכיאָגען און זאָלט ניט פערלאנגען, מיר זאָלען צוריק קומען צו אייך? ווילט איהר ווייטער אונז צו שיקען מיין נעגער? — ווען איהר ווילט עס, וועלען מיר אייך אויסזאָ־גען, וואו דיא געפאהר געפינט זיך און איהר וועט זיין גערעטעט; ווילט איהר עס אָבער ניט, זייט איהר מיט אייער מאשין פערלאָרען.

— איהר זייט מיין געפאנגענער און מוזט עס בלייבען, האָט ראבור געענט־פערט שטאָלץ און האָט אויסגעשאָסען.

— זיין קוגעל האָט אָבער ניט געטראָפען: אין דער פינסטער איז שווער צו ציעלען.

— קאפּיטאן ראבור! איך פרעג אייך נאָך א מאָהל, ווילט איהר ארויס־לאָזען מיין נעגער און זיך אוועקפאָהרען, וואוהין איהר ווילט?

— אויף קיין פאל! האָט ראבור געענטפערט און האָט ווידער אויסגע־שאָסען.

אָנקעל פרודענט האָט ארויסגעכאפּט זיין מעסער און האָט האסטיג אָ־

בערגעשניטען דעם שטריק פון דעם אנקער. דער „אלבאטראס“ איז אוועקגעפלויגען, וויא א פויגעל, וועלכער רייסט זיך אוים פון שטייג.

אָנקעל פּרודענט און פיל עוואנס האָבען אָנגעהויבען צו שפּרינגען פון איין שטיין אויפ'ן אנדערן און אין איין מינוט זיינען זיי געוועזען אויף דער אינזעל.

— אָנקעל פּרודענט! הערר! מאסטער! מאסטער! האָט א שטימע געררופען.

— בראון, דו ביזט עס? וויא קומסט דוא אהער? האָט אָנקעל פּרודענט געפרעגט ערשטוינט.

— איך האָב געהערט, וויא איהר האָט אָפּגערעדט מיט מיסטער עוואנס אויפצורייסען דעם „אלבאטראָס“ מיט דינאמיט, האָט דער נעגער געענטפערט, איך האָב מיר געדאכט, ווען איהר און מיסטער עוואנס ווילען שטארבען, מעגען זיי עס טאָהן, ווען זיי האָבען דערפון פערגעניגען, איך אָבער וויל ניט שטארבען, פאר מיר איז עס קיין פערגעניגען. ווען עס איז געוואָרען פינסטער און אלע מענשען אויפ'ן 'אלבאטראָס“ האבען געגעסען, בין איך ארויסגעגאנגען שטילערהייט און האָב מיך אראָפּגעלאָזען אויפ'ן שטריק פון דעם אנקער.

בראוואָ, בראון! דוא ביזט אן עכטער אמעריקאנער! האָבען אָנקעל פּרודענט און פיל עוואנס אויסגערופען מיט איין שטימע. — יעצט קום!

זיי האָבען זיך געפיהלט גליקליך, ווען זיי האָבען אנגעהויבען צו טרעטען אויף פעסטעם לאנד, אויף דער מוטער ערד. דער מענש הייסט א קינד פון דער ערד, ער קען ניט לעבען אָהן דער ערד, ער פיהלט זיך ניט אין דער היים, ווען ער פאָהרט אויף א שיף. ער פיהלט זיך ניט גוט, ווען ער איז ווייט פון דער ערד: ער פיהלט זיך נור דאן גוט, ווען ער קען אָנריהרען מיט זיינע פים דיא ערד.

---

## 15טעס קאפּיטאל.

## דער „אלבאטראָס“ ווערט צוריסען.

ווען אָנקעל פּרודענט האָט איבערגעשניטען דעם שטריק פונ'ם אנקער, האָט דער „אלבאטראָס“ אזא שפּרונג געטאָהן, אז ראבור און אלע זיינע מענשען זיינען אנידערגעפאלען און זיינען אייניגע אויגענבליקע געבליעבען ליעגען, וויא פערשטיינערט. דער „אלבאטראָס“ איז געפלויגען און האָט זיך געוואָרפען, ווי א פערוואונדעטער אדלער. ראבור איז געוועזען דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך. ער האָט אויפגעשפּרונגען און האָט אויסגערופען:

— זיי זיינען אנטלאָפען פון „אלבַאטרָאס“, דיא טײַוועניכטסע! איך וועל זיי

אַנלערנען! זיי געפינען זיך אויף דער טשאטהעם אינזעל, 971 מייל פון נייזעע לאַנד. דיזע אינזעל געהערט צוואר צו ענגלאנד, אבער נור איין מאָל אין יאָחר קומט אהין אן ענגלישעם שיף. ביז דאמאָלס וועל איך צוריק קומען און וועל זיי ווידער האפען. זיי קענן נים אנטלויפען פון מיר. אין צוועלף שטונדען וועלען מיר אויסבעסערען דעם „אלבאטראס" און איך וועל צוריק קומען צו דער אינזעל. איך וועל זיי האָבען טוידט אָדער לעבעדיג.

ער איז אויפגעשפרונגען, האָט זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהן זיינע מענשען.

— דזשאָרדזש, האָט ער גערופען צו זיין ערשטען אינזשעניר, — דזשאָרדזש, צו דער ארבייט!

דזשאָרדזש קערנס האָט אָנגעהויבען צו ערקלעהרען זיינע מענשען, וואָס זיי זאָלען טאָהן. ווען זיי האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט, האָט ער אָנגעהויבען איינצוהאַלטען דעם „אלבאטראס", וועלכער איז נאָך אלץ געפלויגען און געשפרונגען ווילד וויא א פערד, וועלכעס האָט זיך אויסגעריסען פון דיא הענד פון קוטשער.

— זיי קענן ניט אנטלויפען פון מיר, האָט אונטערדעסען ראָבור געזאָגט צו זיך אליין, איך וועל זיי ברענגען און וועל זיי ברענגען אויף מיין איקס אינזעל, דאָרט וועלען זיי ווערן קאָלאָניסטען און וועלען איינזעהען, אז עס איז פיעל בעסער צוא וואוינען אויף אן איינזאמער אינזעל, אלס אין דער גרויסער שטאָדט פילאדעלפיא.

אין א שטונדע איז דער הינטערשרויבער געווען אויסגעבעסערט, אלע צוויי און דרייסיג פליגעל פון „אלבאטראָס" האָבען ווידער אָנגעהויבען צו ארבייטען רעגעלמעסיג. קיינעם איז ניט איינגעפאלען אז ערגעץ אין א ווינקעלע רויכערט זיך א שטיקעל לייוואנד, וועלכע וועט פערניכטען און צורייסען דעם „אלבאטראָס" מיט אלע זיינע מאשינען, מיט אלע זיינע זאָנדערבארע ערפינדונגען. עס איז וואהר אז דיזעס ווינקעלע, דיא קאיוטע, וואו אָנקעל פּרודענט און פיל עוואנס פלעגען שלאָפען, איז געוון זעכציג פוס וויים פון דער הויפּט מאשין פון „אלבאטראָס". ראָבור האָט קיין מאָהל ניט געברויכט צו פיעל זיינע געסט און ער האָט זיי שטענדיג געהאַלטען וויים פון זיך, פון דעסטוועגען איז דיא געפאהר געווען זעהר גרויס און ראָבור האָט דערפון ניט געוואוסט.

— דער ווינד האָט זיך געענדערט, דער הימעל ווערט דונקעלער, איך דענק, אז מיר וועלען באלד האָבען רעגען, האָט דזשאָרדזש קערנס געמעלדעט.

— דאָס מאכט ניט, האָט ראָבור געזאָגט; ווען אלעס איז נור פערטיג זאָלען מיר צוריק פאָהרען צו דער אינזעל טשאטהעם און צוריק נעהמען אונזערע געפאנגענע.

— פיליייכט האָבען זיי אונטערדעסען זיך בעקענט מיט דיא האלב־ווילל־דע מענשען פון דער אינזעל און זיי ווערען זיך שטעלען געגען אונז? האָט דזשאָרדזש קערנס בעמערקט.

— דוא זאָגסט עס, מיין גוטער דזשאָרדזש? האָט ראָבור אויסגערופען — דוא ווייסט דאָך, וואָס פאר א מיטעל וואָס פאר מאשינען מיר האָבען אויף אונ־זער „אלבאטראָס". דוא ווייסט דאָך גאנץ גוט, אז מיר קענען פערניכטען א גאנ־צע אַרמעע פון ווילדע אָדער האלב ווילדע מענשען.

— איך ווייס עס, אָבער...

אין דיעזער מינוט איז צו זיי צוגעקומען טאפאזש. דער קאָך, און האָט געזאָגט:

— מיינע העררן, הערט איהר ניט עפעס א גערוך פון פייער, פון „סמאַ־לינע"?

דזשאָרדזש קערנס און ראָבור האָבען אָנגעהויבען צו שמעקען מיט דער נאָז.

— מיר דאכט, אז איך פיהל דעם גערוך פון קליידער, וועלכע ווערען לאנג־זאם פערברענט, האָט דזשאָרדזש קערנס געזאגט.

— לאָמיר זוכען! האָט ראבור אויסגערופען, — עס קען זיין, אז דיעזע טייפעל האָבען אונטערגעצונדען דעם „אלבאטראָס". אויף אן אמעריקאנער איז אלעס צו גלויבען.

— ווען עס זאָל נור זיין פייער, האָט דזשאָרדזש קערנס געזאָגט אונרוהיג, געגען פייער אליין קענען מיר זיך נאָך שיצען.

ער און ראָבור האבען געוואָלט געהן צו דער קאיוטע, וואו אָנקעל פרו־דענט און פיל עוואנס האָבען געוואוינט, און זעהן, וואָס דאָרט טהוט זיך, אָבער קוים האָבען זיי געמאכט צוויי שריט, האָט עס געגעבען א שרעקליכען קנאַק, דיא עלעקטרישע ליכט האָבען זיך אויסגעלאָשען און עס האָט א שליידער געטאָהן מיט׳ן „אלבאטראָס", אז מען האָט אין דער ערשטער מינוט ניט געקענט וויסען, אויב ער פאלט אריין אין מעער, אָדער ער פליהט אויפ׳ן הימעל. ראָבור און אלע זיינע מענשען זיינען אומגעפאלען און האָבען זיך צושלאָגען אָן דיא ווענט פון דיא קאיוטען.

איינציגע מינוטען זיינען אלע געלעגען, וויא טוידט. ערשט ווען זיי האָבען דערפיהלט וואסער ארום זיך, זיינען זיי אויפגעשפּרונגען. דער „אלבאטראָס" איז אריינגעפאלען אין מעער און דיא וועללען (כוואליעס) האָבען אָנגעהויבען צו שפּריצען אויפ'ן דעק און צו בענעצען דיא געזיכטער פון דיא מענער פון „אל־באטראָס". אלע האָבען זיך אויפגעכאפּט מיט א מאָל, אלע זיינען אויפגעשפּרונ־גען.

— מיר זיינען פערלאָרען! האָט געזאָגט איינער.

—ניין! מיר זיינען גערטעט! האָט ראָבור אויסגערופען, — זאָ לאנג צוויי פליגעל און איין שרויבע פון „אלבאטראס" ריהרען זיך נאָך, זיינען מיר ניט פ... לאָרען. — שטעהט אויף, אלע! לאָמיר זעהן, וואָס עס טהוט זיך ארום אונז! — פּרוביר אָנצינדען דיא עלעקטרישע לעמפּלאך, דזשאָרדזש!

אין דער פינסטער, אויפ'ן נאסען דעק איז דזשאָרדזש קערנס געגאנגען זוכען דיא עלעקטרישע באטערעע און צו זיין פרייד און צום גליק פאר אלעמען, איז עס איהם געלונגען אָנצוצינדען צוויי עלעקטרישע לעמפּלאך.

יעצט האָבען זיי וועניגסטענס געקענט זעהן, וואו זיי זיינען ערגעץ אין דער וועלט און וואָס עס טהוט זיך ארום זיי.

ערשט יעצט האבען זיי געקענט זעהן, אז דער „אלבאטראָס" שווימט אין מעער. ער האט ניט געקענט אונטערגעהן, ווייל ער איז פיל לייכטער פון וואַ־סער, ער איז דאהער געשוואומען, וויא עס שווימט א פערוואונדעטער וואסער פויגעל: לאנגזאם, אָהן א צוועק, אָהן א ציעל און פון צייט צו צייט גיט ער זיך א וואָרף, גלייך וויא ער וויל זיך אויפהויבען און אוועקפליהען.

דער הינטעסטער טהייל פון „אלבאטראָס" איז אָפּגעריסען געוואָרען אין גאנצען און איז ערגעץ פערשוואונדען געוואָרען. דאָס איז געווען דער טרעהל, וואו דיא באָמבע האָט געפּלאצט, דאגעגען אָבער איז דער פאָרדעסטער טהייל געבליעבען גאנץ. אינדיעזען טהייל האָבען זיך געפונען אלע מאשינען און אלע מאטעריאלען, פון דער עקספּלאָזיאָן זיינען עטליכע עלעקטרישע באטערעען אזוי צו שאָקעלט און צו טרייסעלט געוואָרען, אז זיי האָבען ניט געקענט ארבייטען, מען האָט אָבער געקענט צורעכט מאכען. אכט פליגעל און דיא הינטערסטע שרוי־בע זיינען פערשוואונדען געוואָרען.

ראָבור איז געווען אויסער זיך פאר שמערץ און פערדרוס, אָבער ער איז ניט געווען א מענש, וועלכער זאָל פערצווייפלען אָדער זאָל זיך בעקלאָגען. ער האָט זיך יעצט אליין גענומען צו דער ארבייט. אזוי וויא אלע אינסטרומענטען

זיינען געבליבען גאנץ, האט ער מיט זיינע מענשען געקענט ארבייטען און רעפא־רירען דעם שאדען

— אין צוויי שטונדען ארום וועט טאג ווערען, האט ראבור געזאגט,ביי טאג וועלען מיר בעסער קענען זעהן, וויא צו ארבייטען און וואס צו טאהן.יעצט מוזען מיר זעהן, אז דער „אלבאטראס" זאל קענען זיך האלטען איבערן וואסער, ווען אויך נור צעהן פוס הויך איבערן וואסער, און דאס איז מעגליך, ווייל ער האט נאך פיער און צוואנציג גאנצע פליגעל און איין שרויבע, דיא הויפט שרויבע.

דאס לעבען איז ליעב, דאס לעבען איז זיס, ראבור מיט זיינע מענשען האבען געארבייטעט, וויא זיי האבען געקענט. צו ערשט האבען זיי געבראכט אין ארדנונג אלע עלעקטרישע באטערעען, אז אלע לעמפלעך זאלען ברענען. דאן האבען זיי בעטראכט יעדען פליגעל און האבען אויסגעבעסערט, וואס זיי האבען געקענט.

ווען עס איז טאג געווארען, איז דער „אלבאטראס" אזוי ווייט געווען אויס־געבעסערט, אז ער האט ווידער געקענט פליהען, ניט אזוי שנעל, וויא פריהער, אבער נאך גענוג שנעל אום צו קענען צופליהען ערגעץ אין א פארט, צוא א סטאציאן.

אלע זיינען אבער געווען אזוי מיעד און אזוי הונגעריג, אז ראבור האט געהייסען דעם קאך מאכען דעם פריהשטיק. דער קאך איז אוועק געגאנגען און איז באלד צוריק געקומען מעט דער טרויעריגער נאכריכט, אז ער האט קיין פרא־וויאנט. דיא פראוויאנט־קאמער איז פערשוואונדען געווארען מיט דעם הינטער־סטען טהייל פון „אלבאטראס".

דאס איז געווען א נייער שלאג פאר ראבור. ווען מענשען זיינען הונגעריג און דורשטיג, קענען זיי ניט ארבייטען.

— וואו געפינען מיר זיך יעצט ? האט דזשארדזש קערנס געפרעגט.

— דאס וועל איך וויסען, ווען עס וועט זיין פונקט צוועלף אוהר, האט ראבור געענטפערט, יעצט איז דיא פראגע, וואו נעהמט מען עפעס צו עסען ?

— מיר וועלען מוזען כאפען פיש, האט דער קאך בעמערקט.

דזשארדזש קערנס האט א לאך געטהאן. עס איז געווען א ביטערער גע־לעכטער, א טרויעריגער געלעכטער, א געלעכטער פון פערצווייפלונג.

—מיינט איהר ווירקליך, אז מען קען כאפען פיש אין מעער, וואו מען וויל ? האט ער געפרעגט. ווייסט איהר ניט, אז עס זיינען דא ערטער אין מעער,

וואו איהר קענט ניט קריגען א פיש, וויא אין דער וויסטע סאכארא ? קענט איהר דען האבען הערינג, ווען איהר ווילט און וואו איהר ווילט ? ווייסט איהר דען ניט, אז געוויסע סאָרטען פיש קען מען קריגען נור אין געוויסע צייטען ? ווייסט איהר דען ניט, אז דיא פישער מוזען א מאָל וואַרטען מאָנאַטע לאנג, ביז זיי וועלען קענען כאַפּען פיש ? — דאס מעער איז וויא דאס לאנד. קענט איהר קריגען א לייב אין רוסלאנד, אן אייז בעער אין אינדיען, א טיגער אין קאנאדא ? אין מעער געפינען זיך אויך געוויסע פיש אין געוויסע געגענדען. אם מייסטען געפינען זיך פיש ארום אינזלען אָדער אין א געגענד, וואו עס שטעקען ארויס פון מעער שטיינער, פעלזען און שפּיצען פון בערג.

דזשאָרדזש קערנס וואָלט געווען ווייטער גערעדט און ווייטער ערקלערט, ווען ראָבור זאָל איהם ניט געווען אונטערברעכען.

— מיר מוזען פאָהרען אויף אונזער איקס אינזעל, האָט ראָבור געזאָגט פעסט ענטשלאָסען. — איך האָב גענוי אונטערזוכט דיא מאשינען און איך האָב געפונען, אז מיר קענען נאָך פאָהרען מיט דער שנעליגקייט פון 60 מייל א שטונדע. מיר געפינען זיך יעצט 2.400 ביז 2.800 מייל ווייט פון אונזער אינזעל, און 40, העכסטענס 43 שטונדען וועלען מיר אלזאָ אָנקומען אויף אונזער אינזעל. מיר האָבען נור וואָס געזעהן, אז דיא מאַטראָזען פון דער „זשאנעט" האָבען אויסגעהאַלטען פינף טעג, אָדער 120 שטונדען און זיינען געבליבען לעבען, מיר וועלען אלזאָ מוזען אויסהאַלטען 40 שטונדען אָהן עסען און טרינקען.

אלע האָבען איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם, קיינער האָט ניט געענטפערט א וואָרט.

—אלזאָ, פאָרוועַרטס ! האָט ראָבור אויסגערופען,— א היים ! אויף אונזער אינזעל ! דאָרט וועלען מיר האָבען אלעס, דאָרט וועלען מיר זיך אויסרוהען, דאָרט וועלען מיר געפינען מיטעל, וויא אזוי ווידער צו בעקומען אין אונזערע הענד דעם פּרעזידענט און דעם סעקרעטער פון וועלדאָן קלוב.

אלע זיינען בעגייסטערט געוואָרען פון זיין רעדע און האָבען זיך ווידער גענומען צו דער ארבייט.

---

16טעס קאפּיטאל.

## דער וועלדאָן קלוב.

מיר מוזען איבערלאָזען ראָבור און זיין פליה מאשין און דעם פּרעזידענט מיט'ן סעקרעטער פון וועלדאן קלוב אויף דער טשאטהעם אינזעל און זיך אומ

קעהרען קיין פילאדעלפיא מיט צוויי מאנאטע צוריק; מיר מוזען זיך אומקעהרען צו דער זייט, ווען אנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען נאר פלוצלונג פערשוואונדען געווארען.

מען קען זיך לייכט דענקען, וואס עס האט זיך אפגעטאהן אין פילאדעלפיא, ווען אזעלכע צוויי בעוואוסטע מענער, וויא אנקעל פרודענט און פיל עוואנס, זיינען נאר פלוצלונג פערשוואונדען געווארען און מען האט פון זיי קיין שפור ניט געפונען.

מיר האבען שוין דערצעהלט, וויא דיא פילאדעלפיער פאליציי האט געזוכט אין שטאדט אויסער דער שטאדט און ארום דער שטאדט, פיליכט וועלען זיי געפינען, א שפור, א צייכען, א וואונק אן אנדייטונג פון דעם פרעזידענט און סעקרעטער פון וועלדאן קלוב. עס איז וואהר, אז אויף דער פאליציי קען מען זיך ניט פערלאזען אין קיין לאנד און אין קיין פאל. „דיא פאליציי און דאס פייערוועהר קומען אימער צו שפעט“, זאגט אן אלטעס שפריכווארט, אבער דיא מיטגלידער פון וועלדאן קלאב זיינען אלע געווען רייכע מענשען און דער וועלדאן קלוב איז איינער פון דיא רייכסטע קלובס אין אמעריקא. מען האט אבגעהאלטען א מיטינג און מען האט בעשלאסען, אז מען זאל מעלדען אין אלע צייטונגען, אז דער וועלדאן קלוב גיט פינף טויזענד דאלאר יעדען, ווער עס וועט ברענגען א נאוריכט, א זיכערע נאכריכט, וויא אזוי אנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען פערשוואונדען געווארען; מען וועט אבער געבען צעהן טויזענד דאלאר יעדען, וועלכער וועט אנצייגען, וואו זיי געפינען זיך.

פינף טויזענד דאלאר איז א שעהנע סומע, צעהן טויזענד דאלאר אבער איז אזא אידעאל פאר יעדען אמעריקאנער, אז ער וועט ריסקירען זיין לעבען, ער וועט זיך אויפאפפערען פאר צעהן טויזענד דאלאר.

דאס מאהל אבער האבען דיא צעהן טויזענד דאלאר אויך ניט געהאלפען, א בעוויז, אז מען קען דאך ניט האבען אלעס, וואס מען וויל, פאר געלד. קיינער האט זיך ניט געמעלדעט צו בעקומען דיא צעהן טויזענד דאלאר, קיינער האט זיי ניט געפאדערט. אנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען אלזא פערלארען, פערלארען אויף אייביג! פערשוואונדען! אין וואסער אריין!

דיא מיטגלידער פון וועלדאן קלאב, דיא רייכע, דיא שווערע געלד זעק, זיינען געווען אויסער זיך פאר צארן און פערדרוס, וואס זאגאר פאר צעהן טויזענד דאלאר האבען זיי ניט געקענט בעקומען א נאכריכט, א שפור, א צייכען, אן אנדייטונג, וואוהין זייער פרעזידענט און זייער סעקרעטער זיינען פערשוואונדען געווארען.

אונטערדעסען האט מען בעקומען ווידער נייעס פון דער זאָנדערבארער מוזיק, וועלכע מען הערט ביי נאכט און ביי טאָג אין דער הויך, אין הימעל. מען איז געוואָהר געוואָרען אז דעם אנדערען טאָג, נאכדעם, וויא אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען פערשוואונדען געוואָרען, האט מען געהערט דיעזע רעטהזעלהאפטע מוזיק אין מאָנטרעאל און אין קוויבעק, אין קאנאדא. עטליכע טעג שפּעטער האָבען די פּאסאזשירען און דער צוג־פיהרער פון אן אייזענבאהן־צוג פון דער פּאסיפיק אייזענבאהן, וועלכער איז געפאָהרען קיין סאלט־לייק־סיטי, אין יוטא, דערצעהלט, אז זיי האָבען אליין געזעהן אמאשין, וועלכע פליהט אין דער לופט און מאכט מוזיק. אייניגע פּאסאזשירען האָבען זאָגאר בעהויפּטעט, אז זיי האָבען געהערט א שטימע פון דיעזער פליה מאשין שרייען: „איך בין א געפאנגענער ביי ראבור“, אָבער קיינער האט ניט געקענט שווערען, אז ער האט ווירקליך געהערט דיעזע שטימע.

אין דיא צייטונגען האט מען אָנגעהויבען צו שרייבען, אז מען האט ווירקליך געזעהן א מאשין, וועלכע פליהט אין דער לופט זעהר שנעל. מען האט אָנגעהויבען צו ווידערהאָלען דיא רעדע, וועלכע ראבור האט געהאלטען אין וועלדאן קלאָב אין דער נאכט, ווען אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען פערשוואונדען געוואָרען. מען האט אָנגעהויבען צו שרייבען, אז פיליייכט איז עס אויך וואהר, אז נור א זאך וועלכעס איז שווערער פון דער לופט, קען זיך האלטען אין דער לופט. מען האט זאָגאר געבראכט אזא ביישפּיעל, ווען איך נעהם א שטיק אייזען פון א פונט און ווארף עס אריין אין וואסער, וועט עס באלד אראָפּ צום גרונד, לאָ מיך אָבער מאכען פון דיעזען אייזען א שאכטעל און עס אריינווארפען אין וואסער, וועט עס שוין שווימען. דאָס בעווייזט, אז דאָס זעלבע שטיק אייזען קען שווימען, ווען מען ווייס נור, וויא אזוי דער מיט ארומצוגעהן און וואָס פאר א געשטאלט, וואס פאר א פאָרם מען זאָל עס געבען.

אזוי וויא מען האָט אזוי גערעדט און געשריעבען אין דיא צייטונגען, איז אָנגעקומען א טעלעגראמע פון אן אמעריקאנער אין כינא, אז פיעלע כינעזען האָבען געזעהען, וויא א מאשין האט זיך אראָפּגעלאָזען פון הימעל, אויף דער מאשין זיינען געווען מענשען און זיי האָבען זעהר שעהן געשפּיעלט, מיט עטליכע טעג שפּעטער האָט מען געמעלדעט פון רוסלאנד, פון דער געגענד ארום דער וואלגא, אז דאָרט האָט מען געזעהן א מאשין פליהען אין דער לופט און מען האָט געהערט פון איהר א זאָנדערבארע מוזיק.

אזוי איז פערגאנגען דיא צייט ביז ענדע יולי. פּלוצלונג איז אָנגעקומען

אין וואשינגטאָן א בריעף מיט א זילבערנע טאבאקס דאָזע מיט א קליין בריוועלע אינוועניג. דיעזע זילבערנע טאבאקס דאָזע האָט דיא פראנצויזישע רעגיערונג צו געשיקט צו איהר געזאנדטען אין וואשינגטאָן ער האָט עס איבערגעגעבען דעם אמעריקאנער מיניסטער דער אינערן אנגעלעגענהייטען, און דיעזער מיניסטער האָט עס צוגעשיקט צום וואלדען קלאָב אין פילאדעלפיא. דאס איז געווען דיא זילבערנע טאבאקס דאָזע פון אָנקעל פרודענט און דאָס צעטעלע, וואָס ער האָט אָנגעשריעבען אויפ'ן „אלבאטראס“.

יעצט האָבען שוין דיא מיטגליעדער פון וועלדאן קלוב געוואוסט, וואו זייער פרעזידענט און זייער סעקרעטער געפינען זיך. אלזאָ איז עס ראָבור, וועל־כער האָט געפאנגען אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס!

דיא מיטגליעדער פון וועלדאן קלוב האָבען באלד בערופען א גענע־ראל פערזאמלונג און מען האָט זיך בעראטהען, וואָס מען זאָל טאָהן? וויא אזוי קען מען האפען דעם רויבער און מערדער ראָבור און איהם בעשטראָפען פאר אזא פערברעכען. מען קען זיך לייכט דענקען, וואס עס האט זיך אבגעטהאָן אויף דיע־זען מיטינג, ווען מען זאָל געווען קענען קריגען ראָבורן, תאָלט מען איהם געוויס געווען צוריסען אויף שטיקער, אָבער וויא אזוי קריעגט מען איהם? וואו נעהמט מען איהם?

מען האָט גערעדט, געשריען, דעבאטירט ביז צוויי אוהר נאָך האלבע נאכט און מען איז ענדליך געקומען צום בעשלוס, אז מען זאָל מאכען א גרויסען און שטארקען לופט באלאָן, וועלכען מען זאָל א נאָמען געבען „גאָ אהעד!“ וויא מען האָט איהם געוואָלט מאכען מיט צוויי מאָנאט צוריק, און מיט דיעזען לופט בא־לאָן זאָל מען נאָכיאָגען ראָבור'ן, איהם פאנגען און בעפרייען דעם פרעזידענט מיט'ן סעקרעטער.

דערמיט האָט זיך געענדיגט דער ספעציאל און גענעראל מיטינג פון וועל־דאן קלאָב. מען האָט זיך באלד גענומען בויען דעם לופט־באלאָן, אבער ניט אזוי גיך טהוט זיך, וויא עס רעדט זיך. עס מוז נעהמען צייט צו בויען א גרויסען און שטארקען לופט באלאָן.

דיא צייט איז אזוי פערגאנגען ביז ענדע סעפטעמבער. דעם 28טען סעפ־טעמבער האָט זיך פלוצלונג פערברייטעט דיא נאכריכט אין פילאדעלפיא, אז אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען געקומען צו פאהרע מיט דעם צוג פון סאן פראנציסקא. דיא גאנצע שטאָדט איז געלאָפען זעהן דיעזע מענשען, וועלכע זיינען אזוי פלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען און אזוי פלוצלונג צוריקגעקומען.

מען האָט אָבער געפונען אז דיא טיהר פון אָנקעל פּרודענטס הויז איז פערמאכט. דזשים׳ס פּאַרט, דער שאצמייסטער פון וועלדאן קלוב, האָט זיך ניט געקענט איינהאלטען, ער איז געקומען צו לויפען פערסאָפּעט און האָט אָנגעהויבען צו קלאפּען אין דער טיר און צו רייסען אלע גלאָקען. דיא טיהר האָט זיך געעפענט און א שווארצער קאָפּ מיט געקרייזעלטע האאר האָט ארויסגעשטעקט.

— בראון! דער נעגער בראון! אָנקעל פּרודענט׳ס בראון! האָט מען אָנגעהויבען צו שרייען פון אלע זייטען.

פיעלע פילאדעלפיער האָבען דערקענט דעם נעגער.

— הוראה פאר בראון! טהרי משירם פאר בראון! האָט דיא מענגע געליארמט.

דער נעגער בראון האָט געלאכט מיט זיין ברייטען געלעכטער און האָט ארויסגעוויזען זיינע ווייסע צעהנער. מיט שווערער מיה איז עס איהם געלונגען אריינצולאָזען נור דזשים ספּאַרט, ווייל אלע האָבען געוואָלט אריינגעהן, יעדער האָט געוואָלט זעהן אָנקעל פּרודענט.

דזשים ספּאַרט האָט געפונען אָנקעל פּרודענט זיצען רוהיג ביי א גרויסען טיש אויף וועלכען עס זיינען געווען אויסגעלייגט צייכנונגען און מאָדעלען פון לופט באלאָנען. ער האָט בעטראכט דיזע צייכנונגען און האָט געטראכט, וויא צו מאכען א לופט שיף, וויא ראָבורס. ער האָט אויפגענומען זעהר פריינדליך דעם שאצמייסטער פון וועלדאן קלוב און האָט איהם דערצעהלט אלעס, וואס עס האָט פּאסירט מיט איהם און פיל עוואנס, זייט ראָבור האט זיי געפאנגען נעבען פעיר מאונט פּארק. ביז זיי זיינען ענטלאָפען פון איהם אויף דער טשאטהעם אינזעל, וויא עס איז שוין בעקאנט דעם לעזער.

דאן האָט ער דערצעהלט, וואָס עס האָט איהם פּאסירט אויף דער אינזעל טשאטהעם. אויף דיעזער אינזעל וואוינען הונדערט פאמיליען האלב ווילדע מענשען. זיי דערנעהרען זיך פון פיש פאנג און פון דיא ווענינע פּראָדוקטען, וואָס דיא מאָגערע ערד פון דיעזער אינזעל גיט ארויס. זיי האָבען געזעהן, וויא דער „אלבאטראָס" איז צוגעקומען צו זייער אינזעל און האָבען געמיינט, אז דאָס זיינען געקומען מלאכים, הימעל מענשען. ווען דער „אלבאטראס" האָט אראָפּגע־וואָרפען דעם אנקער צווישען דיא שטיינער ביין ברעג, האָבען זיך דיא האלב ווילדע אזוי דערשראָקען אז זיי זיינען אנטלאָפען און האָבען זיך בעהאלטען צווי־שען דיא שטיינער און אין דיא היילען. ערשט דעם אנדערן טאָג, ווען זיי האָבען געזעהן, אז דער „אלבאטראָס" איז פערשוואונדען געוואָרען, האָבען זיי נעפּאסט

מוטה און זיינען ארויסגעגאנגען פון זייערע היילען און זיי האָבען דערזעהן צוויי ווייסע מענשען און איין שווארצען. דאָס האָט זיי זעהר איבעראשט, ווייל זיי האָבען קיין מאָל נים געזעהן קיין שווארצען מענשען. זיי האָבען זיך איינגערעדט, אז דיא ווייסע מענשען זיינען גוטע גייסטער, דער שווארצער אָבער איז א בייזער גייסט. פאר א גוטען גייסט האָט מען נים וואָס מורא צו האָבען, ער איז דאָך גוט פאר דעם בייזען גייסט אָבער פאר דעם בייזען גייסט דארף מען מורא האָבען, ער איז דאָך שלעכט, און דארום מוז מען זעהן איהם איבערצובעטען, צו מאכען איהם פאר א פריינד. וויא אזוי מאכט מען עס? מען פאלט פאר איהם אויף דיא קניע און מען גיט איהם פילע גוטע זאכען. זיי האָבען געבראכט דעם נעגער פריכ־טע, פיש, שעהנע מושלען (מויער קעפּ). קורץ, דער נעגער איז געוואָרען פאר זיי א סאָרט גאָט, וועמען זיי האָבען געבראכט קרבנות.

דאס איז זעהר צוניץ געקומען אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס. דער נעגער פלעגט צו נעהמען אלעס, וואָס מען האָט איהם געבראכט און פלעגט עס אוועקגע־בען זיין הערן דערפון האָבען זיי געלעבט דיא ערשטע טעג. שפּעטער האָבען זיי זיך בעסער בעקענט מיט דיא האלב ווילדע איינוואָהנער פון יענער אינזעל און זיי האָבען געוואוינט אין זייערע געצעלטען און געגסען, וואָס דיא ארימע איינוואָה־נער האָבען געקענט קריעגען. דאָס מעער איז דאָרט זעהר רייך מיט אלערליי פיש. אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס האָבען פּרובירט האפּען פיש. זיי האָבען געווי־זען דיא איינגעבאָרענע איינוואָהנער וויא צו מאכען נעצען און וויא צו זאל־צען פיש.

אָנפאנגס סעפּטעמבער איז צו געקומען צו דער אינזעל אן ענגלישער דאמפּ־פער וועלכער האָט געדארפט פרישעס וואסער. אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען ארויפגעגאנגען אויפ„ן שיף און האָבען געבעטען דעם שיפסקאפּיטאן, ער זאָל זיי מיט נעהמען ערגעץ אין א שטאט.

אזוי וויא אָנקעל פרודענט האָט געהאט ביי זיך איינינע טויזענד דאָלאר און האָט ערקלערט אז ער וויל בעצאָהלען פאר זיין רייזע, וויא אויך פאר זיינע קאמאראדען, האָט דער שיפסקאפּיטאן זיי אויפגענומען. אָנקעל פרודענט האָט געקויפט ביים שיפסקאפּיטאן מעסער, העק, זעגען און אנדערע אינסטרומענטען, וועלכע ער האָט געשענקט דיא איינוואָהנער פון טשאטהעם אינזעל פאר זייער גאסט פריינדשאפט.

דעם 24טען סעפּטעמבער איז דאָס ענגלישע שיף אָנגעקומען קיין סאן־פראנציסקאָ. אָנקעל פרודענט, זיין נעגער און פיל עוואנס האָבען זיך דעם זעלבען

טאָג אויפגעזעצט אויף א שנעל צוג און זיינען איינגעקומען קיין פילאדעלפיא דעם 28טען סעפטעמבער.

דעם אנדערען טאָג, דעם 29טען סעפטעמבער, האָט מען ווידער גערופען א ספעציאל מיטינג, אויף דיא איינלאדונגס קארטען איז געשטאנען, אז אנקעל פרעזידענט וועט פיהרען דעם מיטינג און פיל עוואנס וועט פראָטאָקאָלירען דיא פערהאנדלונגען.

אלע מיטגלידער זיינען געקומען צום מיטינג. ווען אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען אריינגעקומען אין מיטינגס־לאָקאל האָבען זיך אלע אויפגעהויבען פון זייערע פלעטצער און האָבען אויסגערופען הורראה! הורראה!

אָנקעל פרודענט איז רוהיג צוגעגאנגען צו זיין פלאַטץ, האָט אראָפּגענומען דעם הוט, האָט דריי מאָל א קלאפּ געטאָהן מיט'ן האמער און האָט געזאָגט ערנסט און רוהיג:

—איך ערקלער דעם מיטינג פון וועלדאן קלוב ערעפענט!

מען האָט ווידער אָנגעהויבען צו שרייען הורראה, אנקעל פרודענט האָט איבערגעוואַרט, ביז אלע האָבען זיך בערוהיגט, און האָט ווייטער געזאָגט:

— מיינע הערען! מיר האָבען היינט א ספעציאל מיטינג אום צו פערהאנדלען דיא פראגע וועגען דעם לופט באלאָן „גאָ אהעד!“ וועלכען מיר האָבען בעשלאָסען צו בויען אויף אונזער מיטינג, אָבגעהאלטען דען 24טען יוני...

און ער האָט ווייטער ערקלערט, וויא דיעזער לופט באלאָן דארף געבויט ווערען און וועלכע קראפט זאָל איהם טרייבען. ער האָט געהאלטען א לאַנגע רעדע, אין וועלכע ער האָט ערקלערט דיא פיזישע אייגענשאפטען פון דער לופט און דיא מאטעמאטישע געזעצע פון בעוועגונג. אין זיין גאנצער לאנגער רעדע האָט ער ניט דערמאָנט איין וואָרט פון „אלבאטראָס“, פון ראָבור, פון זיין רייזע ארום דיא וועלט געגען זיין וויללען, און פון אלעם, וואָס ער האָט געזעהען און געהערט אויף זיין וואונדערבארער רייזע.

אלע האָבען איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם, קיינער האָט ניט געוואגט איהם צו פרעגען, וואו ער איז געוועזען ביז אהער און וואָס עס האָט מיט איהם פאסירט.

און זאָנדערבאר! יעצט האָט מען איינגעשטימט מיט אלעם, וואָס ער האָט געזאגט און אלע זיינע פאָרשלעגע זיינען אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג. ווען ער האָט געזעהען, אז קיינער פערלאנגט ניט דאָס וואָרט, האָט ער ווידער דריי מאָל געקלאפּט מיט'ן האמער און האָט געזאָגט.

—אלזאָ מיינע חעררען, מיר מוזען זעהען ענדיגען אונזער לופט באללאָן „גאָ אהעד“! וויא צום גיכסטען.— דער מיט ערקלער איך אונזער מיטינג גע־שלאָסען.

## לעצטעם קאפיטעל.

## דיא לופט באללאן איז נאָך צו פריה.

דיאמיטגליעדער פון וועלדאן קלוב האָבען זיך יעצט גענומען גאנץ ערנסט צו זייער לופט באללאָן „גאָ אהעד!“ דיא איינוואוינער פון פילאדעלפיא, וויא פון דיא פעראייניגטע־שטאאטען האָבען זיך צו ביסלאכוויים בערוהיגט און האָבען אָנגעהויבען צו פערגעסען, אז דער פרעזידענט און דער סעקרעטער פון וועלדאן קלוב זיינען גאָר געווען געפאנגען.

דיא מוזיק אין הימעל האָט אויפגעהערט און דיא צייטונגען האָבען אויפ־געהערט צו שרייבען פון וואונדער אין הימעל. קיינער האָט ניט דערמאָנט דעם נאָמען ראָבור אָדער „אלבאטראָס“, דיא וועלט האָט זעהר א שלעכטען זכרון, דער גרעסטער מאן ווערט באלד פערגעסען, ווען ער לאָזט ניט איבער א ווערק, וועלכעס זאָל איהם דערמאָנען, דערפאר זיינען פארגעסען געוואָרען דיא נעמען פון דיא מענשען, וועלכע האָבען געמאכט דיא גרעסטע, דיא ניצליכסטע ערפינ־דונגען, קיינער ווייס יעצט נים, ווער עס האָט אויסגעטראכט א שעער, א צוואנ־גע, א האמער, א זעג און אנדערע אזעלכע ניצליכע אינסטרומענטען.

דיא וועלט האָט א קורצעס געדעכטניס. היינטיגע וועלט מוז האָבען יעדעס מאָל עפּעס נייעס, האָט זיא נייעס, פערגעסט זיא דאס אלטע. אמאָל איז דער נאָ־מען פון א מענשען געבליבען, ווען ער איז געווען אויסגעהאקט אין שטיין אָדער איינגעשריעבען אין א בוך, היינט העלפט דאס אויך ניט, ווייל מיר האָבען צו פיעל ביכער און מען שרייבט צו פיעל ביכער. דיא ביכער זיינען יעצט זעהר בי־ליג, ווייל זיי האָבען קיין ווערטה, זעלטען ווערט יעצט געשריעבען א גוטעס בוך, ווייל יעדער שרייבט, און דארום פערגעסט יעצט דיא וועלט זאָגאר דיא נעמען פון דיא מענשען, וועלכע האָבעןווירקליך אויפגעטאָהן עפּעס פאר דיא גאנצע מענש־הייט.

דאָס לעבען איז היינט זעהר שווער און דיא מעגליכע זאָרגען פערשלאָגען אלע פעהיגקייטען צו דענקען, צו טראכטען און צו דערמאָנען דיא גרויסע מענער.

דיא מיטגליעדער פון וועלדאן קלוב האָבען יעצט געהאט נור איין זאָרג,— זייער לופט באללאָן זאָל פערטיג ווערען וויא צום גיכסטען. ענדליך איז דער „גאָ

**אהעד!" פערטיג געוואָרען.** ער האָט געהאַט דיא געשטאַלט פון א פיגאר און איז געוועזען אזוי שטארק, אז ער האָט געקענט טראָגען אויף זיך א געוויכט, א משא, פון פיער טויזענד פונט. דאס באָאַט, וועלכעס איז אראָפּגעהאַנגען פון איהם, האָט געהאט צוויי שרויבען פון פאָרנט און פון הינטען און א קליינעם עלעקטרישען לאָקאָמאָטיוו. ווען דיעזעס באָאַט זאָל זיך געפינען אין וואסער, וואָלט מען גאנץ רוהיג געקענט מיט איהם פאָהרען פון פילאדעלפיא נאָך ניו יארק.

אין באָאַט האָבען זיך געפונען נעטהיגע אינסטרומענטען פאר א רייזע אין דער לופט, עס האָט זיך אין איהם אויך געפונען אן אנקער, וועלכען מען האָט געקענט ארויס ווארפען און פעראנקערן דעם לופט באַללאָן.

דיא בעסטע אינזשענירען פון אמעריקא האָבען געבויט דעם „גאָ אהעד!" און דיא בעסטע כעמיקער האָבען איהם אָנגעפיללט מיט גאז. מען איז אלזאָ געוועזען זיכער אז ער וועט קענען אויסהאַלטען א לאַנגע רייזע.

ער איז פערטיג געוואָרען אין פעברואר, דאס וועטער איז אָבער געוועזען אזוי שלעכט, אז מען האָט מורא געהאט זיך צו לאָזען אויף איהם. א לופט באַללאָן קען ניט געהן אין א שלעכטעס וועטער, דאָס הייסט, עס איז שווער איהם צו רעגיערען, דיא לופט איז שווער און דריקט איהם, פרעסט איהם און פרעסט פון איהם ארויס דעם גאז.

ערשט דעם 20טען אפּריל האָט מען געקענט ארויסלאָזען דעם „גאָ אהעד!" דאָס וועטער איז געוואָרען שעהן און ווארים און וויא מען האָט געמעלדעט פון וואשינגטאָן און נויארק, וועט דיעזעס שעהנע וועטער אנהאַלטען עטליכע טעג.

מיר דארפען ניט זאָגען, אַנקעל פּרודענט און פיל עוואנס האָבען געדארפט פאָהרען מיט„ן „גאָ אהעד!" ערשטענס, זיינען זיי דאָך געוועזען פּרעזידענט און סעקרעטער פון וועלדאָן קלוב, צווייטענס, האָבען דאָך אלע געוואוסט, אז זיי האָבען שוין געמאכט א רייזע ארום דיא וועלט אויף ראָבורס פליה מאשין.

דער 20טער אפּריל איז געוועזען א שעהנער טאָג, א ווארימער טאָג, דיא זון האָט געשיינט העל, דיא לופט איז געוועזען ווארם און שטיל, קיין ווינטעלע האָט געוועהט, קיין לופטעלע האָט זיך געריהרט.

גאנץ פילאדעלפיא האָט זיך פערזאמעלט אין פעיר מאָונט פּארק, בעזאָנדערס אָבער אין זשיראַרד עוועניו, וואו דער „גאָ אהעד"! איז געוועזען צו געבונדען מיט שטארקע שטריק. פאר דיא מיטגליעדער פון וועלדאָן קלוב איז געוועזען אויסגעבויט א בעזונדערע ביהנע לעבען לופט באַלאָן, נור דעם סיטי מעיאָר און דעם גאָווערנאָר פון פענסילוועניא האָט מען ארויפגעלאָזען אויף דיעזע ביהנע.

פונקט האלב נאָך צעהן אוהר זיינען אָנגעקומען אָנקעל פּרודענט, פּיל עוואנס און הינטער זיי איז געגאנגען שטאָלץ דער נעגער בראון, וועלכער האָט געטראָגען אָנקעל פּרודענטס רייזע טאשע. קוים האָבען דיא נעגער פון פילאדעל־פיא דערזעהען זייער לאנדסמאן, דעם נעגר בראון, האָבען זיי אָנגעהויבען צו שרייען : הורראה ! און האָבען געמאכט אזא ליארם, אז דיא ווענט פון דיא הייזער ארום פעיר מאָונט פּארק האָבען געציטערט.

ווען דיא אוהר האָט אויסגעשלאָגען עלף, האָט מען אויסגעשאָסען מיט א קאנאָנע, אלס צייכען, אז אללעס איז פערטיג און דיא רייזענדע אין דער לופט מעגען זיך אריינזעצען אין באָאָט, וועלכעס איז אראָפּגעהאנגען פון לופט באלאָן.

אָנקעל פּרודענט און פּיל עוואנס האָבען זיך אריינגעזעצט אין באָאָט. דאס מאָל האָבען זיי ניט געוואָלט מיטנעהמען דעם נעגער און מיסטער בראון איז דער פון געוועזען זעהר צופריעדען. ער איז שוין גענוג זיך אָנגעפאָהרען אין דער לופט און האָט ניט געוואָלט פּראָבירען עס צום צווייטען מאָל.

מען האָט ווידער אויסגעשאָסען פון א קאנאָנע, א צייכען, אז דיא רייזענדע פון לופט באללאָן נעהמען אבשיעד, זעגענען זיך, מיט זייערע קאמעראדען און מיט דיא איינוואוינער פון פילאדעלפיא.

אָנקעל פּרודענט און פּיל עוואנס האָבען זיך אויפגעשטעלט אין באָאָט און האָבען אלעמען געגריסט.

מען האָט אויסגעשאָסען צום דריטען מאָל פון דער קאנאָנע און מען האָט איבערגעשניטען דעם שטריק, מיט וועלכען דער „גאָ אהעד!“ איז געוועזען צו גע־בונדען.

דער „גאָ אהעד!“ האָט זיך אויפגעהויבען אין דער לופט שטאָלץ און שנעל, ביז ער איז ארויסגעקומען אויף א הויך פון 750 פוס איבער דער ערד, דאן האָבען דיא לופט רייזענדע אָנגעהויבען איהם צו טרייבען מיט די מאשינען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין באָאָט. דער „גאָ אהעד!“ האָט געפאָלגט דעם רודער און איז געגאנגען, וואוהין זיין לאָקאָמאָטיוו האָט איהם געטריעבען. אלע, וועלכע זיינען געשטאנען אונטען און האָבען עס געזעהען, האָבען אָנגעהויבען צו שרייען :

—הורראה ! הורראה !

דיא מענגע איז ווילד געוואָרען און דאס הורראה שרייען האָט גאָר ניט גע־וואָלט אויפהערען.

מען האָט געזעהן גאנץ דייטליך, וויא דיא לופט רייזענדע האָבען רעגיערט און געקירעוועט דעם „גאָ אהעד!“ וואו זיי האָבען געוואָלט.

— העכער! האָט אָנקעל פּרודענט געזאָגט, מיר מוזען ארויפגעהן נאָך העכער אום צו ווייזען דער וועלט, אז מען קען פאָהרען מיט א לופט באלאָן אזוי הויך וויא מען וויל.

זיי האָבען זיך ארויפגעלאָזען העכער, דער „גאָ אהעד!" האָט דערגרייכט די הויך פון 2000 פוס איבער דער ערד. פון אונטען האָט מען איהם שוין קוים, קוים געזעהען, ער האָט אויסגעוויזען, וויא א פויגעל, וועלכער פליעהט גאנץ הויך.

גאָר פלוצלינג האָט זיך געוויעזען א שווארצער פונקט אויפ'ן הימעל. אָנפאנגס האָט מען געמיינט, אז דאָס איז א פויגעל, וועלכער האָט זיך דערשראָקען פאר'ן „גאָ אהעד!" באלד אָבער האָט מען דערזעהען מיט שטוינען און פערוואונדערונג, אז דער שווארצער פונקט, דער פויגעל, קומט צו נעהענטער צום „גאָ אהעד!" אויך אָנקעל פּרודענט און פיל עוואנס האָבען עס דערזעהן און זיינען געוואָרען אויפמערקזאם.

פלוצלינג האָט פיל עוואנס א געשריי געטאָהן:

—דער „אלבאטראָס"! דאָס איז דאָך דער „אלבאטראָס!"

ווען פיל עוואנס זאָל געווען דערזעהען זיין טויטען פאָטער צוריק קומען, וואָלט ער זיך ניט אזוי דערשראָקען, וויא יעצט, ווען ער האט דערזעהען דעם „אלבאטראָס." ער און אָנקעל פּרודענט זיינען געווען זיכער, אז דער „אלבאטראס" איז צוריסען געוואָרען אויף שטיקלאך און ראָבור מיט זיינע מענשען זיינען שוין לאנג טויט. זיי זיינען אריינגעפאלען אין מעער און דיא פיש האָבען זיי אויפגעפרעסען, און יעצט, גאָר פלוצלינג, פון דער העלער הויט, איז ארויסגעקראָכען דער „אלבאטראָס" גאנץ, לעבעדיג, פריש, וויא אין דער צייט, ווען ראבור האָט זיי געהאלטען געפאנגען.

אויך אָנקעל פּרודענט האָט א ציטער געטאָהן, ווען ער האָט דערזעהן דעם „אלבאטראָס", יעצט האָט ער איהם דערקענט, ער האָט דייטליך געזעהן זיינע צוויי און דרייסיג פליגעל, צו זעכצעהן פון יעדער זייט, וויא זיי פאָכען, וויא זיי ווארפען זיך, וויא זיי שוועבען.

אָבער אויך אונטען, דאָס פאָלק, דיא איינוואוינער פון פילאדעלפיא האָבען גאָר פלוצלונג, אָנגעהויבען צו שרייען און צו מורמלען: דער „אלבאטראָס"! מען קען זיך ניט ערקלערן, פון וואנען דיא איינוואוינער פון פילאדעלפיא זיינען עס געוואָהר געוואָרען. וואָס האָבען זיי דען געוואוסט פון „אלבאטראָס"? וויא קומט צו זיי דער נאָמען „אלבאטראָס?" מען זאָגט צוואר, אז דער נעגער איז גע־

ווען דער ערשטער, וועלכער האָט אויסגערופען : דער ,,אלבאטראָס !" ער האָט איהם דערקענט, אָבער דאס ווייס מען ניט פאר געוויס.

און ריכטיג, דאָס איז געווען דער ,,אלבאטראָס." וויא א גרויסער אדלער האָט ער יעצט געשוועבט איבער דעם פער מאָונט פארק. ער איז צוואר געווען זעהר הויך, אָבער מען האָט דאָך געקענט זעהן אז ער לאָזט זיך צום ,,גאָ אהעד!" אז ער וויל אויף איהם אנפאלען, אז ער יאָגט זיך נאָך איהם ?

אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס האָבען עס אויך פערשטאנען. אנטלויפען פון איהם האָבען זיי ניט געוואָלט. עס איז זיי ניט אָנגעשטאנען,— שטעלען זיך געגען איהם האָבען זיי ניט געקענט, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אז ראָבור האָט וואפען : ביקסען און דינאמיט קוגעלן.

אלזאָ, וואָס טהוט מען ? דער פרעזידענט און סעקרעטער פון וועלדאָן קלוב האָבען געוואָלט אויסמיידען דעם ,,אלבאטראָס." עס האָט זיך אָנגעהויבען א שפיעל אין ,,בלינדע קוה" אין ,,בעהעלטעניש." דער ,,גאָ אהעד"! האָט זיך אויפ־געהויבען גאנץ הויך, דער ,,אלבאטראָס" איז געפלויגען העכער פון איהם, דער ,,גאָ אהעד!" האָט זיך מיט אמאָל אראָפגעלאָזען, דער אלבאטראָס" איז געפלויגען שנעלער פון איהם.

אָנקעל פרודענט און פיל עוואנס האָבען זעהר גוט געוואוסט, אז ווען ראָבור זאָל נור וועלען, קען ער אויסשיעסען אויף דעם ,,גאָ אהעד!" איהם דורכלעכערן, דער גאז וועט ארויס פון איהם און דער לופט באללאָן מיט זיינע רייזענדע וועלען אין איניגע סעקונדען אראָפגעפאלען צו דער עדר און צומאָהלען ווערען אויף שטויב.

דיא צושויער אונטען האָבען בעטראכט מיט שרעק, שטוינען און בעוואונ־דערונג דאָס זאָנדערבארע שפיעל, דיא ,,רייסעס", ,,סקאטשקי", אויף רוסיש, פון דיעזע צוויי לופט מאשינען. פון דעם באָאָט פון ,,גאָ אהעד!" האָט געוועהט דיא אמעריקאנישע פאָהן מיט איהרע שטערן און שטרייפען, אויף דעם ,,אלבאטראָס" האָט געוועהט א שווארצע פאָהן מיט א גאָלדענער זון און דער מיט וועלכע האָט געוואָרפען איהרע שטראהלען אין אלע זייטען.—דאס איז דיא פאָהן פון וויסענ־שאפט. דיעזע פאָהן בעדייטעט, אז דיא וויסענשאפט איז די גאָלדענע זון, וועל־כע בעלייכטעט דאס פינסטערניס, דיא שווארצע פארב, דיא וויסענשאפט צו־טרייבט דאס פינסטערניס, און שיקט איהרע גאָלדענע שטראהלען אין אלע זייטען.

פּלוצלינג האָט זיך דיא סצענע געענדערט. דער ,,אלבאטראָס" האָט זיך

מיט אמאָל אראָפּגעלאָזען און זיין דעק, זיין פּלאטפאָרם איז אויסגעקומען לעבען דעם באָאָט פון דעם „גאָ אהעד!“ ראָבור„ס מענשען האָבען זיך א וואָרף געטאָהן אויף אָנקעל פּרודענט און פיל עוואנס, האָבען זיי אָנגעהאפּט ביי דיא הענד און האָבען זיי מיט געוואלד ארויפגעשלעפּט אויפ„ן „אלבאטראָס“. ראָבור האָט אויסגעשאָסען און האָט געמאכט א לאָך אין „גאָ אהעד!“

קוים האָט זיך געמאכט א לאָך אין „גאָ אהעד!“ איז דער גאז ארויס פון איהם און ער האָט אָנגעהויבען אראָפּ צו פאלען אויף דער ערד.

דיא טויזענדער מענשען, וועלכע זיינען געווען פערזאמעלט אונטען, האָבען געהערט דעם קנאק פון ראָבורס ביקס און ווי דער „גאָ אהעד“ פאלט אראָב און זיי זיינען געבליעבען שטעהען, וויא פערשטיינערט. יעדער האָט געפיהלט, אז הויך אויבען אין דער לופט שפּילט זיך אָפּ א שרעקליכעס דראמא א שוידערהאפּטעס טרויער שפּיעל. העלפען אָדער זיך אריינמישען אין דיעזעס דראמא האָט קיינער ניט געוואָלט און קיינער האָט ניט געקענט.

דער „אלבאטראָס“ האָט אָנגעהויבען זיך אראָפּ צו לאָזען צו דער ערד. אלע האָבען אויסגעשטרעקט דיא העלזער. יעדער האָט געוואָלט זעהן און הערען, וואָס דאָ וועט פאָרקומען. יעדער האָט געפיהלט, אז ער געפינט זיך פאר דעם ריכטער־שטוהל פון וויסענשאפט. צוויי סיסטעמע זיינען זיך צו זאמען געקומען, צוויי פּרינציפּען האָבען זיך צוזאמענגעשטויסען. דיא פראגע, אויב דער מענש וועט קענען פאָהרען אין דער לופט מיט א מאשין, וועלכע איז לייכטער אלס דיא לופט, אָדער מיט א מאשין, וועלכע איז שווערער אלס דיא לופט, מוז יעצט געלעזט ווערען.

דער „אלבאטראָס“ האָט זיך אראָפּגעלאָזען אויף צעהן פוס הויך פון דער ערד, ראָבור איז ארויסגעטרעטען אויף דער פּלאטפאָרם און האָט געזאָגט:

—בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען! איהר זעהט, אז דער פּרעזידענט און דער סעקרעטער פון וועלדאן קלוב געפינען זיך ווידער אין מיינע הענד. איך וואָלט געדארפט זיי האלטען ביי זיך אלס געפאנגענע און זיי בעשטראָפען דערפאר וואָס זיי האָבען אונטערגעצונדען א באָמבע און האָבען געוואָלט צורייסען דעם „אלבאטראָס“ און טויטען מיך מיט מיינע מענשען, דאָס איז א פערברעכען, אָבער איך בין א מאן פון וויסענשאפט און קיין ריכטער, קיין שעריף. איך זעה מיט שמערץ און מיט בעדויערן, אז אזעלכע מענער, וויא אָנקעל פּרודענט און פיל עוואנס, זיינען געווען פערבלענדעט פון זייער פאנאטיזמוס און האָבען ניט געוואָלט אנערקענען אז מיין טהעאָריע איז ריכטיג אז א לופט שיף

מוז זיין שווערער אלס דיא לופט. מיט פאנאטיקער האב איך ניט וואס צו טאהן.

דער „אלבאטראס" האט זיך אראפגעלאזען ביז צו דער ערד און ראבור האט ווייטער געזאגט :

—מיסטער אנקעל פרודענט און מיסטער פיל עוואנס, איהר זייט פריי! איהר מעגט אייך געהן אין אייער וועלדאן קלוב.

אנקעל פרודענט און פיל עוואנס זיינען ארויסגעגאנגען פון „אלבאטראס" און האבען זיך געשטעלט אויף דער ערד.

דאס מאל האט קיינער ניט געשריען און קיינער האט זיי ניט בעגריסט.

דער „אלבאטראס" האט זיך אויפגעהויבען אויף פיערציג פוס אין דער הויך און ראבור איז צוגעגאנגען צום ברעג פון דער פלאטפארם, האט א מאך געטאהן מיט דער האנד, און האט געזאגט מיט זיין הויכער פעסטער קלינגענדער שטימע!

—בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען! איך האב אויסגעבראכען א נייעם וועג אין דער וויסענשאפט, איך האב ערפונדען דאס ריכטיגע מיטעל צו בעצווינגען דיא לופט, אבער מיין ערפינדונג איז א ביסעל צו פריה. די מענשען זיינען נאך ניט רייף פאר דיא ערפינדונג. יעדע ערפינדונג מוז צוגעפאסט ווערען צום גייסט פון דער צייט און צו דיא פעהיגקייטען פון דיא מענשען אין א געוויסע צייט. יעדע צייט גיט ארויס מענשען מיט געוויסע פעהיגקייטען, מיט א געוויסע קראפט צו פערשטעהן און אויפצונעהמען דיא געדאנקען און דיא אידעען פון דיעזער צייט, ווען א מענש געהט ווייטער פון דיעזער צייט, ווערט מען איהם ניט פערשטעהן; ער איז געקומען צו פריה, אויך איך בין געקומען צו פריה. איך זעה עס יעצט איין. ווען מענשען, וויא אנקעל פרודענט און פיל עוואנס, וועלכע זיינען געווען א לאנגע צייט אויף מיין „אלבאטראס" און האבען געזעהן דיא געלעגענהייט זיך צו איבערצייגען, אז נור א מאשין, וועלכע איז שווערער אלס דיא לופט, קען בעהערשען דיא לופט;— ווען אזעלכע מענשען האבען נאך געוואגט צו בויען אזא קינדער שפיעל צייג, וויא דער „גא אהעד!" דאן איז מיין ארבייט אומזיסט! עס איז אבער אומזיסט נור פאר דיזע גענעראציאן, פאר דיזען דור, פאר דיא גאנצע מענשהייט וועט זיא ניט פערלארען געהן. עס וועט קומען א צייט, ווען דיא מענשען וועלען מיך פערשטעהן און וועלען וויסען צו שעצען מיין ארבייט, מיין אידעע און מיין ערפינדונג.

ער האט זיך אפגערוהט אייניגע אויגענבליקע און האט דאן געזאגט:

—בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען!— איך זאג אייך יעצט ; אדיע!

דער „אלבאטראַס“ האָט אָנגעהויבען צו פאָכען מיט אלע זיינע פליגעל, האָט זיך אויפגעהויבען אין דער הויך און איז באלד פערשוואונדען געוואָרען אין בלויען הימעל.

אָנקעל פּרודענט און פיל עוואַנס זיינען געשטאַנען פאר'ן פּובליקום, וויא פעראורטהיילטע פאר זייער ריכטער, זאָגאר דיא מיטגליעדער פון וועלדאן קלוב זיינען געוועזן ניט צופריעדען מיט זיי. ווען זיי האָבען זיך איבערציינגט, אז ראָבורס ערפינדונג איז אזוי גוט און אזוי וואהר, פאר וואָס האָבען זיי עס ניט געמעלדעט ? פאר וואָס האָבען זיי קיינעם ניט דערציילט, וואָס זיי האָבען געזעהען און געהערט אויפ'ן „אלבאטראַס“ ? אן ערנסטער מענש, א מענש, וועלכער האָט זעלבסט רעספּעקט, מוז זיין גערעכט געגען יעדען און אנערקענען יעדען מענשענס טאלאנט און פעהיגקייט.

קיינער האָט ניט בעגריסט דעם פּרעזידענט און דעם סעקרעטער פון וועלדאן קלוב, אים־געגענטהייל, מען האָט אנגעהויבען צו מאכען בעמערקונגען איבער זיי און צו זאָגען שטעך ווערטלאך אויף זיי, מען האָט זאָגאר אָנגעהויבען צו לאכען פון זיי און זיי האָבען געמוזט זיך אריינזעצען אין א קארעטע און אנטלויפען אהיים.

* * *

ווער איז אָבער ראָבור ? וועט דער לעזער פרעגען.

ראָבור איז דיא וויסענשאפט, וועלכע איז געקומען צו דער איבערציינונג, אז מיט א לופט באללאָן קען מען גאָר ניט מאכען, ערשט ווען מען וועט אויסבויען א פליה־מאשין, וועלכע וועט זיין שווערער פון דער לופט, וועט מען קענען פאָהרען אין דער לופט, וויא מען פאָהרט אויפ'ן וואסער.

ע נ ד ע.

# אונבעקאנטע געגענדען.

# א דועל.

— עס איז אונמעגליך! האט אויסגערופען א שעהנער מאן פון א יאהר פֿופציג אונד דרייסיג.

— טהוט מיר זייער לייד, הערר גראף! איך קען אבער אויך נים אנדערש.

— א דקען אויך נים אנדערש, האט דער גראף געזאגט רוהיג.

— איך בין אבער פריהער בעקאנט מיט א יאהר! האט דער אנדערער אויס־גערופען.

— וועך ווייס? האט דער גראף געענטפערט, — קיינער ווייס נים, ווען דיא ליעבע הייבט זיך אן.

— דאן, גראף, וויל איך עס אייך בעוויזען מיט מיין שווערד, האט דער קאפיטאן געזאגט.

— דאן נאט אייך מיין וויזיט קארטע.

— אט איז מיינע.

ביידע מענער האבען דערלאנגט איינער דעם אנדערן א וויזיט קארטע. אויף איין וויזיט קארטע איז געשטאנען:

## גראף וואסילי מעכאילאָוויטש טימאשאף

אויף זיין שיף „ דעבאָריניא. “

אויף דער צווייטער וויזיט קארטע איז געשטאנען:

## קאפיטאן העקטאָר סערוואדאק,

אינזשעניר אונד שטאבס אפיציער

מאסטאגאנעם.

— יעצט דארפען מיר נור אָפרעדען, וואו אונזערע סעקונדאנטען זאלען זיך טרעפען און זאלען אלעס ארדענען און אלעס אפרעדען, האט קאפיטאן סערוואדאק געזאגט.

— דער בעסטער פלאץ וועט זיין אין קאפע גלימא, האט דער גראף געענטפערט.

— איינפערשטאנען, האט קאפיטאן סערוואדאק געענטפערט.

איינינע אויגען בליקע האבען ביידע געשוויעגען, דאן האט קאפיטאן סער־וואדאק נעזאגט שטילערהייט:

— גראף, איך גלויב אז עס וועט זיין פיעל גלייכער, אז קיינער זאל נים וויסען דיא אורזאכע פון אונזער דועל, מיר קענען אויסטראכטען פאר דיא וועלט אנאנדערע אורזאכע.

— געוויס! געוויס! האט דער גראף אויסגערופען, — לאמיר זאגען אונזער־רע סעקונדאנטען, אז מיר האבען זיך צורעדט איבער מוזיק, איהר אלס פראנצויז, האט בעהויפטעט, אז גונא איז דער גרעסטער מוזיקער פון אונזער צייט, איך אלס רוסע האב בעהויפטעט, אז וואגנער איז דער גרעסטער מוזיקער. וואגנער איז א דייטש און אזוי וויא דיא פראנצויזען האסען דיא דייטשען, האט איהר בע־הויפטעט, אז וואגנער איז א געמיינער קאפעלמייסטער. א ווארט פאר א ווארט, ביז מיר האבען זיך צוקריעגט און האבען ארויסגערופען איינער דעם אנדערן אויף א דועל.

— גאנץ רעכט, האט קאפיטאן סערוואדאק געענטפערט, — אלזא מארגען אום זעקס אוהר אין דער פריה וועלען מיר זיך טרעפען אויף דעם בערגעל ביים מעער.

ביידע מענער האבען זיך העפליך פערניינט און זיינען זיך צוגאנגען. גראף טימאשאוו איז צו געגאנגען צום ברעג וואו עס איז געשטאנען א באאט פון דעם שיף „דאברינא" מיט פיער מאטראזען. קאפיטאן סערוואדאק איז צוגעקומען צום וועלדעל, וועלכער האט זיך געפונען נים וויים פון דעם ארט, וואו ער האט גערעדט מיט'ן גראף, און האט גערופען:

— בן זוף!

פון וועלדעל איז ארויסגעקומען א פראנצויזישער קארפאראל מיט צוויא גוטע עכט אראבישע פערד.

— וואהין יעצט, קאפיטאן? האט דער קארפאראל געפרעגט.

— נאך מאסטאגאנעם.

קאפיטאן סערוואדאק און זיין קאפאראל זיינען אוועקגעפאהרען.

מאסטאגאנעם איז א שטאדט אין לאנד אלזשיר, אפריקא. אלזשיר געהערט צו פראנקרייך זייט 1830, אבער אזוי וויא דאס לאנד איז בעוואינט פון מחמדאנער, וועלבע האסען דיא קריסטען און אלגעמיינען און דיא פראנצויזען אינ'ס בעזאנדערע,

ווייל זייא האבען אפגענומען זייער לאנד דארום מוז פראנקרייך שטענדיג האלטען אין אלזשיר א גרויסע ארמעע.

מאסטאגאנעם איז א שטאדט פון 15 ביז 20 טויזענד איינוואינער. אזוי וויא עס איז דיא הויפטשטאדט פון א בעצירק, געפינט זיך דארט שטענדיג דיא הויפט קווארטיר פון א דיוויזיאן. דיא סאלדאטען זיינען צושטעלט אין דיא דערפער ארום, דיא אפיציערן אבער פערברענגען זייער צייט אין מאסטאגאנעם.

קאפיטאן העקטאר סערוואדאק איז אלט געווען 35 יאהר, ווען אונזער געשיכטע האט זיך אנגעהויבען. ער איז געווען א סאדעט און איז אריינגעטרעטען אין דער פראנצייזישער ארמעע, ווען ער איז אלט געווען 18 יאהר. ער האט מיט געמאכט דיא קריעג, וועלכע פראנקרייך האט געפיהרט מיט כינא און האט זיך אויסגעצייכנעט אין צווייא שלאכטען אין סודאן, דער פאר האט ער בעקומען דעם גרויסען קרייץ פון דער עהרן לעגיאן, דיא גרעסטע עהרע, וואס א פראנצייזישער סאלדאט קען דערגרייכען. זייט 7 יאהר דיענט ער שוין אין אפריקא און אזוי וויא ער האט געענדיגט דיא מיליטער שולע אלס אינזשעניר, האט ער בעקומען דעם בעפעהל, ער זאל אויסמעסטען דעם גאנצען נארדען (צפון זייט) פון אלזשיר און זאל בעצייכענען דיא גרענעצען פון דיא בעצירקען, קרייזען, שטעדט, שטעדלעך און דערפער

ער האט דארום געוואינט אין א גורבי, דאס הייסט א שטיבעלע פון אן אראבער, דרייא מייל ווייט פון מאסטאגאנעם דארט פלעגט ער האלטען זיינע ביכער, זיינע פאפיערען און זיינע אינסטרומענטען. ער האט דארט געוואינט אליין נור מיט זיין קאפאראל און זיין פריינד בן זוף.

בן זוף איז געווען אן עכטער פראנצויז, ער פלעגט אבער ליעב האבען זיך צו קליידען וויא אן אראבער, דער פאר האבען איהם זיינע קאמעראדען איהם א נאמען געגעבען בן יוסוף, אן עכטען אראבישען נאמען, שפעטער האבען זיי דיעזען נאמען פערקירצט און געמאכט פון איהם בן זוף. מיט דער צייט איז ער אזוי געוואינט געווארען מיט דיעזען נאמען, אז זאגאר זיין קאפיטאן און זיין בעסטער פריינד פלעגט איהם אויך רופען נור בן זוף.

קאפיטאן סערוואדאק און בן זוף זיינען געווען וואהרע, אונאייגענניציגע פריינד, יעדער וואלט זיך מיט פערגניגען געלאזען אפשניידען א פינגער פאר זיין פריינד. זייער פריינדשאפט האט זיך אנגעהויבען מיט 10 יאהר צוריק אין כינא. פון א שלאכט האט עס פאסירט, אז קאפיטאן סערוואדאק, וועלכער איז געווען

א בעדיהמטער רייטער איז ארייננעריסען אין א היימען בינעדישע סאלראמען, וועלכע וואלטען איהם געוויס געטייטעט אדער געפאנגען גענומען, ווען בן זוף זאל ניט געווען קומען איהם צו הילף. דערפאר האט קאפיטאן סערוואדאק גערעטעט דאס לעבען פון בן זוף אין א שלאכט אין סודאן, ווען א ווילדער אראבער האט אויפגעהויבען זיין שווערד און האט געוואלט אפהאקען בן זוף דעם קאפ.

גראף וואסילי מיכאילאוויטש טימאשאוו איז געווען א זעהר רייכער און א האכגעבילדעטער רוסע ער איז געווען ניט עלטער פון קאפיטאן סערוואדאק. זייער כאראקטער איז געווען גאנץ פערשיעדען. סערוואדאק איז געווען אן עכטער פראנצויז, אימער לוסטיג, אימער פרעהליך, אימער גערעדט, דערצעהלט, געשפאסט און געלאכט. גראף טימאשאוו איז געווען ערנסט, העפליך ביז צום אייסערסטען, שטאלץ, אבער געלאסען, און האט קיין מאל ניט געוואלט ארויס ווייזען, אז ער איז רייך, אז ער איז געבילדעט און אז ער שטאמט אפ פון איינע פון דיא עלטסטע און גאבעלסטע פאמיליען פון רוסלאנד.

גראף טימאשאוו איז ארומגעפאהרען אויף זיין אייגענעם שיף, דיא „דאבארינא" צום פערגניגען. ווען ער איז געקומען קיין אלושיר, האט ער גערעכענט צו בלייבען דארט נור א פאאר וואכען און ווייטער צו פאהרען, צו פעליגער ווייזע איז ער בעקאנט געווארען מיט'ן גענעראל גובערנאטאר פון אלושיר, וועלכער איז מיט עטליכע יאהר צוריק געווען פראנצייזישער געזאנדטער אין פעטערסבורג און פלעגט אפט קומען צו גראף טימאשאווס פאטער. גראף טימאשאוו אונד דער גענעראל גובערנאטאר זיינען אלזא געווען אלטע בעקאנטע.

דער גענעראל גובערנאטאר האט איינגעלאדען גראף טימאשאוו אויף א באלל, וועלכען ער האט געגעבען פאר אלע אפיצירען און פאר אלע העכערע בעאמטע. צווישען דיא געסט האט זיך געפונען א יונגע דאמע פון א זעלטענער שעהנהייט. מאדאם רעקאמיעע איז געווען א יונגע ווימווע. איהר מאן איז געווען אבערסט (פאלקאווניק), זיא האט אבער געלעבט מיט איהם נור דרייא מאנאטע. ער איז געפאלען אין א שלאכט נעגען דיא אראבער פון דער וויסטע זאהארא.

מאדאם רעקאמיעע איז געווען העכסט געבילדעט, שעהן, וויא א געמעז, און לעבהאפט, וויא אן עכטע פראנצייזין. זיא האט געוואינט אין מאסטאגאנעם, וואו איהר מאן האט געהאט אן אייגענעם הויז, וועלכעס איז געווען אויסמעבלירט און פערציערט, וויא א קעניגליכער פאלאץ. אזוי וויא קאפיטאן סערוואדאק האט געדיענט אין דעם רעגימענט, וועלכען דער אבערסט (פאלקאווניק)

רעקאמיע האט קאמאנדירט, איז ער געווען גוט בעקאנט מיט מאדאם רעקאַ־
מיע און האט זיך פערליעבט אין איהר. ער האט זיא שוין געליעבט זייט א
יאהר, האט אבער נאך ניט געהאט דיא געלעגענהייט איהר צו בעקענען זיין ליעבע
און צו הערן איהר אנטווארט. איהם האט זיך אויסגעוויעזען, אז זיא ליעבט איהם
אויך, און ער איז געווען זיכער, אז פריהער אדער שפעטער וועט עס איהם גע־
לינגען זיא צו רופען: מיין פרוי.

אויפ'ן באלל האט זיך גראף טימאשאוו בעקענט מיט מאדאם רעקאמיע
און האט זיך פערליעבט אין דיא שעהנע, קלוגע און ליעבענס ווירדיגע פראנצייזין.
זיא האט עס פערשטאנען אונד האט איהם איינגעלאדען צו זיך אין מאסטאנא־
געם. אין דער גאנצער צייט פון באלל האט גראף טימאשאוו געטאנצט נור מיט
איהר און האט גערעדט נור מיט איהר, ביים עסען זיינען זיי געזעסען איינער
לעבען אנדערן און האבען גערעדט, קיינער פון זייא האט ניט בעמערקט, אז א
פאאר אויגען קוקען אויף זייא אונד ברענען מיט א העליש פייער. דיעזע אויגען
האבען געהערט צו קאפיטאן סערוואדאק.

צעהן טאג שפעטער האט מאדאם רעקאמיע געמאכט א אבענד און האט
איינגעלאדען אלע אפיציערען פון מאסטאנאגעם און גראף טימאשאוו איז אויך
געווען איינער פון איהרע געסטט. אויך דיעזעס מאל האט גראף טימאשאוו
דייטליך ארויסגעוויעזען, אז ער איז ניט גלייכגילטיג צו דער שעהנער פראנצייזין.

נאכ'ן באלל איז קאפיטאן סערוואדאק צו געגאנגען צום גראף און האט גע־
זאגט צו איהם שטילערהייט:

— הערר גראף, קען איך אייך זעהן מארגען אום 10 אוהר אין דערפעריה
לעבען וועלדיל ביים ברעג מעער?

— איך וועל דארט זיין, האט גראף טימאשאוו געענטפערט.

דאס איז אלזאָ געווען דיא אורזאכע פון זייער דועל, און דארום האט קאַ־
פיטאן סערוואדאק געבעטען, אז קיינער זאָלל ניט וויסען דיא וואהרע אורזאכע,
ווייל עס איז ניט שעהן פאר א יונגע דאמע, מען זאל זאגען, אז איבער איהר
האט מען זיך געשלאגען און פיעלייכט וועט נאך איינער פון זיי פאלען אויפ'ן דועל.

קאפיטאן סערוואדאק און זיין פריינד בן זוף זיינען געקומען אין מאסטאנא־
געם און זיינען גלייך צו געפאהרען צום קאפע זולימא, איינס פון דיא בעסטע
קאפע הייזער פון דער שטאדט, וואו עס פלעגען זיך צונויפקומען אלע אפיציערן
פון דער שטאדט און פון דער געגענד ארום.

ער האט באלד געפונען עטליכע בעקאַנטע אָפיציערן און האט זייא דערצעהלט, אז ער האט ארויסגערופען דעם רוסישען גראף אויף א דועל דערפאר, וואס דער גראף האט בעליידיגט דעם בעריהמטען פראנצייזישען מוזיקער גונאָ.

— וואנגער איז אן איינפאכער פידלער, א כלי זמר! האט זיך קאפיטאן סערוואדאק געקאָכט, — און דיעזער רוסע, דיעזער חלב עסער בעהויפטעט, אז וואנגער איז א גרעסערער מוזיקער אלס גונאָ! איז עס נים א שאנדע פאר אלע פראנצויזען?

איינינע יונגע אפיציערן האבען ביינעשטימט און האבען מיט פערגניגען זיך אנגענומען צו זיין דיא סעקונדאנטען פון זייער קאמעראד. מען האט באלד אָפּגערעדט, זיי זאלען געהן צו גראף טימאשאָוו און זאָלען מיט איהם אלעס אפריידען. קאפיטאן סערוואדאק'ס סעקונדאנטען האבען געמוזט געהן צום גראף, ווייל ער, סערוואדאק, האט ארויסגערופען דעם גראף אויף א דועל, דער גראף האט אלזאָ געקענט נור אויסקלויבען זיינע סעקונדאנטען. אבער נים זיי שיקען צו קאפיטאן סערוואדאק.

סערוואדאקס סעקונדאנטען זיינען באלד אוועק געגאנגען צו גראף טימאשאָוו. ער האט זיך געפונען אויף זיין „יאכט“ — אזא סארט שיף — „דאָבאָריניא.“ אין איינינע מינוט האט מען אלעס אָפּגערעדט. גראף טימאשאָוו האט איינגעווילינט אויף אלע בעדינגונגען, וועלכע מען האט איהם פאָרגעשטעלט. — מען האט אָפּגערעדט, אז מאָרגען אין דער פריה אום 6 אוהר זאָל מען זיך צונויף קומען אויף א בערגעל לעבען מעער, אונגעפעהר פיער מייל ווייט פון מאָסטאגאנעם; דאָרט זאָל דער דועל שטאטפינדען. מען זאל זיך שלאגען מיט שווערדען און קוים וועט איינער פערוואונדעט ווערן, הערט דאס דועל אויף.

געגען דרייא אוהר נאָך מיטאג זיינען דיא סעקונדאנטען צוריק געקומען אין קאפע זולימא און האבען דערצעהלט קאפיטאן סערוואדאק, וואָס זיי האבען אָפּגערעדט און וויא זיי האבען אפגעמאכט מיט גראף טימאשאוו.

— אלזא אויף ווידער זעהן מארגען אין דער פריה! האט קאפיטאן סערוואדאק געזאגט צו זיינע סעקונדאנטען און האט זיי געדריקט דיא הענד.

— אויף ווידער זעהן מארגען אין דער פריה! האבען געענטפערט דיא יונגע אפיציערן, זיינע סעקונדאנטען.

העקטאָר סערוואדאק אין בן זוף זיינען אוועקגעפאהרען אין זייער גורבי.

---

לעצטעס קאפיטעל.

# אן ערד ציטערניש.

געגען פיער אוהר נאך מיטאג זיינען קאפיטאן סערוואדאק און בן זוף אנגעקומען אין זייער גורבי. דיא זון האט געברענט, וויא פייער דיא לופט איז געווען אזוי שווער, אז מען האט זיך ניט געקענט ריהרען. קוים האט בן זוף פערזארגט דיא פערד, איז ער אניעדער געפאלען הינטער דער גורבי אונטער דיא פאלמביימער און איז געבליעבען ליעגען וויא א קלאָטץ.

קאפיטאן סערוואדאק דאגעגען האט זיך געזעצט לעבען זיין איינפאכען שרייב טיש און האט זיך געזעטצט שרייבען בריעף.

— עס איז וואהר, אז איך בין א מייסטער צו פעכטען מיט שווערדען, האט קאפיטאן סערוואדאק געמורמעלט צו זיך אליין, אבער ווער ווייס? איך קען ניט דיעזען רוסע, איך ווייס ניט, וואס פאר א מענש דאס איז, פיעלייכט וועט ער מיך טייטען. מען מוז זיין פארבערייטעט אויף אלעס: אין א דועל קען אלעס פאסירען.

ער איז ניט געווען רייך, אבער ער האט פערמעגט עטליכע טויזענד פראנק. ער האט אלזא אנגעשריעבען זיין טעסטאמענט, צוואה, וועמען ער לאָזט איבער זיין פערמעגען אין פאל ווען ער וועט שטארבען. ער האט דאן אנגעשריעבען א בריעף צו מאדאם רעקאמיעע און האט איהר ערקלערט זיין פייעריגע ליעבע, ער האט דאן אנגעשריעבען א בריעף צו זיין גענעראל, דאן איינינע בריעף צו זיינע פערוואנדטע און גוטע פריינד אין פאריז.

דיא צייט איז אזוי פערגאנגען און ער האט ניט בעמערקט, וויא דיא זון איז אונטערגעגאנגען. עס איז געווען עטוואס זאנדערבארעס מיט דיעזע אונטערגאנג פון דער זון. דיא לופט איז געווארען אזוי שווער, אז עס איז קוים מעגליך געווען צו אטהעמען. דיא זון איז אונטערגעגאנגען אין א וואלקען, וועלכער איז געווען רויט, וויא פייער. בן זוף האט עס אבער יא בעמערקט. ער איז אויפגעשפרונגען פון זיין געלעגער און האט אויסגערופען.

— קאפיטאן סערוואדאק! דיא זון איז אראפּ פון זינען. עפעס בעהאלט זיא

זיך, עפעס דערזעהן, זיך, עפעס וויס זיא ניט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר.— קוטט נאר ארויס און זעהט, וויא זיא נעהט אונטער!

— לאזט מיך צורוה! שטער מיך ניט! האט זיך קאפיטאן סערוואדאק גע־בייזערט.

— זאל איך אייך מאכען קאפע, קאפיטאן?

— צום טייפעל מיט דיר און מיט דיין קאפע! האט זיך קאפיטאן סערוואַ־דאַק געבייזערט.

בן זוף האט געשוויעגען און האט זיך ווידער אניעדערגעלעגט אונטער זיין פאלמבוים.

עס איז נאכט געוואָרען. דער מאנד און דיא שטערן זיינען ארויס און וואָלטען געדארפט בעלייכטען דעם הימעל גאנץ העל, וויא בייטאג, אבער א גאַנ־דערבארער דינער וואלקען האט זיי בעדעקט, וויא מיט א שלייער, און עס איז געווארען האלב דונקעל: ניט ליכטיג, ניט פינסטער, ניט טאג, ניט נאכט.

קאפיטאן סערוואדאק האט אנגעצונדען א ליכט אין זיין גורבי און האט אנגעהויבען צו שרייבען זיין לעצטען בריעף צו זיין געליעבטער. וויא לאנג ער האט געשריעבען, וויא שפעט עס איז געווען אין דער נאכט, איז שווער געווען צו זאגען. קאפיטאן סערוואדאק האט געשריעבען און האט פערגעסען צו קוקען אויף דיא אוהר, בן זוף איז געשלאפען און האט ניט געקענט קוקען אויף דיא אוהר. פלוצלונג האט זיך געלאזט הערען א רויש, וויא דאס קנאקען פון א שאס פון א קאנאָנע. קאפיטאן סערוואדאק האט זיך דערשראקען און איז אויפגעשפרונגען, וויא אן אפגעבריהטער.

— בן זוף! האט ער אויסגערופען.

— אָט בין איך, קאפיטאן! האט בן זוף געענטפערט.

— וואס איז געשעהן! וואו שיעסט . . . .

ער האט ניט געענדיגט, וואס ער האט געוואלט זאגען, וויל אין דיעזען אויגענבליק האט מען געהערט א שרעקליכען טראך, דיא ערד איז אונטערגע־שפרונגען אונטער זייערע פיס, דיא ביימער האבען אנגעהויבען צו טאנצען, דיא גורבי איז איינגעפאלען, בן זוף און קאפיטאן סערוואדאק האבען אשפרונג געטאהן אין דער הויך, דאן זיינען זיי אראפגעפאלען און זיינען געוואָרען אהנמעכטיג (חלשות) . . . . . .

האט עס איז ווייטער געשעהן, האט קיינער נים געוואוסט. די איינציגע צוויא מענשען, וועלכע האבען אלעס געזעהן, אדער געקענט זעהן, זיינען געווען קאפיטאן סערוואדאק און בן זוף, אבער זיי זיינען געלעגען אהנמעכטיג, ווי א שטיקער האלץ.— וויא לאנג זיי זיינען געלעגען אין אהנמאכט האבען זיי נים געוואוסט. קאפיטאן סערוואדאק איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך. ער האט געעפענט די אויגען און האט זיך אומגעקוקט.

— בן זוף! בן זוף! האט ער גערופען.

— אט בין איך, קאפיטאן! האט בן זוף געענטפערט.

— ווייסט דוא, וואס עס איז געשעהן?

— איך ווייס עס נים, קאפיטאן, האט בן זוף געענטפערט,— מיר זיינען פערלארען! די וועלט האט זיך איבערגעקעהרט.

— דומהיים! האט קאפיטאן סערוואדאק אויסגערופען.

— דומהיים? האט בן זוף איבער געפרעגט, האט איהר דען נים געהערט, וויא די ערד האט געציטערט? זיים איהר דען נים געפאהלען אויף דער ערד, וויא א קלאץ?

— נו, יא, עס איז געווען א שטארקע ערד ציטערניש.

— קענט איהר זיך אויפהייבען, קאפיטאן? זיים איהר גאנץ?

— איך פיעל קיין שמערץ.

— דאן לאמיר אויפשטעהן! וואס וועלען מיר אויסלינען?

ביידע מענער זיינען אויפגעשטאנען און האבען זיך אומגעקוקט. עס איז געווען גרויסער טאג. די זון האט געשיינט העלל אוןווארים אין א ריינעם און בלויען הימעל.

וויא פיעל אוהר איז עס? האט בן זוף געפרעגט, מיר דאכט, אז עס איז שוין ציים צו פאהרען צום בערגעל, וואו דער רוסע דארף קומען אויספעכטען דעם דועל.

קאפיטאן סערוואדאק האט הערויסגענומען פון זיין קעשינע זיין אוהר און האט אויסגערופען מיט שרעק און פערצווייפלונג:

— צוויא אוהר!

— צווייא אוהר נאך האלבע נאכט אדער צווייא אוהר נאך מיטאג? האט בן זוף געפרעגט.

קאפיטאן סערוואדאק האט צוגעלעגט זיין אויער צום אויער, — זיא איז גער נאנגען און האט געקלאפט רעגעלמעסיג: טיק—טאק.

— איך ווייס ניט.... איך פערשטעה ניט.... איך בין איבעראשט, ערשטוינט, צו דרעהט, אייסער זיך...... האט ער געמורמעלט צו זיך אליין, — איך זעה דיא זון אין וועסטען (מעריב זיים) אלזא געהט זיא שאן אונטער. —

— ניין! זיא געהט ערשט אויף! האט בן זוף געשריען, איך קוק אויף איהר, זיים מיר רעדען און איך זעה, אז זיא געהט ערשט אויף.

— אבער דאס איז דאך אונמעגליך! האט קאפיטאן סערוואדאק אויס- געהופען, — דיא זון געהט אויף אין אסטען (מזרח זיים), ניט אין וועסטען.

בן זוף האט ניט געענטפערט און האט אויך ניט געקענט ענטפערן ער האט געזעהן גאנץ דייטליך, אז דיא זון געהט אויף פון וועסטען און שטייגט אלע מאל העכער אין הימעל.

— זאטעל אן אונזערע פערד און לאמיר פאהרען! האט קאפיטאן סערוואר- דאק געהייסען.

— וואוהין ווילט איהר דען פאהרען? האט בן זוף געפרעגט.

— צום בערגעל לעבען מייך שעליף, וואו גראף טימאשעוו דארף קומען זיך שלאגען מיט מיר.

בן זוף האט באלד אויסגעפיהרט דעם בעפעהל פון זיין קאפיטאן, ביידע האָ- בען זיך אויפגעזעצט אויף זייערע אראבישע פערד און זיינען געפאהרען. פון דער גורבי צום מעער איז געווען ניט ווייט. זיי זענען באלד צוגעקומען צום מעער און האבען עס בעטראכטעט. — דאס מעער איז געווען, וויא אויסגעשטארבען. מען האט ניט געזעהן אויף איהם א שיפעלע, א זעגעל, דעם רויך פון א דאמפף שיף אדער פון א דאמפף באאט, און דאך פלעגט עס שטענדיג זיין לעבעדיג אין דיע- זער געגענד, אראבישע און פראנצויזישע פישער פלעגען ארומפאהרען אין זייערע באאטע און פאנגען דיא לוסטיגע איינוואהנער פון מעער אין זייערע נעצען. קליינע דאמפף באאטע פלעגען פיהרען פריכטע פון דיא פעלדער נאך דיא גרויסע שטעדט, היינט אבער איז דאס מעער געווען שטיל, רוהיג, אויסגעשטארבען.

פלוצלינג זיינען זיי צוגעקומען צו איין קליין טייכעל, וועלכער האט זייער גערוישט אין א טיפען טאהל צווישען צוויא הויכע שטענערנע ווענט. פון איין ברעג צום אנדערן איז געווען מעהר אלס 40 פוס ווייט. בן זוף האט עס ניט בעמערקט,

האט געגעבען זיין פערד דיא שפּאָרען און איז אריבער געשפּרונגען דעם טייך.

— גאָט אין הימעל! ער וועט אריינפאלען און וואסער און ברעכען דעם קאפּ! האט קאפּיטאן סערוואדאק אויסגערופען.

בן זוף איז שוין אבער געווען פון יענער זייט און האט אויסגערופען:

— שפּרינגט אריבער, קאפּיטאן! עס איז גאָר נישט.

קאפּיטאן סערוואדאק האט א קיצעל געטאָהן זיין פערד מיט דיא שפּאָרען און איז אריבער געשפּרונגען דעם טייך אין איין אויגענבליק.

— וואס הייסט עס? האט ער געפרעגט זיך אליין, וויא קומט עס, וואס מיין פערד שפּרינגט אזוי לייכט און אזוי הויך? עפּעס איז דאָ ניט גלאט.

— קאפּיטאן, מיר קענען גוט שפּרינגען, האט בן זוף געזאָגט מיט א געלעכטער, ווען מיר זאָללען יעצט אריינטרעטען אין א צירק, וואָלט מען אונז גוט בעצאהלט.

בן זוף איז אמאָל געווען א קונסט רייטער אין א צירק און ער האט געוואוסט, אז מען בעצאהלט גוט איינעם, וועלכער קען גוט שפּרינגען מיט זיין פערד.

זיי זיינען ווייטער געפאהרען און ערשט יעצט האט קאפּיטאן סערוואדאק בעמערקט, אז זייערע פערד שפּרינגען אונגעוועהנליך הויך און פליהען, וויא דיא פייגעל, ענדליך זיינען זיי צוגעקומען צו דעם אָרט, וואו עס האט זיך געדארפט געפינען דער טייך שעליף, איינער פון דיא גרעסטע טייכען פון אלזשיר, וויא גרויס איז אבער געווען זייער איבערראשונג, ווען אויפ'ן אָרט פון טייך האבען זיי געפונען דאס מעער. דער טייך שעליף איז פערשוואונדען געוואָרען און אויף זיין אָרט האט דאס מעער געוואשען דיא שטיינערנע ברעגעס.

קאפּיטאן סערוואדאק איז געווען אויסער זיך און האט אויסגערופען:

— גיב מיר א קניפּ, בן זוף! איך וויל וויסען, אויב איך שלאף און זעהן אלעס אין טרוים, אָדער איך וואך און זעה אלעס אין דער וואהרהייט.

— איך האב אייך געזאָגט, אז דיא וועלט האט זיך איבער געקעהרט, האט בן זוף געענטפערט רוהיג.

— ניין! דיא וועלט האט זיך ניט איבער געקעהרט! האט קאפּיטאן סערוואדאק גערעדט, וויא צו זיך אליין,— עס איז ביי נאכט פארגעקומען א וואָלקען ברוך און א גרויסער טהייל פון אלזשיר איז פערפלייצט געוואָרען.

— עס קען זיין, עס קען אבער אויך ניט זיין, האט דער פּראקטיש — קלוגער

בן זוף געזאָגט, — אלענפאלס מוזן מיר האַלטען וואַרט און ווייזען דעם רוסען, אז א פראנצויז קען זיך שלאָגען.

— דוא האָסט רעכט, בן זוף! לאָמיר פאָהרען.

אין איינינע מינוט זיינען זיי אנגעקומען אויף דעם בערגעל, וואו סערוואדאק האָט געדאַרפט זיך שלאָגען מיט גראַף טימאשאָוו. קיינער איז ניט געווען דאָרט.

— מיינע סעקונדאנטען? וואו זיינען מיינע סעקונדאנטען? האָט קאפיטאן סערוואדאק אויסגערופען.

קיינער האָט איהם ניט געענטפערט. ווי ווייט דאס אויג האָט געקענט דערגרייכען, האָט מען קיין לעבעדיגען מענשען געזעהן. איינינע מינוט זיינען ביידע געשטאנען, ווי פערשטיינערט, און האָבען ניט געוואוסט, וואָס צו טראַכטען און וואָס צו זאָגען איינער דעם אנדערן.

פלוצלונג האָט בן זוף א קוק געטאהן אויפ'ן הימעל און האָט אויסגערופען:

— וואָס איז דאָס! דיא זון הייבט שוין אן אראָפּ צו געהן. — ווען שוין באלד נאכט ווערן? דאָס פערשטעה איך שוין גאָר ניט! ביי מיר איז רעכט, אז דיא זון זאָל אויפגעהן אין וועסטען און זאָל אונטערגעהן אין אָסטען, אבער אזוי שנעל! — וואָס פאר א טאָג האבען מיר דען היינט?

יאנואר, האָט קאפיטאן סערוואדאק געענטפערט.

— אין טאָג יאנואר איז דער טאָג אין אלזשיר 7 שטונדען 48 מינוט, און יעטצט וויל שוין נאכט ווערן!

קאפיטאן סערוואדאק האָט בעטראכט דעם הימעל און האָט געזאָגט צו זיך אליין:

וואָס טהוט זיך דאָ מיט אונז? אלעס איז אנדערש געוואָרען, אלעס האָט זיך געענדערט, איבער געדרעהט, איבער געקעהרט...... בין איך און בן זוף וואהנזיניג, אָדער האט בן זוף רעכט: דיא וועלט האָט זיך איבער געקעהרט.

— וואָס זאָלען מיר יעטצט טאָהן? האָט בן זוף געפרעגט, זאָלען מיר וואַרטען אויף גראף טימאשאָוו אָדער זאָלען מיר פאָהרען אהיים, איך בין שוין הונגעריג.

— לאָמיר פאָהרען נאָך מאָסטאגאנעם, האָט קאפיטאן סערוואדאק געענטפערט, דאָרט וועלען מיר אלעס געוואָהר ווערן און מיר וועלען עסען מיטאג אין קאפע זולימא.

— אָבער פיעלייכט קומט אן גראף טימאשאָוו?

— איך וועל איהם לאזען א צעטעלע, אז איך בין דא געוועז און האב גע־ווארט אויף איהם.

קאפיטאן סערוואדאס האט מיט דיעזע ווערטער אויסגעריסען א בלעטעל פון זיין נאטיץ בוך, האט דארויף אנגעשריעבען עטליכע ווערטער און האט עס אריינגעשטעקט אין א שטעקען, וועלכען ער האט אפגעבראכען פון א בוים.

— ווען גראף טימאשאוו וועט קומען אהער, מוז ער עס דערזעהן, דאן וועט ער וויסען, וואו אונז צו געפינען.— יעצט, בן זוף, לאמיר פאהרען נאך מאסטא־נא.

זיי האבען זיך אויפגעזעצט אויף זייערע פערד און זיינען געפאהרען אויף דעם בעקאנטען וועג נאך מאסטאנאנעם; קוים אבער זיינען זיי אוועק געפאהרען גע־נען א האלבע שטונדע, זיינען זיי צו נעקומען, צום מעער און זיינען געבליעבען שטעהן.

— וואס איז דאס? — דא איז קיין מאל קיין מעער ניט געוועזן? האט בן זוף אויסגערופען.

קאפיטאן סערוואדאק האט ניט געענטפערט. ער איז אראפ געשפרונגע פון זיין פערד און האט אנגעהויבען צו בעטראכטען דיא געגענד, וועלכע איז איהם געוועזן גוט בעקאנט, ווייל ער האט עס אויסגעמאסטען און בעצייכנעט דיא גרע־נעצען פון יעדער בעצירק און פון יעדען דארף.

ער איז ארום געגאנגען נענען א שטונדע און האט זיך צו געקוקט צו יעד־דען שטיין, צו יעדען בוים, צו יעדען גראבען. אין ערשטער האט ער געפונען דיא פלעקלעך, וועלכע ער אליין האט אריינגעשלאגען אין דער ערד אלס צייכען. א דא ענדיגט זיך דער בעצירק מאסטאנאנעם און עס הייבט זיך אן אנאנדער בעצירק.

— איך ווייס ניט, איך פערשטעהע ניט...... האט ער געמורמעלט, — אלעס איז בעדעקט געווארען מיט וואסער, וואס איז געווארען פון מיינע קאמעראדען?

— וואו איז אהינגעקומען דיא שטאדט מאסטאנאנעם?

אונטער דעסען איז גאר פלוצלונג נאכט געווארען. דיא זון איז אונטער גע־גאנגען האסטיג, מיט א מאל, גלייך וויא זיא וואלט אנטלאפען, און עס איז גע־ווארען שטארק פינסטער.

### 3טעס קאפיטעל.

## וואונדער איבער וואונדער.

עס איז נאך געווען א גליק פאר זיי, וואס בן זוף איז געווען אזוי פאר־זיכטיג און האט מיט גענומען פון דער נורבי א ביסעל צוויבאק (סוכארעס). א גאנצען טאג זיינען זיי געווען אזוי בעשעפטיגט מיט זייער רייזע, אז זיי האבען פער־געסען דאס עסען, יעצט אבער האבען ביידע אנגעהויבען צו פיהלען, אז זיי זיינען הונגעריג. זיי האבען זיך געזעצט אויף דעם ווייכען זאמד און האבען שטילערהייט געגעסען וואס זיי האבען געהאט. נאכ'ן עסען האט בן זוף געפרעגט.

— וואס טהוט מען יעצט?

— זיך לעגען שלאפען, האט קאפיטאן סערוואדאק געענטפערט, — מארגען, אויב עס וועט נאך זיין א מארגען, וועלען מיר זעהן, וואס מיר זאלען ווייטער טאהן.

ער האט עס געזאגט אזוי טרויעריג און אזוי פערצווייפעלט, אז בן זוף האט מעהר ניט געפרעגט, זאנדערן האט זיך אויסגעצויגען אין ווייסען, ווייכען זאמד און איז באלד אנטשלאפען געווארען, קאפיטאן סערוואדאק אבער האט ניט געקענט שלאפען. ער האט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד און האט אנגעהויבען ארומצר שפאציערען ביים ברעג פון מעער.

— מארגען...... מארגען...... האט ער געמורמעלט, וועט אבער זיין א מאר־גען? וועלען מיר נאך לעבען מארגען? — מיר דאכט, אז דיא וועלט איז אונטער־געגאנגען און מיר ביידע זיינען דער וויל נור געבליעבען, אבער דאס וועט לאנג ניט דויערן...... ווער ווייס? וויא זאל איך מיר אלעס ערקלערן?

עס איז פערגאנגען געגען א שטונדע. עס איז געווען נאכט, פינסטערע נאכט און עס האט געדארפט זיין פינסטער, וויל עס איז געווען סוף חודש, ווען דיא לבנה שיינט ניט, פלוצלונג האט זיך געוויעזען א גרויסע, העלע קוגעל אין וועסטען (מעריב זייט).

— וואס איז דאס? האט קאפיטאן סערוואדאק ארויסגערופען, עס קען ניט

זיין דיא זון, ווייל זיא איז ערשט נים לאנג אונטער געגאנגען אין אָסטען (מזרח), עס קען נים זיין דיא לבנה, ווייל עס איז היינט דער מולד, אלזאָ קען דיא לבנה נים שיינען. וואָס איז עס דען? — אך, גאָט! פאר וואָס האב איך נים מעהר שטודירט אסטראָנאָמיע, וויסענשאפט, וועלכע איז פיעל מעהר ניטצליך פאר מענשען, וויא מען דענקט געוועהנליך. יעצט וואלט עס מיר צו ניץ געקומען, איך וואָלט וועניגסטענס געוואוסט, וואָס עס שיינט יעצט אזוי העלל.

און ווירקליך, א גרויסע קוגעל, קלענער אלס דיא זון, אבער פיעל גרעסער אלס דיא לבנה, איז אויפגעגאנגען פון וועסטען (מעריב), האט בעלייכטעט דאָס לאנד און דאס מעער מיט א ווייסען, העלען ליכט געגען א שטונדע, דאן איז זיא פערשוואונדען געוואָרען, אונטער געגאנגען, אין אָסטען (מזרח). עס איז וויע־דער געוואָרען פינסטער, פינסטערער, וויא פריהער. קאפיטאן סערוואדאק האט זיך אנגעהאפט ביים קאָפּ און האט אויסגערופען:

— אך, גאָט! ערקלער מיר דיעזע וואונדער, דיעזע רעטענישען!

אָבער גאָט האט איהם נים געענטפערט, דיא נאטור איז געבליעבען שטום, נור דאס מעער האט גערוישט און זיך אבגעשלאגען אין דיא זאמדיגע ברעגעס. פון שלאָפען איז שוין קיין רעדע געווען. קאפיטאן סערוואדאק האט ארומשפאצירט ביים ברעג פון מעער אין דער פינסטערניס. ער האט נים געוואוסט, וויא לאנג ער האט אזוי ארומשפאציערט, אבער גאר פלוצלונג, אהן א דעמערונג, אָהן א ווארנונג, איז עס טאָג געוואָרען. אין א מינוט איז דיא זון ארויס געגאנגען און האָט בעלייכטעט דיא גאנצע געגענד. דאָס האט נאָך מעהר איבערראשט קאַ־פיטאן סערוואדאק: געוועהנליך פערגעהט פון דער מינוט ווען עס הייבט אן ליכטיג צו ווערן, ביז דיא זון געהט אויף, געגען א האלבע שטונדע, אָפט נאָך מעהר, יעצט אָבער איז גאר פלוצלונג טאָג געוואָרען.

קאפיטאן סערוואדאק האט ארויסגענומען זיין אוהר און האט געזעהן, אז דיא נאכט האט געדויערט פונקט זעקס שטונדען.

— אלזאָ האבען מיר זעקס שטונדען טאָג און זעקס שטונדען נאכט, נים מעהר האָט ער געזאָגט צו זיך אליין, דאס איז שוין א נייעס וואונדער.

ער האט אויפגעוועקט בן זוף און האט איהם געהייסען אנזאָטלען דיא פערד.

— וואוהין זאָלען מיר יעצט פאהרען? האט בן זוף געפרעגט.

— צוריק צו דער גורבי, איז געווען דיא אנטוואָרט, מיר מוזען יעצט מאכען

א לאנגע רייזע, א פארשונגס רייזע, ביז מיר װעלן קומען צו א שטאדט צו א דארף, צו א װאױנונג פון מענשען און פרעגן װאס איז דא געשעהן.

אין איינעם מינוט זיינען זיי געזעסען אויף זייערע אראבישע פערד און זיינען געפלויגען, וויא א פייל פון א בויגען. דיא פערד זיינען געפלויגען, גלייך וויא זיי וואלטען גאר ניט שוהער געזעהן אדער זיי וואלטען געהאט פליגעל.

— דאס מאל לאמיר פאהרען אויף אנאנדער וועג, האט קאפיטאן סער־וואדאק געזאגט צו בן זוף, ווען מיר וועלן פאהרען לינקס, דארפען מיר אנקומען צום דארף על קאדר, דארט וועלען מיר טרעפען קאפיטאן דיובאק, פיעלייכט וועט ער קענען אונז ערקלערן וואס עס טהוט זיך מיט אונז.

זיי האבען אום געדרעהט זייערע פערד לינקס און זיינען געפאהרען נעגען א האלבע שטונדע. דער וועג האט געפיהרט צווישען גערטנער פון טייטעל ביימער, פאמעראנצען ביימער, גראנאט און אנדערע פרוכט ביימער. אלעס איז געווען גרין, דיא פרוכט האט געוואקסען, וויא פריהער, אבער מען האט ניט געזעהן א לעבעדיגען מענשען אלעס איז געווען שטיל, רוהיג, טויט, אויס געשטארבען.

זיי זיינען צו געקומען צו דעם ארט, וואו עס האט געדארפט זיין נאך זייער רעכענונג דאס דארף על קאדר, — דאס דארף איז פערשוואונדען.

— וואס איז דאס? וואו איז דאס דארף? האט קאפיטאן סערוואדאק גע־פרעגט.

— מיר האבען פערבלאנזשעט, האט בן זוף געענטפערט. עס איז ניט דער ריכטיגער וועג.

— ניין בן זוף, דאס דארף איז פערפלייצט געווארען, פערשלונגען געווארען פון מעער. יעצט ווייס איך שוין גאר ניט, וואס צו מאכען און וואוהין צו געהן. מיר דאכט, אז מיר געפינען זיך אויף אן אינזעל, מיר אליין, צווייא מענשען, וויא ראבינזאן און פרייטאג. לאמיר וועניגסטענס אויספארשטען אונזער אינזעל, לאמיר זיא ארומפאהרען פון אלע זייטען.

— מיר האבען קיין פערוויאנט, האט דער פראקטישער בן זוף בעמערקט, מיר מוזען צו ערשט צוריקפאהרען צו אונזער גורבי, דארט האב איך נאך ביסקוויט און אנדערעס עסענווארג אויף דרייא טעג. מיר וועלן נעהמען דיעזעס עסען און וועלן פאהרען.

זיי האבען זיך ווידער אויפגעזעצט אויף זייערע פערד און זיינען געפאהרען צו דער גורבי. דארט האבען זייא געפונען אלעס, וויא זיי האבען עס געלאזען.

מען האָט קיין זאַך נים אָנגעריהרט, קיינער איז דאָ נים געווען. זיי זיינען געווען זעהר הונגעריג און האבען זיך געזעצט עסען. בן זוף האט צולענט א פייער און האט געקאכט קאפע.

— מיר דאכט, אז איהר קענט יעצט זאָגען, אז איהר זיים דער גענעראל גובערנאַטאָר פון אלזשיר האט דער לוסטיגער בן זוף געשפּאסט.

— א גענעראל גובערנאַטאָר איבער וועמען? עס איז דאָך קיינער נימאָ.

— און איך? בין איך דען נים אַפובליקום? האט בן זוף געלאכט.

ער האָט באלד געוויזען. אז ער איז א פובליקום, ווייל ער האט גענע־סען פאר א גאנצעם פובליקום. בן זוף האָט זעהר גוט פערשטאַנען, אז עס האָט פאסירט מיט זיי עפּעס אונגעוועהנליכעס, ער איז אָבער געווען א פאריזער קינד און האט נים געוואוסט, וואָס עס הייסט זאָרגען. — באלד איז אויך נאכט גע־וואָרען און דער גענעראל גובערנאטאר מיט זיין פאָלק האבען זיך געלעגט שלאָפען מיט דעם ענטשלוס מאָרגען אין דער פריה ארויסצופאהרען און ארומצופאהרען דיא אינזעל פון אלע זייטען.

דיא רייזע האט געדויערט פינף טעג, דאס הייסט, צוויא און א האלב טאג, ווייל יעצט האבען זיי נעהאט פונקט זעקס שטונדען טאג און זעקס שטונ־דען נאכט, זייער מעת לעת איז אלזאָ בעשטאַנען נור פון 12 שטונדען. יעצט האבען זיי זיך איבערצייגט, אז זיי געפינען זיך ווירקליך אויף א אינזעל, ווייל זיי זיינען געפאהרען דעם גאנצען וועג ביים ברעג פון מעער.

— דוא זעהסט יעצט, אז מיר געפינען זיך אויף אן אינזעל, האט קאפּיטאַן סערוואדאק געזאגט צו בן זוף.

— וואָס הארט עס אונז? האט בן זוף געפרעגט.

— וואו זיינען דיא איבעריגע? וואו זיינען אונזערע פריינד, אונזערע בעקאנ־טע? וואו זיינען אהנגעקומען אלע גרויסע און קליינע שטעדט פון אלזשיר, פון פראנקרייך, פון דער גאנצער וועלט? האט קאפּיטאַן סערוואדאק געפרעגט.

— וואָס הארט עס אונז? מיר זיינען אויף אן אינזעל. מיר האבען וואס צו עסען און מיר דארפען זיין צופריעדען, האָט בן זוף געענטפערט.

— און ווען אונזער פראוויאנט וועט אויסגעהן?

— וועלען מיר חאפּען פיש אין מעער.

— און וועלען אונזער גאנצעס לעבען פערברענגען אויף דיעזער אינזעל גאנץ אליין?

— ניין, קאפיטאן, וויא באלד עס איז דאָ א מעער, פאהרען אויף איהם שיפען און וויא באלד עס פאהרען שיפען, וועט א שיף צו קומען צו אונזער אינזעל און וועט אונז אויפנעהמען.

— און ווען עס וועט קיין שיף צו קומען אהער?

— וועלען מיר בויען א באָאט און וועלען פאהרען זוכען לאנד.

קאפיטאן סערוואדאס האט געטראכט אייניגע מינוט און האט קיין בעסע־רע זאך געקענט אויסטראכטען אלס, זיי זאָלען אריינשטעלען אין דער ערד א הויכען שטאנג און זאָלען אויף איהם אויפהענגען א העמד אלס א פאהן, א צייכען, אז עס געפינען זיך דא מענשען, וועלכע בעטען אום הילף.

דאָס האט מען באלד אָפגעטוהן. זיי האבען געהאט פיעל אינסטרומענטען אין דער גורבי און בן זוף האט געקענט ארבייטען מיט א האק און מיט א זעג.

— יעצט בלייבט אונז ניכטס איבעריג אלס צו ווארטען אויף א שיף, האט בן זוף געזאָגט.

— מיר קענען אָבער ניט זיטצען לעדיג, מיר מוזען יעדען טאג ארומפאהרען אויף אונזער אינזעל, פיעלייכט וועלען מיר אויסגעפינען פראָוויאנט, האט קאפ־טאן סערוואדאק געענטפערט.

דעם אנדערן טאג אין דער פר״ה זיינען זיי אוועק געפאהרען אין דער מיט פון דער נייער אינזעל, דאָרט וואו עס האט זיך געפונען א גרויסער וואלד וויא גרויס איז געוועזען זעהר איבעראשונג, ווען זיי זענען אריינגעפאהרען אין וואלד און געפונען אין איהם קיה, אָקסען, שאָף און ציעגען, וועלכע זיינען ארומגעלאָפען אין וואלד און האבען געפרעסען דאס גרינע, זאפטיגע גראז.

— א נייעס וואונדער! האט קאפיטאן סערוואדאק אויסגערופען, איך פער־שטעה, אז דיעזע בהמות געהערען צו דיא איינוואינער פון דיא דערפער ארום, אָבער וואו זיינען דיא איינוואינער? ווען עס האט פאסירט אן אונגליק און דיא וועלט איז אונטערגעגאנגען, וויא קומט עס, וואָס דיא בהמות האבען זיך געראַטעט און דיא מענשען זיינען פערשוואונדען געוואָרען?

— וואָס דארפט איהר זיך ברעכען דעם קאָפ, קאפיטאן? האט בן זוף גע־ענטפערט, איהר דארפט זיין צופריעדען, וואָס מיר וועלען יעצט האבען מילך, קעז, בוטער און פלייש גענוג. וואָס נאָך דארפען מיר? האט דען ראבינזאָן קרוזע ניט געלעבט גליקליך אויף זיין אינזעל מיט זיינע לאמאס? מיר האבען בעסער פון

לאמאס: מיר האבען צינען, אָקסען, סיה, שעפּסען, פיינען טייטלען, פּאָמעראַנצען און אלערליי פריכטע, וואָס נאָך דארפען מיר?

קאפּיטאַן סערוואדאק האָט ניט געענטפערט. וואָס האָט ער דען געקענט ענטפערן? ער האָט געזעהן פאר זיך וואונדער איבער וואונדער און האָט זיי ניט געקענט ערקלערן. בן זוף איז אָבער געווען א פּראַקטישער מענש, ער האָט גע־חאַפּט א קוה מיט א קאַלב און האָט זיי געפיהרט צו דער גורבי.

— לאָמיר וועניגסטענס האָבען מילך צו אונזער קאַפע, האָט ער דער־נעזאָגט:

---

### 4טעס קאַפּיטעל.

## אַ שיף! אַ שיף!

עס זיינען ווידער פערגאַנגען עטליכע טעג. פּלוצלונג האָט זיך דער הימעל בעדעקט מיט וואָלקענס און עס האָט אָנגעהויבען צו גיעסען, וויא מיט עמערס. דרייא טעג נאָכאַנאַנד האָט עס געגאָסען אהן אן אויפהער. צום גליק פון זיי, האָט בן זוף ווידער צו רעכט געמאַכט דיא גורבי, אז מען האָט געקענט אין איהר וואוינען און זיין געשיצט געגען ווינד און רעגען.

— ווידער א וואונדער! האָט קאַפּיטאַן סערוואדאק געמורמעלט, אין דיע־זער צייט פון יאהר רעגענט עס ניט אין אלזשיר און ווען עס רעגענט, געדויערט דער רעגען נור א שטונדע אָדער צווייא, און יעצט רעגענט עס שוין דרייא טעג נאָכאַנאַנד.

ענדליך האָט זיך דער הימעל אויסגעלייטערט און דער געניעראל גובערנאַ־טאָר מיט זיין פאָלק זיינען ארויסגעגאַנגען זעהן וואָס עס הערט זיך אויף דער וועלט. דער רעגען האָט דערפרישט דיא ערדע, אלע גראָזען האָבען אָפּגעלעבט, דיא ביימער זיינען ווידער געוואָרען גרין און דיא גאַנצע נאַטור איז געוואָרען פרישער, לעבעדיגער און פרעהליכער. דעם גאַנצען טאָג, דאס הייסט, גאַנצע פיער שטונדען, זיינען זיי ארומגעגאַנגען זעהן אויב עס האָט זיך געענדערט, אויב עס איז ניט פאָרגעקומען עפּעס נייעס. אלעס איז געבליעבען ביים אלטען.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה איז קאַפּיטאַן סערוואדאק געזעסען בײַ זיין שרייב טיש און האט שטודירט אסטראָנאָמיע, ווען בן זוף איז אריינגעלאָפען און האט א געשריי געטוהן:

— א שיף! א שיף!

קאַפּיטאַן סערוואדאק איז ארויסגעלאָפען, וויא א וואהנזיניגער, און האט א קוק געטאָהן אויף דאס מעער. מען האט געזעהן פון ווייטען א שיף שווימען לאנגזאם.

— גיב מיר מיין פעלדגלאז! האָט סערוואדאק געשריען.

אלס אינזשעניר און אָפיציער האָט ער געהאט א גאנץ גוטעס פעלדגלאז פון דער בעסטער פאריזער פאבריק. דאס איז געווען א קליינער טעלעסקאָפּ. דורך וועלכען מען האט געקענט זעהן גאנץ קלאָר אין דייטליך אויף א שטרעקט פון זעקס מייל.

ווען בן זוף האט איהם געבראכט דאס פעלדגלאָז און סערוואדאק האט געקוקט איינינע אוינען בליקע אויף דאס שיף, האט ער ארויסגערופען פול פרייד.

— דיא „דאָברינא"! — דאס איז גראף טימאשאָווס שיף דיא „דאָבּרינא"! — לאָמיר שיעסען! לאָמיר מאכען אפייער, אז מען זאָל אונז דערזעהן פון דער „דאָברינא"!

— ווען דאס איז דיא „דאָברינא," פאר וואָס זעה איך קיין רויך? האט בן זוף געפרעגט.

— דיא „דאָברינא" איז א יאכט שיף, זיא קען געהן מיט דאמפף און מיט זעגעל, האט קאַפּיטאַן סערוואדאק ערקלערט, עס איז מעגליך, אז עס איז איהר ארויסגעגאנגען איהר פאָרראט (זאפאס) פון קאָהלען און זיא מוז געהן מיט זעגעל, עס קען זיין דאס איהר מאשין איז אויסער אָרדענונג. אלענפאלס מוזען מיר איהר גיבען א צייכען, אז מיר זיינען דאָ.

בן זוף האט באלד צו לעגט א פייער אויפ'ן בערגעל און האָט עס ניט געלאזען ברענען, זאָנדערן זיך רויכערן. עס איז געוואָרען אזא רויך, אז מען האט איהם געמוזט דערזעהן אויף דער „דאָברינא." עס איז געלונגען. דער שיפסקאַפּיטאַן פון דער „דאָברינא" האָט דער זעהן דעם רויך און האט אויסגעדרעהט זיין שיף צו דער אינזעל, עס איז אבער נאָך פערגאנגען א געוויסע צייט, איידער דיא „דאָברינא" האָט געפונען א פּלאטץ, וואו זיך צו פעראנקערן. ענדליך איז עס געלונגען און מען האט אראָפּגעלאָזען א באָאָט, אין וועלכען גראף טימאשאָן,

האט זיך אריינגעזעצט און איז צו געקומען צום ברעג. קאפיטאן סערוואדאק איז איהם ענטגעגען געלאפען.

קוים איז גראף טימאשאוו ארויס אויפ'ן ברעג, האט קאפיטאן סערוואדאק איהם אויסגעשטרעקט דיא האנד און האט אויסגערופען:

— גראף! איידער מיר וועלען זיך ערקלערן איבער אונזער אנגעלעגענהייט, בעט איך אייך, ערקלערט מיר, וואס איז דא געשעהן מיט אונז.

— קאפיטאן, ערקלערט איהר מיר, וויא קומט עס, וואס איך געפין אייך אויף אן אינזעל, ווען איך האב אייך איבערגעלאזען אויף דעם פעסטען לאנד? האט גראף טימאשאוו געענטפערט.

— דאס ווייס איך ניט, האט סערוואדאק ערוויעדערט, איך האב גערעכענט, אז איהר וועט עס מיר ערקלערן

— איך ווייס אזוי פיעל, וויא פיעל איהר ווייסט, איז געווען גראף טימאשאוס אנטווארט,

— אבער עפעס האט דאך פאסירט! האט סערוואדאק אויסגערופען, איהר קומט דאך פון ערגעץ, איהר פאהרט דאך אויף א שיף און האט געוויס געזעהן; וואס עס האט פאסירט.

— זייט דער נאכט פון 31טען דעצעמבער איז דאס דיא ערשטע אינזעל, דאס ערשטע שטיק לאנד, וואס איך האב געזעהן.

קאפיטאן סערוואדאק און גראף טימאשאוו זיינען געשטאנען און האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדערן מיט שטוינען און פערוואונדערונג. מען וואלט געקענט מיינען אז איינער האט ניט געגלויבט דעם אנדערן, דאס איז אבער ניט וואהר געווען: זיי זיינען געווען ערשטוינט, ווייל יעדער האט ערווארטעט פון אנדערן אן ערקלערונג איבער דעם, וואס עס האט פאסירט, און קיינער פון זיי האט דיעזע ערקלערונג ניט געקענט געבען. — ענדליך האט קאפיטאן סערוואדאק געבעטען:

— דערצעהלט מיר, גראף, וואס עס האט פאסירט מיט אייך אין דער נאכט פון 31טען דעצעמבער.

— מיין געשיכטע איז גאנץ קורץ, האט דער גראף געענטפערט, ווען מיר האבען אפגערעדט זיך צו שלאגען אין דער פריה, האב איך געהייסען מיין שיפס־קאפיטאן פעראנקערן דיא „דאבריניא" גאנץ נאהענט צו דעם בערגעל, וויא אונזער דועל האט געדארפט פארקומען. איך האב מיך געלעגט שלאפען געגען עלף

אוהר. אלע אויפֿן שיף זיינען געשלאָפֿען, אויסער דער מאַטראָז, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך. פּונקט האַלב נאָך איינס האָט דאָס מעער אנגעהויבען צו קאָכען, צו זיעדען און צו רוישען, גלייך וויא עס וואָלט מיט אַ מאָל אויסגעבראָכען אַ שרעקליכער שטורם. עס איז אָנגעקומען אַ שרעקליך הויכע וועללע (כוואַליע) און האָט אַ שליידער געטאָהן דיא „דאָבריניא" מיט אַזאַ קראַפֿט, אַז אַלעס האָט זיך איבער געקעהרט, דיא דאַמפּף מאַשין איז צו בראָכען געוואָרען און פֿיעלע זאַכען זיינען פֿערדאָרבען געוואָרען. איינע מעז נאָכאַנאַנד האָט עס ארומגעוואָרפֿען מיט דער דאָבריניא, וויא מיט אַ שולעכטס פֿון אַ נוס. ענדליך האָט זיך דאָס מעער בערוהיגט און מיר האָבען געקענט ארויסגעהן אויפֿ'ן דעק. צום גליק איז דיא „דאָבריניא" אַ שטאַרקעס שיף און זיא האָט עס אויסגעהאַלטען. מיר האָבען אויסגעבעסערט און רעפּאַרירט אַלעס, וואָס מיר האָבען געקענט אויסבעסערן און רעפּאַרירען. מיר האָבען געמוזט פֿאָהרען מיט זעגעל, ווייל דיא מאַשינענריע אַרבייטעט ניט, מיר זיינען זייט דאַמאַלס ארומגעפֿאָהרען און געפֿינען נור הימעל און וואַסער. אייער אינזעל איז דאָס ערשטע שטיק לאַנד, וואָס מיר האָבען דערזעהן זייט דער קאַטאַסטראָפֿע. דאָס איז אַלעס, וואָס איך קען אייך דערצעהלען.

— האָט איהר בעמערקט, אַז מיר האָבען יעצט נור זעקס שטונדען טאָג און זעקס שטונדען נאַכט? האָט קאַפּיטאַן סערוואַדאַק געפֿרעגט.

— געוויס אויף אַ שיף מוז מען דאָך אַלעס בעמערקען.

— האָט איהר געזעהן איינע גרויסע קוגעל זיך ווייזען אויפֿ'ן הימעל, בעלייכטען דיא ערד מיט אַ בעזאָנדערס שעהנעם, העלען ליכט?

— מיר האָבען עס געזעהן און איך האָב עס זאָגאַר בעטראַכטעט מיט מיין גוטען טעלעסקאָפּ, אָבער איך ווייס ניט, וואָס פֿאַר אַ שטערן עס איז.

— איז עס ניט דיא לבנה, וועלכע איז געוואָרען נעהנטער צו דער ערד?

— עס איז ניט דיא לבנה, ווייל איך האָב געזעהן דורך מיין טעלעסקאָפּ, אַז יענע קוגעל האָט געהאַט ארום זיך אַ לבנה, אַלזאָ קען עס ניט זיין דיא לבנה.

— אַלזאָ וואָס פֿאַר אַ שטערן איז עס געוועהן?

— איך דענק, אַז דאָס איז געוועזען דער שטערן ווענוס, וועלכער האָט ארום זיך צוויא לבנות און איך האָב געזעהן נור איינע פֿון זיי.

— זאָנדערבאַר! האָט קאַפּיטאַן סערוואַדאַק געמורמעלט.

—עס זיינען פארגעקומען אין דער לעצטער צייט אזוי פיעל וואונדער, אז איך ווייס ניט וועלכעס וואונדער איך זאָל זוכען מיר פריהער צו ערקלערן.

זיי האבען אנגעהויבען זיך צו בעראטהען, וואס זיי זאָלען יעצט טאָהן. גראף טימאשאָוו האָט ערקלערט, אז צו ערשט מוז ער זעהן, אז דיא „דאָבריניא" זאָל רעפארירט ווערן, מען מוז אויסבעסערן איהר מאשינעריע און זיא מוז האבען א נייעם זעגעלבוים, וועלכער איז צו בראָכען געוואָרען אין שטורם. דאן מוז מען זיך אנגרייטען פרישעס וואסער און איינינע זעהר נעטהיגע זאכען. ווען אלעס וועט פערטיג זיין, וועלען זיי אלע פאהרען זוכען לאנד און זעהן, וואס עס האט פאסירט אין יענער מערקווירדיגער נאכט.

אונטערדעסען איז נאכט געוואָרען. גראף טימאשאָוו האָט איינגעלאדען קאפיטאן סערוואדאק און בן זוף צו זיך אויף נאכט עסען, אויף דער דאָבריניא, איז געווען גענוג פראוויאנט און זאָגאר גענוג גוטער וויין.

גראף טימאשאָוו אליין איז קיין מאטראָז געווען, דערפאַר אָבער האָט ער געהאט א פּאָרטרעפליכען שיפסקאפיטאן; אנדריי איוואנאָוויטש פּראָקאָפּ איז געווען א געלערנטער און ערפאהרענער שיפסקאפיטאן, ער האט געדיענט אין דער רוסישער פלאָטע און האט בערייזט אלע מעערן און אלע וואסערן. וואסילי אנטאָנאָוויטש טיגעלעוו, דער אינזשעניר פון דער „דאָבריניא" איז געווען א געלערנטער און פעהיגער מאשיניסט. אויסער זיי האט זיך געפונען אויף דער „דאָבריניא" זעקס מאטראָזען, וועלכע זיינען געווען געטרייא און ערגעבען צו גראף טימאשאָוו, וויא גוטע קינדער, ווייל זיי זיינען אלע געווען פון זיינע גיטער און זייערע עלטערן זיינען נאָך געווען גראף טימאשאָוו'ס לייבאייגענע (פאנש־טשעניקעס). דער קאָך פון דער „דאָבריניא," מישקא, וויא מען פלעגט איהם געוועהנליך רופען, איז אויך געווען אן אלטער דיענער פון דער פאמיליע טימאשאָוו.

גראף טימאשאָוו פלעגט שטענדיג עסען צוזאמען מיט זיין שיפסקאפיטאן און מיט זיין אינזשעניר. דאָס מאָל זיינען זיי אויך געזעסען ביים טיש צוזאמען מיט קאפיטאן סערוואדאק און בן זוף. וויא זאָנדערבאר עס איז יעדען געווען אויפ'ן הערצען, האט דאָך גראף טימאשאָוו געהייסען דערלאנגען צום טיש א פּאָאר פלאשען עכטען שאמפאניער, וועלכען אלע האבען געטרונקען מיט פערגניגען.

נאכ'ן עסען האָט דער אינזשעניר טיגעלעוו ערקלערט, אז ווען ער זאָל נור

האבען א פּלאַץ, וואו צו שמיעדען אייזען, וואָלט ער געקענט אין אכט טעג רעד־
פּאַרירען דיא מאַשינעריע פון דער „דאָברינֿיא" און זיא מאַכען ווי ניי.

— אויף אונזער אינזעל איז דאָ פּלאַץ גענוג און האָלץ גענוג, האָט קאַפּי־
טאַן סערוואַדאַק ערקלערט. בן זוף פערשטעהט אויך א ביסעל דיא קונסט צו
שמיעדען אייזען, ווייל ער האָט געאַרבייטעט איינינע צייט אין וואַפענפאַבריק פון
דער פראַנצייזישער רעגיערונג.

מען האָט אַלזאָ אָפּגערעדט, אז מאָרגען זאָל מען זיך שוין נעהמען צו דער
אַרבייט. אויף דער אינזעל איז געווען גענוג האָלץ, אין וואַלד האָבען זיך געפונען
גענוג אַלטע און שטאַרקע ביימער, פון וועלכע מען האָט געקענט מאַכען, וואָס מען האָט
געוואָלט. אויף דער „דאָברינֿיא" האָבען זיך געפונען גענוג אינסטרומענטען און
אייזען אום צו מאַכען א נייע מאַשין.

סערוואַדאַק האָט נעפרעגט דעם שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ, וואָס ער דענקט
פון דיא וואונדער, וואָס האָבען מיט זיי פּאַסירט און דער לעצטער צייט, און
פּראָקאָפּ האָט געענטפערט:

— איך קען מיר קיין זאַך ערקלערען, מיר דאַכט זאָגאַר, אז מיר געפינען
זיך נים אין מיטעלענדישען מעער,

— פאַר וואָס דענקט איהר אזוי?

— ווייל אין דער גאַנצער צייט וואָס איך בין אַרומגעפאָהרען, זייט עס האָט
פּאַסירט דיא קאַטאַסטראָפע, האָב איך נים געזעהן אין מעער נים איין פיש
האָט שיפסקאַפּישאַן פּראָקאָפּ ערקלערט, — איך קען דאָס מיטעללענדישע מעער
ווי מיינע פינף פינגער. עס איז נימאָ איין פּאָרט אין מיטעללענדישען מעער,
וועלכען איך האָב נים בעזוכט; עס איז נימאָ איין אינזעל, וואו איך בין נים גע־
ווען. עס איז נימאָ איין סאָרט פיש אין דיעזען מעער, וועלכען איך האָב נים
געפאַנגען. דאָס מיטללענדישע מעער איז בעריהמט מיט זיין רייכטהום אין פיש,
עס געפינען זיך אין איהם בעזאָנדערס פיעל דאָלפינען, אונזער פאָלק (דיא רוסען)
רופען זיי מעער שווינע, אין דער וואהרהייט איז עס א פיש, וועלכער האָט ליעב
אָפּט אַרוים צו שטעקען זיין גרויסען קאָפּ פון וואַסער. מען פאַנגט איהם נים,
ווייל זיין פלייש איז נים געשמאַק צום עסען, און דאַרום פערמעהרט ער זיך זעהר
שטאַרק און מען זעהט אָפּט הונדערט דאָלפינען מיט א מאָל זיך שפּיעלען,
שפּרינגען, זיך קייקלען אין וואַסער און זיך דרעהן אַרום א שיף. היינט איז דער
24טער יאַנואַר, אַלזאָ פאָהרען מיר שוין אַרום אין דיעזען מעער זייט 20 טעג און

איך האָב אין דער גאַנצער צייט נים געזעהן נים איין דאָלפין. אלזא זיינען מיר נים אין מיטעללענדישען מעער.

— אלזאָ וואו זיינען מיר דען ? וואָס פאַר מעער איז עס, וועלכעס רינ־געלט ארום אונזער אינזעל ? האָט קאַפּיטאַן סערוואַדאַק געפרעגט.

— איך ווייס עס נים, איך ווייס גאָר נישט, האָט דער שיפסקאַפּיטאַן געענטפערט.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה האָט מען זיך גענומען צו דער ארבייט. אלע האָבען געארבייטעט אויסער גראַף טימאַשאָוו און קאַפּיטאַן סערוואַדאַק; אָבער אויך זיי זיינען נים געזעסען לעדיג. זיי האָבען זיך אויפגעזעצט, אויף דיא פערד און זיינען ארומגעפאַהרען זעהן, וואָס עס טוהט זיך אויף דער אינזעל. סער־וואַדאַק האָט געוויזען דעם גראַף דיא וואַלד, דיא בהמות, וועלכע געפינען זיך אין וואַלד, דיא פרוכטביימער, דיא פעלדער און דיא גערטנער פון דער אינזעל און זאָגאר נים פיעלע פייגעל, וועלכע זיינען געבליעבען אויף דער אינזעל.

אינזשעניר טינעלעוו האָט געהאַלטען וואָרט. אין אכט טעג איז דיא גאַנצע ארבייט געווען פערטיג. דיא מאַשינעריע איז אין גאַנצען איבער געמאַכט געוואָ־רען און האָט געארבייטעט פאָרטרעפליך.

ווען אלעס איז פערטיג געוואָרען, האָט מען זיך פערזאַמעלט לעבען דער גורבי אונטער דיא פאַלמביימער — טייטעלביימער, און מען האָט זיך בעראַטהען, וואָס מען זאָל ווייטער טאָהן. עס איז געבליעבען, אַז מאָרגען זאָל דיא „דאָברי־ניא״ ארויס פאָהרען אויף אַ פאָרשונגס רייזע : זיא זאָל זוכען דיא אינזעלן קיפּערן (ציפּערן), קאַנדיא (קרעטא), גריכענלאַנד, איטאַליען און ווען עס וועט מעגליך זיין, זאָל זיא צו פאָהרען צו אַ פראַנצייזישען פּאָרט, וויא מאַרסייל אָדער טולאָן. קאַפּיטאַן סערוואַדאַק וועט מיטפאָהרען אויף דער „דאָבריניא,״ בן זוף אָבער זאָל בלייבען אויף דער אינזעל אלס גענעראַל גובערנאַטאָר.

קאַפּיטאַן סערוואַדאַק האָט זעהר נים געוואָלט זיך צו שיידען מיט זיין גע־טרייען פריינד בן זוף, גראַף טימאַשאָוו האָט עס אָבער געפונען פאַר נעהטיג, אַז איינער זאָל בלייבען אויף דער אינזעל. ערשטענס, פּיעלייכט וועט אנקומען נאָך אַ שיף מיט מענשען, וועלכע האָבען זיך געראַטעוועט פון דער קאַטאַסטראָפע, וועט בן זוף זיי דערצעהלען פון דער „דאָבריניא״ און וועט זיי זאָגען, וואָס זיי זאָ־לען טאָהן. צווייטענס, זאָל בן זוף אכטונג געבען אויף דיא פערד און דיא בהמות.

וועלכע געפינען זיך אויף דער אינזעל. פיעלייכט איז ווירקליך דיא וועלט אונטער־געגאנגען אזן זיי וועלען מוזען צוריקפאהרען צו דער אינזעל און דארט פערבליי־בען זייער לעבען לאנג, וועלען זיי האבען וואס צו עסען. דריטענס, האט מען אויף דער „דאברינויא״ ניט געקענט אויפנעהמען קיינע פערד און בן זוף האט אזוי ליעב געהאט זיינע אראבישע פערד, אז ער האט ניט געוואלט זיך צו שיידען מיט זיי.

מען האט ווייטער אפגערעדט, אז מען זאל מאכען א גרויסען שטאל לעבען דער גורבי און בן זוף זאל זעהן אריינצוטרייבען, וויאפיעל קיה און אקסען ער וועט קענען, אין דיעזען שטאל.

דען 5טען פעברואר איז אלעס פערטיג געווארען. קאפיטאן סערוואדאק האט ארומגענומען זיין פריינד בן זוף און האט איהם געקושט צום אבשיעד. א האלבע שטונדע נאך דעם איז דיא „דאברינויא״ אוועק געפאהרען זעהן, וואס עס מהוט זיך עפעס אויף דער וועלט.

---

5טעס קאפיטעל.

# א נייעס לאנד.

— וואוהין פאהרען מיר יעצט? האט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט דעם שיפסקאפיטאן, ווען דיא אינזעל איז פערשוואונדען געווארען.

— מיר פאהרען צו דער שטאדט אלזשיר, דיא הויפט שטאדט פון לאנד אלזשיר, איז געוועזען דיא אנטווארט.

— און ווען קען מיר זיא זעהן?

— מארגען, אויב זיא איז נאך דא אויף דער וועלט.

דאס וועטער איז געוועזען שעהן אבער עטוואס קיהלער. אויף דער אינזעל איז דיא היץ געוועזען אויסער ארדענטליך, ניט געוועהנליך זאגאר פאר אפריקא, אויפ׳ן מעער איז עס געוועזען אביסעל קיהלער.

דעם אנדערן טאָג האט סערוואדאק געפרעגט דעם שיפסקאפיטאן, וויא ווייט עס איז נאך צו דער שטאדט אלזשיר.

— איך וויים נים, האט שיפסקאפיטאן פראקאפ געענטפערט, איך זעה גאר קיין לאנד, מיר וואלטען שוין לאנג געדארפט זיין לעבען דער שטאדט אלזשיר.

שיפסקאפיטאן פראקאפ האט געהייסען זיינע מאטראזען אויסמעסטען, וויא טיעף דאס מעער איז. זיי האבען אויסגעפונען נור 17 פוס וואסער.

— מיר זיינען אלזא נים לעבען דער שטאדט אלזשיר, וויל דארט איז דאס מעער גאנץ טיעף, האט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ געזאָגט, וויא צו זיך אליין.

ער איז צוגעגאנגען צום רעדעל און האט אויסגעדרעהט דיא „דאברינא" צו דער אינזעל סיציליען. ווען מען איז אפגעפאהרען אייניגע שטונדען, האט ער ווידער געהייסען אויסמעסטען, וויא טיעף דאס מעער איז און מען האט ווידער געפונען נור 17 פוס וואסער.

— וואס הייסט עס? האט ער געמורמעלט, — וויא איז דאס מעגליך? דאס מיטעללענדישע מעער איז אין דיעזע ערטער זעהר טיעף, געפונען מיר זיך גאר נים אין מיטטעלענדישען מעער? אלזא וואו זיינען מיר דען?

אונטערדעסען איז עס נאכט געווארען. גראף טימאשאוו איז צו געגאנגען צו זיין שיפסקאפיטאן און האט איהם געפרעגט:

— וואוהין דענקט איהר יעצט צו פאהרען?

— ווען איך זאל טרייבען דיא „דאברינא" מיט פיעלען דאמפף, דארפען מיר מארגען אין דער פריה זיין לעבען דער אינזעל סיציליען, האט שיפסקאפיטאן פראקאפ געענטפערט, — אבער ווער וויים? איז נאך דא אויף דער וועלט א אינזעל סיציליען?

מען האט מעהר נים גערעדט. יעדער האט זיך געפיהלט זעהר אונאנגע‑נעהם. וואס ווייטער מען איז געפאהרען אלץ דונקעלער איז געווארען דאס געהיימניס, אלס שווערער איז געווארען דאס רעטעניש.

דעם אנדערן טאג איז שיפסקאפיטאן פראקאפ אליין געשטאנען א גאנצען טאג ביים רעדעל, גראף טימאשאוו און קאפיטאן סערוואדאק זיינען געשטאנען אויפ'ן דעק מיט זייערע טעלעסקאפען אין דער האנד און האבען געזוכט דיא אינזעל סיציליען אדער עפעס א לאנד, אבער דער טאג איז פאראיבער און זיי

האָבען געפונען קיין שפור, קיין צייכען פון א לאנד. דאָס מעער איז געווען רר חיג, און ערשטער האט מען געקענט זעהן דעם באָדען, עס איז אָבער געווען א זאָנדערבאַרעס מעער, א זעלטענס מעער, א נייעס מעער.

— וואָס זאָל עס הייסען? האָט ענדליך גראף טימאשאוו אויסגערופען.

— מיר דאכט, אז דיא וועלט איז אונטערגעגאנגען און נור מיר זיינען איבערגעבליעבען, האָט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ געזאָגט טרויעריג, עס קומט מיר פאָר, אז מיר שווימען יעצט ארום אויף דעם וואסער, וויא פאטער נח און זיין תיבה, דיא איינציגע לעבעדיגע מענשען נאָך דעם מבול.

אייניגע מינוט האבען אלע געשוויעגען. ענדליך האט גראף טימאשאוו געפרעגט:

— וואָס זאָלען מיר יעצט טאָהן? זאָלען מיר זיך אומקערן צו קאפּיטאן סערוואדאקס אינזעל אָדער זאָלען מיר ווייטער פאהרען?

— מיר מוזען ווייטער פאהרען, האט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ געענטפערט.

— אָבער וואוהין? האט גראף טימאשאוו געפרעגט.

— מיר זיינען דער ווייל נאָך ניט צו געקומען צו קיין ברעג און האבען קיין לאנד געפונען אויסער קאפּיטאן סערוואדאקס אינזעל, האָט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ ערקלערט, אָבער וואו עס געפינט זיך וואסער, דאָרט מוז זיך געפינען לאנד, דאָס איז א געזעץ פון דער נאטור, ווען איהר דארפט האבען אביסעל וואסער, מוזט איהר עס האלטען אין עפּעס: אין א גלאָז, אין א טאָפּ, אין אייער האנד, אין א בעכער, זאנסט קענט איהר קיין וואסער האבען. ווען מיר פאהרען ארום אויף א וואסער, מוז דיעזעס וואסער זיך האלטען אין א רעזערוואואר, אין א געפעס, אין א כלי, אין א פעסטער זאך, וועלכע מיר רופען ערד און שטיינער, מיר מוזען אלזאָ קומען צו א ברעג, דאס הייסט, צו דער וואנט פון דעם רעזערוואואר, מיר מוזען אלזאָ פאהרען ווייטער.

— דאן פאָהרט! האָט סערוואדאק אויסגערופען, פאָהרט וואָס אָם שנעל־סטען! מיר מוזען דאָך זעהן צו קומען ערגעץ, וואו מיר זאָלען ענדליך געוואהר ווערן, וואָס מיט אונז האָט פאסירט און וואו מיר זיינען ערגעץ אין דער וועלט.

— פאָהרט, וואוהין איהר פערשטעהט, האָט גראף טימאשאוו געזאָגט ערנסט און טרויעריג, עס איז יעצט ניט דיא פראגע, וואוהין צו פאהרען, מיר מוזען צו קומען צו אן אָרט, וואו עס וואוינען מענשען.

עס זיינען ווידער פערגאנגען צוויא טעג, און וועלכע עס האט גאר ניט פאסירט, דעם דריטען טאג גאנץ פריה האט דער מאטראז אויף דער וואך אויסגערופען:

— לאנד! לאנד!

אלע האבען זיך אויפגעחאפט, ווי די אפגעבריהטע און זיינען געלאפען זעהן דאס לאנד ווער עס האט נור געהאט א טעלעסקאפ. דער האט איהם גע־חאפט און איז געלאפען בעטראכטען דאס לאנד, צו וועלכער מען איז צו געקומען.

ליידער האט מען געזעהן נור א הויכע, גלאטע וואנט פון שטיין. קיין בורטע, קיין שפאלט, קיין אריינגאנג. א הויכער און א גלאטער שטיין האט אלעס פערשטעלט.

— דאמפף צוריק! האט קאמאנדירט פראקאפ.

ער האט מורא געהאט, די „דאברינא" זאל זיך ניט אנשלאגען אן שטיין. דער אינזשענער טינעלעוו האט באלד געגיבען: דאמפף צוריק. ווען די „דאברי־ניא" איז געווען אזוי וויט פון דער שטיינערנער וואנט, אז מען האט מעהר ניט געהאט, וואס מורה צו האבען פארן שטיין, האבען אלע אויסגעשטעלט זייערע טעלעסקאפען אויף דען שטיין.

— וואס זאל עס זיין? האט סערוואדאס געפרעגט, איז עס א אינזעל אדער א לאנד?

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. מען האט געזעהן פאר זיך א נאקע־טען שטיין, אויף וועלכען עס האט קיין גרעזעלע, קיין בלעטעלע ניט געוואקסען.

— וואס פאר א לאנד דארף עס זיין? האט ענדליך גראף טימאשאוו געפרעגט.

— עס דארף זיין מאראקקא, אבער עס איז ניט מאראקקא, האט שיפסקאפ־פיטאן פראקאפ געענטפערט.

— אלזא וואס טהוט מען?

— מיר מוזען ווייטער פאהרען, ביז מיר וועלען דאך עפעס געפינען.

טרויעריג, דעם קאפ אראפגעלאזען און פערטראכט זיינען אלע אראפגעגאנ־גענגאנגען אין די קאיוטע און האבען זיך געזעצט עסען פריהשטיג.

די לופט איז געווארען שווערער, דער הימעל האט אנגעהויבען זיך צו בע־דעקען מיט וואלקענס. שיפסקאפיטאן פראקאפ האט א קוק געטאהן אויף דעם באראמעטער און האט געזאגט צו זיך אליין:

— עס קומט אַן אַ שטורם. איך מוז פאַרזיכטיג זיין.

ער איז ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק און האט געהייסען זיך פאַרבערייטען אויף א שטורם. מען האט געבונדען און בעפעסטיגט אלעס, וואס איז ניט געווען אזוי פעסט, מען האט אויסגעצויגען שטריק אויף דעם גאנצען דעק, אז די מאַטראָזען, זאָלען האבען אן וואָס זיך צו האלטען. קורץ מען האט זיך פאַרבערייטעט צו א שרעקליכען שטורם.

אונטערדעסען איז נאכט געוואָרען. די לופט איז געוואָרען שווערער, אָבער ניט דריקענד, וויא זיא איז געוועהנליך פאר א שטורם. שיפסקאפיטאן פּראקאָפּ האָט געהייסען פאהרען ווייט אין מעער, וויל וואָס ווייטער א שיף איז פון א ברעג אין דער צייט פון א שטורם, אלץ זיכערער איז זיא.

די קורצע נאכט איז באלד פאראיבער, עס איז געוואָרען טאָג, אָבער די זון האָט מען ניט געזעהן. שווערע, געדיכטע, בלייענע וואָלקען האבען בעדעקט דעם הימעל. קיין ווינטעלע האָט בעוועגט די לופט. דאס מעער איז געוואָרען „העסליך,“ אזוי רופען די מאטראָזען דאָס מעער, ווען עס איז, דאכט זיך, גאַנץ שטיל, אבער קורצע, שאַרפע, בייזע וועלען (כוואליעס) קומען איינע נאָך דער אנדערער און שלאָגען זיך אן די וואַנט שיף.

ערשט געגען מיטאָג האט דער שטורם אויסגעבראָכען מיט זיין גאנצער קראַפט, דער דונער האט גאָר ניט, אויפגעהערט, די בליצען האבען בעלייכטעט א ווילדעס מעער, וועלכעס האָט געקאָכט און געזאָטען, וויא אין א קעסטעל, און האט געשליידערט די „דאָברינא“ פון איין בערג וואסער צום אנדערן.

שיפסקאפיטאן פּראקאָפּ איז געשטאנען ביים רעדעל און האט אליין געפיהרט און רעגיערט דאָס שיף, אבער די הענטליך פון רעדעל פלעגען זיך אפט ארויס רייסען פון זיינע שטארקע הענד: דער שטורם איז געווען שרעקליך, אונגעוועהנליך, אונאטירליך.

## אַן ענגלישע פעסטונג.

אין דער צייט, ווען די „דאָברינא“ האט געקעמפפט מיט דעם שרעקליכען שטורם, זיינען געזעסען אין א שטיינערנעם הויז צוויא ענגלישע אפיציערן און האבען געשפּיעלט שאך.

— מאיאָר מאָרפי, איך זאָג אייך: שאך דעם קעניג! האט געזאָגט איינער.

— קעפטען אָליפאנט, איך האב איהם געשיצט, האָט געענטפערט דער אנדרער.

זיי האבען אזוי געשפּיעלט שאַך, זייט עס האט פּאסירט דיא קאטאַסטראָ־פע דען 31טען דעצעמבער. היינט איז שוין געווען דער 17טע פעברואר און זיי האבען אלץ נאָך געשפּיעלט שאַך. אין גאנצען האב ... געשפּיעלט אין דיעזען אַרט פינפצעהן סאָלדאטען און צווייא אָפיציערן. אזוי וויא זיי האבען אבער ניט געהאט וואָס צו טאָהן, האט מען געשפּיעלט שאַך, דיא סאָלדאטען האבען געשפּיעלט אין קאַרטען און קיינעם האט ניט געקימערט, וואָס אלעס האָט זיך געענדערט אין דער נאטור.

— איך זאָג אייך נאָך אמאָל: שאַך דעם קעניג! האָט קאפּיטאן אָליפאַנט אויסגערופען.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דער קאפּאָראל און האָט זיך געשטעלט מיט דער האנד ביי זיין הוט.

— וואס ווילסט דוא, טאָם? האט קאפּיטאן אָליפאַנט אויסגערופען בייז.

— הערר קאפּיטאן, עס איז צייט, אז מען זאָל אונז אויסצאהלען אונזער געהאלט, האָט דער קארפּאָראל געזאָגט, אזוי וויא מיר האבען יעצט נור 6 שטונדען טאָג און 6 שטונדען נאכט, קומט אונז א דאָפּעלעס געהאלט, ווייל יעדען טאג, וואס מיר דיענען, איז א דאָפּעל טאג, אונז קומט אלזאָ פאר פיער מאנאטע אונזער געהאלט.

קאפּיטאן אָליפאנט האט אָנגעקוקט זיין קאפּאָראל מיט שטוינען און פער־וואונדערונג, אין דער ערשטער מינוט האָט ערווירקליך ניט געוואוסט וואָס איהם צו ענטפערן, דער פּראקטישער טאָם האָט דאָך רעכט. ענדליך האט ער זיך איבערלעגט און האָט געזאָגט:

— אין דיא רעגולאציאָנען פון דער ארמעע שטעהט דייטליך אז דער טאָג פון א סאָלדאט ווערט גערעכענט פון זאָנען אויפגאַנג ביז זאָנען אויפגאַנג, עס מאכט ניט אויס, אויב דיעזע צייט איז 24 שטונדען אָדער נור 12 שטונדען און דארום וועט איהר בעקומען אייער געהאלט פאר פיער מאָנאטע. ענגלאנד איז רייך, ענגלאנד קען עס בעהויפּטען.

דער קאפּאָראל האט זיך פערנייגט, און איז אלץ געבליעבען שטעהן.

— וואָס נאָך ווילסט דוא, טאָם? האָט קאפּיטאן אָליפאַנט געפּרעגט.

— דיא רעגולאציאן פון דער ארמעע שרייבט פאָר, אז א סאלדאט זאָל

בעקומען פיער מאל צו עסען יעדען טאג, אזוי ווי דיא טעג זיינען אבער נור 6 שטונדען, ווייס איך נים, אויב איך זאל גיבען מיינע סאָלדאטען פיער מאל צו עסען אין 6 שטונדען אָדער נור פיער מאל אין 12 שטונדען?

— גיב זיי צו עסען פיער מאָל אין טאָג, האָט קאַפּיטאַן אָליפאַנט ענטשיידען, א טאג איז א טאָג, עס מאכט ניט אויס, אויב דער טאָג איז 6 שטונדען אדער 12 שטונדען.

ענגלאנד איז רייך און קען זיך שוין ערלויבען צו גיבען איהרע סאלדאטען גענוג צו עסען.

— אבער דאן וועט דאָך פון איין מאל עסען ביז צום צווייטען מאל געדויערן נור אָנדערט האלב שטונדען, האָט מאַיאָר מאָרפּי בעמערקט. דער גאנצער טאָג בעשטעהט פון 6 שטונדען און דיא סאלדאטען אין דיעזע 6 שטונדען עסען פיער מאל, וועט דאָך פון איין מאָל עסען ביז צום אנדערן מאָל אוועקגעהן נור אנדערט האלב שטונדען, איז דאס ניט צו וועניג?

— פאר אנדערע סאלדאטען וואָלט עס געווען צו פיעל, פאר ענגלענדער אבער איז ניטאָ קיין צו פיעל, האָט קאַפּיטאַן אָליפאַנט געענטפערט, ענגלאנד איז רייך און קען זיך אלעס פערגינען.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט אויסשיעסען פון א קאנאָנע. דער קאַפּיטאַן, דער מאַיאָר און דער קאַפּאָראל זיינען געבליעבען שטעהן ווי פערשטיינערט.

— וואָס זאָל דאָס זיין? איז עס א פיינד, וועלכער איז געקומען צו אונז? האָט דער מאַיאָר ענדליך אויס גערופען.

— ניין! דאָס האט ענגלאנד געשיקט א שיף נאָך אונז! האָט קאַפּיטאַן אָליפאַנט געענטפערט שטאָלץ. — ענגלאַנד פערגעסט ניט זיינע סאָלדאטען.

— דאן לאָמיר געהן בעגריסען אונזערע קאמעראדען! האָט מאַיאָר מאָרפּי געזאָגט.

אלע דריי זיינען ארויס געגאנגען און האבען זיך געשטעלט אויף דעם הויכען ברעג זעהן, ווער עס קומט. ערשט יעצט האבען זיי בעמערקט, אז אויף דעם מעער הערשט א שרעקליכער שטורם און א שיף ראנגעלט זיך מיט דיא שרעקליכע וועלען. ערשט יעצט האבען זיי פערשטאנען, אז דאס זיינען קיינע בעגריס-סונג שיסע, זאָנדערן נאטהשיסע. דאס שיף געפינט זיך אין דער נויט און עס האָט געגיבען א נויט סיגנאל.

— וואס זאל דאס זיין פאר א שיף? האט דער מאיאר געפרעגט.

דער קאפיטאן האט געהאט ביי זיך א טעלעסקאפ און האט אנגעהויבען צו קוקען דורך איהם.

— עס איז א רוסישעס שיף, האט ער געזאגט, עס ועהט אויף איהר פון דעם פארזענקלבוים דיא רוסישע פאהן.

— פון דעסט וועגען דארפען מיר איהר העלפען, האט דער מאיאר בעמערקט.

אבער וויא אזוי? מיר האבען קיין באאט צו שיקען צו איהר, מיר האבען זאגאר קיינע מאטראזען ביי אונז.

— מיר האבען א קאנאנע, האט דער מאיאר ערקלערט, לאמיר אויסשיעסען, ווען מען וויסען אויף דער שיף, אז דא געפינען זיך מענשען.

קאפיטאן אליפאנט האט געהייסען דעם קאפאראל שארף אנלאדען דיא קאנאנע און אויסשיעסען. אין א פיערטעל שטונדע איז עס געשעהן. דיא קאנאנע האט אויסגעשאסען, אבער אה וואונדער! דיא קוגעל איז געפלויגען פיעל וויטער פון האריזאנט.

וואס איז דאס? וויא איז דאס מעגליך? האבען אויסגערופען אלע דרייא מיט א מאל. וו[illegible]ן מען ש[illegible]ט אויס פון א קאנאנע, קען מען זעהן, וויא דיא קוגעל פ[illegible]יהט נור ב[illegible] [illegible]ם האריזאנט, דאס הייסט, ביז צו דער ליניע, וואו אונזערע אויגען זעהן, אז דער הימעל קומט זיך צו נויף מיט דער ערד. יעצט אבער האבען מיר געזעהן, וויא זיא איז געפלויגען פיעל וויטער, וואס זאל דאס זיין? ............

אונטער דעסען האט מען אויף דער „דאבריניא“ געהערט דעם שוס און שיפסקאפיטאן פראקאפ האט אויסגעדרעהט זיין שיף צו דעם ארט, פון וואנען מען האט אויסגעשאסען.

— מענשען! דארט זיינען דא מענשען! האט גראף טימאשאוו אויסגערופען, — אלזא זיינען מיר ניט דיא איינציגע, וועלכע זיינען איבערגעבליעבען נאך דער קאטאסטראפע פון 31טען דעצעמבער.

מיט שווערער מיה איז עס געלונגען דעם שיפסקאפיטאן פראקאפ אויסצרגעפינען א קליינע בורטע, א שפאלט אין שטיין, וואו ער האט אריינגעפיהרט דיא „דאבריניא.“ באלד האט מען אראפגעלאזען א באאט און גראף טימאשאוו מיט קאפיטאן סערוואדאק זיינען ארויס אויף דעם ברעג און זיינען גלייך

צו נעגאנגען צו דיא ענגלישע אפיציערן, דער לעבעדיגער אונרוהיגער פראנצויז האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט אויסגערופען:

— עס פרעהט מיך ענדליך צו געפינען מענשען! איך האב שוין געדאכט, אז מיר זיינען דיא איינציגע, וועלכע זיינען געבליעבען לעבען פון דער גרויסער קאטאסטראפע פון 31סטען דעצעמבער, יעצט זעה איך, אז עס זיינען געבליעבען נאך מענשען. דערצעהלט אונז, פריינדע, מיט מענשען, וואס האט מיט אייך פאסירט!

דיא ענגלענדער זיינען געשטאנען, וויא דיא קלעצער און האבען ניט געקענט־פערט א ווארט.

— אום גאטעס ווילען! זאגט אונז, האט איהר עפעס גאבריכטען פון ענג־לאנד, פון פראנקרייך, פון רוסלאנד אדער פון אנאנדער לאנד? האט קאפיטא־ סערוואדאק אויסגערופען.

— מיט וועמען האבען מיר דיא עהרע צו רעדען? האט ענדליך געפרעגט קאפיטאן אליפאנט.

ערשט יעצט האט זיך סערוואדאק דערמאנט, אז דיא ענגלענדער זיינען גאנץ משוגע איבער זייער עטיקעטע. זיי וועלען ניט רעדען צו א מענשען, וועל־כער איז זיי ניט פארגעשטעלט געווארען נאך אלע רעגעלן פון דער ענגלישער צערעמאניע. ער האט דאהער אויסגערופען:

— גראף טימאשאוו פון רוסלאנד! קאפיטאן העקטאר סערוואדאק פון גע־נעראל שטאב פון דער פראנצייזישער ארמעע פון פראנקרייך.

דיא ענגלענדער האבען זיך פערניגט און מאיאר מארפי האט געזאגט גאנץ ערנסט, גלייך וויא ער וואלט געשטאנען פאר קעניגען וויקטאריא:

סער דשאן טעמפל אליפאנט קאפיטאן ערטשער קלאסע פון 120סטען אינאפאנטעריע רעגימענט פון איהר קעניגליכער מאיעסטעט. — העגרש פיניגאן מארפי מערדשאנט מעדשאר פון 120סטען אינפאנטעריע רעגימענט פון איהר קעניגליכער מאיעסטעט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך פערניינט. גראף טימאשאוו און העקטאר סערוואדאק האבען זיך נאך אמאל פערניינט. ווען א פרעמדער וואלט דערביי געשטאנען, וואלט ער געמיינט, אז ער געפינט זיך אין א בינעזישען טעמפעל. וואו דיא פרומע פערניינען זיך פאר זייער געץ.

— מיינע הערען, איהר ווייסט געוויס, וואס עס האט פאסירט אין דער נאכט פון 31טען דעצעמבער, האט העקטאר סערוואדאק געזאגט, עפעס איז פארגעקומען אן איבעריקעהרענעש אין דער גאנצער נאטור. איהר האט געוויס בעד מערקט, אז טאג און נאכט האבען יעצט נור צו 6 שטונדען, אויסער דעם האבען זיך פיעלע זאכען געענדערט, גאנצע לענדער זיינען פערשוואונדען געווארען.

— נים ענגלאנד, האט איהם אונטערבראכען מאיאר מארפי, ענגלאנד קען נים פערשוואונדען ווערן, עס שטעהט צו פעסט אין מעער און וועט אייביג בלייבען.

קאפיטאן סערוואדאק האט זיך געמאכט נים הערענדיג און האט ווייטער דערצעהלט, אז זיי פאהרען שוין ארום אויפ'ן מעער זיים צוויא וואכען און האבען נים געפונען פיעלע לענדער.

— מיר זיינען צוגעפאהרען צו דער אינזעל מאלטא, אבער דיא אינזעל איז פערשוואונדען געווארען, האט סערוואדאק דערצעהלט.

— דאס איז אונמעגליך! האט קאפיטאן אליפאנט אויסגערופען, מאלטא געהערט צו ענגלאנד אין א אינזעל, וועלכע געהערט צו ענגלאנד קען נים פער־שוואונדען ווערן.

דא האט שוין גראף טימאשאוו זיך נים געקענט איינהאלטען און האט אויסגערופען:

— אבער מיינע הערען, אויך אלזשיר איז פערשוואונדען געווארען, אויך סיציליען האב איך נים געקענט געפינען, דארט וואו עס דארף זיך געפינען דיא שפאנישע פעסטונג דשעאוטא, האבען מיר געטראפען א גלייבע שטיינערנע וואנט.

— דאס איז אלעס מעגליך, וויל זיי געהערן נים צו ענגלאנד, האט קאפי־טאן סער אליפאנט געזאגט גאנץ ערנסט, לענדער, וועלכע געהערן צו ענגלאנד, קענען אויף קיין פאל נים פערשווינדען.

— אבער וויא קומט איהר דען אהער? האט גראף טימאשאוו געפרעגט.

— מיר זיינען אין דער ענגלישער פעסטונג גיבראלטאר, האט סער אליפאנט געענטפערט שטאלץ.

— גיבראלטאר איז דאך קיין אינזעל, עס איז דאך א שטיק פון שפאניען און מיר האבען דאך געזעהן, אז איהר געפינט זיך אויף אן אינזעל, האט גראף טימאשאוו אויסגערופען, וואו איז דען אהינגעקומען שפאניען?

— וואָס געהט אונז אָן? האט דער ענגלענדער געענטפערט שטאָלץ, שפּאַ־ניען איז אונטערגעגאַנגען, גיבּראַלטאַר איז געבליעבען, ווייל עס געהערט צו ענגלאַנד.

— האָט איהר ערהאַלטען נאַכריכטען פון ענגלאַנד, זיִיט די קאַטאַסטראָ־פּא האָט פּאַסירט? האט קאַפּיטאַן סערוואַדאַק געפרעגט.

— צו וואָס דאַרפען מיר נאַכריכטען? האָט דער ענגלענדער געענטפערט שטאָלץ, ווען אונזער רעגיערונג וועט וועלען, וועט זיא אונז שיקען איהרע בעפעהלע.

גראַף טימאַשאָוו און העקטאָר סערוואַדאַק האַבען נאָך פּראָבירט אויספרע־גען די ענגלענדער, אויב זיי קענען ערקלערען די ענדערונגען, וועלכע זיינען פאָר־געקומען אין דער נאַטור, די ענגלענדער אבער האַבען געענטפערט, אַז דאָס אַלעס וועט מען ערקלערען אין לאָנדאָן, וואו עס געפינען זיך די גרעסטע געלערנטע פון דער וועלט. זיי אַבער זיינען נור סאָלדאַטען פון דער קעניגין וויקטאָריא און דאַרפען אויספאָלגען נור די בעפעהלע פון זייערע גענע־ראַלען.

דאָס איז געווען אַלעס, וואָס גראַף טימאַשאָוו און קאַפּיטאַן סערוואַדאַק האָבען געקענט אַרויסקריגען פון די ענגלענדער. זיי האָבען דאַהער אַבשיעד גענומען פון די ענגלענדער און זיינען צוריקגעגאַנגען צו דער „דאָבּריניא." די ענגלענדער זיינען זאָגאַר געווען אַזוי גראָב ניט איינצולאַדען די פרעמדע געסט אויף מיטטאָג.

אַזוי וויא די קליינע בוכטע, וואו די „דאָבּריניא" האט זיך געפונען, איז געווען געשיצט פון דרייא זייטען פון ווינד און דאָס מעער האָט נאָך אַלץ גע־קאָכט און גערוישט, האט שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ געראַטהען, זיי זאָלען דאָרט בּלייבען, ביז דער שטורם וועט פאָראיבער געהן און דאָס מעער וועט זיך בערוּ־היגען. די ענגלענדער זיינען צוריק געגאַנגען שפּיעלען שאָך און האָבען זאָגאַר ניט געהאט די נייגירדע אַראָפּ צו געהן פון זייער פעסטונג און בעטראַכטען דאָס פרעמדע שיף.

דרייא טעג איז די „דאָבּריניא" געבליעבען אין דער בוכטע פון גיבּראַל־טאַר דער שטורם האט ענדליך אויפגעהערט. דאָס מעער האט זיך בערוּ־היגט, דער הימעל איז ווידער געוואָרען קלאָר און ריין. די „דאָבּריניא" איז ווידער אַרויסגעפאָהרען.

— וואוהין זאָלען מיר יעצט פאהרען? האט גראף טימאשאָוו געפרעגט.

מיר מוזען זעהן, וויא גרויס יעצט איז גיבראלטאר, האט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ געענטפערט.

אין איין טאג, דאָס הייסט, אין 6 שטונדען, זיינען זיי ארומגעפאהרען דיא אינזעל.

— וואָס זאָל עס הייסען? האט סערוואדאק אויסגערופען, וואו איז אהינ־געקומען שפּאניען? וואו איז אהינגעקומען מאראָקקאָ?

— מיינע העררען, מיר דאכט, אז...... האט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ אנגע־הויבען צו זאגען און איז שטיל געבליעבען.

— זאָגט ארויס אלעס! האט גראף טימאשאָוו געבעטען, זאָגט אונז אייער מיינונג.

— מיר דאכט אז מיט אונז האט פּאסירט אזאָנדערבארע געשיכטע, האט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ געזאָגט לאנגזאם, מיר דאכט, אז דיא ערד האט זיך אנגעשלאָגען אן א גרויסען שטערן און דיעזער שטערן האט אָפּגעריסען א שטיק ערד. מיר געפינען זיך אלזאָ ניט אויף דער ערד, זאָנדערן אויף דעם שטערן. נור אויף דיעזער ארט קען איך מיר ערקלערן, וויא עס קומען דיא ענגלענדער און זייער פעסטונג גיבראלטאר, וויא אזוי עס האָט זיך געבילדעט דיא אינזעל, וואו מיר האבען געלאזען בן זוף מיט דיא בהמות, נור אויף דיעזער ארט קען איך מיר ערקלערן, פאר וואָס מיר האבען נור 6 שטונדען טאָג און 6 שטונדען נאכט. דיא ערד דרעהט זיך ארום אין 42 שטונדען ארום זיך אליין און דארום האבען מיר אויף דער ערד 12 שטונדען טאג און 12 שטונדען נאכט, דער שטערן אָבער, אויף וועלכען מיר געפינען זיך, דרעהט זיך ארום אין 12 שטונדען ארום זיך אליין און דארום האבען מיר נור 6 שטונדען טאג און 6 שטונדען נאכט. נור אויף דיעזער ארט קען איך מיר ערקלערן, פאר וואָס אלעס איז יעצט געוואָרען לייכטער: מיר געפינען זיך אויף א שטערן, וועלכער איז קליינער פון דער ערד און דארום האט ער א שוואכערע אנציעהונגס קראפט, כח המושך, דאס איז דיא אורזאכע, וואס אלע זאכען זיינען יעצט לייכטער.

— גאנץ ריכטיג, האט גראף טימאשאָוו געזאָגט, פאר וואָס איז דען א זאך שווער? ווייל דיא ערד ציעהט זיא צו זיך, ווען דיא ערד קען עס אבער ניט שלעפּען צו זיך, איז עס לייכט.

— דיא ערקלערונג פון שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ איז צוואר אין פיעלע בעציעהונגען

ריכטיג, האט העקטאר סערוואדאק געזאגט, אין גאנצען ריכטיג איז זיא אבער דאך נים. זיא ערקלערט נאך ניט אלעס.

— ווארום? האט דער גראף געפרעגט.

— ווייל נאך דיעזער ערקלערונג געפינען מיר זיך יעצט אויף אנאנדער שטערן, וואלטען מיר דאך געדארפט זעהן אנדערע מינעראלען, אנדערע מאטעריאלען, נייע שטאפען, פון וועלכע מיר האבען גאר קיינע אידעע.

דאס קומט דער פון וואס מיר געפינען זיך נאך אין דעם שטיק לאנד, וועלכעס דער נייער שטערן האט אפגעריסען פון דער ערד, האט שיפסקאפיטאן פראקאפ געענטפערט.

— ווען מיר זאלען זיך געפינען נאך אין דעם שטיק פון דער ערד, וואלטען מיר דאך געדארפט יעצט זיין אין שפאניען, האט סערוואדאק געזאגט. נאך אייער ערקלערונג איז גיבראלטאר אפגעריסען געווארען פון דער אלטער ערד, שפאניען איז אלזא געבליעבען אויף דער ערד, אלזשיר איז געבליעבען אויף דער ערד, נור דיא אינזעל וואו בן זוף געפינט זיך און גיבראלטאר האבען זיך צו געקלעפט צום שטערן, אלזא דארפען מיר באלד קומען צו גאנץ נייע לענדער און געפינען גאנץ נייע בעשעפענישען און גאנץ נייע מינעראלען, דער וויל האבען מיר נאך קיין נייעס געזעהן.

אויף דיעזע פראגען האט פראקאפ ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

— לאמיר ווייטער פאהרען, לאמיר ווייטער זוכען, האט גראף טימאשאוו ענדליך געזאגט.

— בער וואוהין זאלען מיר פאהרען? האט פראקאפ געפרעגט.

— וויא באלד מיר געפינען זיך אין דער געגענד, וואו שפאניען דארף זיין, לאמיר פאהרען זוכען שפאניען, וועלען מיר ניט געפינען שפאניען, וועלען פאהרען זוכען פראנקרייך, האט גראף טימאשאוו געזאגט.

— און וועלכען מיר פראנקרייך אויך ניט געפינען, וועלען מיר פאהרען זוכען רוסלאנד, האט סערוואדאק צו געזעצט.

---

6טעס קאפיטעל.

## א פלאש אין מעער, א נייע רעטעניש.

דיא „דאבריניא“ האט אנגעגומען פרישעס וואסער אין גיבראלטאר און איז עצט געפאהרען אין דער געגענד וואו עס האט געדארפט זיך געפינען שפאניען. אויפ'ן צווייטען טאג נאך דער אב רייזע פון גיבראלטאר האט דער מאטראז אויף דער וואך ווידער אויסגערופען:

— לאנד! לאנד!

אלע זיינען ארויסגעלאפען אויפ'ן דעק און האבען געקוקט אויף דאס לאנד. נאך זייער רעכנונג האבען זיי זיך געדארפט געפינען נים ווייט פון דעם שפאני־שען פארטשטאד קאדיז, אבער דארט איז דאס לאנד פלאך און זיי האבען דער זעהן פאר זיך ווילדע, צו ריסינע, צו ברעקעלטע שטיינער, א נייעס לאנד, אז נייע געגענד. זיי האבען געוואלט צו פאהרען צו א ברעג, דאס איז אבער געווען אונמעגליך: דער ברעג האט זיך אויפגעהויבען פון מעער, וויא א גלייבע וואנט.

— מיר דאכט, אז פראקאפ האט דאך רעכט, האט גראף טימאשאוו גע־זאגט, דאס איז נים שפאניען, זאנדערן א גאנץ נייעס לאנד, מיר געפינען זיך ווירקליך אויף א שטערן.

קאפיטאן סערוואראק האט שוין יעצט געשוויעגען. וואס האט ער דען גע־קענט זאגען? אלעס איז געווען ניי, אלעס איז געווען א וואונדער. אז דיעזעס לאנד איז נים שפאניען, איז געווען דייטליך גענוג.

זיי זיינען געפאהרען ווייטער און זיינען צו געקומען צו דעם ארט, וואו עס האט זיך געדארפט געפינען דיא שטאדט מאלאגא, אבער אויף דארט האבען זיי געזעהן נור ווילדע צו ריסענע שטיינער, קיין בוים, קיין גרעזעלע און קיין לעבעדיגע זאך.

— מיר מוזען געפינען א פלאטץ, וואו מיר וועלען קענען ארויסגעהן און בעד־טראכטען דאס נייע לאנד, וואו מיר געפינען זיך. אלזא ווייטער פאהרען, האט גראף טימאשאוו געזאגט.

אויפ'ן דרימען טאג נעגען מיטאגס צייט, ווען אלע זענען געזעסען ביים מי־טאג, האט דער מאטראז פון דער וואך אויסגערופען:

— עפעס שווימט אויפ'ן וואסער!

אלע זיינען ארויס געלאפען אויפ'ן דעק, וויא דיא אפגעבריהטע, און האבען געקוקט אויף דעם ארט, וואו דער מאטראז האט געוויזען.

— עס איז א פלאש! האט סערוואדאק אויסגערופען.

מען האט ארויפגעלאזען א באאט צוויא מאטראזען האבען זיך אין איהם אריינגעזעצט און זיינען נעפאהרען ארויסצופישען דיא פלאש. זיי האבען עס אויך באלד ארויסגעפישט און האבען עס געבראכט אויפ'ן דעק. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז עס איז קיין פלאש, זאנדערן א לעדערנעס שאכטעל פון א טעלעסקאפ.

מען האט עס בעטראכט פון אלע זייטען און מען האט געפונען דארויף נור א שטעמפעל מיט דיא בוכשטאבען *P. R.* דאס איז אלעס. דיעזעס שאכטעל איז געווען פערגאסען מיט וואקס, אום וואסער זאל נים צו קומען אינעווייניג. מען האט אראפגענומען דאס וואקס און מען האט עס געעפענט. אינעווייניג איז גע־לעגען א קליין בלעטעלע ליגירטעס (געווירעטעס) פאפיער מיט פאלגענדער אויפשריפט אין דער פראנצייזישער שפראכע.

גאלליא ? ! ?

דען 15 פעברואר — פון דער זון 59.000.000 מייל!

פון ערשטען יאנואר ביז 15 פעברואר דורכגעלאפען 82.000.000 מייל!

אלעס גוט! אלל רייט! וואבענע! פארפעע!

איינינע מינוטען זיינען אלע געשטאנען, וויא פערשטיינערט. קיינער האט נים פערשטאנען, וואס דאס איז און וואס דיעזע אויפשריפט אדער צושריפט מיינט.

— דאס האט געווים א מענש אריינגעווארפען אין מעער, האט ענדליך שיפסקאפיטאן פראקאפ געזאגט וויא צו זיך אליין, אבער וואס הייסט עס? צו וואס האט ער עס געטאהן? וואס איז דער זינן פון דיעזע ווערטער? — גאלליא? איז דען דא א שטערן, וועלכער הייסט גאלליא? גאלליא האט א מאל געהייסען פראנקרייך, אבער דיעזען נאמען געפינט זיך נור אין דיא אלטע ביכער.

— א נייע רעטעניש, א נייע געהיימניס, האט גראף טימאשאוו געזאגט שטילערהיים.

— דען 15טען פעברואר, האט קאפיטאן סערוואדאק געטראכט אין דער הויך, — דען 15טען פעברואר, היינט האבען מיר דען 28טען פעברואר, אלזא איז דיעזעס פאפיער געשריעבען געוואָרען מיט 13 טעג צוריק, ער האט עס אריינגע־ווארפען אין מעער, אלזא האט ער גערעכענט, אז מענשען וועלען עס געפינען...... אבער פאר וואָס האט ער זיין נאמען ניט אונטער געשריעבען? פאר וואס האט ער ניט אנגעשריעבען, וואו ער געפינט זיך און וואו ער האט אריינגעוואָרפען דיעזע שאכטעל אין מעער? פאר וואָס האט ער געשריעבען דיא לעצטע ווערטער אין דייטש, ענגליש, לאטיין און פראנצייזיש? — אויף דיעזע פראגען איז געווים שווער צו בעאנטוואָרטען.

— מיינע הערען, לאָמיר נאָך אמאָל איבערלעזען דאס צעטעלע און לאָמיר זיך גיבען דיא מיה עס צו פערשטעהן, האט גראף טימאשאָוו געזאגט. עס איז דאָך דייטליך, אז דאָס האט געשריעבען א געלערנטער מאן, וועלכער האט גע־וואוסט, וואָס ער שרייבט; ווען ער האט עס אריינגעוואָרפען אין מעער, האט ער וואהרשיינליך גערעכענט, אז מענשען וועלען עס געפינען און וועלען זיך דער מיט בענוצען.

זיי האבען איבער געלעזען דאָס צעטעלע נאך אמאָל און נאך אמאָל און האבען זיך פערטראכט, ענדליך האט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ געזאָגט.

— מיר דאכט, אז דיעזעס צעטעלע בעשטעטיגט מיינע מיינונג, אז עפעס א שטערן האט זיך אנגעשלאָגען אן דער ערד און האט אפגעריסען פון איהם א שטיק. זעהט, דאָס צעטעלע הייבט זיך אן מיט דעם וואָרט: גאלליא??? מיט דרייא פראגע צייכען. וואָס הייסט עס? — דער שרייבער רעכענט, אז דער שטערן גאלליא האט עס אפגעריסען א שטיק פון דער ערד, ער איז אבער ניט זיכער, אז דאָס איז געוועזען דיא גאלליא, דארום האט ער געשטעלט דרייא פראגע צייכען.

— דאָס קען זיין, האט גראף טימאשאָוו געזאָגט.

— ווייטער שטעהט אין צעטעלע: דען 15טען פעברואר פון דער זון 59,000,000 מייל. דאס איז אויך פערשטענדליך, דען 15טען פעברואר איז דיא גאלליא געוועזען ווייט פ ר זון ניין און פינפציג מילליאָן מייל. דאס איז גאנץ מעגליך, דערפאר האבען מיר געהאט א זעלכע היצען, דיא גאלליא איז געוועזען מיט א מילליאָן מייל נעהנטער צו דער זון, וויא דיא ערד.

— דאָס גלויב איך ניט, ווען דיא גאלליא איז געוועזען מיט א מילליאָן מייל

נעהנטער צו דער זון, וויא דיא ערד, וואָלט דיא היץ געווען גרעסער, מיר וואָל־
טען זיא ניט געקענט אויסהאלטען.

— דיא פראגע איז, וויא פיעל צייט האט געדויערט דיעזע פעריהעליום?
האט פראָקאָפּ געפרעגט.

— וואָס הייסט פעריהעליום? האָט געפרעגט א מאטראָז, וועלכער האט
זיך געראדע צו געהערט צו דעם געשפרעך.

— פעריהעליום הייסט דער פונקט, ווען א פלאנעט אדער דיא ערד
איז אם נאהענסטען צו דער זון, א פעהעליום הייסט דער פונקט, ווען א
פלאנעט אָדער דיא ערד איז אם ווייטעסטען פון דער זון. אזוי וויא אלע פלאנע־
טען דרעהן זיך ארום דער זון ניט אין א גאנץ קיילעכדיגען וועג, זאָנדערן אין א
לענגליכען קרייז, וועלכען מען רופט עליפּסוס, קומט אויס, אז ווען א פלאנעט
דרעהט זיך ארום זיין גאנצען וועג ארום דער זון, מוז ער זיין צווייא מאל אין
פעריהעליום אין צווייא מאל אין א פעהעליום.

— אויף דיא פראגע, וויא פיעל האט געדויערט דאס פעריהעליום? איז
יעצט שווער צו אנטווארטען, האט פראָקאָפּ געזאָגט, עס איז מעגליך, אז דער
שרייבער פון דעם צעטעלע האט עס אליין ניט געוואוסט, זיכער איז נור,
אז ער איז אן אסטראָנאָם און ער האט ביי זיך אלערליי אסטראָנאָמישע
אינסטרומענטען.

— שאדע, וואָס מיר האבען ניט מיט גענומען מיט זיך אסטראָנאָמישע
אינסטרומענטען, האט גראף טימאשאָוו געזאָגט, מיר וואָלטען יעצט געקענט
זיי בענוצען.

— אך! מען קען ניט אלעס לערנען און אלעס קענען, האט שיפסקאפּיטאן
פּראָקאָפּ געזיפצט.

— מיר מוזען אלזאָ אננעהמען, אז מיר געפינען זיך יעצט אויף א שטערן,
וועלכער הייסט גאלליא, האט גראף טימאשאָוו געזאגט, דאס אליין איז
שוין זעהר פיעל, ווענינסטענס וויסען מיר, וואו מיר געפינען זיך ערגעץ אין
דער וועלט.

— מיר וויסען נאך גאר נישט, האט זיך געהיצט קאפּיטאן סערוואדאק,
איך קען נאָך ניט גלויבען, אז מיר געפינען זיך אויף א שטערן, ווייל איך
האב נאָך קיין נייע זאך ניט געזעהן, וואָס עס געפינט זיך ניט אויף דער
ערד.

— אבער איהר מוזט דאָך צוגיבען אז עפּעס נייעס איז דאָך געשעהן מיט אונז? האָט גראף טימאשאַוו געפרעגט.

— פיעלייכט האָט זיך אפּגעריסען א שטיק ערד און איז געוואָרען א שטערן פאַרזיך? האָט סערוואדאק געפרעגט.

— לאָז זיין, ווי איהר זאָגט, האָט גראף טימאשאַוו געענטפערט, פאַר וואָס זאָלען מיר ניט רופען דיעזען נייען שטערן דיא „גאלליא“?

מען האָט נאָך גערעדט, געטראכט און געקלערט א לענגערע צייט און עס איז ענדליך געבליבען, אז מען זאָל רופען דיעזעס נייע לאנד אדער דיעזע נייע וועלט „גאלליא.“

— וואס זאָלען מיר אבער יעצט טאָהן? האָט סערוואדאק געפרעגט.

— ווייטער פאהרען, האָט גראף טימאשאַוו געענטפערט, אזוי מיר געפינען זיך אויף א נייעם שטערן, אדער אויף א נייער וועלט, דארפען מיר זיא דאָך קענען, דארפען מיר זיא דאָך אויספאָרשען.

— צו וואָס? האָט סערוואדאק געפרעגט, וואָס וועט דען ווערן פון אונזער פאָרשען? וועלען מיר דען זיין אים שטאנד איבער צו גיבען וועמען אונזערע פאָר־שונגען? ווען מיר געפינען זיך ווירקליך אויף א נייעם שטערן, זיינען מיר דאָך דיא איינציגע מענשען אויף דער וועלט. מיר וועלען אויסשטארבען איינער נאָך דעם אנדערן און קיינער אויף דער וועלט וועט ניט וויסען, וואָס עס איז פון אונז געוואָרען. אלזאָ צו וואָס זאָלען מיר נאָך זוכען פאָרשען? לאָמיר בעסער זיך אומקעהרען צו מיין אינזעל און לאָמיר דאָרט בלייבען.

— איהר זייט פערצווייפעלט, מיין פריינד, האָט גראף טימאשאַוו געזאָגט מיט א פאָרוואורף, — דאָס האָב איך פון אייך ניט ערוואַרטעט. איהר דארפט דאָך נאָך געדענקען דאָס אלטע לאטיינישע שפּריכוואָרט *Orb'e fracto, Spes illaesa.* דיא וועלט קען צובראָכען ווערען אויף שטיקער, דיא האָפנונג בלייבט גאַנץ.

סערוואדאק האָט געשוויגען. וואָס האָט ער דען געקענט זאגען? וואָס האָט ער געקענט ערקלערן? דיא לאגע איז איז געווען א זאָנדערבארע, א פער־צווייפעלטע.

מען איז ווייטער געפאהרען. וואוהין? — דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט. מען איז געפאהרען אום עפּעס צו זוכען, מען איז געפאהרען אום זיך צו בעקענען מיט דער נייער וועלט. וואו מען האָט זיך געפונען.

דאָס וועטער איז געווען שעהן און אנגענעהם, ביי נאכט פלעגט זאָגאר זיין

קיהל, אבער עס פלעגט זיין א פערגניגען צו שטעהן ביי נאכט אויפ'ן דעק פון דער „דאָבריניא" אין א העלער נאכט און בעטראַכטען דיא מילליאָנען נייע שטערן, העלע שטערן, גלענצענדע שטערן, וועלכע האבען געגלענצט, געפונקעלט, געלייב־טעט און געווינקען פון ריינעם, בלויען הימעל.

איינע מאָג שפּעטער האט דער מאַטראָז אויף דער וואך ווידער אויסגערופען:

— לאַנד! לאַנד!

מען האט דיא גאנצע צייט געזעהן לאַנד פון דער וויטען, אבער עס איז געווען א ווילדעס לאַנד, ווילדע, הויכע, צו ריסענע, צו בראָכענע, צו ברעקעלטע שטיינער, יעצט אבער האָט מען דער זעהן א שמאָלעס, פלאַכעס שטיק לאַנד, בעוואקסען מיט ביימער און גראָזען.

— פאהרט צו דיעזען לאַנד, האט גראף טימאשאָוו געזאָגט צו זיין שיפס־קאַפּיטאַן.

אין א האלבע שטונדע איז דיא „דאָבריניא" צו געקומען צו דער נייער אינזעל. מען האט אראָפּגעלאָזען א באָאָט און סערוואדאָק, גראף טימאשאָוו און פּראָקאָפּ האבען זיך אריינגעזעצט און זיינען צו געפאהרען צום לאַנד. קוים האט גראף טימאשאָוו געשטעלט זיין פוס אויף דאס לאַנד, איז א יונג ציגעלע ארויס געשפּרונגען פון הינטער קליינע ביימעלעך און איז אנטלאָפען געוואָרען.

— לאָמיר נאָכגעהן דעם ציגעלע, האט גראף טימאשאָוו געזאָגט, זיא קען ניט אנטלויפען ווייט ווייל דיא גאנצע אינזעל איז דרייא מייל דיא לענג און דיא ברייט.

אלע דרייא זיינען נאָכגעגאנגען, ריכטיגער, נאָכגעלאָפען דעם ציגעלע, ביז עס איז געבליעבען שטעהן פאר א גרויסען שטיין, ארום וועלכען עס האבען געוואק־סען קליינע ביימעלעך. ווען זיי זיינען צו געקמוען נעהנטער, האט זיך פארגעשטעלט א זאָנדערבארעס בילד: צווישען דיא ניעדעריגע ביימעלעך איז געשטאנען א בילד שעהינעס מעדכען פון א יאהר צוועלף. זיא האט זיך ניט דערשראָקען פאר דיא פרעמדע, זאָנדערן האט זיי בעטראכט, גלייך וויא זיא וואלט זיי ערווארטעט.

— ווער ביסט דוא, קינד? האט גראף טימאשאָוו געפרעגט אויף פראנצייזיש.

— איהר זייט גוטע מענשען, איהר וועט מיך ניט שלאָגען, האט דאָס קינד געענטפערט אין א שיינעם ריינעם איטאליעניש.

— שלאָגען? פאר וואָס זאָלען מיר דיך שלאָגען, ליעבעס קינד האט גראף טימאשאָוו געפרעגט, זאָג אונז, וויא הייסט דוא?

— איך הייס נינא, האט דאס קליינע מיידעלע געענטפערט.

— קענסט דוא אונז ניט זאָגען, אויב עס זיינען נאָך דאָ מענשען מיט דיר?

— ניין, האָט נינא געענטפערט, איך בין דאָ אליין מיט מארסי.

— ווער איז מארסי?

— מיין ציגעלע.

— אבער וויא קומסט דוא אהער, נינא? וויא קומט עס, וואס דוא ביסט גאנץ אליין.

— איך האב געהאט פיעלע ציעגען, וועלכע איך פלעג טרייבען אויף דיעזע פעלדער, האט דאס מיידעלע ערקלערט, איין מאָל האב איך מיך געלעגט שלאָפען און מיינע ציעגען זיינען רוהיג געליעגען ארום מיר, ווען איך בין אויפגעשטאַנען, האב איך געזעהן, אז אלע ציעגען זיינען פערשוואונדען געוואָרען, נור מיין מארסי איז געבליעבען לעבען מיר. זיא ליעבט מיך און געהט קיין מאל ניט אוועק פון מיר. איך האב מיך זעהר דערשראָקען און האב געוויינט, אבער קיינער האט מיך געהערט און איז ניט געקומען נאָך מיר און מארסי.

זיא האט ווייטער דערצעהלט, וויא זיא האָט געלעבט דיא גאנצע צייט פון פריכטע און וויא זיא האט געבענקט נאך איהרע עלטערן, וועלכע האבען א פארם ניט ווייט פון דאנען.

— ווייסט דוא ניט, נינא, וויא עס הייסט דיא שטאדט, וועלכע געפינט זיך ווייט פון דאנען? האט גראף טימאשאָוו געפרעגט.

— דיא שטאדט הייסט מאדאלענא, מיינע עלטערן פאהרען אָפט אהין, האט נינא געענטפערט.

— מאדאלענא איז א קליינע שטאדט אין איטאליען, ניט ווייט פון נעאפּאָל, האט גראף טימאשאָוו געזאגט צו זיך אליין, אלזא איז אָפּגעריסען געוואָרען דיעזעס קליינע שטיקעל לאנד פון איטאליען און דיא קליינע נינא מיט איהר ציגעלע זיינען געבליעבען אויף דיעזער קליינער אינזעל. אט האט איהר א נייעס רעטעניש, א נייעס וואונדער. וויא עס ווייזט אויס, האט דער נייער שטערן אויס געריסען נור שטיקער לאנד, ווען ער האט זיך צו זאמענגעשטויסען מיט דער ערד.

— אָט האבען מיר שוין א נייעם איינוואינער פון דער גאלליא! האט

קאפיטאן סערוואדאק אויסגערופען, יעצט וועניגסטענס קענען מיר האָפען, אז דיא מענשען וועלען נים אויסשטארבען אויף דער גאלליא, נאָם האט אונז צוגעשיקט א חוה.

גראף טימאשעוו האט געפרעגט דאס מיידעלע, אויב זיא וועט פאהרען מיט איהם און זיא האט געענטפערט, ווען מען וועט מיט נעהמען איהר מארסי, וועט זיא געוויס פאהרען מיט זיי.

זיי האבען נאָך בעטראכט דיא קליינע אינזעל איינינע צייט, דאן האבען זייא מיט גענומען נינא, און מארסי און האבען זיך אומגעקעהרט צו דער „דאָבריניא.“

— איך דענק, אז יעצט בלייבט אונז ניכטס מעהר איבעריג אלס צוריק צו פאהרען צו מיין אינזעל און צו בן זוף, האט קאפיטאן סערוואדאק געזאָגט, עס איז דייטליך גענוג, אז מיר מוזען שוין בלייבען אויף אייביג אין דיעזער נייער וועלט, אלזאָ לאָמיר זיך איינאָרדנען און זיך פערזאָרגען, וויא וויים מיר קענען. וואס וועלען מיר נאָך ארומפאהרען? וואס וועלען מיר נאָך זוכען?

— איהר פערגעסט, קאפיטאן, אז יעצט געפינט זיך דיא גאלליא נים וויים פון דער זון, מיר האבען יעצט זומער, וואס וועט אָבער זיין, ווען דיא גאלליא וועט זיין וויים פון דער זון? וועט עס ווערן ווינטער? האט גראף טימאשעוו געפרעגט.

— וועלען מיר זיך אויס בויען הייזער און מיר וועלען איבער ווינטערן, האט דער פרעהליכער פראנצויז געענטפערט.

— ווייסט איהר אָבער, וויא לאנג דיעזער ווינטער קען דויערן? ווייסט איהר, וואָס פאר א קעלט עס קען זיין? האט גראף טימאשעוו ווייטער געפרעגט, ווייסט איהר, אז עס זיינען דאָ שטערן, וועלכע זיינען אזוי וויים פון דער זון, אז עס הערשט אויף זיי א קעלט פון 200 גראד?

— צוויא הונדערט גראד קעלט קען קיין לעבעדיגע זאך נים אויסהאלטען, ווען דיא גאלליא וועט אויס קומען אזוי וויים פון דער זון, אז עס וועט הערשע' אויף איהר א פראָסט פון 100 גראד קעלט, וועלען מיר אלע אויסשטארבען, דאן האבען מיר זיך גאָר נים וואָס צו זאָרגען, איז געווען קאפיטאן סערוואדאק'ס אנטוואָרט.

— זאָ לאנג דער מענש לעבט, דארף ער זיך פערזאָרגען, האָט גראף טימאשעוו געזאגט ערנסט. מיר מוזען גוט אויספאָרשען אונזער נייע וועלט, פיעלייכט

וועלען מיר אויסגעפינען, זאכען, וועלכע קענען אונז שפעטער צוניץ קומען. נור דער מענש פערשטעהט עפעס, וועלכער האט פיעל געררייזט, פיעל געזעהן און פיעל געהערט. וואס מעהר מען קען דיא וועלט, אלץ בעסער. מיר געפינען זיך יעצט אויף א נייע וועלט, לאָמיר זיא וועניגסטענס קענען. אויסער דעם פיעלייכט געפינען מיר נאך מענשען, וויא מיר האבען געפונען נינא, פיעלייכט...... פיעלייכט וועלען מיר נאך געפינען א מיטעל צוריק צו קומען אויף דער ערד?......

קאפיטאן סערוואדאק האט געשוויגען און גראף טימאשאוו האט געהייסען זיין שיפסקאפיטאן ווייטער פאהרען און ווען ער וועט געפינען א פלאץ, וואו מען קען ארויס געהן אויף א ברעג, זאל ער בלייבען שטעהן און זיי וועלען ארויס געהן אויספאָרשען דאס נייע לאנד.

עס זיינען וויעדער פערגאנגען צווייא טעג, און וועלכע עס האט קיין נייעס פאסירט. אויפ'ן דריטען טאג, ווען אלע זיינען געזעסען ביים עסען, האט דער מאטראָז אויף דער וואך אויסגערופען, אז עפעס שווימט אויפ'ן וואסער. מען האט באלד אראפגעלאָזען א באָאט און מען האט עס אויפגעפישט. דאס מאל איז עס געווען א בלעכענע שאכטעל פון סארדינען אדער פון פריכטע, גוט פערמאכט און פערגאָסען מיט זיעגעל לאק. מען האט עס באלד געעפענט און געפונען א שטיקעל פאפיער מיט פאָלגענדער אויפשריפט:

גאלליא?

ווייט פון דער זון דען 1טען מערץ 78,000,000 מייל.

דורכגעלאָפען אין מאָנאט פעברואר 59,000,000 מייל.

וואָ בענע! אָלל רייט!

*Nil desperandum!*, (נור ניט פערצווייפלען!)

עגטציקט! *Enchante!*

— אום גאָטעס ווילען! עס איז דיזעלבע האנדשריפט! האט קאפיטאן סערוואדאק אויסגערופען, ערגעץ געפינט זיך א מאן, וועלכער שיקט ארויס דיזע זאָנדערבארע פאָסט. ווער איז ער? וואו איז ער? — פאר וואָס האט ער זיין נאָמען ניט אונטערגעשריעבען? פאר וואס האט ער ניט אויפגעגיבען זיין אדרעסע?

גראף טימאשאוו און שיפסקאפיטאן פראָקאָפּ האבען בעטראכט דאס צעטעלע פון אלע זייטען און האבען זיך פערטראכט.

— זאָנדערבאר! האט גראף טימאשאוו געזאָגט, וויא צו זיך אליין, — דאס מאָל האט דער געהיימניספאלער שרייבער פון דיזע צעטעלעך אנגעשריעבען;

„ניל דעספעראנדום,״ דאס הייסט נור ניט פערצווייפלען. עס איזט דייטליך, אז ער ווייס גאנץ גוט, וואו ער געפינט זיך, ער רעבענט אויס גענוי, וויא וויט דיא גאלליא געפינט זיך פון דער זון, אלזא איז ער אן אסטראנאם און האט מיט זיך אלע אסטראנאמישע אינסטרומענטן. ווען ער שרייבט, אז מען זאל ניט פערצווייפ־לען, ווייס ער וואהרשיינליך, אז עס איז דא עפעס א מיטעל זיך אויסצוהעלפען, צוריק צו קומען אויף דער ערד, וואס איז דאס פאר א מיטעל?

— דאס וואונדערבארסטע איז וואס ער האט דאס מאל אונטערגעשריעבען אויף פראנצייזיש: „אנשאנטעע!״ ענטציקט! האט קאפיטאן סערוואדאק אויס־גערופען, ער איז אזא א פראנצויז.

— פאר וואס איז ער ענטציקט? האט גראף טימאשאוו געפרעגט, מיט וואס פרעהט ער זיך אזוי? — אך! וויא גליקליך וואלט איך מיך געשעצט, איך זאל איהם אויסגעפינען! ער וואלט אונז געוויס אלעס ערקלערט. וואו זוכט מען איהם אבער?

אלע האבען געשוויעגען. יעדער האט געפיהלט דאס זעלבע, וואס גראף טימאשאוו האט געפיהלט, וואס העלפט עס אבער? קען מען זוכען א נאדעל אין א וואגען היי? קען מען אויס געפינען אן אינזעל אין אן אונבעקאנטען מעער?

דיא „דאבריניא״ איז ווייטער געפאהרען. זיא איז צוגעקומען עטליבע מאל צו א ברעג און גראף טימאשאוו מיט קאפיטאן סערוואדאק זיינען ארויסגעגאנגען פארשען און זוכען, זיי האבען אבער גאר ניט געפונען אויסער א קליין טייבעלע מיט פרישעס זעהר קאלטעס וואסער.

— וויא עס ווייזט אויס, איז אונזער גאלליא גאנץ קאלט האט גראף טימאשאוו בעמערקט.

— פון וואנען ווייסט איהר עס?

— דיע עס טייבעלע קוועלט געוויס ארויס פון דער ערד, ווען דער באדען, דער גרונד פון דער גאלליא, וואלט געהאט אין זיך ווארימקייט, וואלט דיעזעס וואסער געדארפט זיין ווארימער.

— און וואס הארט אייך, וואס דיא גאלליא איז קאלט? האט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— וואס עס הארט מיך? פערגעסט ניט, אז מיר וועלען האבען באלד ווינטער. אויף דער ערד זיינען אויך דא ערטער, וואו עס איז שטארק קאלט,

אבער אונזער ערד האט אין זיך אליין א היץ. פון דיא פייער שפייענדינע בערג קען מען אורטהיילען, אז אין אונזער ערד ברענט א שרעקליכעס פייער. זיא איז אלזא ווארם. ווען מען גראבט טיעף אין דער ערד, פיהלט מען זאגאר דיא ווארמ־קייט, און וואס טיעפער מען גראבט, אלץ ווארעמער ווערט עס. דאס איז דיא אורזאכע, וואס אין דיא קאלטסטע געגענדען אויף דער ערד האט מען קיין גרעֿ־סערע קעלט אלס 80 גראד, קעלטער קען ניט זיין, ווייל דיא ערד ווארמט, דיא גאלליא אבער איז קאלט און ווען זיא וועט זיין וויים פון דער זון, וועט אויף איהר זיין א שרעקליכע קעלט.

— ווען מיר זאלען אויס געפינען דעם געהיימנעס פאלען שרייבער, וואלטען מיר שוין אלעס געוואוסט, האט קאפיטאן סערוואדאק בעמערקט.

— וויא ווייט איז נאך צו קאפיטאן סערוואדאק'ס אינזעל? האט גראף טימאשאוו געפרעגט זיין שיפסקאפיטאן.

— אין דרייא־פיער טעג קענען מיר דארט זיין, איז געווען דיא אנטווארט.

— דאן לאמיר פאהרען צו דער אינזעל, פיעלייכט וועלען מיר נאך עפעס אויס געפינען אויפ'ן וועג, האט גראף טימאשאוו געזאגט צו קאפיטאן פראקאפ.

דיעזעלבע נאכט האט זיך זיי פארגעשטעלט א נייע סצענע, א נייעס וואונ־דער, נעמען האלבע נאכט איז דער גאנצער הימעל בעלייכטעט געווארען מיט א רויטעס פייער. דאס מעער האט אויס געוויזען, וויא צושמאלצענעס קופער. אלע זיינען ארויס געלאפען אויפ'ן דעק, בעטראכטען דאס נייע וואונדער.

— עס איז א וואולקאן! עס איז א פייער שפייענדיגער בערג! האט שיפסקאפיטאן פראקאפ געזאגט, מיר געפינען זיך נור אייניגע הונדערט מייל פון דיעזען וואולקאן.

— קענען מיר צו פאהרען צו איהם? האט גראף טימאשאוו געפרעגט.

— איך קען עס יעצט ניט וויסען גענוי, האט פראקאפ געענטפערט, איך קען פראבירען צו פאהרען אזוי נאהענט, וויא עס וועט נור מעגליך זיין.

קאפיטאן סערוואדאק האט אבער געוואלט זיין אם שנעלסטען אויף זיין אינזעל און זיך זעהן מיט זיין פריינד בן זוף, און דארום האט ער געזאגט:

— וואס וועלען מיר דארט זעהן? לאמיר בעסער פאהרען צו אונזער אינזעל.

— עס איז זעהר וויכטיג פאר אונז צו וויסען, אז אין דער גאלליא ברענט נאך א פייער, האט גראף טימאשאוו ערקלערט, עס איז ווערטה צו פערליערען א פאאר טאג אום צו בעטראכטען דיעזען וואולקאן.

מיט דיזע ווערטער האט ער געהייסען זיין שיפסקאפיטאן לאזען דיא דאבריניא מיט פולען דאמפף צו דעם לאנד, וואו דער וואולקאן האט זיך צו שפיעלט.

פון שלאפען איז שוין קיין רעדע געווען. אלע זיינען געשטאנען און האבען בעוואונדערט דעם וואוקאן. פון צייט צו צייט זיינען ארויס אויפ'ן הימעל נאר־בען פייער און דיא פונקען זיינען זיך צו פלויגען אין אלע זייטען. אבער וואס נעהנטער מען איז צו געקומען צו איהם, אלץ דייטליכער האט זיך עס ארויס געוויעזען, אז עס איז יעצט אונמעגליך צו איהם צו צוקומען: פון צייט צו צייט האט ער ארויס געווארפען פון זיך גרויסע שטיינער און יעדעס מאל, ווען דיא פלאמען האבען זיך אויפגעהויבען, האט ער ארויסגעשליידערט אזוי פיעל אש, אז עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז דער וואולקאן וויל פער שיטען דאס מעער.

ענדליך האט דיא הייסע אש אנגעהויבען צו פאהלען אויפ'ן דעק פון דער „דאבריניא" און מען האט געמוזט אנטלויפען פון דיזען בערג.

איינינע טעג שפעטער איז דיא דאבריניא צוריק געקומען צו סאפיטאן סערוואדאקס אינזעל.

---

7טעס קאפיטעל.

## נייע געסט אויף דער אינזעל.

ווען דיא „דאבריניא" איז צוגעקומען צו דער אינזעל, האט קאפיטאן סערוואדאק אויסגעשאסען עטליכע מאל אום צו געבען א צייכען צו בן זוף, אז זיי קומען צוריק. קוים האט בן זוף דערהערט שיעסען, איז ער געקומען צו לויפען, ויא אן אפגעבריהטער.

עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען בן זוף'ס פרייד, ווען ער האט דערזעהן זיין אפיציער און זיין פריינד.

— וואס הערט זיך עפעס, בן זוף? וויא געהט עס דיר אלס גענעראל גובערנאטאר? האט סערוואדאק געפרעגט, ווען בן זוף האט זיך א ביסעל בערוהיגט.

— עס נעהמ מיר זעהר שלעכט, האט בן זוף נעענטפערט, איך בין גליק־ליך, וואס איהר זייט ענדליך צוריק געקומען, וויל איך אליין וואלט עס מעהר נים געקענט אויסהאלטען.

— וואס איז שוין נייעס?

— דיא פייגעל! איך קען נים אויסהאלטען פון דיא פייגעל!

— וואס פאר פייגעל? האט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— זיים עטליכע טעג קומען אן טעגליך טויזענדער פייגעל, האט בן זוף געענטפערט, איך טרייב זיי, איך שיעס זיי, איך יאג זיי מיט שטעקענס, עס העלפט נים! עס קומען אלע מאל מעהר און מעהר און פרעסען אויף אלעס, וואס זיי געפינען. מיר האבען נעהאט הונטערן וואלד א פעלד מיט טירקישע ווייץ, דיא פייגעל האבען אויפגעפרעסען אלעס, זיי האבען נים איבערגעלאזען א קערנדעל. איך וויים שוין נארנים וואס טאהן און וויא אזוי זיי צו פערטרייבען פון אונזער אינזעל. קומט וועט איהר אליין זעהן.

קאפיטאן סערוואדאק, נראף טימאשאוו און שיפסקאפיטאן פראקאפ זיינען ארויפגעגאנגען אויפ'ן בערגעל און זיי האבען געזעהן גרויסע מאסען פייגעל פון אלערליי סארטען, פון אלערליי מינים, פון אלערליי פארבען און פון אלערליי גרויס האבען זיך אויפגעהויבען, וויא א וואלקען אין דער הויך: זא לאנג זיי זיינען געשטאנען אויף איין ארט, האבען דיא פייגעל מורא געהאט פאר זיי, קוים אבער זיינען זיי אוועק געגאנגען, האט זיך דער וואלקען פון פייגעל ווידער אראפ געלאזען אויף דער ערד זיי האבען אנגעהויבען צו רייסען, צו פיקען און צו פרעסען אלעס, וואס זיי האבען נור געקענט קריענען.

— וואס טהוט מען מיט זיי? האט בן זוף אויסגערופען, איך קען עס שוין גאר נים אויסהאלטען.

— זיים נים אזוי אויפגערעגט, האט גראף טימאשאוו געבעטען. מיר דארפען אז דיעזע פייגעל וועלען אונז ניצען. איך זיי צווישען זיי פיעלע ווילדע גענז און ווילדע קאטשקעס, פון זיי קען מען מאכען א גוטען בראטען,

— אבער וואס זאל איך זיי געבען עסען? האט בן זוף אויס־גערופען.

— דאס וועלען מיר זעהן, האט גראף טימאשאוו געענטפערט.

קוים האט בן זוף זיך בערוהיגט א ביסעל וועגען דיא פייגעל, האט ער אנגעהויבען אויסצופרעגען:

— וואס הערט זיך עפּעס אין אלזשיר? זיים איהר פיעלייכט געווען אין פראנקרייך? וואס הערט זיך עפּעס אין פּאר?!

קאפּיטאן סערוואדאק האט זיך געגיבען אלע מעגליכע מיה איהם צו ערקלערן, וואס עס האט פּאסירט מיט זיי, אָבער בן זוף איז געווען אזא שלעכטער אסטראָנאָם, אז ער האט עס ניט פערשטאנען. איהם האט עס ניט געקענט אריין אין קאָפּ, אז ער געפינט זיך ניט אויף דער ערד, אז ער געפינט זיך אויף א שטערן און אז יעדער שטערן איז פּונקט אזא וועלט, וויא אונזער ערד. ווען קאפּיטאן סערוואדאק האט איהם נאָך געזאָגט, אז דיא ערד איז אויך ניט מעהר, וויא א שטערן אין הימעל, האט בן זוף אויסגערופען:

— איהר לאכט פון מיר, קאפּיטאן! וויא קען דיא ערד זיין אין שטערן? וויא קען דיא ערד זיין אין הימעל?

קאפּיטאן סערוואדאק און גראף טימאשעוו האבען יעצט א ביסעל בעטראכט זייער נייעס קעניגרייך. אלעס איז געווען אין דער בעסטער אָרדנונג. דיא בהמות פלעגען שוין אליין קומען יעדען אבענד אין זייערע שטאלען. דיא פריכטע פון דיא פעלדער און פון דיא ביימער האבען אנגעהויבען צייטיג צו ווערן און מען וואָלט שוין געדארפט זיי אראָפּנעהמען און אריינלעגען אין שוויערן.

איידער מען האט זיך אומגעקוקט, איז דער קורצער טאג פון 6 שטונדען פאָראיבער און מען האט געמוזט געהן שלאָפען אין דיא גורבי. סערוואדאק האט געפינען, אז בן זוף איז ניט געזעסען לעדיג. ער האט צו געבויט עטליכע קאמערן צו דער גורבי, האט געמאכט טישען, בענק און בעטען. עס איז וואהר, אז דיעזעס מעבעל איז ניט געווען גאנץ פיין, מען וואָלט ניט געקענט צייגען אז דאס איז א פּאריזער ארבייט, אבער מען האט געקענט זייא געברויכען.

יעצט איז געקומען דער קאָך פון דער „דאָברינא“ און ער צו זאמען מיט בן זוף האבען געמאכט א פּאָרטרעפליכעס נאכט עסען. מען האט געבראָטען גענז און קאטשקעס, וויא פיעל מען האט אליין געוואָלט, און דיא מאטראָזען פון דער „דאָבריניא“ האבען געוויעזען, אז זיי האבען א גאנץ גוטען אפּעטיט.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט מען אפּגעהאַלטען אן עפענטליכע בעראטהונג, גראף טימאשעוו, קאפּיטאן סערוואדאק, בן זוף, שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ און דער אינזשענער פון דער „דאָבריניא“ האבען זיך געזעצט ארום דעם איינפאכען טיש אין דער גורבי און האבען זיך בעראהטען, וואָס זיי זאָלען טאהן ווייטער און וויא זיי זאלען זיך פערזארגען אויף דעם ווינטער.

— מיינע העררען, האט גראף טימאשאָוו געזאָגט, מיינע הערען, איהר פיהלט געוויס, אז מיט יעדען טאג ווערט עס קיהלער אין קיהלער אויף דער גאלליא, אָדער אויף דער קליינער וועלט, וואוהין דער צו פאל האט אונז פערוואָרפען. דער אונבעקאנטער אסטראָנאָם, וועלכער שיקט אונז בריעף דורך דעם מעער אין שאכטלען פון סארדינען און פון טעלעסקאָפען, האט אונז גאנץ דייטליך ערקלערט, אז דיא גאלליא אנטלויפט פון דער זון. אין זיין ערשטען בריעף האט ער אונז געמעלדעט, אז דיא גאלליא איז ווייט 59.000,000 מייל פון דער זון, אין זיין צווייטען בריעף פון מערץ האט ער אונז געמעלדעט, אז דיא גאלליא איז שוין ווייט 78,000,000 מייל פון דער זון. אלזאָ אין מאנאט פעברואר האט זיך דיא גאלליא דערווייטערט פון דער זון אויף 19 000.000 מייל. מיר פיהלען שוין, אז ביי נאכט איז קיהל. אין דער צייט פון מאָנאט מערץ וועט דיא גאלליא זיך דערווייטערן פון דער זון ווידער אויף 15 000,000 מייל......

— ווארום נור אויף 15,000,000 מייל? האט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט, — דער מאָנאט מערץ איז דאך מיט דרייא טעג לענגער אלס דער מאָנאט פעברואר?

— גענוי ווייס איך עס ניט, האט גראף טימאשאָוו געענטפערט, — איך ווייס אבער, אז עס איז דא א געזעץ אין דער נאטור, אז וואָס ווייטער א שטערן איז פון דער זון, אלץ לאנגזאמער בעוועגט ער זיך און דארום זאָג איך, אז אין מאָנאט מערץ וועט דיא גאלליא מאכען נור 15,000,000 מייל. אין אפריל קענען מיר אלזאָ שוין ערוואַרטען א פראָסט, א לייכטען פראָסט, אבער דאך א פראָסט. אין מייא קענען מיר שוין ערוואַרטען שטארקע פרעסט און אין יוני וועט שוין זיין אזוי קאלט, אז דאס מעער וועט פערפראָרען ווערן. אלזאָ מוזען מיר זיך אנגרייטען א ווינטער קווארטיר אין פראָוויאנט אויפ'ן ווינטער.

— דיא הויפט פראגע איז וועגען הייצונג, האט דער קלוגער און פארזיכטיגער פראָקאָפ געזאָגט. איך גלויב ניט, אז מיר קענען קריעגען ערד קאהלען אויף דער גאלליא, אויף דער „דאָברינא" געפינט זיך יעצט אזוי ווייניג קאהלען, אז ווען מיר זאָלען יעצט וועלען מאכען א רייזע, וואָלטען מיר שוין געדארפט מיט נעהמען האלץ און טרייבען אונזער מאשין מיט האלץ. אלזאָ וואו וועלען מיר נעהמען הייצונג פאר דעם ווינטער?

— מיר האבען גענוג וואלד אויף אונזער אינזעל! האב בן זוף אויסגערופען.

— דאָס ווייס איך, האט פראָקאָפ געזאָגט, מיין פריינד בן זוף ווייס אָבער

ניט, וויא פיעל קלאפטער האלץ מען וועט דארפען אום צו בעהייצען א גרויסע וואינונג און וויא פיעל מען וועט דארפען פאר דיא „דאברינגיא.“

— צו ערשט דארפען מיר וויסען, וויא פיעל מענשען עס געפינען זיך אויף דער גאליא, האט גראף טימאשאוו אונטערבראכען זיין שיפסקאפיטאן. איך בין זיכער, אז דיא ענגלענדער פון דעם שטיק גיבראלטאר וועלען קומען צו אונז אין ווינטער צייט. איך וויים אז זיי האבען קיין הייצונגסמאטעריאל, זיי האבען אבער גענוג פראוויאנט. זיי האבען מעהל, באהנען און פיעלע אנדערע לעבענסמיטעל, וועלכע דיא ענגלישע רעגיערונג האט אנגעגרייט פאר זיי, הייצונג אבער פעהלט זיי, ווייל אונטער אפיציער טאם האט מיר געזאגט, אז זיי ערווארטען א שיף מיט קאהלען פון ענגלאנד. אזוי וויא זיי ווייסען, וואו אונזער אינזעל געפינט זיך, ווייל איך האב עס זיי געזאגט און ערקלערט, און דאס ענגלישע שיף מיט קאה־לען וועט ניט אנקומען, וועלען זיי מוזען קומען צו אונז. אויף גיבראלטאר געפינען זיך אלזא פינפצעהן ענגלענדער. אויף דער דאברינגיא געפינען זיך יעצט אכט מאן, אייסער נינא, קאפיטאן סערוואדאק און בן זוף זיינען צוויא, צוזאמען האבען מיר אלזא זעקס און צוואנציג מענשען.

— איהר האט א טעות, גראף! האט בן זוף אויסגערופען, איך האב געסט אויף מיין אינזעל, איך האב פערגעסען אייך צו דערצעהלען, אז אין דער צייט, ווען איהר זייט ארומגעפאהרען אויפ'ן מעער, זיינען געקומען געסט אויף מיין אינזעל.

— וועלכע געסט? וואס פאר א געסט? האט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— זעהר אונאנגענעהמע געסט, האט בן זוף ערקלערט.

— אום גאטעס ווילען! פאר וואס האסט דוא עס מיר געסטערן ניט ער־צעהלט? האט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— אין דער צייט, וואס איהר זייט ניט געוועזען, איז אנגעקומען א שיף, א זעגעל שיף, ריכטיגער נאך א בארקע, איך וויים אליין ניט, וואס דאס איז, מיט צוויא און צוואנציג מאן.

— ווער זיינען זיי? וואס זיינען זיי? האט דער אונרוהיגער סערוואדאק געשריען.

— זיי זיינען שפאניער, אדער גריעכען, ווייל איינער פון זיי דער איינגעט־היטער פון דער בארקע, איז א גרעק, און עבטער גרעק, אזא עבטער גרעק, אז

איך פערשטעה ניט, וואָס ער רעדט צו מיר, ווייל ער רעדט גריעכיש, שפאניש און עטליכע ווערטער פראנצייזיש. זיי קריעגען זיך, ווילען יעדעס מאל זיך שלאגען און איך האב געהאט שווערע מיה זיי איינצוהאלטען. איך האב זיי דערצעהלט, אז אויף דיעזער אינזעל געפינט זיך א גענעראל גובערנאטאר פון פראנקרייך, וועלכער איז אוועקגעפאהרען נאך דער שטאדט אלזשיר, ער וועט צוריק קומען מיט מיי־ליטער און וועט מאכען אן אָרדנונג אויף דער אינזעל.

אלע האבען איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם.

— מיר מוזען זעהן אונזערע נייע געסט, מיר מוזען וויסען זייער געשיכטע, האט גראף טימאשאוו געזאָגט, דאס איז דאָך עפּעס נייעס.

— איך וועל דערצעהלען זייער געשיכטע! האט בן זוף אויסגערופען, הערט מיך נור אויס.

— דערצעהל! האט קאפיטאן סערוואדאק געבעטען.

— דער גרעק הייסט געארגאס מאוראָקאָרבאטי, האט בן זוף דערצעהלט, זיין בארקע הייסט אויך אזוי. ער לעבט אויף זיין בארקע, ווייל ער פאהרט ארום פון שטאדט צו שטאדט און פערקויפט פערשיעדענע וואארען ער ברענגט וואארען פון סמירנא נאך שפאניען און וואארען פון שפאניען פערקויפט ער אין ביירוט, יאָפע, סמירנא און אנדערע שטעדט.—ווען עס איז פארגעקומען דיא קאטאסטראָ־פע פון 31טען דעצעמבער, האט זיך דער גרעק געארגאס מיט זיין שיף און מיט זיינע מאטראָזען געפונען לעבען דער שטאדט דשעאוטא, וועלכע געהערט צו שפאניען.

דיא מאטראזען און דער שיפסקאפיטאן פון דעם „געאָרגאָס" זיינען אין יענע נאכט געגאנגען אין דיא שטאדט דשעאוטא און זיינען מעהר ניט צוריק געקומען. דער ארימער גרעק איז געבליעבען אויף זיין בארקע נור מיט זיין קאָך און מיט א יונגע. פלוצלונג זיינען אנגעקומען פון גיבראלטאר עטליכע שפאניער, וואס זיי האבען געטאהן אין גיבראלטאר, וויים איך ניט, איך וויים נור, אז זיי האבען דאָרט בעזוכט ענגלישע אָפיציערן און זיינען פון דאָרט אנטלאָפען אין א באָאָט. דער ווינד האט זיי געבראכט צו דער בארקע געאָרגאָס. דער גרעק האט זיי אויפ־גענומען, ווייל ער האט געדארפט האבען מאטראָזען. זיי זיינען אזוי לאנג געפאה־רען, ביז זיי זיינען צו געקומען צו אונזער אינזעל דא האבען זיי פעראנקערט זייער בארקע און זיינען ארויס אויף דאס לאנד.

זיי וויזען אוים צו זיין ניט גאנץ גוטע מענשען, ווייל זיי קריעגען זיך, שרייען,

לארמען און פארדערן געלד איינער פון דעם אנדערן. איך האב פאר זיי מורא געהאט און האב זיי געזאָגט, אז אויף דיזער אינזעל געפינט זיך א פראנצייזישער גענעראל גובערנאטאר, וועלכער איז אוועק געפאהרען אויף עטליכע טעג. ער וועט באלד צוריק קומען מיט מיליטער. זיי האבען דארום מורא געהאט מיר צו מאחן שלעכטעס.

— דאס איז זאָנדערבאר! האט גראף טימאשאָוו געזאָגט.

— דאס איז העכסט איטערעסאנט! האט העקטאָר סערוואדאק אויסגערופען, לאָמיר געהן זיי זעהן און רעדען מיט זיי, פיעלייכט וועלען מיר עפּעס אויסגעפינען פון זיי.

אלע זיינען געגאנגען זעהן דיא נייע געסט אויף דער אינזעל. זיי האבען געמוזט געהן א לאנגע שטרעקע, ווייל בן זוף האט ניט געלאָזען דיא פרעמדע זיך בעזעצען לעבען איהם.

ווען זיי זיינען צו געקומען צום וואלד, האבען זיי שוין דערהערט געשרייען:

— מיין געלד! בעצאהלט מיר! גיב מיר אָפּ, וואס עס קומט מיר!

דאן האט מען אָנגעהויבען צו זינגען שפּאנישע פּאָלקס ליעדער.

ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין וואלד, האט זיך זיי פארגעשטעלט א זאָנדערבארעס בילד: אויף א פרייען פּלאץ צווישען ביימער, האבען עטליכע מענער געטאנצט אן אלט מאָדישען שפּאנישען טאנץ, דעם „פאנדאנגאָ." צוויא שטארקע, קרעפטיגע קערלע האבען געשלעפּט אן אלטען מאן, ער זאָל אויך טאנצען מיט זיי. דער אלטער מאן האט זיך געוואָרפען אין אלע זייטען און האט געשריען, וויא א וואהנזיניגער. ווען ער האט דערזעהן קאפּיטאן סערוואדאק אין דעם מונדיר פון א פראנצייזישען אָפיציער, האט ער פערשטאנען, אז דאס איז דער פראנצייזישער גענעראל גובערנאטאר און ער האט אנגעהויבען צו שרייען.

— העלפט מיר! רעטעט מיך, הערר גענעראל גובערנאטאר, פון דיזע רויבער!

דיא שפּאניער האבען אפּגעלאזען דעם אלטען און האבען אנגעבויגען דיא קעפּ: זיי האבען זיך דערשראָקען פאר דעם גענעראל גובערנאטאר.

— וואָס איז? וואָס פערלאנגט איהר? האט קאפּיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— זיי בערויבען מיך! זיי בעגנבענען מיך! האט דער אלטער גרעק געשריען. זיי נעהמען צו ביי מיר אלעס, וואס איך האב און ווילען מיר ניט בעצאהלען.

— זיי האבען פיעלייכט קיין געלד? האט קאפּיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— קיין געלד? — ניין! זיי האבען פולע קעשענעס מיט ענגלישע גאלד שטיקע.

— ענלישע גאלד שטיקע? האט סערוואדאס איבערגעפרעגט, וויא קומט צו זיי ענגלישעס געלד, זיי זיינען דאך שפּאניער?

— איך ווייס עס ניט, האט דער אלטער גרעק געענטפערט.

— מיינע העררען! איך פּאָרדער, איהר זאלט אייך פערהאלטען רוהיג און אנשטענדיג דיא גאנצע צייט, וואָס איהר וועט בלייבען אויף מיין אינזעל, האט העקטאָר סערוואדאק געזאָגט מיט אַ טאָן פון אן עכטען גענעראל גובערנאטאָר. איך פערלאנג אז אויף מיין אינזעל זאל הערשען רוהע און אָרדנונג!

— אָבער מיין געלד! האט דער גרעק געשריען, עס קומט מיר געלד!

— דאס וועלען מיר שפּעטער אונטער זוכען, האט העקטאָר סערוואדאק געענטפערט.

— מיר האבען אלזא אויף אונזער גאלליא פערטרעטער פון פיעלע פעלקער, האט גראף טימאשאָוו געזאָגט, מיר האבען פראנצויזען, רוסען, איטאליענער, שפּאַניער און גריעכען, אלזאָ אַ גאנצע וועלט.

— מענשען האבען מיר גענוג, וויא אזוי אָבער וועלען מיר זיי פערזאָרגען? האט דער קלוגער פּאָרזיכטיגער שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפ געפרעגט.

— דאס וועלען מיר שוין זעהן, האט גראף טימאשאָוו געענטפערט.

---

8טעס קאפּיטעל.

## אַ ווינטער קוואַרטיר.

יעצט האט בן זוף פּאָרגעשטעלט דיא שפּאניער, עס זיינען געוועזן ניין דער־וואקסענע און אַ איינגעלע פון אַ יאהר צוועלף, וועלכער האט געהייסען פּאבלאָ. וויא אלע פערשקלאָוועטע פעלקער ציטערן, ווען זיי דערזעהן אַ בעאמטען, אַ מיש־נאָווניק, אזוי האבען זיך אויך דיא שפּאניער זיך שטארק דערשראָקען פאר קאפּי־טאן סערוואדאק און האבען געפּאָלגט אלעס, וואס ער האט זיי געהייסען.

זיין ערשטער בעפעהל איז געווען, אז זיי זאָלען אריינפיהרען דיא בארקע „נעאָרגאָס" אין דער קליינער בוכטע, וואו עס איז געשטאַנען דיא „דאָברינייא" דיזער בעפעהל איז געווען גאנץ ריכטיג, סערוואדאק האט געוואָלט, אז דער „נעאָרגאָס" זאל זיך געפינען אונטער דער אויפזוכט פון דער „דאָברינייא." דיא מאטראָזען פון דער „דאָברינייא" זאָלען אויסחיבען דיא טהעטיגקייט פון א פאָלר צייט איבער דיא אונרוהיגע שפאניער. גראף טימאשאָוו האט עס געזאָגט גאנץ אָפען צו זיין שיפסקאפיטאן.

— מיר מוזען האלטען דעם „נעאָרגאָס" „פאָד נאדזאָראָם פּאָליציאי," אונ־טער פאָליצייליכער אויפזוכט.

דער בעפעהל פון קאפיטאן סערוואדאס איז אויך באלד אויסגעפיהרט גע־וואָרען. מען האט אריינגעפיהרט דעם „נעארגאָס" אין דיא קליינע בוכטע און מען האט איהם פעראנקערט לעבען דער „דאָברינייא." אויף דער אינזעל איז ווי־דער געוואָרען שטיל און רוהיג.

יעצט האט מען ווידער צייט געהאט צו דענקען פון ווינטער און מען האט עס אויך געמוזט טאָהן, ווייל דיא לופט האט אנגעהויבען צו ווערן קיהלער און עס איז געוואָרען דייטליך, אז באלד וועט אנקומען א לאנגער שטרענגער ווינטער.

גראף טימאשאָוו, קאפיטאן סערוואדאק, בן זוף, שיפסקאפיטאן פּראָקאָפ און אינזשעניר טיגעלעוו האבען זיך ווידער פערזאמעלט און האבען אָנגעהויבען זיך צו בעראטהען וויא אזוי מען זאָל זיך פּאָרבערייטען אויף דעם ווינטער.

— דיא פראגע איז, וויא לאנג דער ווינטער וועט דויערן, האט גראף טימאשאָוו געזאָגט אויף דער ערד ווייס מען גאנץ גענוי, אז דער ווינטער דויערט נור זעקס ביז אכט, מאָנאטע, אויף דער גאלליא איז עס אָבער אנדערש. מיר ווייסען, אז עס זיינען דאָ שטערן, וועלכע דרעהן זיך ארום דער זון אין א צייט פון זעקס, פון אכט, פון צעהן און זאָגאר פון עטלכע און צוואנציג יאהר. אויף דיזע שטערן קומט אויס דרייא — פיער — פינף און זאָגאר צעהן יאהר זומער און צעהן יאהר ווינטער. וויא לאנג אלזאָ וועט דויערן דער ווינטער אויף דער גאלליא? ווען מיר זאָלען דאס קענען וויסען, וואלטען מיר געקענט טראכטען, וויא אזוי זיך פּאָרצובערייטען.

— אויב דיא פלאשען פאסט איז ריכטיג, דאָס הייסט אויב דיא מעלדונ־גען, וועלכע מיר האבען ערהאלטען דורך דעם אונבעקאנטען אסטראָנאָם, זיינען

וואהר, דאן קענען מיר וויסען, וויא לאנג דער ווינטער וועט דויערן, האט שיפס־קאפיטאן פראקאָפּ געזאָגט. יענער אסטראָנאם האט גענוי אויסגערעכענט, וויא פיעל מיללִיאָנען מייל דיא גאלליא איז דורכגעלאָפען אין מאָנאט יאנואר און וויא פיעל אין מאָנאט פעברואר. עס האט זיך ארויסגעוויעזען, אז איןביידע מאָנאטע איז זיא איינגעלאָפען צו 59,000,000 מייל. ווען מיר ווייסען אלזאָ, אז א שטערן כויפט איין יעדען מאָנאט אזוי פיעל מיללִיאָן מייל, קענען מיר שוין וויסען, וויא פיעל מיללִיאָן מייל ער האט ארום צו לויפען ארום דער זון.

— מיר קענען נאָך נאָר נישט וויסען, האט איהם אונטערבראכען אינזשעניר טינעלעוו. עס איז א געזעץ אין דער נאַטור און יעדער קען עס פערשטעהן, אז ווען א שטערן געפינט זיך נעהנטער צו דער זון, לויפט ער שנעלער, ווייל דיא זון ציעהט איהם צו זיך, דער ווייטערט ער זיך אָבער פון דער זון, געהט ער לאנג־זאמער.—מען האט עס זאָגאר בעוויעזען דורך פאלגענדע פּראָבע:

אויף א לאנגען און גאנץ גלאטען טיש האט מען געוואָרפען אן אייזערנע קוגעל, זעלבסט פערשטענדליך, אז דיא קוגעל האט זיך געקייקעלט אויף דעם גאנצען לאנגען טיש און איז דאן אראָפּגעפאלען. דאן האט מען אראָפּגענומען א שטארקע מאגנעט און מען האט איהם בעפעסטיגט אין דער מיט פון דעם טיש. יעצט האט זיך שוין דיא קוגעל ניט געקייקעלט גלייך, זאנדערן ווען זיא איז צו געקומען צום מאגנעט, האט זיא זיך אויסגעדרעהט און האט זיך געקייקעלט ארום מאגנעט, ווייל דער מאגנעט האט זיא געצווינגען צו זיך. א זעלבע פּראָבען האבען גאנץ קלאר און דייטליך בעוויעזען, אז וואס ווייטער א שטערן איז פון דער זון, אלץ לאנגזאמער לויפט ער.

— אלזאָ, וואס דענקט איהר דען? האט גראף טימאשאָוו געפרעגט.

— איך דענק, אז עס קען זיין — אויף געוויס וואס איך וויים עס ניט,— אז מיר וועלען האבען, א לאנגען און זעהר קאלטען ווינטער און מיר מוזען אנ־ווענדען אלע מעגליכע מיטעלן אום אויסצוהאלטען דיעזען ווינטער.

— לאָמיר זעהן וויא פיעל מענשען בעוואינען יעצט דיא גאלליא, האט גראף טימאשאָוו געזאָגט, — אויף אונזער אינזעל געפינען זיך יעצט 22 מענשען, אין גיבראלטאר געפינען זיך דרייצעהן ענגלענדער, צוזאמען אלזאָ פינף און דרייסיג; נון לאָמיר זאָגען, אז דורך דיא קעלט וועלען אלע מוזען זיך פעראייניגען. עס קען נאָך זיין אז דער אסטראָנאם, וועלבער שיקט אונז צו נאכריכטען פון צייט צו צייט, וועט אויך קומען צו אונז, מיר וועלען אלזא זיין צוזאמען זעקס און דרייסיג

מענשען· אלזא דארפען מיר זאָרגען פאר זעקס און דרייסיג מענשען. נון, האבען מיר דעם פראָוויאַנט פון דער „ראָבריניא“ דעם פראָוויאַנט פון דעם „נעאָרנאָס“ און אלעס, וואָס עס געפינט זיך אויף דיעזער אינזעל. פראָוויאַנט וועלען מיר האבען גענוג, דיא פראגע איז נור, וואו נעהמט מען א ווארעמע וואינונג פאר 36 מענשען ? וואו נעהמט מען הייץ מאטעריאל פאר אזא וואינונג ? מיר קענען נים אוים האקען און נאנצען דעם וואלד פון אונזער אינזעל אום איהם צו פער־ברענען, ווייל מיר דארפען איהם האבען: מיר מוזען האבען האלץ פאר אונזערע שיפען.

מען האט זיך נאך בעראטהען, געקלערט, געטראכט און זיך איבערלעגט, מען האט אבער קיין פעסטען פלאן נעקענט פאסען, און עס איז געבליעבען אז מען זאָל שיקען א באָאָט זוכען, פיעלייכט וועט מען וויעדער געפינען עפעס פון דעם אונבעקאַנטען אסטראָנאָם.

ווען מען האט שוין געוואלט זיך צו געהן, האט גראף טימאשאוו געזאָגט:

— קאפיטאן סערוואדאק, בן זוף האט אייך פאָרגעשטעלט פאר דיא שפאַניער אלס געגעראל גובערנאטאר פון דיעזער אינזעל, בלייבט געגעראל גובער־נאטאר· וויא קליין א געזעלשאפט איז, מוז זיא דאָך האבען אן אנפיהרער, איינעם, וועלכען אלע דארפען פאלגען, און איך דענק, אז איהר זייט דער פאסענדער מענש דער צו.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהם געגיבען זיין האנד. צום ערשטען מאל זייט דער קאטאסטראָפע פון 31טען דעצעמבער האבען דיעזעביידע מענשען גע־גיבען איינער דעם אנדערן דיא האנד. זעלבסט פערשטענדליך, אז מען האט נים דערמאָנט נים דעם דועל וועלכען זיי האבען געדארפט זיך שלאָגען, און נים דיא אורזאכע פון דועל.

— זאלען מיר ערקלערן דיא שפאניער און דיא גרעקען אין וואָס פאר א לאגע מיר געפינען זיך ? האט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ געפרעגט.

— ניין, האט בן זוף געענטפערט· יעצט האבען זיי מורא פאר דעם גענעראל גובערנאטאר און פאר דיא סאלדאטען, וועלכע דארפען אנקומען,—אזוי האב איך זיי געזאָגט, און דארום טהוען זיי אלעס, וואס מען הייסט זיי, ווען זיי וועלען אָבער וויסען, אז אונזער גענעראל גובערנאטאר האט נור איין איינציגען קאפּאָראל אונטער זיך, וועלען זיי פאר איהם קיין מורא האבען און וועלען נים טאהן, וואס מען וועט זיי הייסען.

— איך דענק אויך, אז עס איז נים נעטהיג זיי צו ערקלערן א זאך, וועלכע זיי פערשטעהן נים און קענען נים פערשטעהן. זיי וועלען לאכען, ווען מען וועט זיי זאגען, אז מיר געפינען זיך יעצט מיליאָנען מיילען וויים פון פראנקרייך, פון שפאניען, אדער פון גריעכענלאנד.

— איך דענק, אז מען וואלט זיי געדארפט פאָרשטעלען פארן גענעראל גר בערנאטאר, האט גראף טימאשאָוו געזאָגט. א זעלכע מענשען דארפען וויסען, ווער עס איז דער עלטסטער און וועמען זיי מוזען פאלגען.

דאס האט מען אויך אויסגעפיהרט דעם אנדערן טאָג גאנץ פריה האט בן זוף צו גויפגערופען אלעמען צו דער גורבי און האט זיי געזאָגט, אז דער גענעראל גובערנאטאר וויל זיי זעהן און וויל מיט זיי עפעס רעדען.

ווען אלע זיינען זיך צוזאמען געקומען, האט בן זוף פארגעשטעלט קאַפּיטאַן סערוואדאק אלס דעם גענעראל גובערנאטאר פון דער אינזעל און פון גאנץ אַלזשיר.

קאפּיטאַן סערוואדאס האט דאן געהאלטען א לאנגע רעדע, אין וועלכער ער האט אלעמען ערקלערט דיא פפליכטען פון א בירגער.

— מיר מוזען יעצט אלע ארבייטען צו זאמען צום וואהל און בעסטען פון אלעמען, האט סערוואדאק געזאָגט, מיר מוזען העלפען איינער דעם אנדערן, שטיצען איינער דעם אנדערן, אויספאָלגען אלעס וואס מען וועט זיי הייסען טאָהן, ווייל יעדע זאך, וואס יעדער איינציגער פון זיי וועט טאָהן פאר אלעסען, טוהט ער עס פאר זיך אליין. — ווילט איהר מיר פערשפּרעכען, אז איהר וועט זיך פערהאלטען רוהיג און טאָהן אלעס, וואס מען וועט אייך הייסען?

— מיר קענען עס פערשפּרעכען נור דאן, ווען איהר וועט אונז געבען אייער עהרענוואָרט, אז איהר וועט אונז באלד צוריק שיקען נאך שפאניען, האט זיך אפּגערופען איינער פון דיא שפאניער מיט'ן נאמען נעגריטאָ.

— נאך שפאניען? — איהר ווילט צוריק פאהרען נאך שפאניען? האט סערוואדאק איבער געפרעגט.

— און מיין געלד? האט געשריגען דער גרעק,—איך פאָדער אז זיי זאָלען מיר בעצאהלען, וואס עס קומט מיר!

דער שפּאניער נעגריטאָ האט געוואָלט עפּעס ענטפערן און זיי וואלטען געוויס זיך צו שלאָגען, ווען בן זוף זאל זיי נים געווען צו רייסען און אויס־ רופען:

— שטיל זאָל זיין! פערהאלט אייך רוהיג! — דער גובערנאטאר וויל רעדען.

דאס האט געהאלפען. אלע זיינען געבליעבען שטיל און קאפיטאן סערוואַ־דאק האט געזאָגט:

— מיינע פריינד, איהר האט געוויס בעמערקט, אז אין דער לעצטער צייט האט זיך אלעס געענדערט. דער טאג איז ניט מעהר וויא זעקס שטונדען און דיא נאַכט איז ניט מעהר וויא זעקס שטונדען. דיא זון געהט אויף ניט אין אָסטען (מזרח), זאָנדערן אין וועסטען (מעריב). עס איז פאָרגעקומען א זאָנדערבארע קאטאסטראָפע, א שרעקליכער צוזאמענשטויס פון דער ערד מיט א שטערן אין דער שטערן האט אָפגעריסען א שטיק פון דער ערד און געראדע דאס שטיק, אויף וועלכען מיר האבען זיך געפונען. מיר זיינען אלזא יעצט ווייט, זעהר ווייט פון שפאניען, פון פראנקרייך, פון אייראָפא פון דער וועלט, וואו מיר האבען ביז אהער געוואוינט. איך ווייס ניט, אויב מיר וועלען אמאָל נאָך צוריק קומען אויף דיא אלטע וועלט. דער וויל מוזען מיר מיר זעהן זיך איינצוריכטען, זיך איינצור ארדענען, זיך איינצולעבען אין דיעזער נייער וועלט און דארום האב איך אייך גע־בעטען, איהר זאָלט פאלגען אלעס, וואָס מען וועט אייך הייסען טאָהן, ווייל איהר טהוט עס צום וואהל און בעסטען פון אלעמען.

דיא שפאניער און דער גרעק האבען געעפענט דיא מיילער און האבען געקוקט אויף קאפיטאן סערוואדאק מיט בעוואונדערונג: זיי האבען ניט פערשטאַ־נען, וואס ער האט געמיינט דער מיט. זיי האבען קיין זאך ניט געלערנט און קיין מאל זיך ניט פערטראכט, וויא דיעזע גרויסע וועלט איז געבויעט.

— ערקלערט אונז, וואָס איהר מיינט דער מיט, אז מיר קענען שוין קיין מאָל ניט צוריק קומען קיין שפאניען, האט נעגריטא געבעטען.

קאפיטאן סערוואדאָק האט געזעהן אז ער האט צו טאָהן מיט גאנץ אונ־וויסענדע מענשען און ער האט זיי ערקלערט:

— זעהט איהר דען ניט דיא טויזענדער שטערן אויפ'ן הימעל? — איהר זעהט זיי געוויס. זיי ווייזען זיך אוים קליין, ווייל זיי זיינען ווייט פון אונז; ווען מען בע־טראכט זיי מיט א טעלעסקאָפ, זעהט מען, אז פיעלע פון זיי זיינען פיעל גרעסער פון אונזער ערד. נו, אויף אונזער ערד געפינען זיך בערג, טאָהלען, טייכען, מעערע אינזעלן, ביימער, גראָזען, מענשען און טהיערע. ווען אויף אונזער קליינער ערד געפינען זיך אזוי פיעל פערשיעדענע זאכען, פאר וואס זאָלען זיך ניט געפינען

אלע דיעזען זאכען אויף יענע וועלטען, וועלכע זיינען גרעסער פון אונזער ערד?

— וויא קומען מיר אָבער אויף אנאנדער וועלט אדער אויף אנאנדער שטערן? האט נעגריטאָ געפרעגט.

— איהר זעהט דאָך, אז דיעזע אלע שטערן שטעהן ניט אויף איין אָרט, אָט זעהט מען זיי דאָ און אָט זעהט מען זיי דאָרט. אלזאָ זיי בעוועגען זיך, זיי געהן א געוויסען וועג און קומען צוריק אין געוויסע צייטען. אויך אונזער ערד שטעהט ניט אויף איין אָרט, איהר זעהט דאָך, אז אמאָל איז זומער, עס איזווארם און דיא טעג זיינען זעהר לאנג, אמאל אָבער ווערן דיא טעג קורץ און דיא נעכט לאנג און עס ווערט קאלט, עס ווערט ווינטער. אלזאָ דיא ערד געהט ערגעץ דרעהט זיך, בעוועגט זיך, און דיא שטערן געהן ערגעץ, דרעהן זיך, בעוועגען זיך. עס האט זיך אבער געמאכט, אז אונזער ערד, האט זיך צוזאמען געטראָפען מיט א קליינעם שטערן, זיי האבען זיך צוזאמענגעשטויסען אין דער קליינער, אבער זעהר שטארקער שטערן האט אפגעריסען א שטיק פון דער ערד, וואו מיר האבען ביז אהער געוואינט, און איז אנטלאָפען מיט איהם. צו פעלינער ווייזע האבען מיר זיך געפינען אויף דיעזען שטיק לאנד און מיר זיינען יעצט אויף דעם אנדערן שטערן.

אלע האבען איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם, זיי האבען איהם אבער דאך ניט פערשטאנען.

בן זוף האט געפרעגט דעם גרעק:

— נון, יעצט פערשטעהסט דוא שוין, אז דוא קאנסט נאָר ניט מאכען מיט דיין געלד אויף דעם נייעם שטערן?

דער גרעק האט א שמייכעל געטאהן און האט געענטפערט:

— דער געגעראל גובערנאטאר האט זיך ערלויבט צו מאכען א שפאס פון אונוויסענדע מענשען. איך וועל באלד דאָך צוריק פאהרען נאך סמירנא.

עס איז שווער געווען צו ערקלערן דיעזע אונוויסענדע מענשען, וואס עס איז פאָרגעקומען דעם 31טען דעצעמבער. דער מענש, וועלכער האט קיין מאָל זיך ניט פערטראכט איבער דיעזעם וואונדערבארע געביידע, וועלכעס הייסט וועלט. פון דעסט וועגען זיינען סערוואדאקס ווערטער ניט פערלאָרען געגאנגען. דיא שפאניער האבען אזוי פיעל פערשטאנען פון סערוואדאקס רעדע, אז זיי געפינען זיך ניט אין א גאנץ אנגענעהמע לאגע אז זיי מוזען ארבייטען, אום אלע זאַלען

קענען לעבען, און ענדליך איז דער גענעראל גובערנאטאר — קאפיטאן סערוואדאק מיינט זייער טובה. דאס איז שוין געווען גענוג.

דעם אנדערן טאג האבען זיך אלע גענומען צו דער ארבייט און די שפא־ניער האבען געארבייטעט אזוי פלייסיג, ווי די רוסען.

די הויפט ארבייט איז יעצט בעשטאנען אויסצוהאקען ביימער און בויען שטארקע הייזער פיר דעם ווינטער. מען האט אויך געמוזט אנהייבען צו זאמלען די פריכטע פון די ביימער און פון די פעלדער, ווייל די פייגעל האבען צער־שטערט און אויפגעפרעסען אלעס, וואס זיי האבען נור געקענט.

גראף טימאשעוו האט אויפגעגעבען א נייעם פלאן, ווי אזוי צו מאכען גוטע ווינטער קווארטירען. עס האבען זיך צוואר געפונען וועלדער אויף דער אינ־זעל, עס איז אבער ניט געווען ראטהזאם אויסצוהאקען פיעל ביימער, ווייל מען וועט זיי דארפען האבען אויף הייצונג. דארום האט גראף טימאשעוו געראטהען: אז מען זאל עס מאכען, ווי די רוסען אין יאקוטסק, און צוואר, מען זאל אויס־גראבען טיעפע גריבער אין דער ערד און זיי בעדעקען מיט ערד. אין אזא וואר־נונג איז ווינטער זעהר ווארם, ווייל ווי שטארק די קעלט זאל זיין, קען זיא ניט צו קומען דורך די ערד. אויסערדעם ווען עס פאלט אן שנעע אין אזא וואוינונג ווערט אין גאנצען פערשנעעט, איז אין איהר נאך ווארעמער, ווייל דער שנעע לאזט ניט דורך די קעלט.

דיעזער פלאן איז אלעמען געפעלען, ווייל ער איז לייכטער אויסצופיהרען און זאגאר די שפאניער האבען פערשטאנען, אז אין אזא וואוינונג אין דער ערד דארף זיין פיעל ווארעמער, ווי אין א הויז פון קלעצער, וועלכע זיינען נאך ניט גאנץ גוט צו געפאסט איינער צום אנדערן.

אבער ווען מען ריכט זיך אויף אזא שטרענגען ווינטער מוז מען אויך פער־זארגען די בהמות. ביז אהער האט מען זיי געהאלטען אין דרויסען, אין אן ארומגעצוימטען פלאטץ, אין דער צייט פון א שטרענגען ווינטער מוז מען האבען פאר זיי ווארעמע שטאלען.

אלזא ארבייט איז געווען גענוג און מען האט אויך פלייסיג געארבייטעט. צו ביסלעכווייס האט יעדער אנגעהויבען צו פיהלען, ווי נאטהווענדיג דיעזע אר־בייט איז, ווייל עס האט אנגעהויבען צו ווערן קיהלער, בעזאנדערס ביי נאכט. די שפאניער, וועלכע זיינען געווען געוואוינט צו א ווארעמען קלימא. האבען די

ערשטע אונגעהויבען צו פיהלען דיא קעלט. זיי פלעגען שוין ניט קענען שלאָפען ביי נאכט אין דרויסען אויף דער פרייער לופט.

קאַפּיטאַן סערוואדאק האט אלזאָ ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז דיא שפּאַ־ניער זאָלען שלאָפען ביי נאכט אין דער נורבי. ער אליין, בן זוף, דער קליינער פּאַבלאָ און ניגא פלעגען שלאָפען אויף דער „דאבריניא". דער גרעק מיט זיינע מענשען פלעגען שלאָפען אין דעם „נעאַרנאַס."

אלעס איז אלזאָ געווען אין ארדנונג און מען האט ווייטער געארבייטעט און זיך פארבערייטעט אויפ'ן ווינטער. פּלוצלונג האבען זיי געמוזט אוועק לעגען דיא ארבייט.

ווען מען האט אויסגעגראָבען דרייא פוס טיעף אין דער ערד, איז מען גע־קומען צו א סאָרט הארטען שטיין, וועלכען עס האבען ניט געקענט ריהרען ניט דיא ברעכאייזען און ניט דיא אנדערע מיטעל, וועלכע שיפסקאפּיטאַן פּראָקאָפּ און אינזשעניר טינעלעוו האבען פּראָבירט. עס איז געווען א מעטאל, פיעל הארטער פון אייזען און פיעל פעסטער פון שטאָהל.

מען האט פּראָבירט גראָבען אין אנאנדער אָרט,—אויף דאסזעלבע: קוים האט מען אויסגעגראָבען דרייא—פיער פוס דיא טיעף, איז מען צוגעקומען צו דעם זעלבען מעטאל. מען האט פּראָבירט גראָבען אין א דריטען, אין א פיערטען אָרט דאסזעלבע.

מיט שווערער מיה האט שיפסקאפּיטאַן פּראָקאָפּ אבגעבראָכען א שטיק פון דיעזען מינעראל און האט עס בעטראכטעט. ער האט ניט געוואוסט, וואס דאס איז. אינזשעניר טינעלעוו האט פּראָבירט עס צו שמעלצען, עס האט זיך אָבער ארויס געוויעזען, אז מען מוז האבען א בעזאָנדערס שטארקעס פייער אום עס צו שמעלצען, מען האט געמוזט געברויכען א זעהר הויכע טעמפּעראטור אום עס צו שמעלצען.

— וואס זאָל דאָס זיין? האט קאַפּיטאַן סערוואדאק געפרעגט.

— דאס איז א מינעראל, וועלכעס מען געפינט ניט אויף דער ערד, האט אינזשעניר טינעלעוו ערקלערט, מיר דאכט, אז דיא „גאלליא" בעשטעהט נור פון דיעזען מינעראל.

אונטערדעסען איז געוואָרען קעלטער און קעלטער. ווען מען פלעגט איבער־לאָזען א ביסעל וואסער איבער נאכט, פלעגט עס פערפראָרען ווערן.

— וואס טהוט מען אלזאָ? האט סערוואדאק געפרעגט, מיר מוזען האבען,

א ווארימע וואוינונג אויפ'ן ווינטער, מיר וועלען מוזען דאך בויען א רויס הויז, וואו מיר זאָלען קענען איבערווינטערן.

— איך דענק, אז מיר קענען וואוינען אין דיא צווייא שיפען, וועלכע מיר האבען, האט בן זוף זיך אפגערופען.

— דאס איז אונמעגליך, האט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ ערקלערט, דיא „דאָברינייא" איז א גוטעס שיף, אבער זיא איז ניט געבויעט געוואָרען, מען זאָל קענען אין איהר אויסהאלטען א קעלט פון 50—60 גראד. זיא איז געבויעט געוואָרען פיר ווארימע געגענדען און מיר וועלען אין איהר פערפראָרען ווערען, אויב מיר וועלען מוזען אויסהאלטען א זעהר שטרענגען ווינטער, וויא עס ווייזט זיך מיר ארים. פון דעם „געארגאָס" האב איך גאָר ניט וואס צו רעדען דאס איז דאָך נור א הילצערנער קאסטען, וואו מען קען זיך ניט שיצען פון א קעלט פון 10 גראד.

דיא לאגע איז געוואָרען טרויעריגער און טרויעריגער, פערצווייפעלטער און פערצווייפעלטער. דערצו איז נאך צו געקומען דער אומשטאנד, וואס דיא זון האט אנגעהויבען קלײנער צו ווערן און ביי טאָג פלעגט שוין ניט זיין אזוי ליכטיג, וויא פריהער. ווען דיא גאלליא זאָל געווען האבען א לבנה, וויא דיא ערד, אדער פיער לבנות, וויא דער שטערן יופיטער, אדער צווייא לבנות, וויא דער שטערן סאטורן, וואלט נאך פיעלייכט ביי נאכט געווען העלער, אבער דיא גאלליא האט גאָר קיין לבנה ניט געהאט און מען פלעגט מוזען זיך בעגניגען מיט דער ליכטיגקייט פון אנדערע שטערן.

עס איז וואהר, אז פיעלע שטערן פלעגען לייכטען ביי נאכט אזוי העלל, אז מען האט געקענט זעהן, וואוהין צו געהן און טאָהן איינינע ארבייטען, וועלכע פאָדערן קיין שטארקעס ליכט, דאס איז שוין געווען גענוג, אבער ביי טאָג האט עס אנגעהויבען צו ווערן דונקעל, אז עס איז שווער געווען צו שרייבען ביים שיין פון דער זון.

יעצט האבען שוין דיא שפאניער און זאגאר דער גרעק אנגעהויבען צו פערשטעהן, עפּעס איז ניט גלאט, אז זיי געפינען זיך ערגעץ אין א נייער געגענד. זיי האבען יעצט געבעטען, מען זאל זיי גיבען ארבייט אום זיך פאָרצובערייטען אויף דעם ווינטער.

מען האט זיך בעראטהען א לענגערע צייט און זיך איבערלעגט, וואס מען

זאל מאַכן, אין עס איז געבליעבען, אז מען זאל בויען א גרוים הויז לעבען דער גורבי און מען זאַל ארומלעגען דיא ווענט מיט ערד און שטיינער.

א בעסערן פּלאן האט מען ניט געקענט אויסטראַכטען און מען האט זיך גענומען אויספיהרען דיעזען פּלאן אזוי שנעל וויא עס איז נור מעגליך. אלע האָ־בען געארבייטעט, זאָגאר נינא און פּאַבלאָ האבען מיט געהאָלפען, וויא ווייט זיי האבען געקענט.

איין מאל ביי נאכט זיינען קאפּיטאן סערוואדאק, גראף טימאשאָוו און בן זוף געגאנגען זעהן, אויב מען האט אראָפּגענומען אלע פריכטע פון א ווייטען גאר־טען. זיי זיינען געגאנגען צו פוס, ווייל עס האבען זיך געפונען אויף דער גאנצער אינזעל נור צווייא פערד.

אויפ'ן וועג האבען זיי געדארפט ארויפגעהן אויף א בערגעל, דער העכסטער פונקט פון דער גאנצער אינזעל. ווען זיי זיינען ארויפגעקומען אויף דעם שפּיץ פון בערגעל, זיינען זיי געבליעבען שטעהן און האבען זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, ווייל פון דיעזען פונקט האט מען געקענט זעהן דאס מעער ארום דער גאנצער אינזעל.

פּלוצלונג האט בן זוף אויסגערופען:

— וואס איז דאס? א ליכט? א פייער?

— וואו איז עס? וואָס זעהסט דוא? האט קאפּיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— אָט דאָרט האט בן זוף געענטפערט און האט געוויעזען מיט'ן פינגער.

סערוואדאק און גראף טימאשאָוו האָבען יעצט דערזעהן א ליכט אָדער א פייער זיך וויזען ערגעץ גאנץ ווייט און ווידער פערשווינדען. עס האט ניט געברענט בעשטענדיג, זאנדערן עס פלעגט זיך אויפהייבען, פלעגט בעלייכטען א מינוט דעם גאנצען הימעל, דאן פלעגט עס אראָפּ פאלען און אויסגע־לאָשען ווערן.

— וואס זאל עס זיין? האט גראף טימאשאָוו געפרעגט. זאל עס זיין א שיף?

— עס איז קיין שיף, ווייל דאס פייער ווייזט זיך און פערשווינדעט.

— פיעלייכט ניט מען א סיגנאל פון שיף! האט בן זוף געפרעגט.

— א זעלבע סיגנאלען קען מען ניט געבען פון א שיף.

— אלזאָ וואס זאל עס זיין?

— מיר דאכט, אז דאס איז דער וואולקאן, — דער פייערשפייענדער בערג, וועלכען מיר האבען געזעהן אויף אונזער רייזע אהער.

— דאס איז מעגליך, האט גראף טימאשאוו געזאגט, — שאדע, וואס איך האב ניט ביי מיר מיין פעלדגלאז:

איינינע מינוטען האבען אלע געשוויגען און האבען בעטראכט דאס פייער. פלוצלונג האט קאפיטאן סערוואדאק אויסגערופען:

— גאט זיי דאנק! מיר האבען א ווארעמע ווינטער קווארטיר!

גראף טימאשאוו האט איהם אנגעקוקט מיט שטוינען.

— וואס מיינט איהר דער מיט, קאפיטאן? האט גראף טימאשאוו געפרעגט.

— וואס איך מיין דער מיט, ווילט איהר וויסען! האט קאפיטאן סערוואדאק אויסגערופען און געטאנצט פאר פרייד.

— וואס מיינט איהר דערמיט, וואס איהר זאגט, אז מיר האבען שוין א ווארימע וואוינונג אויפ'ן ווינטער? האט גראף טימאשאוו ווידערהאלט.

— איך מיין דער מיט, אז די נאטור אליין האט זיך געזארגט פאר אונז און האט אונז בעזארגט מיט א ווארימער וואוינונג.

— אבער וויא אזוי?

— גאנץ איינפאך, מיר וועלען צו פאהרען צום וואולקאן אזוי נאהענט, וויא עס וועט נור זיין מעגליך, און וועלען דארט מאכען אונז געצעלטען. די היץ פון וואולקאן וועט אונז ווארעמען.

— דאס איז צוואר מעגליך, אבער ניט גאנץ פערשטענדליך, האט גראף טימאשאוו געזאגט.

— פאר וואס איז עס ניט פערשטענדליך? האט קאפיטאן סערוואדאק אויסגערופען. דער וואולקאן ווארפט געווים ארויס טייכען מיט לאווא, דאס הייסט אלע מעגליכע מינעראלען און מעטאלען, וועלכע ווערן צו שמעלצען און איהם פון דער שרעקליכער היץ. — מיר וויסען, אז יעדער וואולקאן ווארפט ארויס פון זיך א זעלכע טייכען לאווא, וועלכע עס איז שרעקליך הייס. מיר וויסען, אז די לאווא בלייבט אמאל יאהרען לאנג אזוי הייס, אז ווען מען ווארפט אין איהר אריין א שטיק בליי, ווערט עס באלד צו שמעלצען.

— דאס איז ריכטיג, האט גראף טימאשאוו געזאגט, די לאווא, וועלכע דער וועזאוו ווארפט ארויס, בלייבט אמאל גאנצע צעהן יאהר הייס, דאס הייסט,

פון אויבען ווערט זיא פערקיהלט און הארט, אבער ווען מען לענט ארויף א האנד, קען מען זיך נאך אפבריהען.

— אלזא קענען מיר צו פאהרען צום וואולקאן און זיך מאכען געצעלטען נים ווייט פון דער לאווע. עס וועט אונז זיין אזוי ווארם, אז מיר וועלען אין גרעס־טען פראסט מוזען געהן אין דיא העמדער.

— בראווא, גענעראל גובערנאטאר! האבען אויסגערופען גראף מיטאשאוו און בן זוף אין קול.

— יעצט, מיינע פריינד, לאמיר געהן א היים און דערצעהלען שיפסקאפי־טאן און אינזשעניר טיגעלעוו פון אונזער נייעם פלאן, האט סערוואדאק גע־זאגט, מיר מוזען אלעס איבער רעדען מיט זיי.

זיי האבען שוין פערגעסען, צו וואס זיי זיינען געקומען אהער און זיינען שנעל צוריק געגאנגען צו דער „דאברינא." שיפסקאפיטאן פראקאפ האט אבער אויך דערזעהן דאס פייער און האט אויך פערשטאנען, אז דאס קומט פון וואול־קאן, וועלכען זיי האבען געזעהן אויף זייער רייזע.

ווען קאפיטאן סערוואדאק האט איהם מיט געטהיילט זיין פלאן, איז שיפסקאפיטאן פראקאפ שיער אויפגעשפרונגען פאר פרייד.

— נאט אליין האט אייך איינגעגעבען דיעזען געדאנק! האט ער אויסגערר־פען, דאס איז א גליקליכע אידעע, איהר ווייסט נאך פיעלייכט נאך נים, וואס פאר אונאננענעהמע געדאנקען עס האבען מיך בעאונרוהיגט.

— און איהר האט מיר דערפון גארנים געזאגט? האט גראף מיטאשאוו געמאכט א פארוואורף זיין שיפסקאפיטאן.

— צו וואס זאל איך אייך קרענקען, ווען איך האב נים געוואוסט קיין מיטעל, האט פראקאפ געענטפערט, — יעצט קען איך עס אייך זאגען.

— לאמיך הערן.

— איך האב ביז אהער געטראכט, געקלערט און מיר געבראכען דעם קאפ וואס איך זאל טאהן מיט דער „דאברינא" ווען עס וועט אנקומען דיא שטאר־קע קעלט און דאס וואסער וועט פערפרארען ווערן.

— וואס הארט עס אייך, וואס זיא וועט פערפרארען ווערן? האט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— ווייסט איהר דען נים, קאפיטאן, אז דאס איז פרעסט א שיף? ווייסט

איהר דען ניט, אז ווען מען לאָזט א שיף, א בארקע אדער א באָאָט איינפריערען אין אייז, צוקוועטשט עס דאָס אייז?

— איך האב נאך קיין מאל ניט געזעהן, ווּא א שיף ווערט איינגעפּראָרען, האט זיך קאפּיטאן סערוואדאק פערענטפערט.

— אבער איהר ווייסט דאך געוויס, אז עס איז דאָ א געזעץ אין דער נאטור אז ווען וואסער ווערט פערפראָרען, ווערט עס גרעסער, ברייטער און פערנעהמט מעהר פלאץ; ווען אייז הייבט אבער אן צו שמעלצען, ווערט עס צוזאמענגעצויגען, דאס הייסט, דאס געשמאָלצענע אייז אדער דאס וואסער ווערט קלענער, עס פערנעהמט ווייעדער דעם פלאץ, וואס עס האט פריעהער איינגענומען. דאמאלס איז אן איינגעפּראָרענעס שיף אין געפאהר: דאס געשמאָלצענע אייז פּרעסט זיא, דריקט זיא און צוקוועטשט זיא. אין דיא קאלטע געגענדען וויים מען דערפון און ווען דער ווינטער קומט און דיא וואסערן הייבען אן צו פריערן, שלעפּט מען ארויס פון וואסער אלע באָאָטע, אלע בארקען און אלע שיפען.

איך האב אלזאָ געטראכט וואס צו טאהן מיט דער „דאָברינא“ אין ווינטער ווען זיא וועט איינגעפּראָרען ווערן. אין א פּאָרט האט מען מאשינען אויפצוהייבען אזא שיף, דא אבער האבען מיר קיינע מאשינען און קיין פלאץ, וואו צו האלטען דיא „דאבריניא“ אין ווינטער.

— קען מען זיא ניט האלטען אויפ'ן ברעג? האט בן זוף געפרעגט.

— פון אייערע רעד דערקענט מען, אז איהר זייט קיין מאל ניט געווען אין א קאלטער געגענד און האט קיין מאל ניט געזעהן, וויא מזון האלט שיפען אין ווינטער ווען דאס מעער ווערט פערפראָרען, האט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ געענטפערט.

אין דער וואהרהייט האט ניט בן זוף און ניט סערוואדאק ניט רעכט פערשטאנען שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ, איין גראף טימאשאָוו האט איהם פערשטאנען, ווייל ער האט געזעהן אין ארכאנגעלין, וויא מען נעהמט ארויס דיא שיפען פון וואסער, ווען דער ווינטער הייבט זיך אָן.

— און יעצט? וואס וועט איהר טאהן יעצט מיט דער „דאבריניא“? האט גראף טימאשאָוו געפרעגט.

— איך וועל זיא האלטען אין דעם אָרט, וואו דיא לאַווא פליעסט אריין אין מעער, האט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ געענטפערט. דארט וועט דאס מעער ניט פערפראָרען ווערן.

— דיא פראגע איז אבער, אויב מיר וועלען דאָרט געפינען א פּלאץ פאר דיא „דאבריניא,“ האט גראף טימאשאָוו געזאָגט.

— דאס מוזען מיר זעהן. מאָרגען אין דער פריה וועלען מיר צו פאהרען צו דעם אָרט, וואו דער וואולקאן געפינט זיך און מיר וועלען אונטער זוכען דיא גאנ־צע געגענד.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה זיינען שיפסקאפיטאן פּראָקאָפּ, גראף טימאשאָוו און העקטאר סערוואדאק געפאהרען אויף דעם גרויסען באאט פון דער „דאָבריניא“ אויספארשען דעם וואולקאן און דיא געגענד ארום.

אויף דער „דאָבריניא“ האבען זיך געפונען דרייא באָטע, צווייא זיינען גע־גאנגען מיט רודער און דאס דריטע האט מען געקענט טרייבען מיט דאמפף. אויף דער „דאבריניא“ האט זיך נאָך געפונען געגען א צעהן טאָן קאָהלען. דאס האט מען יעצט אפּגעהיט, וויא אן אויג אין קאָפּ, און מען האט זייא געברויכט נור דאן, ווען מען האט שוין קיין אנדער מיטעל ניט געהאט.

אין א צייט פון דרייא שטונדען האט דאס לייכטע דאמפף באָאט זיי גע־בראכט צום וואולקאן, אבער יעצט ערשט האט זיך אנגעהויבען א שוויערינקייט וויא אזוי קומט מען צו צו איהם. עס איז געווען א גלייכע וואנט פון שטיינער אויף וועלכער עס איז געווען אונמעגליך ארויפצוקלעטערן.

גאנץ נאהענט צום וואולקאן איז אויך געווען אונמעגליך צו צוקומען, וויל א ברייטער שטראם פון צו שמאָלצענער, קאכענדער, זידעגדער, ברענענדער לאַווא האט זיך געגאָסען פון איהם גלייך אין מעער און האט היים געמאכט דאס וואַ־סער אויף פיעלע מייל ארום.

עס האט געדויערט א גאנצע שטונדע, ביז זיי האבען אויסגעפונען א פּלאץ, וואו מען זאל קענען האלטען דיא „דאָבריניא“ אין ווינטער צייט. ענדליך האבען זיי געפינען א קליינע בוכטע דארט האבען זיי בעפעסטיגט דאס דאמפף באָאט און זיינען ארויסגעגאנגען אויפ'ן ברעג.

— זאָנדערבאר! האט גראף טימאשאָוו אויסגערופען, דיזר באדען איז דער זעלבער, וויא מ'ר האבען געפונען, ווען מען האט געגראָבען אויף דער אינזעל. עס ווייזט זיך אויס, אז עס איז א שטיין, עס איז אָבער קיין שטיין, זאָנדערן א מעטאל אדער א מינעראל, וועלכער איז מיר גאנץ אונבעקאנט. וואס זאל עס זיין.

קיינער האט איהם ניט געענטפערט, יעדער איז געווען פערטיעפט אין זיינע

איינענע געדאנקען. שיפסקאפיטאן פראקאפ האט געזוכט א וועג ארויפצוקלעטערן אויפ'ן בארג אום דארט צו זוכען א פלאץ פאר א ווינטער קווארטיר.

קאפיטאן סערוואדאק אלס סאָלדאט איז געווען געוואינט צו קלעטערן. ער האט פראָבירט קלעטערן אויף פערשיעדענע ערטער און ענדליך האט ער אויסגערופען:

— קומט נור אהער! אָט איז א טהיר!

און ווירקליך אין שטיין האט זיך געפונען א הייל, א דונקעלער וועג, וועלבער האט ערגעץ געפיהרט.

שיפסקאפיטאן פראקאפ און גראף טימאשאָוו זיינען איהם נאָכגעגאנגען. קוים זיינען זיי אריינגעגאנגען אין הייל האבען זיי געפיהלט אן אנגענעהמע וואַרימקייט, גלייך וויא עס וואָלט זיך געפונען א הייסער אויווען.

— איהר זעהט יעצט, מיינע פריינד; אז דיא נאטור אליין האט אונז פערזאָרגט מיט דער בעסטער וואַרעמער קווארטיר, וועלכע מיר קענען זיך נור ווינשען. דיא קווארטיר איז צוואר א ביסעל פינסטער, אבער דאס מאכט נים, מיר וועלען שוין קריגען ליכט אויך, פאר א נויט וועט אונזער נייער פריינד, דער הערר וואולקאן, אונז אויסהעלפען מיט א ביסעל ליכט.

פון דעסט וועגען האבען זיי זיך אָנגענומען ביי דיא הענד און זיינען געגאנגען זעהר לאנגזאם און זעהר פארזיכטיג.

זיי זיינען אזוי אוועק געגאנגען געגען א פּאָאר הונדערט שריט. עס איז געוואָרען וואַרעמער און וואַרעמער אין דעם דונקעלען טונעל און ענדליך איז געוואָרען אזוי הייס, אז זיי זיינען בענאָסען געוואָרען מיט שווייס.

— א רוסישע שוויץ—באד! האט סערוואדאק אויסגערופען.

קוים האט ער עס ארויס געזאָגט, האט זיך געוויעזען א ראָזא רויטע ליכטיגקייט.

— דיעזער טונעל פיהרט גלייך צום קראטער פון וואולקאן, האט גראף טימאשאָוו געזאָגט, מיר קענען ווייטער נים געהן.

קראטער הייסט דער לאָך אין וואולקאָן, פון וואנען עס קומט ארויס דאס פייער און פון וואנען עס ווערן ארויס געוואָרפען שטיינער, אש און לאַווא.

ערשט יעצט ביי דער ליכטיגקייט פון וואולקאן האבען זיי געקענט זעהן, אז דער טונעל אדער דיא הייל צו טהיילט זיך אין פערשיעדענע טונעלען אין

אלע זייטען. עס איז געווען א גאנצע נעץ פון טונעלען, גאלעריעען, שמאָלע גענג און האָללען.

— שאדע, וואס בן זוף איז דאָ ניטאָ! האט קאפיטאן סערוואדאק אויס־גערופען, ער וואלט שוין אויסגערעכענט און אנגעוויזען, וואס מיר זאָלען האלטען אין דיעזען גאנג און וואס מיר זאָלען מאכען פון יענעם טונעל, וואו עס זאל זיין אונזער סיף און וואו אונזער שפייזע קאמער.

— מיר וועלען געוויס אויסניצען דיעזעס פייער, וועלכעס דיא נאטור גיט אונז גאנץ אומזיסט, האט שיפסקאפיטאן פראָקאָפּ בעמערקט, דיא פראגע איז נור, אויב מיר וועלען קענען בענוצען דיעזע היץ צום קאָכען און באקען דאס איז זעהר וויכטיג.

— מיר מוזען נאָך מאכען א וועג פיר אונזער לעבעדיגעס פּראָוויאנט, פאר אונזערע בהמות, האט גראף טימאשאוו געזאָגט, מיר קענען זיי נים לאָזען אויף דער אינזעל, ווייל זיי וועלען דארט אומקומען פון קעלט.

— ארבייט וועלען מיר האבען גענוג, האט סערוואדאק דארויף געענטפערט, מיר מוזען אויך זיך נעהמען צו דער ארבייט און קיין מינוט פערליערן.

זיי האבען זיך דאן אומגעקעהרט און זיינען צוריק געפאהרען צו דער אינזעל. ווען זיי זיינען אנגעקומען, איז שוין געווען האלבע נאכט. אלע זיינען שוין געשלאָ־פען, נור בן זוף האט געוואכט. ער איז געווען א גוטער ווירטה און אלס סאָל־דאט איז ער געוואוינט געווען אלעס צו בעזאָרגען און פאר אלעם זיך צו זאָרגען.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא ער האט זיך דערפרעהט, ווען ער האט דערהערט, אז דער וואולקאן וועט זיי בעזאָרגען מיט אלעס, וואס איז נעהטיג פאר א ווארעמע און בעקוועמע ווינטער קווארטיר.

— זאָנדערבאר! האט ער אויסגערופען, זאָנדערבאר! ווען א וואולקאן קען פערזאָרגען אלעס, וואס איז נעהטיג פאר א גוטע און בעקוועמע קווארטיר, פאר וואס זאָלען דיא קלוגע און געלערנטע מענשען נים אויסטראכטען א מיטעל, אז יעדער פראנצויזישער בירגער זאל האבען א קליינעם וואולקאן ביי זיך אין דער היים.

אלע האבען זיך צו לאכט.

— מיינסט עס ערנסט, בן זוף? האט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— גאנץ ערנסט, קאפיטאן.

— נו, מארגען וועסט דוא פאהרען און דוא וועסט אליין זעהן, וויא לייכט עס איז צו האבען א וואולקאן ביי זיך אין שטוב, האט קאפיטאן סערוואדאק געענטפערט.

מען האט אפגערעדט, אז מארגען זאל מען זיך שוין נעהמען צו דער אר־בייט, ווייל דיא קעלט האט זיך שוין געלאזט פיהלען.

דאס וועטער איז געווען שעהן, דער הימעל איז געווען קלאר און לויטער, דיא לופט אבער איז געווארען קאלט. ביי טאג איז עס נאך געווען ליידליך, ביי נאכט אבער פלעגט שוין דאס וואסער פערפרארען ווערן און אין פיעלע ערטער אויף דער אינזעל, וואו עס האבען זיך געפונען טייכלעך, פלעגט זיך אין דער פריה ווייזען א דינע שולעכטס פון אייז.

דיא שפאניער האבען אנגעהויבען שטארק צו פיעלען דיעזע קעלט זיי זיינען געוועזען זעהר לייכט אנגעטאהן און האבען נים געקענט זיך שיצען פון דער קעלט עס וואהר, אז דער גרעק געארגאס האט געהאט פיללע שטאפען אויף זיין באר־קע, פון וועלכע מען וואלט געקענט מאכען ווארעמע קליידער, ער האט אבער פערלאנגט אזא הויכען פרייז פאר זיינע וואארען, אז דיא שפאניער זיינען עס נים אום שטאנד געוועזען צו בעצאהלען.

בן זוף האט גערעכענט, ער זאל צו ערשט אריבער פיהרען דיא שפאניער צום וואולקאן, וואו עס וועט זיי זיין ווארים געגוג, מען האט אבער געדארפט האבען „הענדה,“ מענשען, וועלכע זאלען העלפען איבער פיהרען און איבער טראגען אלעס.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט מען אלזא געהייסען אנלאדען אויף דיא „דאברינא“ אלעס, וואס מען האט נור געקענט, און מען איז געפאהרען זיך בעזעצען אין דער נייער וואוינונג.

דאס איטאליענישע מיידעלע נינא און דער קליינער שפאניער פאבלא זיינען מיטגעפאהרען. בן זוף האט גאנץ ריכטיג ברעכענט, אז זיי קען מען שוין לאזען אין וואולקאן, ווייל זיי קענען ווייניג העלפען ביי דיא שווערע ארבייטען און זיי געהן זעהר לייכט אנגעטאהן.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא איבערראשט בן זוף איז געווען, ווען ער איז צום ערשטען מאל אריינגעקומען אין ווארעמען טונעל. ער האט געטאנצט פאר פרייד און האט באלד אויסגערעכענט:

— דא ביים אריינגאנג פון טונעל. וועלען מיר האלטען אונזערע בהמות,

ווייטער וועלען מיר אין א זייטען גאלעריע מאכען א זאל פאר דעם גענעראל גובערנאטאר און פאר גראף טימאשאוו. דארט וועט זיין אונזער שלאף צימער און דארט וועלען וואוינען דיא שפאניער.

דיא שפאניער האבען באלר פערשטאנען, אז דאס איז זייער איינציגע רעט־טונג און זיי האבען, געארבייטעט, וויא דיא עזלען, אום אלעס איינצוריכטען.

אינזשעניר טינעלעוו איז געבליעבען מיט זיי און האט אנגעהויבען אויסצו־האקען א וועג פון ברעג פון מעער צום טונעל, אויף וועלכען מען זאל קענען ארויפפיהרען דיא בהמות. דאס איז געוועזען א זעהר שווערע ארבייט, ווייל דער שטיין אדער דאס מינעראל, פון וועלכען דער בארג איז בעשטאנען, איז געוועזען הארט, וויא אייזען.

אלע האבען געארבייטעט, אלע האבען מיט געהאלפען, אלע האבען זיך גענעבען דיא גרעסטע מיה זיך איינצואורדנען אויפ'ן ווינטער און צו מאכען זעהר וואוינונג וויא אם בעסטען, נור דער אלטער גרעק האט זיך נים געוואלט ריהרען פון ארט. ער האט נאך אלץ געגלויבט אז ער געפינט זיך נים ווייט פון גריעכענ־לאנד און וועט באלד קענען צוריק פאהרען א היים.

ענדליך אבער האט בן זוף איהם ערקלערט, אז מען וועט איהם מיט זיין בארקע „געארגאס" אוועק פיהרען אויף דער ווינטער קווארטיר.

— איך שווער ביים הייליגען חארלאמפיאס, אז איך וועל עס נים דערלאזען! האט דער גרעק אויסגערופען,—וואס האט איהר צו מיר? וואס פאר א רעכט האט איהר צו פיהרען מיין שיף ווען איך וויל עס נים?

— זעהט, וויא עס ווערט קאלט, האט בן זוף איהם געענטפערט, ווען איהר וועט בלייבען אויף אייער בארקע, וועט איהר פערפרארען ווערן.

— דאן לאזט מיך פאהרען נאך אלזשיר, דארט איז ווארם, האט דער גרעק געענטפערט רוהיג.

— איך זאג אייך אבער, אז אלזשיר איז מעהר ניטא אויף דער וועלט, אויף וועלכער מיר געפינען זיך, האט בן זוף אויסגערופען.

— דאס קען נים זיין, האט דער גרעק פערעקשנט, איך בין דאך ערשט נים לאנג געוועזען אין אלזשיר.

אזוי וויא בן זוף האט גאר נישט געקענט מאכען מיט דעם אלטען אונווי־סענדען גרעק, האט ער געשיקט צו איהם קאפיטאן סערוואדאק, דעם גענעראל גובערנאטאר. פאר איהם האט דער גרעק שוין מעהר רעספעקט געהאט און האט

נעבעטען, מען זאָל איהם לאָזען צו רוה. ער וועט בלייבען דא, וואו ער איז יעצט, ביז עס וועלען קומען מענשען און וועלען איהם העלפען ברענגען זיין בארקע נאָך אלזשיר אָדער נאָך אנאנדער פּאָרט אין מיטעללענדישען מעער.

— אבער מיר געפינען זיך יעצט ניט מעהר אין מיטטעלענדישען מעער, האט איהם סערוואדאק ערקלערט.

— דאס קען ניט זיין, הערר געגעראל גובערנאטאר, האט דער גרעק געזאָגט וויא צו זיך אליין.

ווען סערוואדאק האט געזעהן, אז ער קען גאָר ניט מאכען מיט דעם אלטען מאן, האט ער געהייסען שיפּסקאפּיטאן פּראָקאָפּ בוקסירען מיט געוואלד דעם „נעאַרגאָס" צום וואולקאן.—דער גרעק האט פּראָטעסטירט, אבער עס האט איהם גאָר ניט געהאלפען. דיא „דאָבריניא" האט פערוואָרפען א שטריק אויף דעם „נעאָרגאָס" און האט איהם מיט געוואלד געבראכט אין דיא קליינע בוכטע לעבען וואולקאן.

ווען דער גרעק האט דערפיהלט דיא וואַרימקייט פון דעם וואולקאן, האט ער אויסגערופען:

— אך! פאר וואס האט איהר מיר פריהער ניט געזאָגט, אז דאָ איז אזוי ווארים? יעצט בין איך ניט ווייט פון אלזשיר!

באלד אָבער האט ער זיך איבערצייגט, אז ער איז ניט לעבען אלזשיר.

צווייא וואָכען האבען געדויערט דיא פּאַרבערייטונגען אויפ'ן ווינטער. דיא „דאָבריניא" און איהר דאמפּף באָאָט האבען געמוזט יעדען טאָג פאהרען צו דער אינזעל, אויפנעהמען דיא בהמות, פריכטע און אלעס, וואס עס האט געקענט ניצליך זיין אין דער ווינטער צייט, און זיי ברענגען צום וואולקאן.

דיא קעלט איז געוואָרען מיט יעדען טאָג גרעסער, דאס מעער האט אנגעהויבען צו פריערען ביי דיא ברעגעס און אויך אין דער מיט האבען זיך געוויעזען גרויסע שטיקער אייז, וועלכע זיינען לאנגזאם ארומגעשוואומען, וואוהין דער ווינט האט זיי געטריעבען.

עס איז געוואָרען אזוי קאלט, אז עס איז געווען אונמעגליך צו שלאָפען זאָגאר אויף דער „דאָבריניא," ווען מען האט ניט געהייצט דעם קעסעל. ווער עס האט נור געקענט, דער איז אנטלאָפען אין טונעל. דער ווינטער איז אנגעקומען מיט אמאָל, גלייך וויא ער האט געוואָלט איבערראשען דיא קליינע קאָלאָניע.

עס האט אנגעהויבען צו שנעען און דאס מעער איז געוואָרען געדיכט, וויא

א קאשא, גרופען זיינען ארומגעשוואומען און האבען זיך צו געקלעבט צו דיא שטיקער אייז.

דער שנעע האט געדויערט נור צוויא טעג, דאן איז געוואָרען א ביסעל ווארעמער און גראף טימאשאָוו האט געבעטען קאפיטאן סערוואדאק, זיי זאָלען ארויפקלעטערן אויפ'ן בארג און זאָלען בעטראכטען דיא געגענד ארום. אזוי וויא מען האט מעהר נים נעהאט וואס צו טאהן, האט מען זיך אנגעטאָהן ווארעמע קליידער און מען איז מיט שווערער מיה ארויפגעקלעטערט אויף א הויכען פונקט, פון וואנען מען האט געקענט איבערזעהן דיא גאנצע געגענד אויף א ווייטע שטרעקע.

אלעס איז געווען וויסט און לעדיג. קיין בוים, קיין בלאט, קיין גרעזעלע און קיין שפור פון לעבען. וויא וויים דאס אויג האט געקענט גרייכען, האט מען גע־זעהן נור שטיינער און שטיינער.

— וויא עס ווייזט אוים, איז נור אונזער אינזעל פרוכטבאר, זאָנסט איז דיא גאלליא א טרויריגע וויסטע, האט קאפיטאן סערוואדאק געזאָגט.

— מיר זעהן דאך נור איין זייט פון דער גאלליא און מיר קענען נים ווי־סען, וואס עס טהוט זיך אויף דער אנדערער זייט, האט גראף טימאשאָוו געענטפערט.

— דער וויל זעהן מיר, אז וואו מיר זענען געקומען, האבען מיר געטראָפען נור שטיינער און א גאנץ אונבעקאנטעם מינעראל.

— אך! ווען מיר זאלען קענען געפינען דעם שרייבער פון דיא זאָנדערבא־רע בריעף! האט גראף טימאשאָוו אויסגערופען, אז ער איז ערגעץ נים וויים פון דאנען, קען מען זעהן דערפון, וואס מיר האבען אזוי שנעל געפונען זיינע בריעף, אבער וואו איז ער? וואָס מאכט ער?—ווען מיר זאָלען איהם האבען דאָ, וואלט ער אונז אלעס ערקלערט.

— וויא ועט ער אויסהאלטען דעם שרעקליך קאלטען ווינטער? האט קאַ־פיטאן סערוואדאק געמורמעלט. ער געפינט זיך געווים וויים פון דעם וואולקאן האט ער זיך פארבערייטעט אויפ'ן ווינטער? — געווים נים. א זעלכע מענשען זיי־נען נים פראקטיש.

— איך דענס, אז עס וואלט גלייך געווען, מיר זאָלען פאהרען איהם זוכען האט גראף טימאשאָוו געזאָגט, יעצט האבען מיר נאך צייט און איך האב נאך אויף דער „דאבריניא“ אויף צעהן טעג קאָהלען.

— איהר ה. ט. פּאַלקאָמען רעכט, גראַף, האט סערוואדאק געזאָגט, לאָמיר פאהרען איהם זוכען, פּיעלייכט וועלען מיר ווידער געפינען א נאכריכט פון איהם דורך זיין פלאשען פּאָסט.

זיי זיינען באלד אראָפּ געקומען פון בארג און האבען איבער גערעדט מיט שיפסקאפיטאן פּראָקאָפּ, אז זיי ווילען פאהרען זוכען דעם געהיימניס פאלען אס־טראָנאָם, וועלכער שיקט זיי נאכריכטען דורך דיא פלאשען פּאָסט.

אזוי וויא דיא „דאָברינא״ איז שוין געוועזן שטארק בעפעסטיגט אין דער בוכטע און מען האט שוין זייט אכט טעג ניט געהייצט אין איהר, האט מען גע־מוזט ערשט מאכען דאמפּף, דאס הייסט, אנגיעסען דעם קעסעל מיט וואסער און איהם אונטערהייצען, אויסערדעם האט מען געמוזט מיט נעהמען פּראָוויאנט אויפ׳ן וועג, ווייל מען האט שוין אויסגעלאָדען פון דער „דאָברינא״ אלעס, וואָס האט זיך געפונען אויף איהר. דאס האט אויך פערנומען א פּאאָר טאג.

אונטערדעסען האט זיך אנגעהויבען צו ווערן קעלטער און קעלטער אין הייל און ארום דעם וואולקאן האט מען ניט געפיהלט דיא קעלט, דאָ איז געווען ווארם פון וואולקאן.

ווען מען איז אויפגעשטאנען אין דער פריה אין דעם טאָג, ווען מען האט אפּגערעדט ארויסצופאהרען זוכען דעם געהיימניספאלען אסטראָנאָם, האט מען געפונען, אז דאָס גאנצע מעער איז פערפראָרען.

אויסער דער בוכטע, לעבען וואולקאן האט מען געזעהן נור אייז און אייז.

## ע נ ד ע.

שלום אין נעכסטע ווערק „א רייזע איבער קאמעטען״.

1טעס קאפיטעל.

# איינגעפראָרען.

ווער עס האט אין זיין לעבען נים געזעהן א פערפראָרענעם מענש, דער קען זיך גאָר נים פאָרשטעלען, וואָס פאר א טרויריגען איינדרוק דאָס מאכט. ווען מען פאהרט אים ווינטער איבער א געגענד, וועלכע איז בעדעקט מיט שנעע און אייז, זעהט מען וועניגסטענס פון צייט צו צייט א בוים, א הויכעס גראז ארויסשטעקען פון שנעע און עס ווערט איינעם פרעהליכער, ווארימער ביים הערצען, ווייל דאָס צייגט איהם, אז נים אלעס איז טויט, נים אלעס איז אויסגעשטאָרבען, דער בוים וועט ווידער וואקסען, דאָס גראז וועט ווידער בליהען און דיא גאנצע געגענד וועט ווידער אויפלעבען.

גאנץ אנדערש איז עס אָבער, ווען מען זעהט פאר זיך א פערפראָרענעם מענער און וויא ווייט דיא אויגען קענען גרייכען, זעהט עס נור אייז און אייז, ווייסעס און גרויעס אייז. אלעס איז שטיל, אלעס איז רוהיג, אלעס איז אונבעוועגליך, אלעס איז בעדעקט מיט דער איינציגער טרויעריגער פארב — גרוי אָדער גרוי — ווייסליך, דיא פארב פון דיא אלטע יאהרען ביי א מענשען, דיא פארב פון אש און שטויב.

מען קען זיך אלזאָ לייכט פאָרשטעלען, וואס אונזערע רייזענדע אין אונבעקאנטע געגענדען האבען געפיהלט, ווען זייא האבען דערזעהן, אז דאָס מעער איז פערפראָרען געוואָרען און וויא ווייט דאָס אויג קען דערגרייכען, זעהט מען נור אייז און אייז. ביז אהער האבען זיי וועניגסטענס געקענט ארומפאהרען אויפ'ן וואסער, מאכען ווזיטען דער גורבי אינזעל, יעצט זיינען זייא איינגעפראָרען, איינגעשלאָסען איינגעשפארט אין זייער נייער וואוינונג, וויא געפאנגענע, וויא ארעסטאנטען.

אייניגע מינוטען האבען אלע געשוויגען, יעדער האט געפיהלט, אז ערשט יעצט הייבט זיך אָן פאר זייא א שווערע, טרויעריגע צייט.

בן זוף איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט געפאסט מוטה און האט אויסגערופען:

— מיר מוזען מאכען א שליטען און פאהרען, וואוהין מיר וועלען דארפען.

— א שליטען? האט קאפיטאן סערוואדאק איבער געפרעגט.

— נו, יא! א שליטען אדער עטליכע שליטענס, האט בן זוף געענטפערט.

— ווער וועט אבער שלעפען דעם שליטען? האט קאפיטאן סערוואדאק ווייטער געפרעגט.

— מיר האבען פערד, מיר האבען אקסען און פאר א נויט קענען מיר אליין שלעפען דעם שליטען, האט דער לוסטיגער בן זוף געלאכט.

דיא אידעע איז אלעמען געפעלען. ווען מען געפינט זיך אויף אן איידמעער דארף מען לעבען, וויא עס לעבען דיא ווילדע פעלקער אויף דעם עכטען אייד מעער, עס איז וואהר, אז דיא עסקימאסען, וועלכע לעבען ארום איז־מעער האבען הינט, וועלכע זיינען שוין געוואהנט צו שלעפען דיא לייכטע שליטעלעך אויף דעם אייז, אונזערע רייזענדע אין אונבעקאנטע געגענדען האבען אבער ניט געהאט א זעלכע הינט, און זייערע פערד און אקסען זיינען געוואוינט צום הייסען קלימאט פון אפריקא. זייא וואלטע גאר ניט געווען אימשטאנד אויסצוהאלטען דיא קעלט, דערפון אבער האט קיינער ניט געדאכט אין דיזע מינוט.

— ווער וועט אבער מאכען א שליטען? האט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— דאס לאזט איבער מיינע מענשען, האט שיפסקאפיטאן פראקאפ געענטפערט, איהר פראנצויזען קענט ניט מאכען א שליטען, ווייל איהר פאהרט זעהר זעלטען אויף א שליטען, דאס קענען מיר רוסען, מיר זיינען געוואוינט צו שנעע און אייז, יעדער פון מיינע מאטראזען איז שוין איין מאל געווען אויף דעם אייד מעער אדער אין דיא שנעע־סטעפעס פון סיביר.

— אלזא צו דער ארבייט! ווייזט, וואס איהר קענט! האט קאפיטאן סער־וואדאק אויסגערופען.

שיפסקאפיטאן פראקאפ האט געהייסען זיינע מאטראזען מאכען צוויא שלי־טענס, א גרויסען און א קליינעם. דעם גרויסען שליטען האט ער געדארפט אום אריבער צו פיהרען שווערע און גרויסע זאכען, ווען עס וועט נעטהיג זיין. דעם קליינעם שליטען פאר מענשען.

שיפסקאפיטאן פראקאפ האט גוט געוואוסט, אז מיט פערד און אקסען איז

עס זעהר שווער, כמעט אונמעגליך, צו פאהרען אויף א פערפראָרענעם מעער, בעזאָנדערס מיט א זעלבע פערד און אָקסען, וועלכע זיינען געוואוינט געוואָרען צו א ווארעמעם קלימאט, וויא אלזשיר. ער האָט אָבער אויך געוואוסט, אז אין סיביר און אויף דעם איידמעער מאכט מען א מאל גאנץ לאנגע רייזען צו פוס, ווען מען האָט נור א גוטען שליטען, אויף וועלכען מען קען האלטען דיא נעה-טיגע זאכען. עס איז ניט שווער צו שלעפען א שליטען, ווען מען ווערט נור געוואוינט מיט'ן אייז.

ווען דיא רוסען זיינען אוועקגעגאנגען צו זייער ארבייט, האָט שיפסקאפיטאן פראָקאָפּ זיך געווענדעט צו גראף טימאשאָוו און קאפיטאן סערוואדאק און האָט געזאָגט צו זייא:

— עס איז געקומען, וויא איך האָב עס ערווארטעט, דער ווינטער איז דאָ, ער הייבט זיך ערשט אָן און עס וועט געוויס ווערן קעלטער און קעלטער. דער ווייל איז נאך ניט שטארק קאלט. מיר האָבען קיין ווינט און קיין שטורם, אָבער דאָס וועט געוויס אויך קומען. מיר וועלען זיין איינגעשלאָסען, איינגעשפארט און איינגעקערקערט א לענגערע צייט. וויא לאנג......? איך ווייס עס ניט. —

— צו וואָס זאָגט איהר עס אונז? האָט קאפיטאן סערוואדאק איהם אונ-טערבראָכען צו וואָס זאָלט איהר אונז שווער מאכען דאָס הערץ?

— איך וויל אייך ניט שווער מאכען דאָס הערץ, האָט פראָקאָפּ געענטפערט איך וויל אייך נור אויפמערקזאם מאכען, אז מען מוז זיך צו פאסען צו דיא אומשטענדע, מען מוז זיך צו געוועהנען צו דיא נייע לעבענס ארט, מען מוז זיך אזוי איינריכטען, אז מען זאָל קענען איבערטראָגען דיא נייע לעבענס בעדינגונגען.

— איך פערשטעה אייך ניט, האָט קאפיטאן סערוואדאק געמורמעלט.

— איהר וועט מיך באלד פערשטעהן, האָט פראָקאָפּ געענטפערט — ווער עס איז אליין געווען אויף דעם אייז-מעער, אדער ווער עס האָט געלעזען רייזע בעשרייבונגען פון אייז-מעער, דער ווייס, אז פיעלע רייזע עקספעדיציאָנען זיינען פעראונגליקט געוואָרען נור דערפאר, ווייל זיי האָבען ניט געוואוסט וויא אזוי זיך אויפצופיהרען, וויא אזוי צו לעבען.

עס ווערט קאלט. מענשען און טהיערע מוזען זיך שיצען אונטער א ווארע-מען דאך. זייא קענען ניט ארויסגעהן אין דרויסען, זיי קענען ניט ארומגעהען אויף דער פרייער לופט. זייא מוזען זיצען גאנצע טעג, וויא דיא געפאנגענע. זיי ווערן פויל, שלעפעריג, מיעד, קראפטלאָז און ענדליך גאר קראנק.

מיר רוסען קענען עס זעהר גוט, ווייל אונזערע פישער פון ארכאנגעלסק און פון סיביר מוזען גאנץ אָפט פערבלייבען א גאנצען ווינטער ערגעץ אויף אן אינזעל אויף דעם אייז־מעער. ווער עס ווייס ניט, וויא אזוי זיך איינצוריכטען אויף א לאנגען ווינטער; ווער עס פערשטעהט ניט וויא אזוי זיך איינצופיהרען אין דער צייט פון א לאנגען ווינטער, דער וועט געוויס ניט קענען אויסהאלטען דעם לאנגען ווינטער.

דאס געפעהרליכסטע פון א לאנגען ווינטער איז א געוויסע קראנקהייט, — דיא סקאָרבוט, זיא הייבט זיך אָן מיט קאָפּף שמערצען און גרייפט אָן דיא צעה־נער, ריכטיגער נאָך דאס צאהן פלייש. עס הייבט אָן צו רינען בלוט פון דיא צעה־נער, עס ווערט ערגער און ערגער, דיא צעהנער פאלען אליין ארויס און דער מענש שטארבט אונטער שרעקליכע ליידען.

וואס טהוט מען אָבער אום עס צו פערהיטען? — דאָס איינציגע מיטעל איז בעשעפטיגונג, ארבייט. דאָס איז אָבער לייכט געזאָגט: וואו נעהמט מען אר־בייט אין א לאנגער ווינטער נאכט פון איינינע מאָנאטע? וויא אזוי קען מען בע־שעפטיגען מענשען, ווען מען האָט פאר זיי גאר קיינע בעשעפטיגונג? — דאָס איז א פראגע וועלכע יעדער שיפסקאַפּיטאן מוז זיך שטעלען, ווען ער מאכט פּאָרבע־רייטונגען פאר א לאנגען ווינטער און אויף דיעזע פראגע מוזען מיר יעצט זוכען אן אנטוואָרט.

— דאס איז גאנץ ריכטיג, האָט גראף טימאשאוו בעמערקט, אין 1775 האָט דער רוסישער שיפסקאפּיטאן אלעקסעיעוו געמוזט איבער ווינטערן אויף דער אינזעל „גאָוואיא זעמליא" און פון זיינע פונפציג מאטראָזען האבען נור פינף איבערגעלעבט דעם שטרענגען ווינטער. אין 1804 איז אונטערגעגאנגען; דיא גאנצע עקספּעדיציאָן פון שיפסקאפּיטאן גאַלאָווכין, מעהר אלס 100 מאן זיינען אויסגעשטאָר־בען פון סקאָרבוט.

— נאָך וואָס זאָלט איהר אונז דערצעהלען דיעזע טרויעריגע געשיכטען? האָט סערוואדאק געפרעגט אונרוהיג, זאָגט אונז בעסער, וואס מיר זאָלען מאָהן און וויא אזוי מיר זאָלען בעשעפטיגען אונזערע מענשען.

— מיר מוזען מאכען א פעסטעס פּראָגראם, האָט פּראָקאָפּ ערקלעהרט, מיר מוזען אנשטעללען אונזער מאשין, אונזער אוהר, אזוי, אז אונזערע מענשען זאָ־לען שטענדיג זיין בעשעפטיגט געוויסע שטונדען אין טאג. מיר מוזען זיי ערקלערן אז מיר קענען וואוינען בעסער און בעקוועמער, ווען מיר זאָלען אויסגראָבען אין

אויסהוילען נאלעריען און נענג אין אונזער הייל. ווען זיין שעהנעס וועטער און מען וועט קענען ארויספאָהרען אויפ'ן מעער, דארף מען זייא חייסען זיך לערנען גלימשען אויפ'ן אייז, זיך געוועהנען צו דער קעלט און צום אייז.

פערגעסט ניט, אז מיר האבען שפאניער און גריעכען, מענשען, וועלכע זיינען געוואוינט צו א ווארעמען קלימאט, מיר מוזען זיך זאָרגען פאר זייא און ניט זוכען א בעערדינונגס פלאטץ פון זייערע וועגען.

— ווילט איהר זיך אונטערנעהמען צו זיין אונזער ארבייט געבער? האט קאפיטאן סערוואדאק נעפרעגט.

— איך וועל עס טאָהן, האט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ געענטפערט, אָבער איהר זייט דאָך דער גענעראל גובערנאטאר, איהר דארפט בעפעהלען, איהר דארפט זייא הייסען ארבייטען, איהר דארפט ווייזען אביישפיעל, אז דיעזע ארבייט איז נעטהיג. איך ווייס עס פון ערפאהרונג, אז ווען אן ארבייטער ווייס, אז מען דארף ניט זיין ארבייט, האט דיעזע ארבייט קיין ווערטה, ער מאכט זיא אָהן לוסט, אָהן חשק, אָהן פערגניגען, זיא ווערט איהם נמאס, און עס איז נאָך ערגער, וויא ווען ער האט גאָר קיין ארבייט.

מען האָט אָפגערעדט, וויא מען זאָל מאכען און וויא אזוי דיא מענשען זאָלען ארבייטען. ווען מען האט אַלעס אָפגערעדט, האט קאפיטאן סערוואדאק נעפרעגט שטילערהייט, גלייך וויא ער וואָלט זיך געשעהמט עס ארויסצוזאָגען:

— און אונזער אסטראָנאָם? — וואָס וועט ווערן פון דעם געהיימניס־פאָלען מענשען, וועלכער האט אונז ביז אהער געשיקט נאכריכטען מיט דער פלאשען פאָסט? זאָלען מיר איהם לאָזען פערפראָרען ווערן? זאָלען מיר גאָר ניט זוכען א מיטעל, וויא אזוי איהם אויסצוגעפינען?

אלע האָבען געטראַכטען איינינע מינוט. יעדער האט געוואוסט און געפיהלט, וויא נעטהיג עס איז אויסצוזוכען דיעזען זאָנדערבארען מענשען, וועלכער קען זייא אלעס ערקלערן און אלעס בעלעהרען, אָבער וויא אזוי זאָל מען עס מאכען? — וואו איז ער? וויא אזוי זוכט מען איהם? וויא אזוי קומט מען צו איהם?

— „קאָמט צייט, קאָמט ראטה,“ זאָגט אן אלטעס שפריכוואָרט, האט ענדליך גראף טימאשעוו געזאָגט. דער ווייל קענען מיר גאָר ניט טאָהן, מיר קענען זיך נאָך גאָר ניט העלפען. ווען דיא שליטענס וועלען פערטיג ווערען און מיר וועלען זיך איבערצייגען, אז דאָס גאנצע מעער איז שוין אזוי שטארק פערפראָרען,

אז מען קען אויף איהם ארום פאהרען וועלען מיר ארדים שיקען מענשען איהם זוכען.

דער מיט האָט זיך דיא בעראטהונג געענדיגט און יעדער איז זיך אוועק געגאנגען צו זיין בעשעפטיגונג.

---

2טעם קאפיטעל.

# א בריעף טויב.

דעם אנדערן טאָג איז מען ארויסגעגאנגען זעהן, וואָס עס טהוט זיך אויף דער נייער וועלט.

דאס וועטער איז געוועזען שעהן, אבער קאלט. דאס טהערמאָמעטער האָט געוויעזען נור 15 גראד קעלט. מען האט פראָבירט דאס אייז און מען האט געפונען, אז עס איז שוין גינגוג שטארק אום אויסצוהאלטען דאס געוויכט פון א שווערן מענשען.

— בעטראכט נור דאָס אייז, האָט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ געזאגט.

— וואָס זאָל מען דאָ בעטראכטען? — אייז איז אייז! האט בן זוף אויסגערופען.

— האָט איהר אמאָל געזעהן דאָס איידמעער האָט פראָקאָפ איהם געפרעגט.

— ניין, איך בין נאָך ניט געוועזען דיא אנטוואָרט.

— דאן ווייסט איהר ניט, וואָס עס הייסט אייז, האָט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ געענטפערט רוהיג. —

ערקלערט עס אונז, קאפיטאן, האָט סערוואדאק געבעטען, מיר זיינען אויפגעוואקסען אין ווארעמע געגענדען און ווייסען ניט, וואס אייז איז.

— אויף דעם איידמעער איז דאס אייז אויפגעהויפט, האָט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ ערקלעהרט, אויף דעם איידמעער בעשטעהט דאָס אייז פון שטיקער, פון צוזאמענגעשפ־אָרענע פלעצלעך, פון גרויסע, פלאכע שטיקער, וועלכע זיינען ארומגעשוואומען אויף דער פלאכער זייט, אבער א שטארקער ווינט האט זייא אויפגעהויבען, געשטעלט מיט דיא שארפע קאנטען ארויף, דייא צונויפגעפרעסט

און אזר איינגעפראָרען. דאס איז דיא אורזאכע, ווארום עס איז אזוי שווער צו געהן, צו וואנדערן אויף דעם אייזמעער. מען געהט ניט מען מוז קלעטערן און זעהר אָפט מוז מען ארויפקלעטערן אויף געננג הויכע בערגלעך און זאָגאר בערג. א רייזע אויף דעם איידמעער איז זעהר בעשווערליך זאָגאר, ווען מען האָט שליטענס מיט הינט, ווייל דיא הינט זיינען צו שוואך אום אריבערצושלעפען דעם שליטען איבער דיא שארפע קאַנטען פון דיא שטיקער אייז.

דא אָבער, אויף אונזער מעער, איז דאָס אייז גלאט און פלאך, וויא אויסגענאסען, וויא אָפגעהובעלט; מען קען דענקען, אז דאס איז א פארקעט פון א טאנץ זאאל, אזוי גלאט, אזוי פאָלירט, אזוי גלייך איז עס. — יעצט, ווען עס איז נאָך ניט שטארק קאלט, וואָלט מען געדארפט געוועהנען דיא שפאניער זיך דורכצוגליטשען אויף דעם אייז.

— דאָס איז א גוטער איינפאל! האָט בן זוף אויסגערופען, איך מוז מיך לערנען גליטשען, ווען איך וועל קומען אין פאריז, וועל איך אלעמען ווייזען וואס איך האָב געלערנט אויף דער גאלליא.

צום גליק, האבען זיך געפונען אויף דער „דאָבריניא" עטליכע פאָאר אייזערנע שליט־שוה.

מען האָט זיי באלד ארויסגעבראכט און גראף טימאשאָוו און שיפסקאפיטאן פראָקאָפ האָבען געוויזען דיא פראנצויזען און דיא שפאניער, וויא מען גליטשט זיך אויף שליט־שוה.

דיעזער טאג איז געווען אווירקליכער פייערטאָג, א יום־טוב, אלע האָבען זיך געפרעהט, אלע זיינען געווען העכסט צופריעדען.

דיא קליינע נינא און דער יונגע פאבלאָ האָבען באלד איבערגענומען דיעזע קונסט און האָבען זיך געגליטשט אזוי גוט, וויא דיא רוסען. דיא שפאניער אָבער האָבען צום ערשטען מאָל אין זייער לעבען פרובירט שטעהן אויף א פערפראָרענעם מעער און האבען מורא געהאט זיך צו ריהרען פון אָרט.

— ווען דאס וועטער וועט זיין אזוי שעהן, וועל איך מאָרגען מאכען א רייזע צו דער נורבי אינזעל אום צו זעהן וואָס דארט טהוט זיך, האָט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ געזאָגט.

— און ווען דיעזע רייזע וועט געלונגען, וועל איך מיט אייך פאהרען זוכען דעם געהיימניספאָלען אסטראָנאָם, וועלכער האָט אונז געשיקט נאכריכטען דורך דיא פלאשען פאָסט, האָט גראף טימאשאָוו צוגעזעצט.

אונטערדעסען האָט אנגעהויבען צו ווערן קעלטער און קעלטער. דיא זון האָט צוואר געשיינט, אבער וויא דורך א געדיכטען שלייער. מען האָט געזעהן דיא זון, אָבער מען האָט געקענט קוקען גלייך אויף איהר און עס האָט ניט געשאדעט דיא אויגען. דער הימעל איז געווען קלאָר און לויטער און דאָך האָט דיא זון גע־לייכטעט אזוי שוואך, אז מען וואָלט קוים געקענט לעזען א בריעף פאר איהר ליכטי.קייט.

דיעזער האלב דונקעל, דיעזע פינסטערניס, האָט געווירקט זעהר שלעכט אויף אלעמען, בעזאָנדערס אָבער אויף דיא שפאניער, ליכט איז לעבען, דער מענש פיהלט זיך ניט גוט אין דער פינסטערניס. בן זוף האָט פראָבירט צו לאַ־כען, צו מאכען שפאס, פרעהליך צו מאכען אלעמען, דאס איז איהם אָבער ניט געלונגען. קיינער האָט ניט געוואָלט לאכען, קיינעם איז ניט געזען פרעהלעך אויפ'ן הערצען, יעדער האָט געפיהלט, אז ער געפינט זיך אין אונבעקאנטע ענענדען.

עס איז געווען דייטליך, אז דיא „גאלליא" דער ווייטערט זיך פון דער זון, אז זיא געהט אלץ ווייטער און ווייטער אוועק פון יעדער ליכטינקייט און פון יעד־דער ווארימקייט, און זאָגאר דיא אונוויסענדע שפאניער האָבען אָפט געפרעגט זיך אליין:

— נון וואָס וועט ווייטער זיין? וועלען מיר אלע אומקומען פון קעלט און הונגער, אָדער וועלען מיר דאָך א מאָל צוריק קומען אין דיא אלטע וועלט, צווי־שען מענשען, וויא א מאל?

איין איינציגער מענש האָט זיך ניט געקימערט, וואו מען איז און וואס עס קומט פאָר ארום איהם. דאָס איז געווען דער אלטער גרעק. זייט מען האָט געבראכט זיין שיף מיט געוואלד צום וואולקאן און מען האָט עס גוט צונעבונדען צו א שטיין, האָט ער זיך איינגעשלאָסען אין זיין „נעאָרנאָס" און האָט זיך מעהר ניט געוויזען אין דרויסען. בן זוף האט איינינע מאָל געוואָלט געהן זעהן, וואָס ער מאכט דארט אין זיין אלטען, הילצערנעם קאסטען, קאפיטאן סערוואדאק אָבער האָט איהם ניט געלאָזען.

— ווען עס וועט איהם קאלט ווערן, וועט ער ארויס קריעכען פון זיין נעסט, האָט קאפיטאן סערוואדאק געזאָגט. —

א נייע אונאנגענעהמליכקייט האָט פאסירט. זייט עס האָט אנגעהויבען צו ווערן שטארק קאלט, האבען אנגעהויבען צו קומען פייגעל פון אללע זייטען זיך

אנוואַרטען לעבען וואולקאַן, אזוי וויא זיי האָבען אָבער נים נעהאַט וואָס צו עסען, האָבען זייא אָנגעהויבען אָנצופאַלען אויף יעדען, ווער עס איז ארויסגעקומען פון הייל.

אַן מאָל איז דיא קליינע נינא ארויסגעגאַנגען אליין פון הייל. דיא פויגעל זיינען אָנגעפאַלען אויף איהר פון אַלע זייטען און האָבען אָנגעהויבען זיא צו פּי־קען און צו רייסען פון איהר שטיקער. זיא האָט געמאַכט א געוואַלד, עס זיינען ארויס געלאָפען מענשען וועלכע האָבען אַוועק געטריעבען דיא פויגעל מיט שטע־קענס. זייט דאַמאַלס פלעגט יעדער מוזען ארויס געהן מיט א שטעקען אָדער מיט א בייטש אום זיך צו וועהרען געגען דיא פויגעל.

מיט דעם הונגער איז אָבער נים צו שפּאַסען, דיא פויגעל זיינען ענדליך געוואָרען הונגעריג, אז זייא האָבען אָנגעהויבען אריינצופליעהען אין הייל. מען האָט געמוזט זייא לאָזען און זייא געבען, וואָס עס פלעגט בלייבען פון דעם עסען.

אזוי זיינען ווייטער פערגאַנגען עטליכע טעג דיא שליטען זיינען פערטיג גע־וואָרען און שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ האָט אָנגעהויבען זיך פּאָרצובערייטען אויף א לאַנגע רייזע אויסצוגעפינען דעם געהיימניספאָללען אַסטראָנאָם, וועלכער האָט מיט זיי בין אהער קאָררעספּאָנדירט דורך דיא פלאַשען פּאָסט.

זיך פּאָרבערייטען אויף א רייזע אויף אן אייז־מעער איז פיעל לייכטער צו זאָגען, וויא אויסצופיהרען. מען דאַרף נים פערגעסען, אזוי וויא גלאַט דאַס אייז איז געווען, איז עס דאָך נים לייכט צו געהן צו פוס און נאָך צו שלעפּען הינטער זיך א שווערן שליטען. יעדעס איבעריגע פונט, וואָס מען נעהמט מיט אויף דער רייזע, קען ווערן א גאַנצע משא, ווען מען ווערט מיעד און דיא גליעדער ווערן פערגליווערט פון קעלט. מען מוז אלזאָ וויסען, וואָס מיט צונעהמען און וויא פיעל מיט צו נעהמען פון יעדער זאַך. שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ איז צוואָר שוין עטליכע מאָל געפאָהרען אויף דעם איידמעער און ער האָט שוין געוואוסט וואָס מען דאַרף מיטנעהמען, ער האָט זיך אָבער געפונען יעצט אין גאַנץ בעז־אָנדערע אומשטענדע, ער האָט דאָך נים געוואוסט, וואָס פאַר א סאָרט אייז־מעער עס געפינט זיך אויף דער „גאַלליא“ און דארום האָבען זיינע פּאָרבערייטונגען גענומען פיעל צייט.

איין מאָל, אין א שעהנעם, שטילען, רוהיגען פריה מאָרגען, וויא ער האָט נור געקענט פּאַרקומען אויף דער „גאַלליא“ אַנפאַנגס ווינטער, דאָס הייסט, ווען

דיא זון האט זיך געוויעזען, אָבער זיא האָט וועניג געלייכטעט און נאָר ניט גע־ווארמט, האט בן זוף געהערט א געשריי:

— געוואלד! רעטעט!

ער איז ארויסגעלאָפען פון דער הייל זעהן, וואס דאָרט איז, און האָט דער־זעהן מיט שרעק און שטוינען, וויא עטליכע הונדערט מעווען — מעער־פייגעל, זיינען אָנגעפאלען אויף דיא קליינע נינא.

בן זוף, וועלכער פלעגט שטענדיג טראָגען מיט זיך זיין שווערט אלס אונ־טער א יציער פון דער פראנצויזישער ארמעע, האָט באלד ארויסגענומען זיין שווערט פון שייד און האָט צוטריעבען דיא פייגעל, דערבייא האָט ער אייניגע פון זייא געטייטעט.

ווען דיא פייגעל זיינען ענדליך אנטלאָפען האָט ער געפרעגט דיא קליי־נע נינא:

— וואָס איז דאָ געשעהען? פאר וואָס זיינען זייא גאָר פּלוצלונג אויף דיר אָנגעפאלען?

נינא האט איהם געוויעזען א טויב, וועלכע זיא האָט געהאלטען אין איהרע קליינע הענד.

— וואָס איז דאס? האט בן זוף געפרעגט פערוואונדערט.

— איך בין ארויסגעגאנגען פון הייל און האָב זיך געוואלט גלימשען אויף דעם אייז, האָט נינא דערצעהלט, — אזוי וויא איך בין געשטאנען אויף דעם ברעג, איז דיעזע שעהנע טויב געקומען צו פליהען גלייך צו מיר. איך האָב זיא געחאפט, זיא איז אָבער נאָר ניט אנטלאָפען, זאָנדערן האט זיך צוגעלעגט צו מיינע הענד. איך האָב אָנגעהויבען יא צו גלעטען און צו ריידען צו איהר, דאן זיינען דיא פייגעל אָנגעפאלען אויף מיך און האָבען געוואָלט ארויסרייסען פון מיינע הענד דיא ארימע, שוואכע און מיעדע טויב.

בן זוף האָט אָנגעהויבען צו בעטראכטען דיא טויב און האט אויסגערופען מיט שטוינען:

— דאָס איז א בריעף טויב! אויף איהר האלז הייננט א בייטעלע!

ער האָט אָנגעהויבען צו טאנצען פאר פרייד און האט געשריען וויא א וואהנזיניגער:

— קאַפּיטאַן סערוואדאק! גראף טימאשאָוו!

ער האָט געשריען אזוי הויך אז די גאנצע קליינע קאָלאָניע איז זיך צונויפגעלאָפען.

ווען גראף טימאשאָוו האָט א קוק געטאָהן אויף די טויב, האָט ער אויסגערופען פול פרייד:

— דאס שיקט אונז דער געהיימניספאלער אסטראָנאָם א בריעף טויב!

אלע האבען זיך ארומגעשטעלט ארום די קליינע נינא מיט איהר טויב. קאפיטאן סערוואדאק, אלס גענעראל גובערנאטאר, האט אראָפגענומען פון דער טויב דאָס קליינע בייטעלע, וועלכעס איז געהאנגען אויף איהר האלז, און האָט עס געעפענט.

עס איז געווען שטארק צוריסען. די פייגעל, וועלכע זיינען אָנגעפאלען אויף די קליינע נינא, האבען עס צוריסען מיט זייערע שארפע שנאָבעל.

אין דעם בייטעלע האט זיך געפונען צונויפגעקייקעלט א קליין שטיקעלע פאפיער.

נייגיעריג, מיט ציטערענדע הענד, האָט גראף טימאשאָוו פאָרזיכטיג צונויפגעקייקעלט דאס שטיקעלע פאפיער. עס איז געווען בעשריעבען.

מיט שווערער מיה האָט גראף טימאשאָוו געלעזען:

„גאַלליא!"

„ווייט פון דער זון 110,000,000 מייל"

„געכאפט די גערינגא"

„קיינע לעבענס מיטעל! — הונגער......"

עס זיינען געווען אנגעשריעבען נאָך צוויא ציילען, אָבער די מעווען, די הונגעריגע מעער־פייגעל, וועלכע זיינען אָנגעפאלען אויף די מידע טויב, האבען אזוי צוריסען דאָס קליינע שטיסעל פאפיער, אז עס איז געווען אונמעגליך ווייטער צו לעזען אָדער צו פערשטעהן, וואָס דאָרט איז געווען אָנגעשריעבען.

איינינע מינוטען זיינען אלע געבליעבען שטעהן וויא פערשטיינערט. יעדער האט פערשטאנען, אז דער אונבעקאנטער אסטראָנאָם האָט זייא ווידער אנגעוויזען, וואו זייא זיינען ערגעץ אין דער וועלט, יעדער אָבער האָט ווידער פערשטאנען, אז דער אתנליקליכער געלערנטער געפינט זיך אין דער גרעסטער נויט, עס פעהלען איהם לעבענס מיטעל, און ווען מען וועט איהם ניט באלד העלפען, „וועט ער שטארבען פון הונגער.

וואו איז ער אָבער? וואו געפינט ער זיך? וויא אזוי קען מען איהם העלפען?

אויף דיעזע פראגען האט קיינער ניט געקענט ענטפערן.

פּלוצלונג האָט נינא אויסגערופען:

— זעהט נור! אָט איז עפּעס א צייכען!

אלע האָבען זיך אומגעקוקט און האבען בעטראכט דיא טויב.

אויף דעם לינקען פליגעל פון דער טויב איז געווען א שטעמפּעל, א פּאָסט מארקע, מיט דער גאנץ דייטליכען אויפשריפט:

„פּאַרמענטערא!"

---

3טעם קאפּיטעל.

## וואס איז א בריעף טויבען פּאָסט?

„פּארמענטערא!" האט שיפסקאפּיטאן פראקאפּ אויסגערופען, — „פּאַרמענ־טערא" איז א קליינע אינזעל אין מיטעללענדישען מעער. זיא געהערט צו דער גרופּע אינזלען — עטליכע אינזלען צוזאמען, — וועלכע הייסען דיא באַלעארען און געהערן צו שפּאניען, דיא הויפּט שטאדט פון דיעזע אינזלען הייסט פּאלמא און געפינט זיך אויף דער גרעסטער אינזעל פון דער גאנצער גרופּע — מאַללאַרקא.—

בן זוף האט זיך ניט געקענט איינהאלטען, ער איז געשטאנען, וויא אויף הייסע קוילען, און האָט אויסגערופען:

— אום גאָטטעס ווילען! לאָמיר שוין פאָהרען נאָך פּאַרמענטערא זוכען אונ־זער לאנדסמאן!

— וואָס הייסט אייער לאנדסמאן? האָט גראף טימאשאָוו געפרעגט, — פון וואנען ווייסט איהר, אז ער איז א פראנצויז?

— זעהט איהר דען ניט, אז ער שרייבט פראנצויזיש? האָט בן זוף זיך געקאָכט, ער איז א פראנצויז! איך שווער עס בייא מיין עהרע אלס פראנצוי־זישער סאָלדאט!

— און ווען ער איז א פראנצויז, האָט ער מעהר אנשפּרוך אַן אונזערע

טענשליבע געפיהלע? האט גראף טימאשאוו ווייטער געפרעגט, ווי וואלט געווען ווען ער זאל זיין א רוסע, א טערק, אדער זאגאר א כינעזע? וואלטען מיר דען נים געדארפט איהם העלפען?

קאפיטאן סערוואראק האט געפונען פאר נעטהיג זיך אריינצומישען און מאַ־כען אן ענדע צו דיזען אונאנגענעהמען געשפרעך.

— מיר מוזען צו ערשט וויסען, וואו פארמענטערא געפינט זיך, האט ער געזאגט, ווען מיר וועלען דאס וויסען, וועלען מיר קענען אויסרעכענען, וויא ווייט עס איז פון אונז און וויא אזוי מיר קענען קומען א הין אויף דעם בעסטען, נאהענסטען וועג.

— איך דענק, אז דאס קען אונז אם בעסטען ערקלערן שיפסקאפיטאן פראָ־קאָפ, האט גראף טימאשאוו בעמערקט.

— איך האב עס אנגעהויבען צו ערקלערן, ווען מען האט מיך אונטערבראָ־כען, האט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ געזאגט מיט א פאָרוואורף און האט א קוק געטאָהן אויף בן זוף.

— ערקלערט! ערקלערט! האט בן זוף געבעטען, איך וועל אייך מעהר נים אונטערברעכען.

שיפסקאפיטאן פראָקאָפ ערקלערט:

— ווען מיר זיינען געפאהרען נאך גיבראלטאר, וואו מיר האָבען געטראָפען דיא ענגלענדער, זיינען מיר פערביא געפאהרען דיא באללעארען אינזלען, איך האב זייא אָבער נים געזעהן, איך בין אלזאָ געווען פעסט איבערציינגט, אז דיא באללעארען אינזלען זיינען פונקט אזוי פערשוואונדען געוואָרען, וויא עס זיינען פערשוואונדען געוואָרען פיעלע אינזלען און גאנצע לענדער ארום מיטעללענדישען מעער, יעצט אָבער זעה איך אז מיר האָבען נים גוט געזוכט. ווען דיא קליינע אינזעל פאָרמענטערא איז געבליעבען, קען דאך זיין, אז עס זיינען געבליעבען נאָך קליינע אינזלען ארום.

— קענט איהר אונז זאָגען, וויא וויים זאל זיין דיא אינזעל פאָרמענטערא פון דאנען? האט קאפיטאן סערוואראק געפרעגט.

— גאנץ גענוי קען איך עס נים זאָגען, ווייל עס איז דאך אנדערש געוואָרען, נאָך מיינע רעכנונג אבער, דארף עס זיין נים ווייטער אלס צווייא הונדערט פראנצויזישע מייל, זעלבסט פערשטענדליך, אז דאס איז נור א פערמוטהונג, א השערה, איך בערעכען עס נור, ווען גיבראלטאר געפינט זיך נאָך אויף דעם

זעלבען אָרט, וואו עס איז א מאָל געווען, און דיא אינזעל פּאַרמענטערא געפינט זיך נאָך נים ווייט פון גיבּראַלטאר, עס קען אָבער זיין, אז עס איז נים אַזוי ווִיא איך בערעכען עס.

— וויא אַזוי האָט אָבער דיא טויב געטראָפען צו אונז? האָט בן זוף געפרעגט, ווען זיא האָט דאָך געטראָפען צו אונז, קענען מיר דאָך זיא שיקען צוריק מיט א בריעף צו דעם אונבעקאַנטען אסטראָנאָם?

דיעזער געדאַנק איז אַלעמען געפעלען, נור קאַפּיטאַן סערוואדאק האָט טרויריג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ווייסט איהר דען, וואָס א טויבען פּאָסט איז? האָט ער געפרעגט, דענקט איהר ווירקליך, אז מען קען שיקען טויבען מיט בריעף, וויא מען שיקט מענשען, בריעף טרעגער מיט בריעף, וואוהין מען דאַרף?

— איהר זעהט דאָך, אז דער אונבעקאַנטער האָט אונז געשיקט א בריעף מיט דער טויבען־פּאָסט! האָט בן זוף אויסגערופען.

קאַפּיטאַן סערוואדאק האָט א לאַך געטאָהן.

— ערקלערט עס אונז, קאַפּיטאַן, האָט פּראָקאָפּ געבעטען, איך האָב מיך קיין מאָל נים בענוצט מיט א טויבען־פּאָסט און ווייס ווירקליך נים וויא אַזוי מען שיקט איבער בריעף דורך טויבען.

קאַפּיטאַן סערוואדאק האָט ערקלערט:

— דיא טויבען־פּאָסט איז א גאַנץ אַלטע ערפינדונג. ווען מען האָט עס אויסגעפונען, ווייס איך נים, איך ווייס נור, אז שוין אין גאַנץ אַלטע צייטען פלעגט מען בענוצען טויבען אַלס בריעף טרעגער. ווען דער פּערזישער קעניג קסערקסעס I האָט געפיהרט קריעג מיט דיא גריעכען פינף הונדערט יאהר פאר קריסטוס, האָט ער שוין בענוצט דיא טויבען־פּאָסט. מיר האָבען דערפון א גאַנץ גענויע בעשרייבונג.

דיא הויפּט אידעע פון דער טויבען־פּאָסט איז דער אינסטינקט, דאָס גאַטור געפיהל פון דער טויב, דיא ליעבע פון דער טויב צו איהר נעסט. מענשען זיינען געוואָהר געוואָרען, אז ווען מען זאָל נעהמען א טויב פון איהר נעסט און מען זאָל זיא אוועק פיהרען אייניגע הונדערט מייל ווייט, דאַן זאָל מען זיא אָפּלאָזען, וועט זיא פליהען צוריק צו איהר נעסט און וועט טרעפען דעם וועג אָהן א וועג ווייזער; אָהן א לאַנד קאַרטע און אָהן א פיהרער. וויא אַזוי זיא טרעפט

דעם וועג א היים קען איך נים ערקלערן און איך גלויב, אז אנדערע מענשען, קלינערע פון מיר, וועלען עס אויך נים קענען ערקלערן.

עס איז אָבער געווים, אז וויא ווייט מען זאָל נים אוועקפיהרען א טויב פון איהר נעסט, פון איהר היים, קוים לאָזט מען זיא אָפּ, פליהט זיא גלייך א היים.

— האָבען דען נים אנדערע פייגעל דעמזעלבען אינסטינקט, דאסזעלבע נאַ־טור געפיהל? האָט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ געפרעגט.

— געווים האָבען עס אנדערע פייגעל אויך, אבער נים אלע פייגעל קען מען אזוי לייכט צו געוועהנען צו א מענשען און נים אלע פייגעל קענען פליהען א ווייטע שטרעקע, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— מיר דאכט, אז פּאטער נח האָט שוין זיך בענוצט מיט דער טויבען פּאָסט, האָט גראף טימאשאָוו געשפּאסט, ער האָט אנפאנגס פּראָבירט א ראָב עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויעזען, אז דער ראב, דער עורב איז א שלעכטער פּאָסטיליאָן, און ער האָט פּראָבירט א טויב, דיא טויב האָט איהם ווירקליך געבראכט א גוטע נאכריכט.

— דאָס קען זיין, האָט סערוואדאק געענטפערט, נח'ס פּאָסט איז אָבער געווען זעהר איינפאך, ער האָט געוואָלט וויסען, אויב עס וואקסט עפּעס אויף דער וועלט, און ווען דיא טויב האָט איהם געבראכט דעם בלאָט פון אן אייל בוים, איז ער געווען העכסט צופריעדען. אונזער טויבען־פּאָסט איז אָבער גאנץ אנדערש. איך ווייס עס, ווייל אין דער פראנצויזישער ארמעע געברויכט מען שוין לאנג טויבען אלס בריעף טרעגער.

מען מוז אָבער לערנען דיא טויב פליהען א לאנגע שטרעקע, מען פּ־אָבירט וועלכע טויב טויג אם בעסטען צו זיין א בריעף טרעגער.

— וויא קען מען עס וויסען? האָט גראף טימאשאָוו געפרעגט.

— גאנץ איינפאך, איז געווען דיא אנטוואָרט. מען דערציעהט גאנץ יונגע טויבען, לאָמיר זאָגען 20 שטיק. ווען זיי לערנען זיך אויס גוט פליעהען, נעהמט מען זייא אין א שטייג און מען פיהרט זייא אוועק צוואנציג — דרייסיג מייל ווייט פון דער היים. דאָרט לאָזט מען זייא אָפּ. יעדע טויב איז בעצייכנעט מיט א נומער. ענטוועדער דיא נומער הייננט בייא איהר אויפ'ן האלז, אָדער דיא נומער ווערט געשטעמפּעלט אויף איהרע פליגעל.

ווען מען לאָזט זייא אָפּ, פערשרייבט מען זיך דיא שטונדע, דיא מינוט

אן דעם פלאץ, וואו מען האט זיי אפגעלאזען. אלע טויבען פליהען א היים, צו־ריק צו זייער נעסט.

אין דער היים, אין דעם ארט, וואו זייא זיינען ערצויגען געווארען, און פון וואנען מען האט זייא געבראכט,ווארט אויף זייא איינער. ווען א טויב קומט צוריק צו פליהען, נעהמט ער זיא און פערצייכענט זיך איהר נומער און דיא שטונדע און דיא מינוט, ווען זיא איז אנגעקומען. זא צום ביישפיעל, ווען דיא טויב נומער 2 איז אנגעקומען 5 אוהר 35 מינוט, נאך מיטאג ווערט עס פער־שריעבען. ווען דער מאן, וועלכער האט אוועקגעפיהרט און אפגעלאזען דיא טויבען, קומט א היים, נעהמט ער זיין בוך און זוכט אויס טויב נומער 2 דארט געפינט ער, אז דיא טויב נומער 2 איז אוועקגעפלויגען א היים פונקט 1 אוהר, דאן וויס מען, אז דיא טויב נומער 2 האט געמאכט א שטרעקע פון 30 מייל אין 4 שטונדען 35 מינוט.

יעצט זעהט מען, ווען מען האט אפגעלאזען דיא טויב נומער 3. מען גע־פינט, אז טויב נומער 3 איז אפגעלאזען געווארען פונקט 2 אוהר, זיא איז גע־קומען א היים 4 אוהר 50 מינוט, אדער 10 מינוט צו 5, דאן וויס מען, אז טויב נומער 3 האט געמאכט דיא שטרעקע פון 30 מייל אין 2 שטונדען 50 מינוט, אלזא טויב נומער 3 קען בעסער פליעהען פון טויב נומער 2.

דאן נעהמט מען טויב נומער 4 דיעזע טויב האט מען אפגעלאזען 2 אוהר 30 מנוט, אדער פונקט האלב נאך 2 זיא איז געקומען א היים 4 אוהר 30 מינוט, אלזא האט זיא געמאכט דיא שטרעקע פון 30 מייל נור אין 2 שטונדען, אלזא איז זיא דיא בעסטע און פעהיגסטע בריעף טויב און מען לעגט אויף איהרע פליגעל א שטעמפעל מיט דעם נאמען פון דעם ארט, וואו זיא איז געבארען געווארען און אויפגעוואקסען, אום מען זאל וויסען, אז וואו מען וועט זיא אפלא־זען, וועט זיא קומען צוריק צו דיעזער סטאציאן.

אלזא, ווען א טויב טראגט אויף זיך דעם שטעמפעל פאריז, הייסט עס, אז ווען מען וועט זיא אפלאזען אין לאנדאן, אין בערלין, אין סט. פעטערס־בורג, וועט זיא שטענדיג צוריק פליהען נאך פאריז, וועט מען זיא אבער אפלאזען אין פאריז, וועט זיא בלייבען אין פאריז, זיא וועט ניט פליעהען נאך לאנדאן בערלין, סט. פעטערסבורג. מען קען זיא נור שיקען פון יענע שטעדט נאך פאריז, אבער ניט פון פאריז ערגעץ אנדערש.

מיר געפינען א גאנץ גענויע בעשרייבונג, וויא אזוי דער פערזישער קעניג

קסערקסעס I פלעגט זיך בענוצען מיט דער טויבען־פּאָסט, ווען ער האָט געפיהרט קריעג מיט גריעכענלאנד. אויף דעם גאנצען וועג פון שושן ביז קאָנסטאנטינאָפּאָל האָבען זיך געפונען פּאָסט סטאציאָנען מיט טויבען.

דער קעניג איז ארויס געפאָהרען פון שושן, זיין הויפּטשטאדט, און איז אָנגעקומען אין בבל, זיין ערשטע סטאציאָן. דאָ האָט ער זיך דערמאָנט, אז ער דארף הייסען זיין גענעראל, ער זאָל איהם צו שיקען נאָך פינף טויזענד סאָלדאטען, דאן האָט ער אנגעשריעבען זיין בעפעהל און האָט איהם צוגעבונדען צום האלז פון א טויב, וועלכע ער האָט מיט געבראכט פון שושן. דיא טויב איז געפלויגען צוריק א היים און האָט געבראכט דעם בעפעהל צו דעם גענעראל, וועלכער האָט געהאלטען מענשען, וועלכע האָבען שטענדיג געהאלטען וואך און געוואכט אויף דיעזע טויבען.

ווען מען האט געוואָלט, אז דיעזעלבע טויב זאָל נאָך אמאָל דיענען אלס בריעף טרעגער פון בבל, האָט מען געמוזט זיא וויעדער שיקען נאָך בבל.

אין בבל האט מען וויעדער געהאלטען טויבען, וועלכע זיינען דאָרט אויפגעוואקסען און זייער נעסט איז זייא געוועזען ליעב און טהייער. ווען דער קעניג איז ווייטער געפאהרען פון בבל נאָך ירושלים, האָט ער מיט גענומען דיעזע טויבען, און ווען ער האָט געוואָלט שיקען א בריעף פון בבל, נאָך ירושלים האָט ער איהם צוגעבונדען צום האלז פון אזא טויב און האָט זיאָ אָפּגעלאָזען. דיא טויב איז געפלויגען א היים נאָך בבל און האָט פּינקטליך געבראכט דעם בריעף.

דיעזע טויבען־פּאָסט האָט זיך ניט געענדערט, זייט פינף הונדערט יאהר פאר קריסטוס ביז אויף היינטיגען טאג. אין דער פראנצויזישען ארמעע בענוצט מען זיך נאָך יעצט אויך מיט דער טויבען פּאָסט, ווען מען האָט קיינע אנדערע מיטעל, אָבער עס איז דיעזעלבע טויבען־פּאָסט, וויא קעניג קסערקסעס פלעגט זיא געברויכען.

— אלזאָ, ווען אויף דיעזער טויב ליעגט א שטעמפּעל „פּארמענטערא,“ הייסט עס, אז זיא קען קומען נאָך פּאָרמענטערא? האָט גראף טימאשאָוו געפרעגט.

— ניין, גראף, האָט סערוואדאס געענטפערט. דיעזער שטעמפּעל איז ניט דיא פּאָסט־מארקע פון דער טויב, דיעזען שטעמפּעל האָט מען געלעגט, אום מענשען זאָלען וויסען, פון וואנען דיא טויב קומט.

— פון וואנען ווייסט איהר עס ? האט גראף טימאשאוו געפרעגט.

— ווען דער שטעמפעל פארמענטערא וואלט געווען דיא פאסט מארקע פון דיעזער טויב, וואלט זיא אהער ניט געקומען, האט סערוואדאק געענטפערט.

— אלזא דארפען מיר דאך וויסען, פון וואנען דיעזע טויב איז, האט גראף טימאשאוו געזאגט.

— דאס איז ניט שווער אויסצוגעפינען. לאמיר זיא נור בעטראכטען נאך א מאל.

מען האט גענומען דיא טויב און מען האט אנגעהויבען צו בעטראכטען יעדען פעדער פון איהרע פליגעלעך.

— אהא ! האט בן זוף אויסגערופען, אט איז עס ! — זעהט ! אט שטעהט עס דייטליך : נ א ר ב א ן !

אלע האבען זיך צוגעקוקט און האבען דערזעהן אויף דעם רעכטען פליגעל פון דער טויב איז אויף איינעם פון דיא גרעסערע פעדערן געווען אויפגעפרעסט גאנץ דייטליך דער שטעמפעל „נ א ר ב א ן.“

— איך האב אייך געזאגט, אז ער איז א פראנצויז ! האט בן זוף געשריען אויסער זיך, איהר האט מיר ניט געוואלט גלויבען אט איז עס ! נארבאן איז א זעהר אלטע שטאדט אין פראנקרייך, אין נארבאן געפינט זיך דיא עלטסטע אוני־ווערזיטעט אין פראנקרייך, אין נארבאן האבען שטענדיג געלעבט און געלערנט דיא גרעסטע פראנצויזישע געלערנטע אין נארבאן......

— מיר ווייסען זעהר גוט, וואס פאר א שטאדט נארבאן איז האט גראף טימאשאוו ענדליך אונטערבראכען דעם אונרוהיגען פראנצויז, עס האנדעלט זיך יעצט ניט וועגען דיא שטאדט נארבאן, מיר ווייסען יעצט, אז דיעזע טויב שטאמט אדער געהערט צו דער פאסטאציאן נארבאן. זיא איז ארויסגעשיקט געווארען פון פארמענטערא אין דער האפנונג, אז זיא וועט פליהען א היים נאך נארבאן. —

— גאנץ ריכטיג ! האט בן זוף געשריען, וויא א וואהנזיניגער.

— זיא האט אבער ניט געקענט טרעפען א היים, ווייל דיא שטאדט נאר־באן געפינט זיך יעצט אויף א נאנדער שטערן, אויף דעם שטערן, וועלכען מיר רופען ערד. זיא איז ארומגעפלויגען אזוי לאנג, ביז זיא איז געקומען צו אונז.

— אבער מיינע הערען, האט קאפיטאן סערוואדאק אויסגערופען, מיר שטעהן דא און פלוידערן אין דער צייט, ווען אונזער לאנדסמאן ליידעט התנגער.

לאָמיר בעסער זעהן, אז מען זאָל שנעל פאהרען און איהם העלפען, איהם ברענגען לעבענס מיטעל, איהם נעהמען אהער.

— דאָס איז לייכט געזאָגט, וויא פיהרט מען עס אָבער אויס ? האָט גראף טימאשאָוו געפרעגט.

— מיר האבען דאָך שליטענס, האָט בן זוף אויסגערופען, לאָמיר אָנלאדען! דיא שליטענס מיט לעבענס מיטעל און לאָמיר פאהרען נאָך פאָרמענטערא.

— שליטענס האָבען מיר, מען קען זייא אויך אנלאדען מיט אלערליי לע־בענס מיטעל האָט שיפסקאפיטאן פראָקאָפּ געזאָגט רוהיג, ווער וועט אָבער שלע־פען דיא שליטענס ? ווען מיר ווילען העלפען דעם אונבעקאנטען אסטראָנאָם אויף דער אינזעל פאָרמענטערא, מוזען מיר עס טאָהן וויא אם שנעלסטען, דאן מוזען מיר האָבען א קראפט, וועלכע זאָל טרייבען אָדער שלעפען אונזערע שליטענס.

— אלזאָ, וואָס טהוט מען ? האָט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— ערלויבט מיר, מיינע הערדען, אייך אויפצוגעבען א פלאן, האָט נאָר פלוצלונג געזאָגט דער אינזשעניר פון דער „דאָברינא" טינעלעוו.

— ביטע, זאָגט אונז אייער פלאן ! האָבען אלע אויסגערופען.

— איך האָב געהערט, אז אין אמעריקא פאָהרט מען מיט שיפען אויף דעם אייז, האָט טינעלעוו ערקלערט, ווען אין אמעריקא זיינען נאָך ניט געווען אזוי פיעל אייזענבאהנען אין דיא נאָרד שטאאטען, דיא שטאאטען פון צפון, זייַנען נאָך געווען אזוי ווענינ בעפעלקערט, אז פון איין שטאדט צו דער אנדערער פלעגט זיין א שטרעקע פון הונדערטער מיילען, פלעגט מען אום ווינטער, ווען דיא גאנצע געגענד פלעגט זיין מיט שנעע און אייז, נעהמען א קליין שיפעל, עס ארויפלעגען אויף רעלסען, וויא אויף א שליטען, און מען פלעגט צו איהם בע־פעסטיגען א שטארקען זעגעל, דער ווינד פלעגט טרייבען דעם זעגעל וויא ער טרייבט דיא זעגעל פון א שיף אויפ'ן מעער, און אויף דיזער ארט פלעגט מען דורכפאהרען הונדערטער מיילען אין א גאנץ קורצע צייט. מיר געפינען זיך יעצט פונקט אין דער זעלבער לאגע. דאס מעער איז פערפראָרען, עס איז גלאט וויא א שפּיעגעל, ווען מיר זאָלען נעהמען דאָס גרויסע באָאָט פון דער „דאָברינא" און זאָלען אויף איהם בעפעסטיגען דיא זעגעל פון דעם „גאָרנאָס," וועלען מיר קענען אין א גאנץ קורצע צייט קומען נאָך פאָרמענטערא, בעזאָנדערס ווען מיר וועלען האָבען א גוטען ווינט.

— דער פּלאַן איז פּאַרטרעפליך! האָט שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ אויסגערערפען, שאַדע, וואָס מיר האָבען פון איהם פריהער ניט געוואוסט, מיר וואָלטען דאַן פערשפּאָרט דיא ארבייט צו מאַכען שליטענס. דא אידעע איז אזוי איינפאך און אזוי לייכט אויסצופיהרען, אז עס וואונדערט מיך, וואָס קיינעם פון אונז איז ביז אהער ניט געקומען אין קאָפּ דיעזער איינפאל.

— אלזאָ, צו דער ארבייט? האָט גראף טימאשאָוו קאָמאַנדירט.

ער האָט זיך געווענדעט צו אינזשעניר טינעלעוו און האָט געזאָגט צו איהם:

— אזוי וויא איהר האָט אויפגעגעבען דיעזען פּלאַן, דאַרפט איהר איהם אויך אויספיהרען. נעהמט אלזאָ דאָס גרעסטע באָאָט פון דער „דאָבריניא" און מאַכט עס פערטיג אויף דיא רייזע.

— אין איינינע שטונדען וועט אלעס פערטיג זיין, האָט טינעלעוו געענטפערט.

און ער האָט אויך געהאלטען וואָרט. אין איינינע שטונדען האָט ער ארויפגעשטעלט דאָס באָאָט אויף רעלסען, האָט אריינגעשטעלט אין איהם א שטאַרקען זעגעל־בוים און האָט בעפעסטיגט אן איהם אלע זעגעל פון דעם „געאָרגאָס."

קוים איז דאָס אייז־שיף פערטיג געוואָרען, האָט מען עס אנגעהויבען אנצולאַדען מיט קליידער און מיט לעבענס מיטעל פון דער „דאָבריניא."

יעצט אָבער האָט זיך אָנגעהויבען א פראגע ווער עס זאָל פאהרען נאך פּאָרמענטערא זוכען דעם אסטראָנאָם. קאַפּיטאַן סערוואדאַק האָט בעהויפּטעט אז אזוי וויא דער אסטראָנאָם איז זיין לאַנדסמאַן, מוז ער פאהרען איהם רעטען גראף טימאשאָוו האָט אויך געוואָלט פאהרען, שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ האָט געמוזט פאהרען, ווייל אזא סאָרט אייז־שיף דאַרף מען קענען פיהרען און רעגירען, און נור א שיפסקאַפּיטאַן ווייס וויא אזוי צו רעגירען דיא זעגעל פון א שיף. אויסער דעם קען ער דעם וועג בעסער פון יעדען אנדערן.

אין באָאָט האָבען צוואַר געקענט אריינגעהן 6 מענשען אָבער וואָס לייכטער דאָס באָאָט איז, אלץ שנעלער פאָהרט עס, אלץ לייכטער ווערט עס געטריעבען פון ווינט.

מען האָט זיך א לענגערע צייט איבערלעגט און זיך בעראַטהען, און עס איז ענדליך געבליבען אז נור קאַפּיטאַן סערוואדאַק און פּראָקאָפּ, נור זייא ביידע זאָלען פאהרען!

---

4טעס קאפיטעל.

# דער געהיימניספאלער אסטראָנאָם.

דעם אנדערן טאָג גאנץ פריה האבען זיך דיא צוויא מענער, סערוואדאק, און פראָקאָפ, אויפגעזעצט אויף דעם אייז שיף און דיא רייזע האָט זיך אָנגעהויבען.

דאָס וועטער איז געוועזען שעהן, אָבער זעהר קאלט. דאָס טהערמאָמעטער האָט געוויעזען 20 גראד קעלט אָדער 20 גראד אונטער נול אויף דעם 100 גרעדינגען טהערמאָמעטער אדער אויף צעלזאס טהערמאָמעטער. עס האָט געוועהט א לייכטער ווינט, וועלכער האָט אבער באלד אויסגעצויגען אלע זעגעל און האָט זייא אָנגעבלאָזען.

אלע אנוואינער פון דיעזער גאנץ אונבעקאנטער געגענד האָבען זיך פער־זאמעלט ארום דעם אייז שיף אום צו נעהמען אבשיעד פון דיא צוויא מענער, וועלכע האבען זיך אונטערגענומען צו מאכען א לאנגע רייזע. דיא רוסען האָבען געקושט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ און האָבען געוויינט. דיא שפאניער האָבען גע־בעטען גאָטט, אז דיא רייזע זאָל זיין א גליקליכע. בן זוף האָט זיך ניט געקענט איינהאלטען, ער איז ארויפגעשפרונגען קאפיטאן סערוואדאק אויפ'ן האלז און האָט איהם ארומגענומען, וויא א געטרייע מוטער נעהמט ארום איהר קינד, וועלכעס פאָהרט אוועק אין א ווייטען וועג.

ענדליך האָבען אלע אבשיעד גענומען פון דיא צוויא רייזענדע. אינזשעניר טינעלעוו האָט אָפּגעבונדען דאס אייז שיף פון איהר דאק און האָט זיא גע־לאָזען לויפען.

דיא צוויא גרויסע און שטארקע זעגעל האבען זיך צו לאָזען, וויא דיא פליגעל פון א גרויסען פויגעל, און האָבען מיט געשלעפּט דאָס באָאָט. אין א קורצער צייט איז דיעזעס זאָנדערבארע אייז שיף פערשוואונדען געוואָרען אין לייכ־טען נעבעל.

ערשט יעצט אָבער האָט קאַפּיטאַן סערוואַדאַק אָנגעהויבען צו פיהלען, וואָס עס הייסט פאַהרען אויף איין אייז שיף.

ווער עס איז אַ מאָל געפאַהרען אום זומער, אין אַ גאַנץ הייסען טאָג, אי אין אָפענעם אייזענבאַהן וואַגאָן, אָדער אין אַן אָפענער טראַלל קאַר, דער האָט געוויס בעמערקט, אז אין דער צייט, ווען אין דרויסען ברענט די היץ וויא פייער, איז עס אין דעם וואַגאָן גאַנץ קיהל און זאָגאַר קאַלט, זאַלאַנג ער לויפט שנעל, און וואָס שנעלער דער וואַגאָן לויפט, אלץ קיהלער איז עס אין איהם. דאָס זעלבע בעמערקט מען אויף אַ שנעל דאַמפּפער אין אַ הייסען זומער טאָג. אין דער קאַיוטע איז עס אַזוי הייס, אז מען ווערט דערשטיקט, קוים געהט מען ארויס אויפ'ן דעק, פיהלט מען, אז עס איז גאַנץ קיהל, זאָגאַר קאַלט.

די אורזאַכע דערפון איז, וואָס ארום אונזער קערפּער געפינט זיך שטענדיג אַ מאַנטעל פון ווארעמע לופט. ווען מיר שטעהן אויף איין אָרט, בלייבט די ווארעמע לופט ארום אונז און די ווארעמע לופט פון דרויסען קומט נאָך צו און מאַכט אונז נאָך הייסער; קוים אָבער לויפט דער וואַגאָן שנעל, קומט צו צו אונז אַלע מאָל אַ פרישע, נאָך ניט שטאַרק דער היצטע לופט, און קיהלט אונז אָפּ דיזעלבע שנעלע בעוועגונג פון דעם וואַגאָן שלעפּט אוועק פון אונז דעם מאַנטעל ווארעמע לופט, וועלכער רינגעלט אונז ארום.

יעצט שטעלט אייך פאָר, אז מען פאָהרט זעהר שנעל, אין אַ סעקט פון צוואַנציג גראַד, מיט יעדער בעוועגונג פון דעם אייז שיף ווערט פון דעם מענשען אוועקגענומען די ווארעמקייט ארום זיין קערפּער און עס ווערט געבראַכט אַ פרישע וועללע (כוואַליע) פון גאַנץ קאַלטער לופט, איהר וועט דאַן פערשטעהן וויא קאַלט עס קען ווערן.

שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ, אלס עכטער רוסע, וועלכער האָט שוין ניט איין מאָל געררייזט אויף דעם אייזמעער, האָט גוט געוואוסט דערפון, און האָט זיך גוט ארומגעוויקעלט דאָס געזיכט, אז מען האָט קוים געקענט ארויסזעהן זיינע אויגען קאַפּיטאַן סערוואַדאַק האָט זיך צוואַר אויך אָנגעטאָהן גאַנץ ווארם און האָט זיך אויך פערוויקעלט דאָס געזיכט, אָבער זאַלאַנג דאָס אייזשיף איז געשטאַנען אויף איין אָרט, האָט ער ניט געפיהלט די קעלט און האָט זיך זאָגאַר געוואונדערט, פאַר וואָס פּראָקאָפּ פערוויקעלט זיך אַזוי; ווען דאָס אייזשיף האָט אָבער אָנגעהויבען צו גליטשען זיך זעהר שנעל, האָט קאַפּיטאַן סערוואַדאַק אָנגעהויבען צו פיהלען, אז שאַרפע נאָדלען שניידען, שטעכען און רייסען זיין געזיכט.

ער האָט געמוזט זיך אראָפּביינגען צו דיא ווענט פון באָאָט אום זיך צו שיצען פון דער שרעקליכער קעלט.

— פערהילט אייער געזיכט, מיט וואָס איהר קענט, האָט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ געשריען צו איהם, — איהר קענט נאָך אָפּפריערן דיא נאָז.

דער קורצער טאָג איז באלד פערגאנגען און עס האָט זיך אָנגעהויבען דיא לאַנגע נאכט, און זאָנדערבאר! עס האָט זיך געוויעזען דיא לבנה, אָדער א לבנה וועלכע האָט צוואר ניט גאנץ העל בעלייכטעט דאָס גאַנצע פערפראָרענע מעער.

— וואָס זאָל דאָס הייסען? האָט קאפּיטאן סערוואדאס געפרעגט, זייט איינינע מאָנאטע האָבען מיר קיין לבנה ניט געזעהן און פלוצלונג האָט זיא זיך ווידער געוויעזען. וואָס זאָל דאָס הייסען?

— פאר געווים ווייס איך עס ניט, האָט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ גע־ענטפערט, איך דענק אָבער, אז אונזער גאַלליא האָט זיך געפאַנגען א לבנה, גע־חאַפּט א בעגלייטער.

— וואָס רעדט איהר? פון וואַנען ווייסט איהר עס?

— האָט איהר גוט דורכגעלעזען דעם בריעף, וועלכען אונזער אסטראָנאָם האָט אונז צוגעשיקט דורך זיין טויב? האָט פּראָקאָפּ געפרעגט.

— געווים האָב איך איהם געלעזען, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— דאַן דארפט איהר דאָך געדענקען, אז אויף דער פירטער צייכע שטעהט: „געפאנגען דיא נערינא.“

— דאָס האָב איך געלעזען, איך האָב עס אָבער ניט פערשטאַנען.

— ווארום האָט איהר ניט געפרעגט?

— איך האָב קיין צייט געהאט צו פרעגען.

— דאַן וועל איך עס אייך ערקלערן, וויא ווייט איך פערשטעה עס, האָט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ געזאָגט. עס איז זעהר מעגליך, אז אונזער אסטראָנאָם האָט עס ניט אזוי געמיינט, דאָס וועלען מיר פיעלייכט באלד געוואָהר ווערן, דער וויל אָבער וועל איך אייך ערקלערן, וואס איך פערשטעה. אונזער גאַלליא לויפט זעהר שנעל, זיא דערווייטערט זיך פון דער זון, זיא געהט אלזא ניט קיילעכדיג ארום דיא זון זאנדערן א לאַנגען קרייז — אן עליפּסעס, וויא עס הייסט אויף דער וויסענשאפטליכער שפּראכע. אויפ׳ן וועג האט דיא גאַלליא געטראָפען א גאַנץ קליינעם שטערן, וועלכער הייסט „נערינא,“ און אזוי וויא דיא גאַלליא איז פיעל גרעסער פון דער „נערינא,“ האט דיא אנציעהונגס קראַפט, דער בח המושך

פון דער גאלליא צו געצויגען דיא נערינא צו זיך און דיא נערינא דיענט יעצט אלס לבנה פאר דיא גאלליא, וויא דיא געוועהנליכע לבנה דרעהט זיך ארום דער ערד.

— קען דאס אבער פארקומען אויף דער וועלט? האט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— דיא געלערנטע קעפלער, קאפערניקוס און נאטאן האבען שוין לאנג בעוויזען, אז דיא שטערן אין הימעל זיינען א גוט איינגעארדענטער, ריכטיג אויסגעפיהרטער מעכאניזמוס. זייא בעוועגען זיך און דרעהן זיך, וויא דיא רעדער פון א גוט געמאכטער אוהר. אלעס איז בערעכענט, אלעס איז אויסגערעכענט, אלעס איז איינגעארדענט, אויסגעארבייטעט און אנגעצוינען אין דער בעסטער ארדנונג.

— אבער דאך......?

— עס איז א רעגעל אין דער נאטור, אז ווען א גרעסערער קערפער בעגעגענט אויף זיין וועג א קליינערן, שלעפט ער איהם מיט זיך און צווינגט איהם צו געהן מיט איהם צוזאמען, צו בעוועגען זיך מיט איהם, צו דרעהן זיך מיט איהם. שטעלט אייך פאר א גרויסען ראד פון א שטארקער מאשין: ווען א מענש, א טהיער, א פויגעל, זאל צו קומען צו דיעזען גרויסען ראד אזוי נאהענט, אז דאס ראד זאל איהם אנחאפען, דאס ראד וועט איהם דאן ערגרייפען מיט זיין גרויסער קראפט און וועט איהם דרעהען, און וועט איהם שלעפען, און וועט איהם ארומפיהרען מיט זיך. — דאס זעלבע האט פאסירט מיט אונזער ערד, ווען זיא האט בעגעגענט דעם קערפער, וועלכעס מיר רופען מאנד — לבנה, דאס זעלבע האט פאסירט מיט דעם שטערן יופיטער, וועלכער האט ארום זיך פיער לבנה'ס, אדער פיער מאנדען, דאסזעלבע האט פאסירט מיט דעם שטערן סאטורן, וועלכער האט ארום זיך זעקס לבנה'ס; דאסזעלבע האט פאסירט מיט פיעלע אנדערע שטערן, וועלכע האבען ארום זיך 2—3 און מעהרערע לבנה'ס, און דאסזעלבע האט פאסירט מיט אונזער גאלליא.

קאפיטאן סערוואדאק האט זיך פערטראכט. זאלאנג ער האט געדיענט אלס שטאבס אפיציער פון פריינקרייך און איז שטענדיג געווע בעשעפטיגט מיט דיא פפליכטען פון זיין דיענסט, האט ער וועניג געטראכט איבער דעם הימעל, דיא שטערן, דיא זון, דיא לבנה און דעם זאנדערבארען מעכאניזמוס, וועלכער בעוועגט זייא. יעצט אבער, ווען ער האט נים געהאט וואס צו מאכן, און יעדען טאג

האבען זיך איהם פאַרנעשטעלט נייע רעטעניסע פון דיעזען מעכאניזמוס, האט ער זיך פערטראכט און האט אָנגעהויבען גאנץ ערנסט צו דענקען איבער דיעזע פראגען.

אונטערדעסען איז דאס אייזשיף געפלוינען מיט אן אוננעוועהנליכער שנעלי־קייט. שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ פלעגט פון צייט צו צייט נעהמען זיין שטארקען נאכט טעלעסקאָפּ און קוקען און זוכען דיא אינזעל פאַרמענטערא.

גאנץ פריה, ווען דיא זון האט זיך געוויעזען און האט גאנץ דונקעל בעלייכ־טעט דאס גרויסע איידמעער, האט פּראָקאָפּ אקוק געטאָהן דורך זיין טעלעסקאָפּ און האט אויסגערופען:

— אָט איז עס! איך זעה א הויכען שטאנג, פון וועלכען עס הענגט אראָפּ א שטיק טוך, פיעלייכט איז עס א פאָהן.

סערוואדאק איז אויפגעשפרונגען, וויא אן אָפּגעבריהטער, און האט געקוקט אין דיא זייט, וואו פּראָקאָפּ האט איהם געוויעזען.

— איך זעה עס! האט ער אויסגערופען, איך זעה זאָגאר דיא שווארצע שטיינער פון דער אינזעל פאַרמענטערא, וויא זייא שטעקען הערויס העכער פון דעם אייז.

שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ האט אָנגעהויבען איינצוציהען דיא זעגעל און דאס איידבאָאט האט אנגעהויבען צו געהן לאנגזאמער.

עס איז אָבער נאָך געווען גענוג ווייט צו דער אינזעל און ערשט געגען מיטאָג זיינען זייא צו געקומען צו דער אינזעל פאַרמענטערא. דאס באָאט איז געבליעבען שטעהן און זייא זיינען ארויסגעגאנגען אויף דיא אינזעל אין דעם אָרט וואו עס איז געשטאנען דער הויכער שטאנג מיט דער פאָהן.

— עס איז דיא פאָהן פון פראנקרייך! האט סערוואדאק אויסגערופען. — ליידער, איז זיא אזוי צוריסען פון דעם ווינט, אז מען קען קוים דערקענען איהרע פארבען: בלוי, ווייס און רויט.

ניט ווייט פון דעם שטאנג איז געשטאנען א ארימעס שטיבעלע, צונויפגע־שלאָגען פון ברעטער און בעדעקט מיט ערד.

— דאָ איז עס! האט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ אויסגערופען, דא וואינט ער!

זייא זיינען האסטיג צו געקומען צום שטיבעלע. — דיא טהיר איז געווען פערמאכט און פערריגעלט פון אינעווייניג.

— לאָמיר זיא אויסברעכען! האָט דער אונגעדולדיגער קאפּיטאַן סערוואַדאק אויסגערופען.

— לאָמיר פריהער אָנקלאָפּען און ווען מען וועט אונז ניט עפענען, וועלען מיר אויסברעכען דיא טהיר.

זיי האָבען אנגעקלאפּט אן דער טהיר, קיינער האט ניט געענטפערט. דאן האָבעןביידע מענער זיך אנגעשפּארט מיט זייערע פּלייצעס מיט זייער גאנצער קראפט און אין א מינוט האָבען זייא ארויסגעהויבען דיא טהיר פון איהרע אנגלען. זייא זיינען אריינגעקומען אין א פינסטערע שטוב.

— מיר מוזען מאכען פייער, האָט שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ געזאגט, צום גליק, האב איך ביי מיר פייערנעצייג און א ליכט.

ער האָט באלד אויסגעשלאָגען פייער און האָט אָנגעצונדן א ליכט. ערשט יעצט האבען זייא דערזעהן, אז דאָס שטיבעלע בעשטעהט פון צוויא צימער א גרעסערעס און א קליינערעס. דאס גרעסערע איז געוועזן לעדיג. עס איז אין איהם געשטאנען א גרויסער טיש, אויף וועלכען עס זיינען געליגען ביכער און אסטראָנאָמישע אינסטרומענטען. אין א ווינקעל איז געוועזן אן אייזערנער אויווען, אין וועלכען עס האט זיך געפונען א ביסעל אַש און עטליכע קאַלטע קוילען.

אין קלענערן צימער איז געשטאנען א בעט און אויף איהם איז געליגען א מענשליכע געשטאלט. ביידע מענער זיינען צוגעלאָפען צום בעט און האבען בעטראכט דעם מענשען, וועלכער איז דאָרט געליגען.

— ער איז טויט, האָט קאַפּיטאַן סערוואדאק געזיפצט, — ער איז געשטאָרבען פון הונגער און קעלט.

שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ אָבער האָט זיך אנגעבויגען איבער דעם טויטען און האָט זיך צוגעריהרט צו איהם.

— ער לעבט נאָך! האָט ער אויסגערופען פול פריידע, — זיין הערץ שלאָגט נאָך!

ער האט ארויסגענומען פון גארטעל א פלעשעלע שטארקען שנאפּס און האָט מיט געוואַלט אריינגענאָסען עטליכע טראָפּען דעם האלב טויטען אין מויל. קוים האָט דער אונגליקליכער אראָפּגעשלינגען דיא עטליכע טראָפּען בראנטוויין, האָט ער גאנץ לייכט א ציטער געטאָהן און זיינע ליפּען האָבען אָנגעהויבען זיך צו בעוועגען.

קאפיטאן סערוואדאק האט אנגעהויבען צו הויבען און צו ווארעמען זיינע הענד און פראקאפ האט איהם אריינגעגאסען אין מויל נאך עטליכע טראפען בראנטוויין.

— גאלליא? האט דער אונגליקליכער מאן קוים, קוים ארויסגעזאגט.

— יא גאלליא! האט סערוואדאק ארויסגערופען, מיר זיינען אויף דער גאלליא!

דאס האט געווירקט, וויא א צויבער. קוים האט דער אונגליקליכער דער הערט דיא שטימע פון מענשען, האט ער אויסגערופען:

— דאס איז דיא גאלליא! דאס איז מיין קאמעט! ער איז מיינער!

דאס איז אבער געווען צו פיעל פאר זיינע שוואכע קראפט. ער איז באלד געפאלען אין אהנמאכט און איז געבליעבען ליגען, וויא א טויטער.

— מיר מוזען מאכען פייער און איהם דערווארמען, איהם אפמונטערן, האט סערוואדאק געזאגט.

— איך דענק, אז עס וואלט גלייכער געווען, מיר זאלען מאכען פאר איהם א ווייבעס געלעגער אין באאט, זאלען איהם דארט אניעדערלעגען, גוט צודעקען, גוט בעשיצען פון דער קעלט און צוריק פאהרען צו אונזערע פריינד; דארט, אין ווארעמען ווולקאן, וועט ער שנעלער קענען קומען צו זיך.

זייא האבען זיך בעראטהען אייניגע מינוט און האבען געפונען, אז דאס איז דער בעסטער ראטה.

זייא האבען שנעל צונויפגענומען אללע אינסטרומענטען און אלע פאפיערן, וועלכע האבען זיך געפונען איןביידע צימער, און האבען זייא אראפגעטראגען אין באאט. דארט האבען זייא געמאכט א ווייבעס און ווארעמעס געלעגער פאר דעם האלב טויטען אסטראנאם. דאן זיינען זייא צוריק געקומען מיט וואלענע דעקען, האבען איהם איינגעוויקעלט און האבען איהם אראפ געטראגען אין באאט.

— יעצט שנעל א היים, צו אונזער ווולקאן! האט אויסגערופען העקטאר סערוואדאק.

שיפסקאפיטאן פראקאפ האט יעצט צורעכט געמאכט דיא זעגעל, האט אויסגעדרעהט דאס באאט אונד האט אויסגענוצט יעדעס ביסעלע ווינד אום צוריק צו קומען צום ווולקאן. פון צייט צו צייט, ווען ער איז ניט געווען בעד שעפטיגט מיט דיא זעגעל, פלעגט ער אקוק טאהן צום קראנקען.

ווען מען זאָל נער גקלבער קראַנקער איז געלעגען בעוואוסטלאָז. ווען קענען מאַכען א פייער אויף דעם באָט אונד אפּקאָכען א ווארעמע זופּע, וואָלט מען פּיעקייבט שנעלער געקענט אויפמונטערן דעם אלטען, קראַנקען מאַן, דאָס איז אָבער געווען אונמעגליך, און דאָס איינציגע, וואָס פּראָקאָפּ האָט געקענט טאָהן פאר איהם, איז געווען פון צייט צו צייט ארײַנצוגיעסען איהם אין מויל עטליכע טראָפּען שטארקען קאָניאַק.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, מיט וואָס פאר א פרייד, מיט וואס פאר אן ענטציקען מען האָט זייא איפגענומען, ווען זייא זיינען ענדליך צוריק געקומען צום וואולקאן און האָבען דערצעהלט, וויא זייא האָבען געפונען דעם אונבעקאַנטען אסטראָנאָם און וויא ער ליעגט יעצט קראַנק און בעוואוסטלאָז אין באָט.

— ווען ער איז נור א געלערנטער, וועט ער בלייבען לעבען! האָט בן זוף אויסגערופען, איך קען דיא געלערנטע, זייא האָבען אין זיך ניין מאָל לעבען! וויא א קאַץ. איהר קענט אראָפּוואַרפען א קאַץ פון א הויכער מויער, אייך קען זיך אויס ווייזען, אז זיא איז טויט, לאָזט זיא נור ליעגען איינינע מינוט און איהר וועט זעהן אז זיא לעבט, אז זיא הייבט זיך אויף און אנטלויפט. דיא געלערנטע זיינען אויך אזוי. אייך קען זיך אמאָל אויס ווייזען, אז א געלערנטער איז טויט, לאָזט איהם נור צו רוה איינינע צייט און איהר וועט זעהן, אז ער לעבט. איך האב עס אליין געזעהן אין סודאַן. מיר האָבען געטראָפען אין אן אָרט א געלענטען רייזענדען; וועלכער איז געווען טויט קראַנק פון פיעבער — ער האָט געוואָלט דערצעהלען א לאַנגע געשיכטע פון א געלערנטען, אָבער קאַפּיטאַן סערוואַדאַק האָט איהם אונטערבראָכען און האָט געזאָגט:

— מיר וועלען שפּעטער אויסהערן דיין געשיכטע, יעצט געה און מאַך א געלענער פאר אונזער געלערנטען לאַנדסמאַן.

בן זוף האָט איהם געפאָלגט און באלד האָט מען אריינגעטראָגען דעם קראַנקען געלערנטען אין הייל פון דעם וואולקאַן.

יעצט האט מען שוין געהאט אלע מעגליכע מיטעל איהם צו בעלעבען, איהם אויפצומונטערן, אָדער „אָפּצומונטערן,“ וויא מען זאָגט עס אויף אידיש. מען האט אפּגעקאָכט א שטארקע פלייש זופּע און גראַף טימאַשאָוו האָט מיט שווערער מיה איהם אריינגעגאָסען אין מויל א טהעע לעפעל פון דיעזער ווארעמער זופּע.

גראף טימאשאָוו האָט געלערנט מעדיצין, ער פלעגט אָבער ניט פּראַקטי־ציִרען, ער איז געווען צו רייך, צו פאַרנעהם און צו שטאָלץ אום צו פּראַקטיצירען ריעזע וויסענשאַפט, וועלכע איז דער לעצטער צייט געוואָרען נור א ברויט וויסענ־שאַפט, א וויסענשאַפט, דורך וועלכע מען קען פערדיענען ברויט, „מאכען א לעבען,״ וויא מען זאָגט אין אמעריקא.

יעצט אָבער, בייא דיעזער זאָנדערבאַר געלעגענהייט, האָט גראף טימא־שאָוו אויסגעקראַצט פון זיין נעדעכטניס קאַמער, פון קעמעריל פון זיין זכרון, אַלעס, וואס ער האָט געלערנט, וויא אזוי צו בעהאַנדלען אזא פאַל.

ליידער, האָט זיך עס ארויסגעוויעזען, אז דער אונבעקאַנטער געלערנטער איז גאַנץ ערנסט קראַנק. ער איז געליעגען בעוואוסטלאָז און נור פון צייט צו צייט פלעגט ער מורמלען:

— מיין קאָמעט! עס איז מיין קאָמעט.

גראף טימאשאָוו האָט געהייסען, אז מען זאָל דעם גאַנצען קערפּער פון דעם אונגליקליכען קראַנקען רייבען מיט וואַרעמען ספּיריטוס. בן זוף האָט עס געטאָהן מיט פערגניגען אונד האָט אזוי שטאַרק איינגעריעבען דעם קראַנקען, אז ער, דער קראַנקער, האָט א געשריי געטאָהן פאר שמערץ:

— וואָס ווילט איהר? עס איז מיין קאָמעט.

זייט קאַפּיטאַן סערוואַדאַק האָט צום ערשטען מאָל געזעהן דעם אונגליכען קראַנקען, האָט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז ער קען איהם, אז ער ווייס, ווער ער איז, אז ער, סערוואַדאַק, איז א מאָל געווען בעקאַנט מיט איהם.

סערוואַדאַק פלעגט דאַהער קומען זעהר אָפט קוקען אויף דעם קראַנקען, איהם בעטראַכטען און זיך ברעכען דעם קאָפּ מיט דער פראַגע:

— וואו האָב איך איהם געזעהן?

עס זיינען פערגאַנגען פינף טעג, אין וועלכע דער קראַנקער האָט געשוועבט צווישען לעבען און טויט. ענדליך האָט די וויסענשאַפט און די קענטניסע פון גראף טימאשאָוו דאָך געזיעגט. דער קראַנקער איז געקומען צו זיך. ער האָט גע־עפענט די אויגען, האָט זיך אומגעקוקט, וואו ער איז ערגעץ אין דער וועלט, און האָט געפרעגט:

— מיינע ברילען? וואו זיינען מיינע ברילען?

העקטאָר סערוואַדאַק איז אויפגעשפּרונגען, וויא א וואַהנזיניגער, און האָט אָנגעהויבען צו טאַנצען פאַר פרייד:

— פראָפעסאָר פאַלמערין ראָזעט! האָט ער אויסגערופען, — מיין ליעבער אָבער שטרענגער פראָפעסאָר!

ערשט יעצט האָט זיך סערוואדאק דערמאָנט, אז ווען ער האָט געלערנט אין דער מיליטערישער אקאדעמיע פון סען־סיר, איז דאָרט געוועזען א זעהר גע־לערנטער פראָפעסאָר פון מאטהעמאטיק, וועלכער האָט געהייסען פאַלמערין ראָזעט דאָס איז געוועזען א זעהר שטרענגער, אָבער א זעהר גוטער לעהרער. דיא יונגע קאַדעטען, דיא שילער פון דער מיליטערישער אקאדעמיע, האָבען פאר איהם מורא געהאט, ווייל ער פלעגט זיין זעהר שטרענג געגען זייא, אבער זיי פלעגען איהם ליעב האָבען, ווייל ער פלעגט מיט זייא גרינדליך לערנען, און ווען פראָפע־סאָר ראָזעט פלעגט געבען א שילער א גוטע מארקע, איז עס געוועזען דער בעסטער בעווייז, אז דער שילער פערשטעהט ווירקליך מאטהעמאַטיק.

ווען סערוואדאק האָט געענדיגט דיא מיליטערישע אקאדעמיע פון סען־סיר, האָט מען איהם באלד אוועקגעשיקט נאָך אפריקא, און ער האָט אין גאנצען פער־געסען דעם געליעבטען פראָפעסאָר, נור איין מאָל האָט ער געלעזען אין א צייטונג אז פראָפעסאָר ראָזעט האָט זיך אָפגעזאָגט פון דער אקאדעמיע, ווייל ער וויל זיך בעשעפטיגען נור מיט אסטראָנאָמיע.

דאָס איז געוועזען אלעס, וואָס קאפיטאן סערוואדאק האָט געוואוסט פון פראָפעסאָר ראָזעט. מען קען זיך אלזאָ לייכט פאָרשטעלען, וויא דערפרעהט ער איז געוועזען, ווען ער האָט דערקענט אין דיעזען אונגליקליכען קראנקען זיין בע־ליעבטען פראָפעסאָר.

— פראָפעסאָר ראָזעט! ליעבער פראָפעסאָר! האָט קאפיטאן סערוואדאק אויסגערופען.

— ווער זייט איהר? האָט דער פראָפעסאָר געפרעגט מיט א שוואכער שטים

— פראָפעסאָר, דערקענט איהר מיך ניט?

— ווער זייט איהר דען?

— דערקענט איהר ניט אייער שילער פון דער מיליטערישער אקאדעמיע פון סען־סיר?

— וויא הייסט איהר?

— העקטאָר סערוואדאס.

דער פראָפעסער האָט געטראכט אייניגע מינוט. עס איז געווען דייטליך,

אז זיין נעדעכטנים קראפט, זיין כח הזכרון, ארבייטעט אונד זוכט זיך צו דער־מאָנען, ווער עס איז דיעזער העקטאָר סערוואדאק.

ענדליך האָט ער זיך דאָך דערמאָנט און האָט געזאָגט מיט זיין שוואכער סוים הערבארער שטימע:

— העקטאָר סערוואדאק איז א שוואכער שילער, ער מוז נאָך א מאָל אויסלערנען דעם אייקלידעס. — מאָרגען מוזט דוא, מיר זאָגען דרייסיג שורות פון אייקלידעס.

עס איז געווען דייטליך, אז דער פראָפעסאָר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אז ער לערנט מיט דיא שילער פון דער מיליטערישער אקאדעמיע פון סען־סור און האָט אויסגעפונען, אז דער שילער העקטאָר סערוואדאק קען נאָך ניט גוט זיין לעקציאָן.

דאָס איז שוין אָבער געווען צופיעל פאר דעם אלטען קראנקען מאן. ער האָט וויעדער פערמאכט דיא אויגען און איז אנטשלאָפען געוואָרען.

— לאָזט איהם שלאָפען שטערט איהם ניט. האָט גראף טימאשעוו געזאָגט צו אלע אנוועזענדע. דער שלאָף איז פאר איהם יעצט נאָטהווענדיג, עס קרעפ־טיגט איהם. איך בין יעצט זיכער אז ער וועט לעבען.

— געווים! האָט בן זוף אויסגערופען, דער קארפאָראל זשאן האָט מיר דערצעהלט, אז אין עגיפטען גראבט מען אויס געלערנטע, וועלכע ליעגען שוין טויט זייט טויזענדער יאהרען.

אלע האָבען זיך צו לאכט.

— דוא מיינסט געווים מומיען, האָט קאפּיטאן סערוואדאק געזאָגט, זייא לעבען אָבער ניט, זייא זיינען טויט.

— אכזאָ צו וואָס גראָבט מען זייא אויס? האָט בן זוף געפרעגט, צו וואָס דארף מען טויטע געלערנטע.

— דיא מומיען פון עגיפּטען זיינען קיינע געלערנטע, זייא זיינען טויטע קע־ניגע, האָט קאפּיטאן סערוואדאק ערקלערט.

— אזוי, דאָס זיינען טויטע קעניגע? און צו וואָס דארף מען טויטע קעניגע? האָט דער אונרוהיגער בן זוף געפרעגט.

— דאָס קענסט דוא ניט פערשטעהן, האָט קאפּיטאן סערוואדאק נעענט־פערט בייז.

— לאָמיר בעסער אוועק געהן פון דאנען און לאָזען דעם פּראָפעסאָר שלאָ־פען, האָט גראף טימאשאָוו געבעטען.

אלע זיינען ארויסגעגאנגען פון דעם קעמעריל, וואו דער קראנקער פּראָ־פעסאָר איז געשלאָפען.

ווען זייא זיינען ארויסגעקומען אין דרויסען, האָט גראף טימאשאָוו געזאָגט:

— איך בין יעצט פעסט איבערציינט, אז פּראָפעסאָר ראָזעט פלעגט עס אונז שיקען דיא נאכריכטען מיט דער פלאשען פּאָסט און מיט דער טויבען פּאָסט. איך בין זיכער, אז ווען ער וועט ווערן פאָלקאָמען געזונד, וועט ער אונז ערקלערן אלעס, וואס עס איז פאָרגעקומען מיט אונז זייט דעם 31טען דעצעמבער ביז היינט.

— איהר האָט פאָלקאָמען רעכט, גראף, האָט העקטאר סערוואדאק אויס־גערופען, איך דערמאָן מיך יעצט זעהר גוט, ווער פּראָפעסאָר ראָזעט איז. מען פלעגט איהם האלטען פאר א שטיקעל משוגענעם, אין דער וואהרהייט אָבער איז ער געווען א גרויסער געלערנטער און א הערצענס גוטער מענש. ער פלעגט ליעב האָבען דיא שילער וויא זיינע אייגענע קינדער — אויב ער האָט קינדער — און פלעגט פון זייא נור פערלאנגען, זייא זאָלען קענען זיין וויסענשאפט — דיא מאטהעמאטיק.

— איך דענק, אז עס וואָלט ניט געשאדעט, מיר זאָלען דער וויל איבער־קוקען זיינע שריפטען און זיינע פּאפּיערן, האט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ בעמערקט.

— דורכקוקען מענט איהר זייא, אָבער ענדערט קיין וואָרט, קיין פּונקט, זאָגסט וועט דער פּראָפעסאָר בייז ווערן און וועט אייך שיקען אין קארצער, האט סערוואדאק געלאכט.

זייא האָבען גענומען דיא שריפטען און פּאפּיערן, וועלכע זייא האָבען ארויס־גענומען פון דעם שטיבעלע אויף דער אינזעל פאָרמענטערא, און האָבען זייא בעט־ראכט איינציג וויים.

דיא פּאפּיערן זיינען געווען בעשריעבען מיט ציפערן. עס איז געווען א גאנץ דייטליכע, אָבער א גאנץ קליינע שריפט. מען האָט דייטליך געזעהן, אז דאָס האָט געשריעבען א געלערנטער, ווייל קיינער האָט ניט פערשטאנען, וואס דיעזע ציפערן בעדייטען.

דיא שריפטען זיינען געווען בעדעקט מיט צייכנונגען: רעדעלעך, קוגעלן,

ליניען, עליפּטישע פיגורן, האלב קיילעכדיג, גאנץ קיילעכדיג, לענגליך קיילעכדיג און אנדערע פיגורען.

— עס איז דייטליך, אז דער פּראָפעסער האָט גערעכענט, האָט שיפסקאַפּיטאן פּראָקאָפּ געזאָגט, וויא צו זיך אליין, — אז דער פּראָפעסאָר האט זיך צו געקוקט און אויסגערעכענט יעדע בעוועגונג, יעדען שריט, וועלכען דיא גאַלליא האָט געמאכט.

— פאר וואָס זאָגט ער אבער אלע מאָל: „מיין קאָמעט"? איז דיא גאלליא א קאָמעט? געפונען מיר זיך אויף א קאָמעט, ניט אויף א שטערן? האָט גראף טימאשאָוו געפרעגט.

— מיינע הערען, צו וואָס זאָלען מיר זיך יעצט ברעכען דיא קעפּ איבער פראגען, וועלכע מען וועט אונז באלד ערקלערן? איך בין זיכער, אז קוים וועט פּראָפעסאָר ראָזעט געזונד ווערן, וועט ער אונז אלעס ערקלערן אזוי קלאר און דייטליך, וויא ער פלעגט אונז אמאָל ערקלערן דיא שווערסטע מאטהעמאטישע אויפגאבען אין דער מיליטערישער אקאדעמיע פון סען־סיר.

— דאס איז שוין ריכטיג, האָט שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ געענטפערט, און פון דעסט וועגען ווילט זיך אונז דערראטהען, וואו מיר זיינען ערגעץ אין דיעזער גרויסער וועלט. זאָ לאנג מען איז אויף דער ערד, דענקט מען אז קיין גרעסערעס און פעסטערעס איז שוין גאָר נישטאָ.

דער מענש איז דאן וויא א וואָרם, וועלכער איז אויסגעוואקסען אין א גרויסען קעז, און עס איז איהם א מאָל איינגעפאלען דער געדאנק, ער זאָל מאַכען א רייזע ארום דעם קעז. ווען ער האָט געמאכט דיעזע רייזע, איז ער שטאלץ און מעלדעט אלעמען: „דער קעז איז קיילעכדיג." שטעלט אייך אָבער פאָר, וויא איבערראשט ער וואלט געוועזן, ווען ער וואלט אויסגעפונען, אז אויסער דעם קיילעכדיגען קעז, אין וועלכען ער איז געבאָרען געווארען, געפינען זיך נאָך פיעלע אנדערע קיילעכדיגע קעזען אין דעם קעללער.

וואָס איז דען דער מענש? אן אָרימער וואָרים, וועלכער האָט קוים, קוים אויסגעפונען, אז אויסער דעם קעז, אין וועלכען ער איז געבאָרען געוואָרען און אויפגעוואקסען, געפונען זיך נאָך פיעלע אנדערע, גרעסערע און קליינערע סייזען און דעמזעלבען סעללער.

ערשט נאָר אין דער לעצטער צייט האָבען דיא מענשען זיך איבערצייגט, אז דיא ערד איז נור א גאנץ קליינער קעז, א גאנץ קליינע קוגעל, אין דער

גרויסער וועלט, וואו טויזענדע, צעהנדליג טויזענדע אנדערע וועלטען דרעהן זיך, בעוועגען זיך, און לעבען גלייך וויא דיא ערד.

מיר זיינען פיעלייכט דיא איינציגע מענשען וועלכע א צופאל האט פער־וואָרפען אויף אנאנדערע וועלט. מיר ווייסען יעצט ניט, וואו מיר געפינען זיך, דער קראנקער געלערנטער אָבער וויים עס גאנץ גוט, גאנץ גענוי.

— דאָס איז דאָך מיר אינטערעסאנט צו וויסען! האט גראף טימאשאָוו אויסגערופען, איך וויל וויסען, אויב דער געלערנטער אסטראָנאָם האט פריהער געוואוסט, אז ער וועט פערוואָרפען ווערן אויף אנאנדערן שטערן און איז אבזיכט־ליך געפאהרען אויף דיא אינזעל פאָרמענטערא אום דאָרט צו געהן און אויס־צושטודירען דיא נייע וועלטען, אָדער עס איז אלעס געוועזן א צופאל.

— איך האָב אייך שוין איין מאָל ערקלערט, אז פּראָפּעסאָר ראָזעט איז א שטיק משוגענער, האט סערוואדאק געזאָגט.

— מיר דאכט, אז אלע געלערנטע זיינען גאנצע אָדער האלבע משוגעים, האָט איהם בן זוף אונטערבראָכען, ווען מיין רעגימענט איז געשטאנען אין סענענאל, איז געקומען צו אונז אן אמעריקאנער געלערנטער, וועלכער פלעגט ארומ־געהן א גאנצען טאָג אין דיא וועלדער און חאפּען פליעגען......

קאפּיטאן סערוואדאק האָט געוואָרפען אויף איהם א שטרענגען בליק, וועל־כער האָט איהם געזאָגט גאנץ דייטליך: „דוא פערגעסט, אז איך בין דיין קאפּיטאן.“

בן זוף האָט געשוויגען און קאפּיטאן סערוואדאק האָט ווייטער געזאָגט:

— פּראָפּעסאָר ראָזעט איז אן עכטער געלערנטער, ער לעבט נור פאר זיין וויסענשאפט און איז שטענדיג בערייט זיך צו אָפּפערן פאר זיין וויסענשאפט. איך בין פעסט איבערצייגט, אז ער האָט אלעס פריהער אויסגערעכענט און האָט געוואוסט, אז אין דער נאכט פון 30טען אויפ'ן 31טען דעצעמבער וועט פּאָרקו־מען עפּעס אונגעוועהנליכעס אין דער געגענד, וואו עס געפינט זיך דיא אינזעל פּאָרמענטערא, און דארום איז ער אבזיכטליך געפאהרען אהין און האָט אלעס צוגעזעהן מיט דיא אויגען.

— דאס איז אלעס מעגליך, האט גראף טימאשאָוו בעמערקט, וויא קומט עס אָבער, וואס פּראָפעסאָר ראָזעט רעדט אלץ פון א קאָמעט און דערמאָנט ניט דעם שטערן גאלליא, אויף וועלכען מיר געפינען זיך?

— מיר האָבען נאָך פיעלע רעטעניסשען צו ערקלערן, פיעלע זאכען צו פערר־שטעהן; האָט שיפסקאפיטאן פראָקאָפּ געענטפערט. וויא באלד אז עס געהט דעם פּראָפעסאָר בעסער, קענען מיר אָפּווארטען, ביז ער וועט אין גאנצען גע־זונד ווערען און ער וועט אונז אלעס ערקלערן.

דער מיט האָט זיך געענדיגט דער קורצער מיטינג אויף דער גאלליא, יע־דער איז זיך געגאנגען צו זיין בעשעפטיגונג.

דיא איבעריגע איינוואוינער פון דער גאלליא האבען זיך זעהר וועניג אינטע־רעסירט מיט דעם פּראָפעסאָר און אויב ער וועט לעבען אָדער שטארבען. זייא האָבען זאָגאר נים פערשטאנען, אז זייא זיינען נים מעהר אויף דער ערד זאָג־דערן אויף א גאנץ נייע וועלט.

ווען עס איז נאכט געווארען און אלע זיינען געגאנגען שלאָפען, האָט סער־וואדאק געהייסען בן זוף, ער זאָל בלייבען לעבען קראנקען פּראָפעסאָר און זאָל אויף איהם אכטונג געבען. ווען דער קראנקער וועט זיך אויפכאפּען, זאָל ער איהם גיבען עטליכע לעפעל ווארעמער זופּ, אין פאל דער פּראָפעסאָר וועט עפּעס רעדען אָדער עפּעס זאָגען, זאָל בן זוף עס זיך פערצייכנען.

בן זוף איז געווען א גוטער קראנקען וועכטער. יעדער סאָלדאט, וועלכער דיענט אין וויימע לענדער און צווישען ווילדע פעלקער, ווערט מיט דער צייט א גוטער קראנקען וועכטער, ווייל עס קומט פאָר זעהר אָפט, אז מען דארף אכטונג געבען אויף א קראנקען קאמעראד און דער דאָקטער פון רעגימענט זאָגט אָן דיא גוטע פריינד פון דעם קראנקען, וואס זייא זאָלען טאָהן און וויא זיי זאָלען בעהאנדלען דעם קראנקען. אויף דיעזער א רט ווערט יעדער סאָלדאט א גוטער קראנקען וועכטער.

דער פּראָפעסאָר איז אָבער געשלאָפען רוהיג און בן זוף האט נים געהאט וואס צו טאָהן ארום איהם. ער האָט זיך אניעדער געזעצט אויף א שטיין, האט זיך אָנגעשפּארט אן דער וואנט און האָט זיך פערטראכט, דאן האט ער אנגע־הויבען צו דרעמלען.

פּלוצלונג האָט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז איינער קריעכט צו צו איהם, גנבעט זיך צו צו איהם. ער איז אויפגעשפּרונגען און האט דערזעהן ביים שוואַ־כען שיין פון א ליכט, וועלכעס האָט געברענט נים וויים פון דעם קראנקען, א מענשען געשטאלט.

אין דער הייל פלעגט מען קיינע בעלייכטונג ניצען, ווייל מען האָט געהאט

זעהר ווענינ ליכט. און האָבען זיך געפונען אויף דער „דאָברינֿיא“ ניט מעהר ווי צוויא הונדערט סטעארין ליכט, וועלכע גראף טימאשאָוו האט מיט גענומען פון רוסלאנד, מען האט אלזאָ געמוזט זיין זעהר שפּארזאם מיט זייא; נור יעצט צו ליעב דעם קראנקען פּראָפעסאָר האט מען געמאכט אן אויסנאהמע און מען פּלענט לאָזען ברענען א ליכט ניט ווייט פון זיי געלעגער.

— ווער איז דאָרט? האט בן זוף געפרענט שטילערהייט.

ער האָט מורא געהאט אויפצוואוועקען דעם קראנקען און דארום האט ער גערעדט שטילערהייט.

— איך בין עס, האט א גאנץ אונבעקאנטע שטימע געענטפערט.

— ווער זייט איהר?

— נעאָרגאָס, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— וואָס ווילט איהר? וואס דארפט איהר דאָ? מען האט דאך ביז אהער ניט געזעהן און ניט געהערט פון אייך.

— איך וויל זעהן דעם גענעראל גובערנאטאר, האָט דער אלטער גרעק געענטפערט.

— דער גענעראל גובעדנאטאר, שלאפט יעצט, איהר קענט איהם ניט זעהן.

— דאן וועקט איהם אויף, האט דער גרעק געבעטען.

— וואס רעדט איהר, אלטער גרעק? האָט בן זוף אויסגערופען, וויא קען איך מיך אונטערשטעלען אויפצוואוועקען דעם גענעראל גובערנאטאר?

— איך וויל איהם אָבער זעהן! איך מוז איהם זעהן, איך דארף איהם עפּעס פרעגען, האט דער אלטער גרעק געזיפצט.

— איהר מוזט ווארטען, ביז ער וועט אויפשטעהן, האָט בן זוף געזאגט ערנסט און שטרענג, וויא א סאָלדאט קען נור זיין שטרענג.

— דאן לאָזט מיך ווארטען דאָ, ביז דער גענעראל גובערנאטאר וועט אויפשטעהן, האָט דער גרעק געבעטען.

— ווארט וויפיעל דוא ווילסט, האט בן זוף געברומט.

דער אלטער גרעק האט זיך אניעדער געזעצט אויף דער ערד אין א ווינקעלע און האט געווארט, ער האָט אָבער ניט לאנג געווארט; זייט קאפּיטאן סערוואדאק האט דערקענט זיין אלטען לעהרער, זיין שטרענגען אָבער עהרליכען פּראָפעסאָר, האט ער ניט גערוהט. ער האט צוואר געוואוסט, אז ער קען

זיך פערלאָזען אויף בן זוף, פון דעסטוועגען פלעגט ער אליין קומען פון צייט צו צייט זעהן, וואס דער פראָפעסאָר מאכט. ער איז ביי נאכט אויך געקומען.

קוים האָט דער אלטער גרעק איהם דערזעהן, איז ער איהם נעפאלען צו דיא פיס און האָט אָנגעהויבען צו בעטען, דער גענעראל גובערנאטאר זאל איהם אויסהערן.

— וואס ווילט איהר דען פון מיר?

— הערט מיך אויס.

— דאן שטעהט אויף און זאָגט מיר, וואס איהר פערלאנגט, האט קאפי־טאן סערוואדאק געזאָגט שטרענג.

דער אלטער גרעק איז אויפגעשטאנען און האָט געזאָגט:

— גנעדיגער געגעראל גובערנאטאר! איך האָב געזעהן, וויא א באָאט איז ערגעץ אוועק געפאהרען, איך האב געזעהן, וויא עס איז צוריק געקומען און מען האט ארויסגעטראָגען פון איהם א מענשען. איך וויל זעהן דיזען פרעמדען, וועל־כען מען האט געבראכט.

קאפיטאן סערוואדאק איז נייגיעריג געוואָרען און האט געפרעגט:

— צו וואס דארפסט דוא איהם זעהן?

— איך וויל מיט איהם רעדען.

— וואס ווילסט דוא מיט איהם רעדען?

— איך וויל וויסען וואס עס הערט זיך אין אייראָפא, בעזאָנדערס אין גריעכענלאנד.

קאפיטאן סערוואדאק האט בעטראכט דעם זאָנדערבארען מענשען מיט שטוינען און פערוואונדערונג. וואס איז דאָס פאר א מענש? האט ער דען ניט געזעהן, וואס עס איז פאָרגעקומען אין דער לעצטער צייט? פערשטעהט ער דען ניט אז מיר געפינען זיך ניט מעהר אין אייראָפא, ניט מעהר אויף דעם שטערן, וועלכע מענשען רופען — ערד?

— גנעדיגער געגעראל גובערנאטאר! ערלויבט מיר צו רעדען עטליכע ווער־טער מיט דעם פרעמדען! האט דער גרעק ווידערהאלט זיין ביטע.

— ער איז קראנק, ער שלאפט יעצט, האט ענדליך קאפיטאן סערוואדאק געענטפערט.

— און ווען ער וועט אויפשטעהן וועל איך מעגען מיט איהם רעדען? האט דער אלטער גרעק ווייטער געפרעגט.

— ווען ער וועט אויפשטעהן, — יא, האט סערוואדאק געענטפערט.

אין דיעזע מינוט האט זיך דער פּראָפעסאָר אויפגעחאפט און האט אנגע־הויבען צו רופען מיט א שוואכער שטימע:

— יאָזעף! יאָזעף!

בן זוף און קאפּיטאן סערוואדאק זיינען צו געלאָפען צו איהם און קאפּיטאן סערוואדאק האט געפרעגט:

— ווילט איהר עפּעס, הערר פּראָפעסאָר?

— וואו איז מיין העפט, וואו איך האב פריהער גערעכענט? האט דער פּראָפעסאָר געפרעגט.

— איך ווייס ניט, האט קאפּיטאן סערוואדאק געזאָגט שטילערהייט.

— דוא ביסט ניט יאָזעף? אלזאָ וואו איז יאָזעף?

— יאָזעף איז ניטאָ.

— און ווער ביסט דוא?

— איך בין העקטאָר סערוואדאק. געדענקט איהר מיך? — דערקענט איהר מיך הערר פּראָפעסאָר?

— העקטאָר סערוואדאק איז א שלעכטער שילער.

— איך האב מיך שוין געבעסערט, הערר פּראָפעסאָר, האט סערוואדאק געזאָגט, פערגעסט ניט, אז עס איז שוין מעהר אלס 12 יאהר, זייט איך האב געלערנט בייא אייך.

— יא, יא, דאס קען זיין, האט דער פּראָפעסאָר געזאָגט לאנגזאם, דאן גיב מיר א טאסע קאפעע. איך מוז טרינקען קאפּעע איידער איך זעץ מיך ארבייטען.

בן זוף איז אוועקגעלאָפען מאכען קאפעע, און איידער דער קאפעע איז פּערטיג געוואָרען, האט ער אויפגעוועקט גראף טימאשעוו און שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ. ער האט זייא דערצעהלט, אז דער פּראָפעסאָר האט זיך אויפגעחאפט און פערלאנגט קאפעע.

אייניגע מינוטען שפּעטער האט בן זוף געבראכט קאפעע. דער פּראָפעסאָר האט פּראָבירט אויפשטעהן, ער איז אָבער נאָך געווען צו שוואך. בן זוף און קאפּיטאן סערוואדאק האָבען איהם אויפגעזעצט אויף זיין געלעגער און האבען איהם אונטערגעשפּארט מיט קישענס. דאן האָט איהם בן זוף דערלאנגט א טאסע קאפּעע.

דער פּראָפעסאָר האָט געטרונקען דעם קאַפּע מיט פערגניגען. עס איז געווען דיימליך, אז עס קומט איהם צו געזונד פון יעדעס לעפעלע, וועלכעס ער האָט אויסגעטרונקען.

ווען דער פּראָפעסאָר האָט אויסגעטרונקען זיין קאַפּע, האָט איהם בן זוף דערלאַנגט א טעלערעל זופּ, וועלכעס דער פּראָפעסאָר האָט אויפגעגעסען מיט פערגניגען.

ווען ער האָט אויפגעגעסען די זופּע, האָט ער זיך ערשט אומגעקוקט און האָט דערזעהן, אז עס שטעהן ארום איהם מענשען.

— נו מיינע העררען, וויא געפעלט אייך די גאלליא? האָט ער געפרעגט.

קוים האָט דער אלטער גרעק דערהערט זיין שטימע, איז ער צו געלאָפּען צו זיין געלעגער, איז געפאַהלען אויף די קניע און האָט אויסגערופען:

— אך, גאָט! — —

— וואס איז דאס? האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט ערשטוינט, וואס וויל ער?

— האָט איהר עפּעס נייעס פון אייראָפּא? האָט דער גרעק געפרעגט האסטיג, קענט איהר מיר עפּעס דערצעהלען פון גריעכענלאנד?

— פון אייראָפּא? האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט ערשטוינט און פערוואונדערט, — וואס רעדט דיזער מאַן? וואס וויל ער פון אייראָפּא?

— איך וויל פאהרען נאך אייראָפּא! איך וויל קומען נאך גריעכענלאנד! האָט דער אלטער גרעק אויסגערופען מיט א וויינענדער שטימע.

דער פּראָפעסאָר האָט געטראכט א פּאָאר מינוט, דאן האָט ער געפרעגט:

— וואס פאר א טאָג און מאָנאט איז היינט?

— דער פינף און צוואנציגסטע מאי, האָט קאַפּיטאַן סערוואדאק געענטפערט.

— אזוי? דער פינף און צוואנציגסטע מאי? האָט דער פּראָפעסאָר איבער געפרעגט, — נו דאן זיינען מיר יעצט ווייט פון אייראָפּא פּונקט דרייא מיליאָן מייל.

דער גרעק איז אויפגעשפּרונגען, גלייך וויא מען וואָלט איהם אפּגעגאָסען מיט קאָכענדיג וואסער, און האָט אויסגערופען:

— דרייא מיליאָן מייל! גאָט אין הימעל!

— וואָס איז דאס פאר א מענש? האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט, האָט

ער גאָר קיין מאָל ניט געלערנט? פערשטעהט ער גאָר ניט, וואָס עס טהוט זיך ארום איהם? איז ער בלינד?

קיינער האָט איהם ניט געענטפערט.

— וויא עס ווייזט אויס, ווייסט איהר אויך ניט, וואו איהר זייט ערגעץ אין דער וועלט, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט בייז.

עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז ער זיצט אויף זיין שטול אין דער אוניווערזיטעט און לערנט אסטראָנאָמיע מיט הונדערטער סטודענטען.

— ווייסט איהר דען גאָר ניט, וואו מיר זיינען יעצט? האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט נאָך אמאָל.

— מיר ווייסען עפּעס, אָבער פיעלע זאכען קענען מיר זיך ניט ערקלערן, האָט קאפּיטאן סערוואדאק געענטפערט.

— און וואָס ווייסט איהר? האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט.

קאפּיטאן סערוואדאק האָט איהם ערקלערט אלעס, וואָס ער האָט גע־וואוסט. ער האָט איהם דערצעהלט, וואָס עס האָט פּאסירט מיט זייא, און וויא אזוי ער און זיינע קאמעראדען האָבען אויסגעפונען, אז אין דער נאכט פון 31טען דעצעמבער האָט זיך א שטערן אנגעשלאָגען אן דער ערד, האָט אָפּגע־ריסען א שטיק ערד און האָט עס מיטגענומען מיט זיך. אזוי וויא אלע מענשען, וועלכע געפונען זיך יעצט דא, זיינען געראדע געווען דאמאלס אויף דעם אָרט, וואו דער שטערן האָט זיך אנגעשלאָגען אָן דער ערד, מוזען זייא יעצט וואנדערן און ארומרייזען אין אונבעקאנטע געגענדען.

— אָבער וואו זיינען מיר יעצט? וואו געפינען מיר זיך יעצט? האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט.

— ערגעץ אויף א שטערן, אויף א אנאנדער וועלט. — וואו? דאס ווייסען מיר ניט, האָט קאפּיטאן סערוואדאק געענטפערט און האָט זיך פערשעהמט.

— געוויס ווייסט איהר עס ניט! האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען, — וויא קענט איהר עס וויסען, ווען איהר האָט ניט געלערנט?

— אָבער וואו זיינען מיר דען? האָט קאפּיטאן סערוואדאק געפרעגט מיט א ביטענדער שטימע

— אין דער נאכט פון 31טען דעצעמבער, פּונקט 47 מינוט 35 און א האלבע סעקונדע נאָך 2 אוהר, איז מיין קאָמעט אנגעלאָפען אויף דיא ערד מיט אן

אונגעהייערער סראפט און האט פון איהר אפגעריסען עטליכע שטיקלעך, לאנד,
האט דער פראפעסאר

— אלזא געפינען מיר זיך?

— אויף מיין קאמעט, דיא נאלליא! האט דער פראפעסאר געענטפערט
שטאלץ, וויא א קייזער, וועלכער וואלט געזאגט צו איינעם: „דוא געפינסט זיך
אין מיין לאנד!"

אלע האבען איהם אנגעקוקט מיט שטוינען און בעוואונדערונג.

---

5טעס קאפיטעל.

# איבער קאמעטען.

עס איז זעהר מעגליך, אז בן זוף האט רעכט געהאט, ווען ער האט בעד
הויפטעט, אז דיא געלערנטע האבען א שטארקע לעבענס קראפט, וויא א קאץ.
ערשט מיט א טאג פריהער איז דער פראפעסאר געווען, דאכט זיך, אזוי שוואך,
אז ער האט קיין ווארט ניט געקענט ארויס רעדען, און יעצט איז ער שוין געווען
פאלקאמען געזונד און בייא זיין גאנצען פערשטאנד. וואס מעהר ער האט
גערעדט און ערקלערט, אלס געזונדער, שטארקער און לעבענס פעהיגער איז
ער געווארען.

ער איז יעצט געווארען א פאלקאמען געזונדער מענש: זיין וויסענשאפט האט
איהם בעסער אויסקוריהרט, וויא אלע מעגליכע רעצעפטען פון אן אפטייק. ער
האט זיך אין גאנצען אויפגעזעצט, האט אוועק גערוקט פון זיך דיא קישענס און
דיא דעקע, מיט וועלכע ער איז געווען ארומגעלעגט און ארומגעוויקעלט, און האט
אויסגערופען שטאלץ און מאיעסטעטיש:

— יא, איהר געפינט זיך יעצט אויף מיין קאמעט!

קאפיטאן סערוואדאק האט יעצט געפונען פאר נעהטיג בעקאנט צו מאכען
דעם פראפעסאר מיט זיינע קאמעראדען. ער האט געוואלט וויזען דעם פראד
פעסאר, אז ער געפינט זיך צווישען מענשען, וועלכע פערשטעהן אויף עפעס.

זייא זיינען צוואר קיינע געלערנטע, אָבער העכסט געבילדעטע און אנשטענדיגע מענשען.

ער האט דאהער זיך געווענדעט צום פּראָפּעסאָר און תאט איהם פארנעשטעלט.

— דאָס איז מיין פריינד, גראף טימאשאָוו!

— איהר זייט מיר ווילקאָמען, הערר גראף! האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט און האט אויסגעשטרעקט זיין האנד צו גראף טימאשאָוו.

גראף טימאשאָוו האט גענומען דעם פּראָפּעסאָרס האנד, האט זיך העפליך פערנייגט פאר איהם און האט געזאָגט האלב ערנסט און האלב צום שפּאס:

— איך בין געקומען אויף אייער קאָמעט, הערר פּראָפּעסאָר, געגען מיין ווילען און געגען מיין ווילען, אזוי וויא איהר זייט אָבער אזוי פריינדליך, אז איהר נעהמט מיך אויף אלס גאסט אויף אייער קאָמעט, בין איך אייך זעהר דאנקבאר.

קאפּיטאן סערוואדאק האָט זיך געביסען דיא ליפּען אום ניט צו לאכען ער איז געווען א וועלט מאן און האָט גוט פערשטאנען, אז דער גראף מאכט זיך א שפּאס.

ער האָט געגיבען א ווינק צו שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ און האט איהם פאָרגעשטעלט פארן פּראָפּעסאָר:

— דאס איז הערר איוואן מאטווייעוויטש פּראָקאָפּ, דער שיפסקאפּיטאן פון א שיף, וועלכעס הייסט „דאָבריניא.“

דער פּראָפּעסאָר האט איהם אויך אויסגעשטרעקט דיא האנד און האט איהם אויך געזאָגט:

— איהר זייט מיר ווילקאָמען אויף מיין קאָמעט!

— איך וויל נאך דערבייא בעמערקען, הערר פּראָפּעסאָר, אז שיפסקאפּי־טאן פּראָקאָפּ האָט געמאכט מיט אונז א רייזע ארום און ארום אייער קאָמעט, האט העקטאָר סערוואדאק צוגעזעצט.

— אזוי? איהר האט שוין ארומגערייזט מיין קאָמעט? האָט דער פּראָ־פעסאָר אויסגערופען, — דאס איז שעהן! — איהר וועט מיר גיבען א גענויע בעריכט איבער אלעס, וואָס איהר האט אויף איהם געפונען, האט ער ווייטער געזאָגט מיט א בעפעהלענדער שטימע.

קאפיטאן סערוואדאק האט יעצט צו גערופען זיין פריינד און זיין קאפאָ־
ראל בן זוף און האט איהם פאָרגעשטעלט:

— דאָס איז מיין פריינד און מיין ליעטענאנט, קאפאָראל בן זוף!

דער פראָפעסאָר האָט זיך נור לייכט פערנייגט און האט איהם ניט גע־
געבען דיא האנד מיר האָבען דא נאך אנדערע מענשען, האָט קאפיטאן סערוואָ־
דאק ערקלערט, עס געפינען זיך בייא אונז רוסען, שפאניער, איטאליענער און
א גרעק.

קוים האָט דער אלטער געאָרגאָס דערהערט דערמאנען זיין נאמען, איז ער
צונעלאָפען צום פראָפעסאָר און האָט אויסגערופען:

— גנעדיגער הערר! ווען וועלען מיר דען פאהרען צוריק?

— פאהרען צוריק? האט דער פראָפעסאָר איבער געפרעגט, וויא קענט
איהר דען דענקען פון צוריק פאהרען, ווען מיר האבען ערשט אנגעהויבען
אונזער רייזע?

— אלזאָ וועלען מיר נאך ווייטער פאהרען? האט דער גרעק אויסגערופען,
נאך ווייטער פון אייראָפא? פון גריעכענלאנד?

— וואָס איז דאָס פאר א מענש? האָט דער פראָפעסאָר אויסגערופען, —
מיר דאכט, אז דער מענש ווייס גאָר ניט, וואָס א קאָמעט איז. איך מוז מיט
איהם אנהייבען פון אלף בית.

ער האָט זיך אויפגעזעצט, האט אויפגעהויבען שטאלץ זיין קאָפ מיט דיא
לאנגע מילכווייסע האָאר און האט אָנגעהויבען צו ערקלערן, גלייך וויא ער וואָלט
געלערנט מיט סטודענטען.

— א קאָמעט איז א זאָנדערבארער קערפער, א זאָנדערבארע וועלט,
וועלכע שוועבט אין דעם אינענדליכען רוים — פלאץ, וועלכע מיר רופען הימעל.

א קאָמעט בעשטעהט פון צוויא גאנץ פערשידענע טהיילען: איין טהייל
איז דער העלער, לייכטענדער מיטעל פונקט, וועלכען מען רופט „דער קערן,"
אָדער דער נוקלעאוס. — פערשטעהט איהר.

דער גרעק האָט געשוויעגען, ווייל ער האָט גאָר ניט פערשטאנען, און דער
פראָפעסאָר האט ווייטער געלערנט.

דער צווייטער טהייל פון א קאָמעט איז א לאנגער, העלער שלייף וועלכען
מען רופט דעם עק פון קאָמעט, אָדער אויך דעם בעזים פון א קאָמעט, ווייל
דיעזער לאנגער שלייף ווייזט אויס וויא א בעזים.

א קאַמעט נעהט ניט, וויא א געוועהנליכער שטערן, אין א געוויסען קייַלעכדיגען וועג ארום דיא זון, זאנדערן אין אן אונגעוועהנליך לאַנגען קרייז. א געוועהנליכען שטערן קען מ'ען אַפּט זעהן, מען קען גאַנץ גענוי אויסרעכענען, ווען מען וועט איהם זעהן, ווייל מען ווייס ביז צו דער סעקונדע, ווען ער וועט וויעדער קומען. — פערשטעהט איהר מיך?

דער אַלטער גרעק האט א שאַקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ און דער פּראָפעסאָר האט דערפון פערשטאנען, אז דער גרעק פערשטעהט איהם גאָר ניט. דאָס האָט איהם א ביסעל פערדראָסען און ער האט אויסגערופען מיט א שטרענגער שטימע:

— וואָס איז דאָס פאר א מענש? האָט ער דען קיין מאָל בעטראכט דעם הימעל בייא דער נאכט? האָט ער זיך דען קיין מאָל ניט צו געקוקט צו דיא שטערן, וועלכע מען זעהט יעדען אבענד און יעדען מאָרגען און וועלכע דיא מענשען רופען אבענד שטערן און מאָרגען שטערן?

ווען איהר האט דאָס ניט בעמערקט, קען איך מיט אייך ניט לערנען! האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען.

— מיר האָבען עס בעמערקט און מיר ווייסען עס, האָט קאַפּיטאַן סערוואדאק אויסגערופען.

ער האָט געקענט דעם פּראָפעסאָר זעהר גוט און האָט געוואוסט, וויא אזוי מיט איהם ארומצוגעהן. דער פּראָפעסאָר האָט זעהר פיינט געהאט, מען זאָל איהם זאָגען:

„איך ווייס ניט! איך קען ניט! איך האָב ניט בעמערקט!"

— אלזאָ, דיא שטערן, וועלכע מען קען אין געוויסע צייטען פון יאהר געפינען אויף א געוויסען פּלאַץ, הייסען פּלאַנעטען. מען ווייס גאַנץ גוט, ווען מען וועט זייא געפינען אין א געוויסער צייט פון יאהר, און וואו מען וועט זיי געפינען. מען קען גאַנץ זיכער זאָגען, אז דעם 15טען יוני 1858 וועט מען געפינען דעם שטערן יופּיטער אין וועסטען — מעריב זייט — באַלד נאָך דעם אונטערגאַנג פון דער זון. אלזאָ דער שטערן יופּיטער איז א פּלאַנעט.

עס זיינען וויעדער דאָ שטערן, וועלכע מען קען שטענדיג געפינען אויף איין אָרט אין הימעל. זייא ענדערן זיך ניט, זייא ריהרען זיך ניט, זייא בעוועגען זיך ניט. דיעזע שטערן הייסען — פיקס שטערן, ווייל זייא שטעהן פעסט אויף איין אָרט.

א קאָמעט איז אָבער קיין פיקס שטערן, ווייל ער בעוועגט זיך, ער איז אָבער אויך קיין פּלאנעט, ווייל זיין וועג איז ניט קיילעכדיג ארום דיא זון, זאָנדערן לעננליך און זעהר אָפט פערקריעכט ער אזוי ווייט, אז ער קען שוין גאָר ניט צוריק קומען.

— אלזאָ קען זיין, אז מיר וועלען שוין קיין מאָל ניט צוריק קומען נאָך גריעבענלאנד? האט שיער ניט נעוויינט דער אלטער גרעק.

— רוהיג זיין אויסהערן! האט דער פּראָפעסאָר קאָמאנדירט.

דער ארימער גרעק האט טרויעריג אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ און האט געשוויעגען.

— דיא קאָמעטען זינד דיא אינטערעסאנטעסטע וואנדערער אויפ'ן הימעל האט דער פּראָפעסאָר ווייטער ערקלערט, זייט מענשען האָבען אָנגעהויבען צו צוקוקען צום הימעל, זייט מענשען האבען אָנגעהויבען צו דענקען צו טראכטען איבער דעם וואָס עס טהוט זיך אויפ'ן הימעל, זייט מענשען האבען אָנגעהויבען צו פערשטעהן דיא מאשינעריע פון הימעל, האבען זייא זיך אינטערעסירט מיט דיא קאָמעטען, ווייל קיין שטערן איז ניט אזוי אינטערעסאנט, וויא דיא קאָמעטען.

ער האָט זיך פּלוצלונג געווענדעט צו אלעמען און האט געפרעגט:

— האט איהר געלעזען מיין ווערק: „איבער דיא קאָמעטען?“

אזוי וויא אלע האָבען געשוויעגען, איז דער פּראָפעסאָר בייז געוואָרען און האט אויסגערופען:

— נון, וויא קענט איהר וויסען, וואו איהר געפינט זיך יעצט, ווען איהר האט ניט געלעזען מיין בוך?

— ליעבער פּראָפעסאָר, איהר ווייסט דאָך, אז איך האָב געדיענט אין אפריקא, אין ווילדע געגענדען, וואו עס איז אונמעגליך צו בעקומען ביכער, האט זיך סערוואדאק פערענטפערט.

— פּיעלייכט האט ער רעכט האט דער פּראָפעסאָר געזאָגט וויא צו זיך אליין, דאן מוז איך עס אייך ערקלערען.

ער האט זיך אומגעקוקט, גלייך וויא ער האט געוואלט זיך איבערציינגען אז אלע הערן איהם צו אויפמערקזאם, און האט געזאגט:

— איך האָב אָנגעשריעבען א בוך „איבער דיא קאָמעטען,“ איהר דאַרפט עס לעזען מיינע העררען, איהר דארפט עס שטודירען, מיינע העררען. מיין

בוך בעשטעהט פון פיער אבטהיילונגען, אָדער פיער גרויסע קאפיטעל, און צוואר:

1. דיא צאהל פון דיא קאָמעטען, אָדער וויא פיעל קאָמעטען זיינען דאָ אויף דער וועלט?
2. איבער פעריאָדישע און ניט פעריאָדישע קאָמעטען, דאָס הייסט, איבער קאָמעטען, וועלכע מען קען זעהן אויף דער ערד אין געוויסע צייטען, און איבער קאָמעטען, וועלכע מען זעהט אויף דער וועלט נור איין מאָל, דאן פערשוואונדען זייא אויף אייביג.
3. קען עס אמאָל פאַרקומען, אז א קאָמעט זאָל זיך אנשלאָגען, אנשטויר־סען, אן אונזער ערד?
4. וואס קען ווערן דערפון, ווען עס זאָל פאָרקומען אזא אנשלאָגען זיך, אנשטויסען זיך, פון א קאָמעט מיט דער ערד?

דאס איז דער אלגעמיינער אינהאלט פון מיין בוך אָבער ניט יעדער קען עס אזוי לייכט פערשטעהען און דארום מוז איך עס ערקלערן.

ערשטענס, וויא פיעל קאָמעטען זיינען דאָ אויף דער וועלט, אָדער אין הימעל?

דער געלערנטער אסטראָנאָם אראגאָ האָט אויסגערעכענט, אז ארום דער זון דרעהן זיך ניט וועניגער אלס 17,000,000, זיעבעצעהן מיליאָן קאָמעטען; דער געלערנטער לאמבער אָבער בעהויפטעט, אז מיר האבען צו טאָהן מיט אן ארמעע פון פינף הונדערט מיליאָן, 500,000,000, קאָמעטען. דער געלערנטער קעפלער אָבער זאָגט, אזוי וויא מען קען ניט איבערצעהלען דיא פיש פון מעער, אזוי קען מען ניט איבערצעהלען דיא קאָמעטען. „איך וואלט געדארפט זאגען, אז עס זיינען דאָ אזוי פיעל קאָמעטען, וויא זאמד ביים ברעג פון מעער,“ ערקלערט דער געלערנטער קעפלער, „דאָס וואלט אָבער ניט ריכטיג געווען, ווייל זאמד ביים ברעג פון מעער געפינט זיך אויף איין אָרט און מען קען עס בערעכענען; דיא פיש אָבער שווימען ארום, לויפען ארום און פליהען ארום פון איין אָרט צום אנדערן און עס איז אונמעגליך זייא איבער צו צעהלען און זייא איבער צו רעכענען. דיא קאָמעטען זיינען אויך אזוי: זייא שטעהן קיין מאָל ניט אויף איין אָרט, זייא בעוועגען זיך שטענדיג, שווימען שטענדיג ארום, לויפען שטענדיג ארום און עס איז זעהר שווער, זאָגאר אונמעגליך, זייא נאכצויאגען מיט דעם בעסטען טעלעסקאָפ.“

„איך זאָג אייך מיינע הערנדע, אז קעפּלער האָט רעכט: מען קען ניט איבערצעהלען דיא קאָמעטען, אזוי וויא מען קען ניט איבערצעהלען דיא פיש אין מעער, ווייל עס ווערן אלע מאָל געבאָרען נייע קאָמעטען.—"

— געבאָרען? האָט בן זוף אויסגערופען, א קאָמעט קען געבאָרען ווערן?

— ווער איז דער מענש? האָט פּראָפעסאָר ראָזעט געפרעגט, — וואָס ווייס ער פון קאָמעטען? ווייס ער, אז וויים, וויים, הויך, הויך אין הימעל בילדען זיך אלע מאָל נייע שטערן, נייע וועלטען, וויא עס בילדען זיך נייע אינזלען אין מעער? פערשטעהט דען ניט דיעזער מענש, וואָס מען רעדט צו איהם? ווייס ער דען ניט, אז דאָרט ערגעץ גאנץ וויים, וואו ער האָט געווים נאָך קיין מאָל ניט גע־קענט דערגרייכען מיט זיין טעלעסקאָפּ, זאמעלן זיך אן געוויסע מאטעריאלען און עס ווערט פון זייא א קאָמעט? ווייס דען ניט דיעזער מענש פון דיא געזעצע פון אטראקציאָן — כח המושך, און פון דיא געזעצע פון גראוויטאציאָן — דיא שווערקייט פון קערפּער?

בן זוף האָט זיך פערשעהמט און איז זיך פערקראָכען אין א ווינקעלע.

דער פּראָפעסאָר האָט ווייטער געזאָגט:

„צווייטענס, עס זיינען דאָ קאָמעטען, וועלכע קומען אין געוויסע צייטען — פּעריאָדיש, און פון וועלכע מען וויים גאנץ גוט, ווען זייא וועלען קומען, ווען מען וועט זייא זעהן אויף דער ערד, און ווען זייא וועלען פערשוואונדען, דאָס הייסט, מען וועט זייא ניט זעהן אויף דער ערד."

„אזעלכע קאָמעטען זיינען דאָ נור פיערציג, פון דיעזע 40 זיינען דאָ צעהן, וועלכע קומען אין קורצע צייטען, אין א צייט פון עטליכע יאהר צוריק צו אונ־זער ערד און דיעזע צעהן הייסען: האללעי'ס קאָמעט, ענקע'ס קאָמעט, ביעלא'ס קאָמעט, פּיע'ס קאָמעט, בראָרזענ'ס קאָמעט, דאררעט'ס קאָמעט, טוטלע'ס קאָמעט, ווינעקקע'ס קאָמעט, דעוויקאָ'ס קאָמעט און טעמפּל'ס קאָמעט, מיט אנדערע ווערטער, יעדער קאָמעט הייסט נאָך דעם געלערנטען, וועלכער האָט איהם אויסגעפונען און גענוי אויסגערעכענט, ווען ער וועט צוריק קומען."

זאָ, צום ביישפּיעל, הייסט א געוויסער קאָמעט האללעי'ס, ווייל דער דייטשער געלערנטער האללעי האָט איהם אויסגעפונען און אויסגערעכענט, אז מען קען איהם זעהן אויף דער ערד נור איין מאָל אין 75 יאהר. — פער־שטעהט איהר מיך?"

אזוי וויא אלע האָבען געשוויעגען, האָט דער פּראָפעסאָר ווייטער געזאָגט:

— איך זעה, אז איהר פערשטעהט מיך נים גאנץ גוט און דארום מוז איך אייך ערקלערן. איהר זעהט אויף דער ערד זומער און ווינטער. ווען דער טאָג ווערט גאנץ קליין אום ווינטער, ווייסט איהר, אז עס וועט קומען א גאנץ לאנגער טאָג אום זומער, דאָס הייסט, אז דיא ערד וועט צוריק קומען צו דעם פונקט, ווען זיא ווערט שטארק בעלייכטעט פון דער זון. דאס הייסט בייא דיא איינוואָ־נער פון דער ערד א יאהר. אויף דעם קאָמעט, וועלכען מיר רופען האללעי׳ס קאָמעט, געדויערט אזא יאהר 75 יאהרען פון דיא יאהרען פון דער ערד.

„ענקע׳ס קאָמעט געהט שוין שנעלער, ער קומט צוריק אין 1,205 טעג אָדער אין דרייא און האלב יאהר. אזוי ויא מען קען איהם זעהן זעהר אָפט, האָט מען זיך בעסער צוגעקוקט צו איהם און מען האָט געפונען, אז ער קומט צו אלע מאָל נעהנטער צו דער זון און מיט דער צייט וועט ער געווים אין גאנצען פארברענט ווערן פון דער זון אָדער דיא זון וועט איהם איינ־שלינגען.“

„איך וואָלט איינענטליך געדארפט אייך ערקלערן, וויא אזוי אלע קאָמעד־טען געהן און ווען מען קען זעהן אויף דער ערד, אָבער איהר קענט עס דאָך געפינען אין מיין בוך.“

„איך וויל אייך נור זאָגען, אז נור דיעזע 10 קאָמעטען זיינען פעריאָדישע, דאָס הייסט, זיי קומען צוריק אין געוויסע צייטען, דיא איבעריגע קאָמעטען וואנ־דערן ארום אין הימעל, דאָס הייסט, אין דעם גרויסען, אונענדליכען, אונער־מעסליכען פלאץ, וועלכען מיר רופען הימעל. דיעזע קאָמעטען זיינען עכטע, ריכטיגע וואגאבונדען, ווייל זייא האָבען קיין חיים. ווען זייא קומען צו צו א גרעסערן, שטארקערן שטערן, ציעהעט ער זייא צו צו זיך און האלט זיי פעסט, זייא ווערן צו געקלעפט, צו געשמאָלצען צו איהם. דאס איז דיא אורזאכע, וואָ־רום מען קען זייא ניט איבערצעהלען.“

„דריטענס, איבער דיא פראגע. קען זיך אמאל אזא קאָמעט, אזא וואגאָ־בונד, אנשטויסען אן דער ערד און אָנמאכען א צרה? האָבען פיעלע געלערנטע בעזאָנדערס אָבער דער בעריהמטער פראנצויזישער אסטראָנאָם לאפאלס אין דער געלערנטער אראגאָ אויסגעשפראָכען, אז אזא פאל קען פארקומען אָבער זעהר זעלטען. דער געלערנטער אראגאָ האָט אויסגערעכענט, אז אזא פאל קען פאָר־קומען איין מאָל צווישען צוויא הונדערט אכציג מיליאָן מאל, דאָס הייסט, אז

280 מילליאָן קאָמעטען קענען פערביי לויפען אונזער ערד און יא ניט בעריהרען און ערשט דער 280 מילליאָן אָה 1 קען זיך צוזאַמען שטויסען מיט דער ערד.“

„פיערטענס, וואָס וועט ווערן דערפון, ווען אזא קאָמעט זאָל זיך אַנשטויסען אָן דער ערד! — אויף דיזע פראַגע וועל איך יעצט קענען אנטוואָרטען ווייל איך האָב געהאַט דאָס גליק און דיא געלעגענהייט צו בעטראַכטען און צו בעטראַכטען אזא צוזאַמענשטויס פון אנפאנג אָן. איך האָב עס פאָראויס בעַ־רעכענט און פאָראויס געזעהן.“

— זייט איהר צופריעדען מיט אייערע בערעכנונגען? האָט קאַפּיטאַן סער־וואַדאַק זיך ערלויבט צו פרעגען.

— אויב איך בין צופריעדען? האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען, — איך בין גליקליך! איך האָב צו ערשט דערזעהן דיא גאַליא, איך האָב זיא אויסשטער־דירט, איך האָב אויסגערעכענט, אז זיא מוז זיך אנשטויסען, אָן דיא ערד און יעצט געפין איך מיך אויף מיין קאָמעט.

— אבער וויא קומט איהר אויף דער אינזעל פאָרמענטערא? האָט קאַפּי־טאַן סערוואַדאַק געפרעגט. ווען איהר האָט אזוי גענוי אויסגערעכענט ווען דער קאָמעט וועט זיך אנשטויסען אָן דער ערד און וואו ער וועט זיך אנשטויסען וואָרום האָט איהר ניט געוואָרט דאָרויף אין אלזשיר, אין אפריקא, ניט ווייט פון מיין וואָינונג?

— דאָס איז געוועזען א צופאַל, האָט דער פּראָפעסאָר געענטפערט. איך און מיין סאָמעראַד ביאָא האָבען געפונען, אז איינינע אויסרעכנונגען איבער ראַ־דען פון דער ערד זיינען ניט ריכטיג און מיר האָבען געוואָלט זיך איבערצייגען, וויא גענוי און וויא פּינקטליך מען קען היינט און מען וויס היינט, וויא ווייט עס איז יעדער שטערן פון דער ערד.

מיר האָבען זיך געווענדעט צו דער פראַנצויזישער רעגיערונג און געבעטען, מען זאָל אונז געבען צוואַנציג טויזענד פראַנק, א קלייניגקייט, וועלכע מוז קאָס־טען, ווען מען וויל אזא רעכנונג מאַכען פונקט גענוי. מיר האָבען גערעכענט, אז דיא רעגיערונג וועט אונז גיבען דיזע קליינע סומע מיט פערגניגען, ווייל פאַר דיא שיפען איז עס נאָטהווענדיג צו וויסען גאַנץ גענוי, וואו זייא געפינען זיך אין געוויסע צייטען, אָבער דער מיניסטער האָט אונז גע־ענטפערט, אז יעצט דאַרף מען האָבען מעהר געלד פאַר דיא אַרמעע, וויא פאַר געלערנטע.

דאס האט אונז פערדראָסען און מיר האָבען זיך בעשלאָסען צו מאכען אונזערע בערטכנונגען אליין, אָהן דער הילף פון דער רעגיערונג. איך בין געפאהרען אויף דיא אינזעל פאָרמענטערא און מיין פריינד ביאָא האט זיך בעזעצט אויף א הויכען בארג אין שפאניען. מיר האָבען אָפּגערעדט, מיר זאָלען זיך געבען איינער דעם אַנדערן צייכענס דורך א העליאָגראף, א זון שפיעגעל.

אין דער צייט וואס איך האב געארבייטעט פאר זיך אויף דער אינזעל פאָרמענטערא, האב איך גאנץ צופעליגער ווייזע ענדעקט דעם קאָמעט, וועלכען איך האב שפעטער א נאָמען געגעבען גאלליא. קוים האָב איך איהם ענטדעקט און האָב אָנגעהויבען אויסצורעכענען זיין גאנג, בין איך אזוי פערגייסטערט געוואָרען מיט איהם, אז איך האָב פערגעסען דיא פראנצויזישע רעגיערונג, מיין פריינד ביאָא און זאָגאר דעם צוועק, צו וועלכען איך בין געקומען נאָך פאָרמענטערא.

איך האָב נור געקוקט אויף מיין קאָמעט און האב אויסגערעכענט, ווען און וואו ער וועט זיך צוזאמענשטויסען מיט דער ערד. דיא הויפּט פראגע איז געווען, וועט ער זיא נור בעריהרען. נור זיך אנקלאָפּען אן א זייט פון איהר, אָדער זיא אָנשלאָגען אין דער מיט.

איהר מוזט וויסען, מיינע העררען, אז אין אזא פאלל איז עס זעהר שווער אויסצורעכענען צום פּינקט צו דער סעקונדע, ווייל א קאָמעט געהט ניט אזוי אנשטענדיג און אזוי רעגעלמעסיג וויא א פּלאנעט.

איך האָב געהאט מיט מיר א געטרייען דיענער, א פריינד, מיט'ן נאמען יאָזעף. ער פלעגט מיר בעזאָרגען אלעס, וואס איך האב געדארפט, און פלעגט מיר העלפען אויפשטעלען מיינע אינסטרומענטען. איך האָב געדונגען א קליין שטיבעלע ביי א פארמער און יאָזעף פלעגט מיר ברענגען עסען.

אנפאנגס נאָוועמבער האָב איך געהייסען מיין טרייען יאָזעף אָנגרייטען שפייז פאר עטליכע מאָנאטע. איך האָב גערעכענט, אז דער קאָמעט קען בעריהרען דיא אינזעל פאָרמענטערא, אָבער איך האָב ניט געקענט וויסען, אויב ער וועט ארויף פאלען מיט זיין גאנצער מאכט און וועט אונז אלעמען צו קוועטשען און פערניכטען, אָדער ער וועט אָפּרייסען א שטיק פון דער אינזעל

יאָזעף האט מיך צוואר געפרעגט, אָבער ער האט מיך ניט פערשטאנען.

ער האָט געמיינט, אז איך מאַך מיר א שפּאס, און דארום האט ער ניט אָנ־געגרייט אלע זאכען, וועלכע איך האָב איהם געהייסען אָנגרייטען.

דעם 30טען דעצעמבער בין איך געווען אזוי אויפגערעגט, אז איך האָב גאָר ניט בעמערקט, וואו יאָזעף איז ערגעץ אהינגעקומען. איך בין א גאנצען טאָג און א גאנצע נאכט געשטאנען לעבען מיין טעלעסקאָפּ און האָב בעטראַכט מיין קאָמעט. ווען דער צוזאמענשטויס איז געשעהן, האט עס מיך געגעבען אזא שלייג־דער, אז איך בין געפאַהלען אין אָהנמאכט, ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך דערזעהן אז איך בין אליין, גאנץ אליין.

וואו איז אהינגעקומען יאָזעף? וואו איז אהינגעקומען דער פארמער, און וועמעס שטיבעלע איך האָב געוואוינט? דאָס ווייס איך ניט. זאָ ווייס איך פערשטעהה, האָט דער קאָמעט אָפּגעריסען נור א שטיקעלע פון דער אינזעל פאָרמענטעראַ און צוואָר, דאָס שטיקעלע ערד וואו איך האָב מיך געפונען.

ווען איך האָב מיך איבערצייגט, אז איך בין גאנץ אליין, האָב איך אָנגע־הויבען צו שרייבען צעטעלעך, וויא אריינלעגען אין פלעשער און זיי אריינוואַרפען אין מעער,—קורץ, איך האָב פּרובירט דיא פלאַשען פּאָסט.

זאָ לאנג איך האָב געהאט פלעשער און פלעשעלעך, האָב איך געשיקט מיינע בריעף דורך זייא; ווען איך האָב מעהר ניט געקענט געפינען קיין איינ־ציגעס פלעשעלע, האָב איך אָנגעהויבען צו שיקען מיינע בריעף אין שאכטעל פון סארדינען, אין שטיקלעך לעדער און אין וואָס איך האָב געקענט קריגען.

ענדליך האָב איך אויסגעפונען, אז איך האָב ווענינ פּראָוויאנט און איך האָב אוועקגעשיקט דיא איינציגע בריעף טויב, וועלכע איך האָב מיטגענומען פון פראנקרייך.

דאָס איז אלעס! האט דער פּראָפעסאָר געענדיגט שמאָלץ.

— מיר פערשטעהן יעצט פיעלע זאכען, וועלכע מיר האָבען ביז יעצט ניט פערשטאנען, האט שיפּסקאַפּיטאן פּראָקאָפּ געזאָגט, איך וויל אייך אָבער פרעגען הערר פּראָפעסאָר, וויא קומט עס, וואס אלעס איז צוגעגאנגען אזוי שטיל און אזוי רוהיג? וויא איז דאָס מעגליך, אז אזעלכע צוויא וועלטען, וויא דיא ערד און דיא גאלליא, האבען זיך אָנגעשלאָגען, און מיר האבען עס כמעט גאָר ניט געפיהלט.

— פאר וואָס דאָס איז, פרעגט איהר? האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען, האָט איהר א מאָל געזעהן, וויא מען שיעסט אויס פון א גוטער ביקס און דיא קוגעל לויפט דורך א שויב, א שטיק גלאָז? ווען דיא ביקס איז ווירקליך גוט, וועט דיא קוגעל מאַכען א לאָך אין דער שויב, אָבער ניט זיא צו ברעכען: דיא שויב וועט בלייבען גאַנץ. נור א קליין שטיקעלע, א קיילעכדיג שטיקעלע, אזוי גרויס, וויא דיא קוגעל, פעהלט, איז ארויסגעריסען געוואָרען.

פערגעסט ניט, מיינע הערען, אז דיא ערד לויפט מיט א שנעלליקייט פון 28.000 מייל אין א שטונדע, דיא נאַלליא לויפט מיט א שנעלליקייט פון 57,000 מייל א שטונדע, ווען דיעזע ביידע לויפען איינע נעגען דיא אנדערע, לויפען זייא צוזאַמען 85,000 א שטונדע. נו, מיינע הערען סטודענטען, קענט איהר זיך פאָרשטעלען, וואָס עס קען פּאַרקומען, ווען אן אייזענבאהן צוג זאָל לויפען מיט א שנעלליקייט פון 85.000 מייל א שטונדע, און זאָל טרעפען אויף דעם וועג א מויער, א וואַנט? — ער וועט איהם אָפּרייסען און מיט זיך שלעפּען, דאָס הייסט, דיא שטיקער וועלכע וועלען ארויספאַלען אויף איהם.

דאָסזעלבע האָט פּאַסירט מיט דיא שטיקער ערד, וועלכע דיא נאַלליא האָט בעריהרט. זיא האָט זיי אָפּגעריסען און מיט געשלעפּט. מיר האָבען זיך געראַדע געפונען אויף דיעזע שטיקער לאַנד און זיא שלעפּט אונז מיט.

— וויא קומט עס אָבער, וואָס מיר זעהען יעצט דיא זון אויפגעהן אין וועס־טען — מעריב זייט, און אונטערגעהן אין אָסטען — מזרח זייט? האָט שיפסקאַ־פּיטאַן פּראָקאָפּ געפרעגט.

דער פּראָפעסאָר איז ווידער בייז געוואָרען און האָט אויסגערופען:

— וואָס איז דאָס פאר א מענש? ווייס ער דען ניט, אז פיעלע קאָמעטען געהן צוריק? ווייס ער דען ניט, אז פון 252 קאָמעטען געהן 123 פון אָסט — מזרח — נאָך וועסט — מעריב — און 129 געהן פערקעהרט, פון וועסט — מעריב — נאָך אָסט — מזרח?

— ערלויבט מיר נאָך איינע פראגע, האָט קאַפּיטאַן סערוואדאַק געבעטען.

— פרעגט, העקטאָר סערוואדאַק, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט שטאָלץ.

— איז דיא גאַלליא א פּעריאָדישער קאָמעט? אויב יא, דאַן זאָגט מיר, און וויא פיעל צייט וועט ער צוריק קומען צו דער ערד?

— דאָס זיינען ריכטיגע פראגען, העקטאָר סערוואדאַס! האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען, איך האָב ליעב, ווען מיינע סטודענטען שטעלען מיר ריכטיגע

פראגנען, און דארום וויל איך איך ענטפערן, אז די נאלליא איז א פעריאָדישער קאָמעט, ער מאכט זיין רייזע ארום דיא זון אין צוויא יאהר פינף און צוואנציג און א האלבען טאָג.

— מיינט איהר דערמיט, אז אין 2 יאהר 25 און א האלבען טאָג וועט דיא נאלליא צוריק קומען צו דער ערד אין דעם פונקט, וואו זייא האָבען זיך אָנגע־שטויסען אין דער נאכט פון 31טען דעצעמבער? האט שיפסקאפיטאן פראקאפ נעפרעגט.

— גאנץ ריכטיג. איך האָב מורא, אז עס וועט אזוי זיין.

— פאר וואָס האָט איהר דען מורא? האָט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ ווייטער געפרעגט.

— ווייל איך וואָלט געוועזן פיעל מעהר צופריעדען, אז דיא נאלליא זאָל שוין קיין מאָל ניט צוריק קומען נאָהענט צו דער ערד.

— ווארום וואָלט איהר עס געוועזן אזוי צופריעדען? האָט פראָקאָפ זיך ערלויבט צו פרעגען.

— וואָס איז דאָס פאר א מענש? האָט דער פראָפעסאָר אויסגערופען, — ער אינטערעסירט זיך דאָך גאָר ניט מיט אסטראָנאָמיע!

— ניין, הערר פראָפעסאָר! איך אינטערעסיר מיך זעהר שטארק מיט אס־טראָנאָמיע, האָט זיך שיפסקאפיטאן פראקאָפ ענטשולדיגט. איך פרעג אייך נור דארום, ווייל איך וויל וויסען, אויב מיר קענען נאָך האָבען א האָפנונג צוריק צו קומען צו דיא אלטע ערד.

— נו, דאן פערשטעהט איהר גאָר נישט! האָט דער פראָפעסאָר אויסגע־רופען בייז. ווען דיא גאלליא וואָלט שוין קיין מאָל ניט צוריקגעקומען צו דער ערד, וואָלט זיא אונז געפיהרט וויט, וויט אין דעם גרויסען כאוס — פּלאַץ, וועלכע דיא געוועהנליכע מענשען רופען הימעל, און מיר וועלען קענען פערשטעהן און זעהן מיט אונזערע אויגען אלע וואונדער פון הימעל.

---

6טעס קאפיטעל.

# א ביסעל וויסענשאפט.

דער פראפעסאר איז פאלקאמען געזונד געווארען. מען האט גענומען זוכען פאר איהם א פלאץ, וואו ער זאל קענען אויפשטעלען זיינע אינסטרומענטען און ארבייטען. עס איז וואהר, אז פראפעסאר ראזעט האט קיין זאך ניט געפאדערט קיין זאך ניט פערלאנגט און האט אין קיין בעציהונג, אין קיין פאל ניט בעוויעזען, אז ער איז בעסער פון אנאנדערן. ער איז געווען, וויא א קינד: ווען מען האט איהם געגעבען עפעס, איז ער געווען צופריעדען און האט געדאנקט. האט מען פערגעסען איהם צו געבען עסען, האט ער געשוויעגען, נור פון צייט צו צייט פלעגט ער פאדערן א טאסע קאפפע, אבער יעדער האט געוואוסט, אז נור דיעזער זאנדערבארער געלערנטער איז אים שטאנד זייא צוריק צו ברייננען א היים, זייא ארויסצוהעלפען פון זייער טרויעריגער לאגע און דארום האט יעדער זיך בעמיהט צו פערשאפען דעם פראפעסאר אלע מעגליכע בעקוועמליכקייטען.

מען האט אויסגעזוכט א קליינע גאלעריע אין דעם בארג, וואו מען האט געבראכט א טיש און א בעט פון דער „דאבריניא“ און מען האט זיי אניעדער געשטעלט פאר דעם פראפעסאר. דאן האט מען אויפגעשטעלט אלע זיינע אינס־טרומענטען. אין דרויסען, פאר דעם אריינגאנג פון הייל, האט מען אויפגעשטעלט זיין גרויסען טעלעסקאפ.

יעדער, זאגאר דיא שפאניער און דער גרעק, האבען געוואוסט, אז נור דיעזער האלב פעררייקטער אלטער מאן, איז אים שטאנד זיי צו העלפען, און דא־רום האט קיינער ניט געוואגט אים צו שטערן. ווען ער פלעגט עפעס בעטען, פלעגט יעדער לויפען און עס האלטען פאר אן עהרע צו ערפילען זיין וואונש און זיין פערלאנגען.

פראפעסאר ראזעט האט זיך וועניג אומגעקוקט, וואס עס טהוט זיך ארום איהם, ער האט געלעבט מיט זיינע שטערן, פלעגט רעדען מיט דיא שטערן, פלעגט זיך אונטערהאלטען מיט דיא שטערן, און פלעגט שטענדיג נור רעבענען און קוקען אויף דיא שטערן.

אונטערדעסען איז עס געוואָרען קעלטער און קעלטער. דאס טהערמאָמע־טער האָט געוויעזען 30 גראד קעלט. אין אזא קעלט ווערט דאָס קוועקזילבער ניט פערפראָרען און מען קען זיך נאָך בענוצען מיט א טהערמאָמעטער פון קוועקזילבער. עס איז אָבער געווען שעהן און שטיל. פון צייט צו צייט פלעגט זיך אויפהייבען א ווינט, אָבער דער הימעל פלעגט בלייבען קלאר און ריין און זעל־טען פלעגט אָנפאַלען אביסעל שנעע.

עס איז בעוויעזען, אז דיא קעלט שאדעט ווייניג דעם מענשען. ווען מען קען זיך נור אנטאָהן ווארים און שלאָפען אין א צימער, וועלכעס איז געשיצט פון קעלט, קען א מענש לייכט איבערטראָגען דיא שטארקסטע קעלט. מענשען, וועלכע פאהרען צום נאָרד פאָל, ליידען זעהר פיעל ניט פון דער קעלט, זאָנדערן פון דער נאסקייט, פון נעבעל, פון שנעע שטורם, פון פלוצלונגע ענדערונגען אין דער טעמפעראטור, אויף דער גאלליא אָבער איז געווען נור קאלט, א טרוקע־נע קעלט, א שטילע קעלט, א רעגעלמעסיגע קעלט, ווייל דיא קעלט איז געקו־מען לאנגזאם: עס איז געוואָרען אלע מאָל קעלטער און קעלטער; מען האָט געפיהלט, אז דיא גאלליא דערווייטערט זיך אלע מאָל פון דער וואַרימקייט, פון דער זון.

איין מאָל אבענדס, ווען עס איז געוואָרען שטארק קאלט און אלע איינ־וואוינער פון דער גאלליא האָבען זיך פערזאמעלט אין דער הייל לעבען וואולקאַן, וואו עס איז געווען שטארק ווארם, זיינען גראף טימאשאָוו, העקטאָר סערוואדאק, שיפסקאפיטאן פראָקאָפ, אינזשעניר מינעלעוו און בן זוף אריינגעקומען אין דיא גאלעריע, וואו פּראָפעסאָר ראָזעט האָט געוואוינט און גערעכענט אום צו פער־ברענגען מיט איהם דעם אבענד און צו הערן, וואָס ער האָט עפּעס נייעס אויסגעפונען.

פּראָפעסאָר ראָזעט איז גראָדע געווען העכסט צופריעדען מיט זיינע ארבייטען און האָט זיך ערלויבט זיך אָפּצורוהען אין דעם גרויסען, ווייכע, שטוהל, וועלכען מען האָט געבראכט פאר איהם פון דער „דאָבריניא.“

— וואו זיינען מיר ערגעץ אין דער וועלט? האָט העקטאר סערוואדאק געפרעגט.

— זעהט איהר דען ניט, אז מיר געפינען זיך שוין ווייטער פון דיא פּלאַ־נעטען? האָט דער פּראָפעסאר געפרעגט פערוואונדערט, האָט איהר דען נאָך קיינע אויגען? — זעהט איהר דען ניט, אז מיר געפינען זיך ווייטער פון דעם

שטערן סאטורן? — ועהט איהר דען ניט, אז דיא גאלליא נעהט צו איהר אפהעליאן?

— וואס הייסט דאס? האט בן זוף געפרעגט, וואס איז דאס פאר א ווארט? איך הער אזא ווארט צום ערשטען מאל אין מיין לעבען.

— וואס איז דאס פאר א מענש? האט דער פראפעסאר אויסגערופען בייז.

— האט דיעזער מענש גאר ניט געלערנט? וויים ער עס ניט, וואס עס הייסט: אפהעליאן און פעריהעליאן?

— איך וויים עס טאקע ניט, האט בן זוף געענטפערט גאנץ פרעך.

— דוא וויסט ניט, אז פעריהעליאן הייסט: נאהענט צו דער זון, דאס מיינט, דיא צייט, ווען א שטערן אדער דיא ערד קומט גאנץ נאהענט צו דער זון און דערפאר איז ווארים אויף איהם. אפהעליאן אבער הייסט וויים פון דער זון, אדער דיא צייט ווען א שטערן געפינט זיך וויים פון דער זון, דערפאר איז אויף איהם קאלט? וויא וויים עס ניט א מענש אזא קליינינקיים?

בן זוף האט פערצויגען מיט דיא אקסלען און האט גאר ניט געענטפערט.

— מיר קומען יעצט צו דער אפהעליאן, אלזא ווגלען מיר האבען קאלט און פינסטער אויף אונזער גאלליא, האט סערוואדאק געזאגט, ווען וועלען מיר אבער ווידער קומען צום פעריהעליאן?

— פונקט דען 15טען יאנואר אום 12 אוהר 25 מינוט, 33 סעקונדען, האט דער פראפעסאר געענטפערט.

— אריזא נאך אין זיעבען מאנאט?

— אין 7 מאנאט פון דער גאלליא.

— איך פערשטעה אייך ניט, פראפעסאר! האט העקטאר סערוואדאק אויס ערופען.

— העקטאר סערוואדאק איז שטענדיג געוועזען א שלעכטער שילער און האט ניט גוט פערשטאנען, וואס איך פלעג איהם ערקלערן, האט דער פראפעסאר געזאגט בייז און פערדראסען.

— אבער העקטאר סערוואדאק פלעגט שטענדיג בעטען פראפעסאר פאל־מעריז ראזעט, ער אל איהם ערקלערן און דאס טהוט ער אויך יעצט: ער בעט בייא אייך אן ערקלערונג.

סערוואדאקס ביטענדע שטימע האט בערוהיגט דעם פראפעסאר און ער האט געזאגט:

— אן ערקלערונג וועל איך אייך נעבען. דיא גאלליא נעהמט ארום דיא זון אין א צייט פון 735 טעג, אדער עפעס מעהר אלס צוויא יאהר. אזוי וויא מיר זיינען געוואוינט איינצוטהיילען דאס יאהר אין 12 מאנאטע, דארפען מיר איינ־טהיילען דאס יאהר אויף דער גאלליא אויך אין 12 מאנאטע, אבער אויף דער ערד האט דער מאנאט נור 30 טעג, ווייל דיא ערד נעהמט ארום דיא זון אין 365 טעג; ווען ד א גאלליא נעהמט ארום דיא זן אין 735 טעג, מוז דער מאנאט פון דער גאלליא האבען 60 טעג. — פערשטעהט איהר?

קאפיטאן סערוואדאק האט א שאסעל געטאהן מיט'ן קאפ אלס צייכען אז ער פערשטעהט.

— נו, האט דער פראפעסאר ווייטער געזאגט, דיא טעג אויף דער גאלליא האבען נור 6 שטונדען, דאס הייסט 6 שטונדען טאג און 6 שטונדען נאכט, אויף דער ערד אבער איז 12 שטונדען טאג און 12 שטונדען נאכט. 2 טעג פון דער גאלליא זיינען אלזא נור 1 טאג אויף דער ערד, אלזא האט א מאנאט אויף דער גאלליא 120 טעג.

— אלזא האבען מיר יעצט דעם 118 טאג אין מאנאט מאי! האט בן זוף אויסגערופען.

— וואס איז דאס פאר א מענש? האט דער פראפעסאר געפרעגט פערוואונדערט, ער קען דאך גאר נים רעכענען: היינט האבען מיר דעם 62טען מערץ.

וויא זאנדערבאר, וויא ווילד עס האט זיך יעדען אויסגעוויעזען צו זאגען, אז היינט האבען מיר דעם 62טען מערץ, האט זייא דער פראפעסאר דאך באלד איבערצייגט, אז ער האט פאלקאמען רעכט.

איינינע מינוטען האבען אלע געשוויעגען. יעדער האט בייא זיך געפיהלט, אז דער פראפעסאר פערשטעהט דאך מעהר פון זייא, און אז דיא וויסענשאפט קען דאך אויסרעכענען, בערעכענען און פערשטעהן פיעלע זאכען, וועלכע אן איינ־פאכער מענש, א נים געלערנטער מענש, קען עס נים.

אלזא רעספעקט פאר דיא וויסענשאפט!

— מיינע הערען, האט דער פראפעסאר ווייטער געזאגט, מיינע הערען, ווען מען געפינט זיך אויף א קאמעט דארף מען האבען אין זינן נור דעם קאמעט דארף מען לערנען דעם קאמעט און פערשטעהן דעם קאמעט, דאס האב איך אויך געטאהן. איך האב אויסגערעכענט אז דיא גאלליא איז זעקס מאל קלענער

פון דער ערד. דאָס איז נים שווער פאַר יעדען, וועלכער האָט געלערנט אַס־טראָנאָמיע. דאָס שווערסטע פאַר מיר איז צו וויסען וויא פיעל ווענט דיא גאַלליא.

— איהר ווילט אָפּוועגען דיא גאַלליא מיט דיא וואַסערן, מיט דיא בערג, מיט דיא טהאָלען, מיט דער דאָבריניא, מיט דעם גענאָרגאָס, מיט אַלעמען? האָט בן זוף געפרעגט, וויא אַזוי איז דאָס מעגליך? וואו ווערט איהר נעהמען אַזאַ גרויסע וואַגשאָל?

— וואָס איז דאָס פאַר א מענש? האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען, דער פערשטעהט דאָך גאָר נים פון פיזיק! — איך דאַרף האָבען א קאַנטער, א וואָג שאָל, א טעלער וועלכער הענגט אויף א שפּרינג פעדער און אויבען איז אָנגעצייכענט דאָס געוויכט. איהר ווייסט דאָך געוויס, וואָס מיר פערשטעהען אונטער דעם וואָרט געוויכט? — געוויכט הייסט דיא שטאַרקייט פון דער אנ־ציעהונגס קראַפט פון דער ערד אָדער פון דעם שטערן, וואו א זאַך געפינט זיך. איך וועל נעהמען א פונט, דאָס הייסט, א שטיק אייזען אָדער קופּער, וועל־כעס אויף דער ערד האָט עס געוואוינגען א פונט. דיעזעס שטיק אייזען וועל איך ארויף לעגען אויפ'ן טעלער פון קאַנטער און וועל זעהן, וויא פיעל עס ווענט. איהר האָט זיך שוין איבערצייגט, אז אויף דער גאַלליא איז יעדע זאַך לייכטער, וויא אויף דער ערד; איהר האָט געזעהן, אז אייערע פערד שפּרינגען דאָ העכער, וויא אויף דער ערד, דאָס קומט דערפון, וואָס דיא גאַלליא איז פיעל קלענער פון דער ערד, איהר אנציעהונגס קראַפט, — איהר כח המושך — איז דארום שוואַכער, און א שטיק אייזען, וועלכעס האָט אויף דער ערד געוואויגען א פונט, דאַרף אויף דער גאַלליא וועגען נור א האַלבעס פונט אדער נור דרייא פיער־טעל פונט. דיא רעכנונג איז אַלזאָ איינפאַך: מיט וויא פיעל מאָל א פונט ווענט וועניגער אויף דער גאַלליא וויא אויף דער ערד, אזוי פיעל מאָל איז דיא גאַלליא קלענער פון דער ערד.

דיא ערקלערונג פון פּראָפעסאָר איז געוועזן אזוי איינפאַך, אזוי פערשטענד־ליך און אזוי קלאָר, אז זאָגאר בן זוף האָט איהם פערשטאַנען.

וואו נעהמט מען אָבער א קאַנטער מיט א ריכטיגען פונט? אויף דער „דאָבריניא" האָט זיך געפונען א וואָג שאָל, אָבער א געוועהנליכע באַלאַנס וואָג שאָל, דאָס הייסט צווייא טעללער, אויף איינעם לעגט מען דאָס געוויכט און אויף דעם אנדערן דיא זאַך, וועלכע מען וויל איבערוועגען. אזא וואָג שאָל וואָלט

נים נענוצט דעם פראָפעסאָר, ווייל זיא וואָלט נים געוויעזען נענוי דעם אונטער־שיעד פון דער שווערקיים פון א זאך אויף דער ערד און אויף דעם קאָמעט, א קאנטער אָבער, אָדער א וואָג שאָל מיט א שפּרינג פעדער, מיט א צונויפ־געדרעהטען דראָטה, וואָלט געוויעזען פּינקטליך, ביז צום גראַן דעם אונ־טערשיעד צווישען א פונט אויף דער ערד און א פונט אויף דעם קאָמעט.

וואו נעהמט מען אָבער אזא קאנטער?

— דער גרעק האָט אזא וואָג! האָט בן זוף אויסגערופען.

— דאן געה און בארג זיא אויס בייא איהם, האָט סערוואדאק געזאָגט צו איהם.

— ניין, לאָמיר אלע געה׳ זעהן, וויא דיעזער זאָנדערבארער מענש לעבט אליין אויף זיין הילצערנעם קאסטען, אָדער בארקע, האָט גראף טימאשאָוו עבעטען.

— דאס איז ריכטיג, האָט סערוואדאק בעמערקט, דיעזער מענש לעבט אבגעזאָנדערט, ער וויים גאנץ גוט, אז בייא אונז איז ווארים און דאך בלייבט ער בעסער אויף זיין בארקע, וואו ער פריערט, ער האט דאָרט זאָגאר קיין מאַ־טעריאל מיט וואָס צו הייצען. וואָס טהוט ער דאָרט גאנץ אליין? וויא לעבט ער דאָרט גאנץ אליין?

אלע האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער און האָבען געוואָלט אראָפּגעהן צום אלטען גרעק.

— ווארט א וויילע, האָט דער פראָפעסאָר געבעטען, איך דארף נאך האבען א שטיקעלע פון דער גאלליא, וועלכעס זאָל זיין א צאָלל דיא הויך, א צאָלל דיא ברייט און א צאָלל דיא לענג, מיט אנדערע ווערטער א קוביק צאָלל.

— צו וואס דארפט איהר עס, פּראָפעסאָר? האָט העסטאָר סערוואדאק געפרעגט.

— סערוואדאק פערשטעהט דאך גאָר נישט! האָט דער פּראָפעסאָר אויס־געריפען. קוים וועל איך וויסען דעם אונטערשיעד פון דעם געוויכט פון א פונט אויף דער ערד און א פונט אויף מיין קאָמעט, וועל איך דאך קענען אפּוועגען א שטיק פון מיין קאָמעט און אויסרעכנען וויא גרויס ער איז.

— מיין אינזשענער טינעלעוו וועט עס אייך בעזאָרגען, האָט גראף טימאַ־שאָוו געזאָגט.

יעצט זיינען אלע ארויסגעגאנגען פון זייער הייל. שוין מעהר אלס אכט

טען, זיט דער פּראָפעסאָר איז געקומען צו זיך, איז קיינער פון זיי ניט ארויסגענאנגען פון הייל זעהן, וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט. אלע זיינען געווען נייגיעריג צו הערן עפּעס פון דעם פּראָפעסאָר, צו לערנען עפּעס פון פּראָפעסאָר. יעצט איז זייא צום ערשטען מאָל פאָרגעקומען ארויסצוגעהן אויף דער וועלט זעהן, וואָס עס טהוט זיך דאָרט.

עס איז געווען א פריה מאָרגען. די זון איז נור וואס ארויסגענאנגען און האָט נור גאנץ שוואך בעלייכטעט דאס פערפראָרענע מעער. די קעלט איז געווען אזוי שטארק, אז דער האוך פון זייער מויל איז פערפראָרען געוואָרען און אראָפּגעפאַלען אויף זייערע קליידער וויא א פיינער שנעע.

ערשט יעצט האָבען זייא דערזעהן, אז אין דער צייט ווען זייא זיינען ניט געווען אין דרויסען, איז אנגעפאלען זעהר פיעל שנעע. וויא וויט דאָס אויג האָט געקענט גרייכען, האָט מען געזעהן נור שנעע און אייז. דער וואולקאן האָט נאָך אלץ ארויסגעווארפען פון זיך א זייל פייער און א טייך מיט לאווא — געשמאָלצענע שטיינער און מעטאלען. דאָרט, וואו די לאווא האָט זיך ארייגעגאָסען אין מעער, האָט דאָס מעער געקאָכט, וויא אין א קעסעל, די שטארקע קעלט אָבער פלעגט באלד פערפריערן יעדען טראָפּען וואסער, וועלכער פלעגט ארויסגעשפּריצט ווערן פון דיעזען קעסעל, און עס האָט זיך געבילדעט ארום איהם א זאָנדערבארער בארג פון קליינע קייזעכדיגע שטיקעלעך אייז.

— וואו זיינען ערגעץ אונזערע שיפען? האָט קאפּיטאַן סערוואדאק געפרעגט.

— אָט זיינען זייא, האָט פּראָקאָפּ געענטפערט און האט געוויעזען אויף צוויא זיילען אייז און שנעע.

דער קוימען פון דער „דאָבריניא,“ איהרע זעגעלבוימער און די זעגעלבוימער פון דעם „געאָרגאָס“ האבען פאָרגעשטעלט א זאָנדערבארעס גראָסארטיג־שוידערליכעס בילד. זייא זיינען געווען בעהאנגען און בעדעקט מיט שנעע און אייז, וועלכע האבען געגלענצט און געפונקעלט פון דער זון, גלייך וויא זייא וואָלטען געווען אָפּגעשאָטען מיט מיליאָנען בריליאנטען.

— זעהט נור א רויך! האָט בן זוף אויסגערופען, דער אלטער גרעק הייצט זיין בארקע.

אלע האָבען זיך אומגעקוקט און האָבען געזעהן, וויא פון דעם „געאָרגאָס“ געהט ארויס א דינער, בלויער רויך, דער אלטער גרעק האָט אלזאָ ניט געפרירט אין זיין בארקע, זאָנדערן האָט גאנץ רעגעלמעסיג געהייצט. דאָס איז קיין

וואונדער, ווייל וויא קליין א שיף איז, מוז עס דאָך האָבען אַן אויווען, וואו מען קאָכט עסען. דער גרעק האָט אלזאָ געהייצט דיעזען אויווען. וואו האָט ער אָבער גענומען הייצ־מאַטעריאל? — דאָס האָט מען ניט געקענט וויסען.

יעצט איז געווען דיא פראגע, וויא אזוי קומט מען צו צו איהם? אלעס ארום איז געווען בעדעקט מיט שנעע און אייז. בן זוף, וועלכער האָט שטארק געפריערט, איז אראָפּגעלאָפען צום ברעג און האָט געזוכט א וועג צום „געאָרגאָס“ ער האָט אָבער ניט געדארפט לאנג זוכען. דער אלטער גרעק איז געווען א פער־הינער, טיכטינער און קלוגער מאן: ער האָט אויסגעהאקט טרעפּ אין שנעע און אייז, און האָט צו יעדער צייט געקענט ארויסגעהן פון זיין בארקע און קומען אין הייל זיך אנוואָרעמען.

— קומט, מיינע הערדען! האָט בן זוף גערופען.

אין דיעזע מינוט אָבער איז דער אינזשענער טיגעלעוו צו געקומען און האָט געמעלדעט, אז ער האָט קיין מעטער מאָס בייא זיך, און ווען מען קען ניט צו קומען צו דער „דאָברינא“ ווייס ער ניט, וויא אזוי אפצומעסטען א שטיקעל שטיין פון א צאָלל דיא ברייט, דיא לענג און דיא הויך.

— וואָס זיינען דאָס פאר מענשען? האָט דער פראָפעסאָר אויסגערופען בייז, וויא אזוי האָט מען ניט מיט זיך א מאָס פון א צאָלל?

אזוי וויא קיינער האָט איהם ניט געענטפערט, האָט ער זיך געווענדעט צו קאפיטאן סערוואדאק און האָט איהם געפרעגט:

— האָט איהר בייא זיך געלד?

— וואָס פאר א געלד? האָט קאפּיטאן סערוואדאק געפרעגט פער־וואונדערט.

— זילבער געלד! האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען, איך דארף האָבען זילבער געלד! איך מוז האָבען זילבער געלד?

אלע האבען זיך אָנגעקוקט, קיינער האָט איהם ניט פערשטאנען, צו וואָס דער פּראָפעסאָר דארף האבען זילבער געלד. אזוי וויא זייא האבען אָבער געוואוסט אַז פּראָפעסאָר ראָזעט שפּאסט ניט, האָט זיך יעדער א טאפּ געטאָהן ביי דער קעשענע. קיינער האט ניט געהאט בייא זיך א גראָשען געלד. צו וואָס האָט מען געדארפט געלד אויף דער גאַליא?

— דער גרעק האָט געוויס זילבער געלד, האָט בן זוף אויסגערופען.

— דאָן קומט צום גרעק, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט ערנסט, איך זעהן

שוין אז דער גרעק איז א געלערנטער אסטראנאם, ווייל ער האט אלעס, וואס מען דארף האבען פיר דיזע וויסענשאפט.

אויף גראף טימאשאוו שעהנעס גוזיכט האט זיך געוויזען א זאנדערבארער שמייכעל.

— אלזא קומט צום אלטען גרעק, האט דער פראפעסאר געבעטען.

מיט שווערער מיה זיינען אלע ארויפגעגאנגען דיא טרעפ אין אייז, וועלכע דער אלטער גרעק האט אויסגעהאקט. בן זוף האט געמוזט האלטען דעם פראפעסאר אונטערן ארים, ווייל וויא געלערנט פראפעסאר ראזעט איז געווען, האט ער דאך נים געלערנט צו קריעכען אויף גלאטע טרעפ פון פעסטען אייז.

ענדליך איז מען דאך אראפגעקומען און א זאנדערבארעס בילד האט זיך זייא פארגעשטעלט. דיא „דאברינא,“ וויא דער „געארגאס“ זיינען יעצט געשטאנען פיעל העכער פון דעם אייז אין מעער. עס איז געווען דייטליך, אז דאס אייז האט זייא אויפגעהויבען, ארויפגעשרויפט, ארויפגעדרעהט אדער ארויפגעקוועטשט.

— דאס איז נאטירליך, האט שיפסקאפיטאן פראקאפ געזאגט וויא צו זיך אליין, ווען וואסער ווערט פערפראָרען, ווערט עס אנפאנגס גרעסערן פערנעהמט עס אנפאנגס מעהר פלאץ, און דארום ווען וואסער ווערט פערפראָרען אין א גוט פערקארקטער פלאש, צו רייסט עס דיא פלאש, — דיא פלאש פלאצט שפעטער אבער, ווען דיא קעלט ווערט שטארקער, ווערט דאס אייז געדיכטער, עס ציעהט זיך צונויף, עס ווערט פעסט; ווען עס געפינט זיך אין אזא אייז א זאך, לאמיר זאגען, א קאסטען, א בלעכענע שאכטעל, פרעסט און דריקט דאס אייז אזוי שטארק, אז דער קאסטען ווערט צו בראכען און דיא בלעכענע שאכטעל ווערט צודריקט, פלאך. א שיף ווערט אבער געוועהנליך זעהר שטארק געבויעט און דאס אייז, וועלכעס ציהעט זיך צזאמען, קען עס אזוי לייכט נים צו קוועטשען, עס טרייבט עס ארויס פון זיך. — וואס וועט ווייטער זיין מיט דער „דאברינא?“ וועט עס דאס אייז אין גאנצען ארויסקוועטשען פון זיך? — דאס איז א פראגע.

אזוי רעדענדיג צו זיך אליין, איז ער ארויף עקומען אויף דעם דעק פון דעם „געארגאס.“ בן זוף, וועלכער פלעגט שטענדיג האלטען דאס הויז און פיהרען דיא ווירטהשאפט פון קאפיטאן סערוואדאק, האט באלד דערזעהן, אז אויף דער דעק הערשט א שטרענגע ארדנונג. אלעס איז געווען ריין, יעדע זאך אין

געליגנען אויף איהר אָרט. עס איז געווען דייטליך, אז דער אלטער גרעק פלעגט יעדען טאָג ארבייטען אויף זיין שיף, עס רייניגען, עס אַפּרוימען פון שנעע און אייז.

אלע זיינען צוגעגאנגען צו דער טהיר פון דער הויפט קאיוטע און בן זוף האט אָנגעקלאפּט.

— ווער איז דאָרט? וואס דארפט איהר? האָט דער גרעק געפרעגט,—איך האָב גאָר נישט!

— דער גענעראל גובערנאטאר קומט צו אייך, האָט בן זוף געענטפערט.

דער אלטער גרעק האָט געעפענט דיא טהיר פון דער קאיוטע און אלע זיינען ארייגעגאנגען.

— וואָס פערלאַנגט איהר פון מיר? האָט דער גרעק געענטפערט מיט א וויינענדע שטימע.

— א קלייניגקייט, האָט קאפּיטאן סערוואדאק געענטפערט, באָרגט אונז אוים אויף א קורצע צייט א קאנטער.

— הערר גענעראל גובערנאטאר! האָט דער גרעק אויסגערופען, איך האָב נור איין קאנטער, א גוטען קאנטער, איך האָב איהם געקויפט אין לאָנדאָן; איהר ווייסט דאָך געוויס אז דיא לאָנדאָנער וואָגען זיינען דיא בעסטע אונד ריכטיגסטע.

— עס איז א ליגען! דיא פּאריזער וואָגען זיינען ריכטיגער! האָט בן זוף געשריען.

— רוהיג, בן זוף! האָט קאפּיטאן סערוואדאס קאָמאנדירט.

דאן האָט ער זיך געווענדעט צום גרעק און האָט געזאָגט:

— לייהט אונז אייער קאנטער אויף א פּאָאָר שטונדען.

— און וואָס וועל איך האָבען דערפון? האָט דער גרעק געפרעגט. וואָס וועט זיין, ווען איהר וועט איהם צו ברעכען? איך בין אן אָרימער מאן, איך קען דאָ, אין דיעזען לאנד, ניט קויפען אנאנדערן.

— מיר וועלען אייך בעצאהלען פאר אייער קאנטער און ווען מיר וועלען איהם צוברעכען, וועלען מיר אייך גיבען, וויא פיעל איהר אליין וועט פערלאנגען האָט סערוואדאק געענטפערט.

— אָבער וואָס פאר א גאראנטיע קענט איהר מיר גיבען, אז איהר וועט מיר ווירקליך בעצאהלען? האָט דער גרעק געפרעגט.

— א גאראנטיע? האָט סערוואדאק אויסגערופען, איך דענק אז מיין וואָרט איז א גוטע גאראנטיע.

— אייער וואָרט איז געוויס א גאנץ גוטע גאראנטיע, אבער ווען מען מאכט א געשעפט, מוז מען איינלעגען בארעס געלד — מזומנים — איך פערלאנג א ריכטיגע גאראנטיע, וויא אנשטענדיגע קויפלייטע גיבען און נעהמען אָן, האָט דער אלטער גרעק געענטפערט.

מען האָט זיך מיט איהם אוועקגעדונגען א האלבע שטונדע און ענדליך האָט מען זיך אויסגעגלייכט, אז גראף טימאשאָוו זאָל איהם גיבען א וועקסעל אויף דרייא מאָנאטע, ביז מען וועט קענען אויסהאקען א וועג צו דער „דאָברי־ניא," וואו עס האָט זיך געפונען דיא קאַסא פון גראף טימאשאָוו, עטליכע טויזענד רוסישע גאָלד אימפעריאלען.

דער אלטער גרעק האָט גוט פערשטאנען, אז גראף טימאשאָוו'ס א וועקסעל איז פיעל בעסער און זיכערער, וויא א וועקסעל פון א פראנצויזישען אָפיציער.

קוים האָט מען זיך אויסגעגלייכט, איז דער אלטער גרעק פערשוואונדען געוואָרען אויף איינינע מינוט און האָט געבראכט א גאנץ נייעם, גאנץ ריכטי־גען קאָנטער, א וואָג מיט א טעללער פון אונטען און אויבען איז געווען א קיילעכ־דיגער ציפערבלאט מיט א ווייזער, וועלכער האט געוויזען דאס געוויכט פון א האלב לויט גאנץ גענוי.

פראָפעסאָר ראָזעט האָט שיער ניט געטאנצט פאר פרייד, ווען ער האט דערזעהן דיעזעס גאנץ געוועהנליכע אינסטרומענט, וועלכעס ווערט אזוי אָפט בענוצט אין געוועהנליכען לעבען און פון וועלכען קיינער דענקט ניט, וויא וויכטיג עס איז פאר דיא וויסענשאפט.

— יעצט מוז איך נאָך האָבען פראנצויזישעס זילבער געלד, האָט דער פראָ־פעסאָר געזאָגט, איך מוז האבען 10 פינף פראנק שטיק, 10 צווייא פראנק שטיק און 20 האלבע פראנק שטיק.

העקטאָר סערוואדאק האָט געבעטען דעם גרעק, ער זאָל איהם לייהען דיעזע עטליכע זילבער שטיק.

— הערר גענעראל גוב רנאטאר! ווען איך לייה געלד, מוז איך דערבייא פערדיענען, האָט דער גרעק געזאָגט גאנץ ערנסט, אין אייראָפא נעהם איך 50 פראָצענט, ווען איך לייה איינעם געלד, אויף דער גאלליא פערלאנג איך 200 פראָצענט.

— 200 פראָצענט! האָט בן זוף אויסגערופען, דאָס איז צופיעל! דאָס איז שרעקליך! א איד וואלט דאָך ניט פערלאנגט אזוי פיעל.

דער גרעק האָט זיך אָבער געהאַלטען פעסט און האָט פערלאנגט א וועק־סעל מיט פּראָצענט, גראף טימאשאָוו האָט געמוזט איהם צוליעב טאָהן און איהם גיבען א רעגעל רעכטען, גאנץ געזעצליכען וועקסעל.

ווען דער גרעק האָט בעקומען דעם וועקסעל און האָט איהם גוט בעטראכט, אום זיך צו איבערצייגען, אז ער איז אין דער בעסטער ארדנונג, האָט ער אָפּגעצעהלט דאָס זילבער געלד, וועלכעס דער פּראָפעסאָר האָט פערלאנגט.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך צו געקוקט צו יעדע מינטע — מטבע — וועלכע דער גרעק האָט איהם געגיבען, גלייך וויא ער וואָלט מורא געהאַט דער גרעק זאָל איהם ניט געבען פאַלשעס געלד. דער פּראָפעסאָר האָט אָפּגעוואויגען אי דער האנד יעדעס זילבער שטיק, האָט עס בעטראכט פון אלע זייטען און, ווען ער האָט עס געפונען פאר גוט און ריכטיג, האָט ער עס אָנגענומען.

ער האָט זיך געפרעהט, וויא א קליין קינד ווען עס קריעגט א שפּיעלצייג.

— יעצט האָב איך אלעס, וואָס איך דארף! האָט ער אויסגערופען.—קומט לאָמיר אויסמעסטען און איבערוועגען דיא גאַלליא!

זייא זיינען צוריק געגאנגען אין הייל און דער פּראָפעסאָר האָט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט. ער האָט אויסגעלעגט אויף דעם לאנגען עס טיש דיא זילבערנע מינצען, וועלכע ער האָט בעקומען פון גרעק, דאן האָט ער גענומען א בויגען פּאַפּיער, האָט אָנגעשריעבען אויף איהם עטליכע רייהען ציפערן און האָט איהם דערלאנגט קאפּיטאן סערוואדאק מיט פאָלגענדע ווערטער:

— רעכענט עס צונויף, העקטאר סערוואדאק!

בן זוף האָט געקוקט מיט שטוינען און פערוואונדערונג, וואָס דער פּראָפע־סאָר מאכט דאָ, עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז דער פּראָפעסאָר איז משוגע אָדער ער מאכט עפּעס א כישוף, אין דער וואהרהייט אָבער איז דער פּראָפעסאָר גאָר ניט געווען משוגע און אין כישוף האָט ער גאָר ניט געגלויבט. ער האָט געדאַרפט האָבען א געגויע מאָס און אזוי וויא ער האָט עס ניט געקענט בעקומען, האָט ער זיך דערמאָנט אז דאָס פראנצויזישע זילבער געלד ווערט גע־מאכט מיט א געוויסער געגויער מאָס.

אין פריינקרייך איז שוין לאנג איינגעפיהרט דאָס מעטער סיסטעם: אלעס

וואָס דארף געמאָסטען ווערן אין דער לענג, ווערט געמאָסטען און בערעכענט אויף דעם מעטער, זאָ, צום ביישפּיעל, ווערן שניט וואארען געקויפט און פער־קויפט אויף דעם מעטער. דיא לענג פון גאסען, הייזער, גערטנער, פעלדער, וועל־דער און זאָגאר דיא שטרעקע פון אן אייזענבאהן, — אלעס ווערט געמאָסטען אויף דעם מעטער, דאָס הייסט, דער אוניט, דאָס איינציגע, דיא גרונד מאָס איז א מעטער, דאן קומט 10 מעטער, 100 מעטער, 1,000 מעטער, אָדער קילאָ מעטער: א שטיק לאנד האָט אזוי פיעל קילאָ מעטער, פון פאריז נאך האוור איז אזוי פיעל סיקאָ מעטער. דארף מען אָבער האבען א זאך, וועלכע איז קירצער פון א מעטער, צוטהיילט מען דעם מעטער אויף הונדערט טהייל — סענטי־מעטער; דארף מען האָבען נאָך א קלענערע זאך, צוטהיילט מען דעם מעטער אויף טויזענד טהייל — מיללי מעטער:

וואָס איז אָבער א מעטער? וויא לאנג זאָל זיין א מעטער? קען יעדער מענש זיך מאכען א מאָס און עס א נאמען גיבען מעטער? — דאס ניט! א מעטער איז א גאנץ גענויע און א גאנץ ריכטיגע מאָס, ווייל א מעטער איז איין מיללּיאָנטהייל פון א פיערטעל פון דער ערד, גערעכענט פון עקוואטאר ביז צום פּאָל, מיט ציפערן אויסגעשטעלט, קומט עס אויס $\frac{1}{1{,}000{,}000}$ פון דעם קוואדראנט.

דאס מעטער סיסטעם איז אזוי שטרענג אין פראנקרייך, אז יעדע מינצע, יעדע מטבע, מוז זיין אזוי פיעל און אזוי פיעל מיללימעטער — טויזענט עלמעטער דיא ברייט, דאָס הייסט דער דיאמעטער — אלכסון, פון א מינצע איז לאנג אזוי פיעל און אזוי פיעל מיללימעטער.

דער פּראָפעסאָר האָט דאָס גאנץ גוט געוואוסט און האט אויסגעלעגט דיא מטביעות איינע לעבען דער אנדערער, ביז ער האט בעקומען פונקט א מעטער.

— אָט האָבען מיר פונקט א מעטער פון דער ערד! האָט ער אויסגערופען פול פרייד. יעצט נעהמט א פאָדים און לעגט איהם צו צו דיעזע מינצען, וועט איהר בעקומען א גענויעס אין פונקטליכעס מאָס פון א מעטער.

אזוי וויא בן זוף האָט עס ניט פערשטאנען, האָט איהם סערוואדאק גע־וויעזען, אז נאָך דיא פראנצויזישע געזעצע דארף זיין דער אלכסון — דיא ברייט פון א 5 פראנק שטיק 37 מיללימעטער, א צווייא פראנק שטיק דארף זיין דיא

ברייט 27 מיללימעטער, א האלבער פראנק מוז האָבען דיא ברייט פון 18 מיללימעטער.

ווען בן זוף האָט פערשטאנען, וויא איינפאך, און וויא גענוי מען קען וויסען דיא לענג פון א זאך דורך דאָס פראנצויזישע זילבער געלד, האָט ער אויסגערופען:

— יעצט פערשטעה איך, וואָס עס הייסט זיין א געלערנטער!

— וואָס איז דאָס פאר א מענש? האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען' מוז מען זיין א געלערנטער אום צו קענען דיא מינצען פון זיין לאנד? — דאס ווייס דאָך א קינד!

מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך אוועקגעקעהרט פון בן זוף און האָט זיך געווענדעט צו דיא איבעריגע.

— יעצט, מיינע הערען, וועלען מיר בעשטימען א געוויכט, האָט ער געזאָגט, — איהר ווייסט געוויס, אז יעדע פראנצויזישע מינצע מוז האָבען א געוויסעס און פינקטליכעס געוויכט. אין פראנקרייך קויפט מען און פערקויפט מען אלע שווערע זאכען אויף דאָס קילאָגראם, אָדער טויזענד גראם. איהר ווייסט געוויס אז איין גראם הייסט א זאך, וועלכעס איז אזוי שווער, וויא פיעל וואסער עס קען אריינגעהן אין א כלי, וועלכעס איז א צעהנטעל מעטער דיא לענג, א צעהנ־טעל מעטער דיא ברייט און א צעהנטעל מעטער דיא הויך. דאס איז איין גראם, טויזענד מאָל אזוי פיעל איז א קילאָגראמם. א פראנצויזישעס פינף פראנק שטיק זילבער מוז וועגען 25 גראמם, און דאָס זילבער געלד, וועלכעס איך האָב גענומען ביים גרעק, ווענט פונקט איין קילאָגראמם, אָבער דיעזעס קילאָ־גראמם וואכט געוואויגען אויף דער ערד. יעצט לאָמיר פּראָבירען עס אָפּוועגען אויף דער גאַלליא און מיר וועלען וויסען גענוי און אקוראט, וויאפיעל ער ווענט וועניגער אויף דער גאַלליא.

ער האָט צוריסען זיין טאשענטוך, האָט אין איין שטיקעל איינגעבונדען דיא פראנצויזישע מינצען און האָט זייא צוגעבונדען צום קאנטער.

— זעהט, מיינע הערען! האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען פול פרייד, —דיעזע מינצען, וועלבע וואָלטען אויף דער ערד געוואויגען טויזענד גראמם, אָדער א קילאָגראמם, ווענען דאָ נור 133 גראמם! אלזאָ כמעט איין זיעבעטעל פון א קילאָגראמם. וואס קענט איהר דערפון לערנען?

— אז יעדע זאך אויף דער גאלליא ווענט זיעבען מאל ווענינער, וויא זיא וואלט געוואוינען אויף דער ערד, האט סערוואדאק געענטפערט.

— דאס איז דאך אינטערעסאנט! האט בן זוף אויסגערופען.

— אינטערעסאנט? האט דער פראפעסאר אויסגערופען בייז, — וואס איז דאס פאר א מענש? — דאס הייסט בייא איהם אינטערעסאנט? — דאס הייסט לערנען, קענען, פערשטעהן, וויסען!

— אכזא ווייסט איהר שוין, וויא פיעל דיא גאלליא ווענט? האט בן זוף געפרעגט.

— נאך ניט, האט דער פראפעסאר געענטפערט, יעצט מוז איך האבען א שטיק שטיין פון דער גאלליא, וועלכעס זאל זיין א סענטימעטער דיא לענג, א סענטימעטער דיא ברייט און א סענטימעטער דיא הויך, קורץ, א קוביק סענטימעטער.

אזוי וויא מען האט געהאט א געגויעס מאס פון א מעטער, איז געווען לייכט צו בעקומען א שטיקעל שטיין פון א קוביק סענטימעטער. עס איז צוואר געווען אביסעל גרעסער, אבער מען האט עס ארומגעהאקט און געמאכט פונקט א קוביק סענטימעטער.

— יעצט לאמיר עס אפוועגען, האט דער פראפעסאר געזאגט, מיר קענען עס לייכט בערעכענען, וויא פיעל עס וואלט געדארפט וועגען אויף דער ערד, ווען עס וואלט געווען זילבער, ווייל דיא 10 פינף פראנס שטיק וועגען פונקט אזוי פיעל, ווען מען זאל זייא צושמעלצען און מאכען פון זייא א פיערעקיג שטיק זילבער.

דער פראפעסאר האט אפגעוואוינען דיא פינף פראנק שטיק, דאן דאס שטיק שטיין פון דער גאלליא, דאן האט ער גערעכענט איינינע מינוט, האט פטר־גלייכט דעם שטיין מיט דיא מינצען, האט זיך גוט צוגעקוקט צום שטיין אונד האט אויסגערופען:

— ווייסט איהר, וואס פאר א שטיין דאס איז?

אזוי וויא אלע האבען געשוויגען, האט ער עס אליין ערקלערט:

— אונזער גאלליא בעשטעהט פון 70 פראצענט טעללוריום און 30 פראצענט גאלד. נאט! רעכענט אויס!

— וואס איז טעללוריום? האט בן זוף געפרעגט.

— טעללוריום איז א זעהר זעלטענעס מעטאלל, האט דער פראפעסאר ערקלערט, מען געפינט עס זעהר זעלטען אליין, מייסטענס איז עס אויסגעמישט

מיט גאָלד אָדער זילבער. מענשען, וועלכע נעהן גראָבען גאָלד, ווייסען גאַנץ גוט, אז דאָרט וואו מען געפינט טעללוריום, מוז זיך געפינען גאָלד אָדער זילבער. — מיין קאָמעט בעשטעהט אָבער פון גאַנץ ריינעם טעללוריום און פון גאַנץ ריינעם גאָלד.

— אלזאָ קענען מיר גראָבען גאָלד? האָט בן זוף געפרעגט.

— וויא פיעל איהר ווילט! האָט דער פּראָפּעסאָר געענטפערט, אויף מיין קאָמעט געפינט זיך מעהר גאָלד וויא אין אוסטראַליען, מעהר גאָלד, וויא אין קאַליפאָרניען, מעהר גאָלד, וויא אויף דער גאַנצער ערד.

— וואס ווערט אָבער דער פון? האָט בן זוף געזיפצט, וואס טויג מיר דאָס גאַנצע גאָלד פון דער גאַלליא, ווען איך קען ניט זיין אין מיין פּאַריז? איך וואָלט אוועק געגעבען דאָס גאַנצע גאָלד פון דער גאַלליא פאר דיא איינפאכע פּלאַסטער שטיינער פון דיא ק     גאַסען פון פּאַריז.

דער פּראָפּעסאָר האָט אָנגעהויבען צו טאַנצען פאר צאָרן און פערדראָס:

— וואָס איז דאָס פאר א מענש? האָט ער אויסגערופען, מיר געפינען זיך צווישען דיא העכסטע שטערן, מיר זיינען אויף א קאָמעט און קענען יעצט אויס־שטודירען דיא גאַנצע מאַשינעריע פון הימעל, און ער וויל נאָר ארומגעהן אין דיא גאַסען פון פּאַריז?

— אין דיא גאַסען פון פּאַריז איז אָבער פרעהליך, האָט בן זוף געזאָגט שטילערהייט.

---

7טעס קאַפּיטעל.

## קאַלט! אלעס ווערט טהייער.

בן זוף האָט מעהר ניט געוואָלט לערנען ביים פּראָפּעסאָר. עס איז איהם שווער געווען צו מאַכען דיא גרויסע רעכנונגען, וועלכע דער פּראָפּעסאָר פלעגט פאָרלעגען פאר זייא, דער פאר אָבער פלעגען גראף טימאַשעוו, שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ, אינזשעניר טינעלעוו און העקטאָר סערוואַדאַק ניט אָפּטרעטען פון איהם און שלינגען יעדעס וואָרט, וואס ער האָט זייא געזאָגט און ערקלערט.

איין מאָל האָט בן זוף בעגעגענט קאַפּיטאַן סערוואַדאַק אין דרויסען אונד האָט געזאָגט צו איהם פרייא און אָפען :

— וואָס טויג אייך צו מאַכען דיא לאַנגע רעכענונגען פון דעם געלערנטען פּראָפעסאָר? פאר וואָס טראַכט איהר בעסער ניט, וויא צוריק צו פאָהרען נאָך פּאַריז?

— נאַרר וואָס דוא ביסט! האָט סערוואַדאַק געענטפערט, פערשטעהסט דוא דען ניט, אז נור דיזער געלערנטער מאַן קען אונז העלפען? זעהסט דוא דען ניט, אז נור דורך זיין וויסענשאַפט קענען מיר האָפען נאָך א מאָל צו קו־מען א היים?

בן זוף האָט פערביסען מיט דיא ליפּען און האָט געשוויגען. —

אונטערדעסען איז עס געוואָרען קעלטער און קעלטער. דאָס קוועק זילבער אין טהערמאָמעטער איז פערפראָרען געוואָרען און האָט שוין ניט געוויזען, וויא פיעל גראַד קעלט עס איז, מען האָט גענוצט נעהמען א טהערמאָמעטער פון אַלקאָהאָל — שטאַרקען ספּיריטוס, ווייל קוועק זילבער ווערט פערפראָרע בייא א קעלט פון 45 גראַד, אַלקאָהאָל אָבער ווערט פערפראָרען ערשט בייא 75 גראַד קעלט.

עס איז געוואָרען אַזוי קאַלט, אז דער אַלטער גרעק האָט שוין ניט געקענט אויסהאַלטען אין זיין באַרקע און האָט זיך געבעטען, אז מען זאָל איהם לאָזען שלאָפען אין הייל, וואו עס איז געווען וואַרם.

דיא צייט איז פערגאַנגען שנעל, עס איז געקומען דער 31טער דעצעמבער, אָדער פּונקט א יאָהר, זייט אונזערע רייזענדע אין אונבעקאַנטע געגענדען האָבען זיך געפונען אויף דער גאַלליא.

— מאָרגען איז ניי יאָהר, האָט קאַפּיטאַן סערוואַדאַק געזאָגט צו בן זוף, מיר דאַרפען ניט פערגעסען, אז מיר קומען פון דער ערד, וואו מען האַלט ניי יאָהר פאַר א פייערטאָג. מיר מוזען מאַכען א מאָלצייט און א באַלל.

— איך וועל עס שוין בעזאָרגען, האָט בן זוף געענטפערט.

דעם אַנדערען טאָג אין דער פריה איז שוין פערטיג געווען א גראָסאַרטי־גער עסען, וויא עס פּאַסט פאַר ניי יאָהר. קאַפּיטאַן סערוואַדאַק האָט אָפּגע־רעדט מיט גראַף טימאַשאָוו, אז היינט אַלס ניי יאָהר זאָל מען אָפּעסען גאַנץ פריה, דאַן זאָלען אַלע מאַכען א שפּאַציער אויף דעם אייז.

ווען עס איז נור טאָג געוואָרען, האָט מען זיך געזעצט צום טיש. קאַפּיטאַן

סערוואדאק האָט געשיקט דעם קליינעם פּאבלאָ רופען דעם פּראָפעסאָר צום טיש ווייל היינט איז נײַ יאהר. דער קליינער פּאבלאָ איז באלד צוריקגעקומען און האָט געזאָגט:

— דער פּראָפעסאָר וויל ניט קומען צום טיש, ער זאָגט, היינט איז גאָר דער צווייטער טאָג אין מאָנאט יוני בייא איהם איז היינט ניט נײַ יאהר.

— נון, לאָז בייא איהם היינט זיין דער צווייטער יוני, בייא אונז איז עס נײַ יאהר, האָט גראף טימאשאָוו געזאָגט, בייא אונז, רוסען, איז דער נײַ יאהרס טאָג, „נאָווי גאָד,“ וויא מיר רופען עס, א הייליגער טאָג, א פייער טאָג, מיר מוזען איהם האלטען הייליג און איהם פייערן מיט געזאַנג און טאנץ.

מען האט זיך געזעצט צום טיש אָהן דעם פּראָפעסאָר און גראף טימאשאָוו האט געהייסען גיבען יעדען א גוטען שנאפּס. ער האט נאָך געהאט אייניגע הונדערט פלעשער קאָניאק אויף דער „דאָברוניא“ און ער האָט געוואָלט האלטען דיא אלטע רוסישע זיטע (מנהג) אז אין דיעזען טאג דארף יעדער זיין פרעהליך.

נאָך דעם עסען האָט גראף טימאשאָוו און קאפּיטאן סערוואדאק געהייסען אלעמען זיך אנטאָהן ווארים און געהן אביסעל זיך גליטשען אויף דעם אייז. קיין בעסערעס פערגניגען האט מען זיך אויף דער גאלליא ניט געקענט פערשאפען.

יעדער האט זיך אָנגעטאָהן אזוי ווארים, וויא ער האט נור געקענט; יעדער האט מיטגענומען זיינע שליט שוה, ווער ער האט נור געהאט א זעלבע, און מען איז ארויס געגאנגען אויפ'ן אייז. דער קליינער פּאבלאָ האט זיך גוט איינגעהילט און איז אויך מיטגעגאנגען, נור דיא קליינע נינא איז געבליעבען אין דער היים.

עס איז געווען א רעכט קאלטער, אָבער שטילער טאָג. דיא זון האָט געשיינט, אָבער אזוי דונקעל, אז מען האט קוים געזעהן בייא איהר ליכטיגקייט הונדערט שריטע ווייט, דערפאר אָבער האָבען געלייכטעט און געגלענצט פיעלע שטערן, וועלכע מען זעהט קיין מאָל ניט אויף דע רע

פון צייט צו צייט פלעגט אויף דער וואולקאן ארויסווארפען גארבען פייער, וועלכע פלעגען בעלייכטען דיא גאנצע געגענד מיט א זאָנדערבארעס רויט־ליכעס ליכט.

אזוי וויא מען האָט זיך גוט אנגעגעסען און מען האָט נאָך דערבייא געהאפט

א נוטען שלינג קאניאק, איז מען געווען פרעהליך און מען האט זיך ווייניג אומ־געקוקט צום וואולקאן און וואס עס טהוט זיך מיט איהם.

גליטשען זיך איז א פערגניגען און א רעכט אנגענעהמעס פערגניגען: מען לאכט דערביי, מען שפאסט, מען בעוועגט זיך, עס ווערט ווארים, יעדער וויל בעווייזען זיינע פעהיגקייט, זיין קראפט און זיין קונסט.

עס איז דאהער גאר קיין וואונדער, וואס דיא אנוואוינער פון דער גאלליא האבען זיך אזוי פערגעסען, אזוי אפגעגעבען מיט זייער פערגניגען, אזוי לאנג זיך אמוזירט, אז זייא האבען פערגעסען אלעס אין דער וועלט און האבען זיך זאגאר ניט אומגעקוקט, וואו זייא זיינען ערגעץ אין דער וועלט זייא האבען זאגאר ניט בעמערקט, וויא דיא זון איז אונטערגעגאנגען, ערשט ווען עס איז געווארען פינס־טער, האבען זייא זיך דערמאנט אז מען דארף שוין א היים געהן. ערשט יעצט אבער האבען זייא זיך אומגעקוקט, אז זיי זיינען ווייט פון דער היים און אין דער פינסטער וויסען זייא ניט וואוהין צו געהן.

אייניגע מינוטען זיינען אלע געבליעבען שטעהן און האבען זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען.

— וואו איז דער וואולקאן? האט איינער געפרעגט. ווען מיר וועלען זעהן דיא גארבען פייער, וועלכע ער ווארפט ארויס, וועלען מיר דאך וויסען, וואו־הין צו געהן.

מען האט געקוקט אין אלע זייטען און מען האט ניט געזעהן קיין וואולקאן און קיינע גארבען פייער.

— וואס איז דאס? האט איינער געפרעגט דעם אנדערן, וואו איז דער וואולקאן? זיינען מיר אזוי וויט אוועק פון דער היים, אז מיר קענען איהם שוין ניט זעהן?

— צוריק! האט קאפיטאן סערוואדאק קאמאנדירט, לאמיר געהן צוריק נאך דיא שפורען אין אייז, וועלכע מיר האבען געמאכט מיט אונזערע שליט שוה.

אזוי וויא דיא שטערן אין הימעל האבען געגלענצט און געפונקעלט גאנץ העל און אזוי וויא מען האט זיך צו ביסעלסווייס צו געוואוינט צו דער פינסטער־ניס, איז עס ניט שווער געווען אויסצוגעפינען דיא שפורען אין אייז, וועלכע מען האט געמאכט מיט דיא אייזערנע שליט שוה, מען האט אבער געמוזט געהן זעהר

לאנגזאם און זעהר פארזיכטיג. מען האט מורח געהאט, איינער זאל ניט בלייבען הינטערשטעליג און זאל ניט פערבלאנזעט ווערן.

מען האט אלזא געמוהט געהן זעהר לאנגזאם און זעהר פארזיכטיג. דיא פעלט איז אבער געווארען שרעקליך, אונערטרעגליך. יעדער האט געמוזט טאנ־צען און שפרינגען אום זיך צו דערווארעמען. יעצט האט מען שוין געטאנצט ניט צום פערגניגען, זאנדערן אויס נאטהווענדיגקייט.

— וואו איז שוין דער וואולקאן? וואו איז אונזער ווארעמעס קווארטיר? האט מען געפרעגט און אויסגערופען פון אלע זייטען.

ענדליך נאך א לאנגער, שווערער אונאנגענעהמער רייזע, איז מען צוגעקר מען צום בארג. ביים שוואכען שיין פון דיא שטערן האט מען דערקענט דעם ארט, וואו עס זיינען געשטאנען דיא שיפען „דאברינא“ און „נעארגאס.“ מען האט אויך געפונען דיא טרעפ צו דער הייל.....

— אבער וואו איז דער וואולקאן? פאר וואס זעהט מען ניט זיין פייער? האט מען געפרעגט.

מען האט אנגעהויבען זיך צו צו הערן: אין דעם ארט, וואו דיא לאווא פון וואולקאן פלעגט אריינפאלען אין מער, פלעגט עס שטענדיג קאכען און זידען און מאכען אזא גערויש, אז מען האט עס געקענט הערן פאר א מייל; יעצט איז אלעס געוועזן שטיל, רוהיג, טויט.

— וואו איז דיא לאווא? פאר וואס סאכט זיא ניט? האט מען געפרעגט. אויף דיעזע פראגע האט קיינער ניט געענטפערט.

— א היים! אין אונזער הייל! האט קאפיטאן סערוואדאק קאמאנדירט. אלע זיינען ארויפגעקראכען אויף דיא טרעפ, מען איז אריינגעקומען אין הייל.

— אלעס איז געשטאנען אויף דעמזעלבען ארט, וויא מען האט געלאזען: אלעס איז, דאכט זיך, געוועזן אין דער בעסטער ארדנונג, אבער ביז אהער ווען מען פלעגט אריינקומען אין הייל, פלעגט א זעץ טאהן דיא היץ אין געזיכט, יעצט אבער איז אלעס געוועזן קיהל. מען האט צוואר געפיהלט, אז אין דער הייל איז ווארעמער, וויא אין דרויסען, אבער ניט היים, וויא ביז אהער.

— וואס איז דאס? וואס איז דא פארגעקומען אין דער צייט, ווען מיר זיינען ניט געוועזן אין דער היים? האט קאפיטאן סערוואדאק געפרעגט.

— מיר דאכט, אז אונזער וואולקאן איז פערלאשען געווארען, האט שיפס־קאפיטאן פראקאפ געענטפערט טרויעריג.

אלע האָבען אראָפּגעלאָזען דיא קעפּ. יעדער האָט פערשטאנען, אז פּראָ־
קאָפּ האָט רעכט. זעהר זעלטען מאכט זיך עס, אז א וואולקאן זאָל שטענדיג
ארבייטען. ער שפּייט מיט פייער נור א געוויסע צייט, דאן רוהט ער זיך אָפּ;
זעהר אָפט מאכט זיך, אז ער ווערט אין גאנצען פערלאָשען: ער האָט שוין
אויסגעשפּיענען אלעס וואס ער האָט געהאט אין זיך. עס מאכט זיך אויך, אז
א וואולקאן זאָל שפּייען מיט פייער עטליכע יאהר נאכאנאנד, דאן זאָל ער זיך
אָפּרוהען 10 — 50 און זאָגאר הונדערט און צווייא הונדערט יאהר.

קאפּיטאן סערוואדאק, גראף טימאשאָוו און שיפּסקאפּיטאן פּראָקאָפּ האָ־
בען עס זעהר גוט געוואוסט. זייא האָבען אָבער געוואָלט זיך איבערצייגען און
זיינען צו געגאנגען ביז צום ענדע פון דער גאללעריע, ביז צו דעם אָרט, וואו דיא
היץ פלעגט זיין אזוי שטארק, אז עס איז אונמעגליך געווען דאָרט צו שטעהן
לעננגער פון צווייא מינוט. יעצט איז דאָרט נאָך געווען גוט ווארים, אבער ניט
הייס. עס איז געווען אנגענעהם ווארים, מען האט דאָרט געקענט שטעהן און
זיך אָנווארעמען, מען האָט אָבער קיין היץ געפיהלט.

— אונזער וואולקאן איז אויסגעלאָשען געוואָרען, האָט גראף טימאשאָוו
געזאָגט וויא צו זיך אליין, וואָס וועט ווייטער זיין? — ווערען מיר אלע אומקו־
מען פון קעלט?

קיינער האָט איהם ניט געענטפערט. בייא יעדען איז געליגען אויף דער
צונג דיא ווערטער:

— מיר מוזען פרעגען דעם פּראָפעסאָר,

אבער קיינער האָט עס ניט ארויסגעזאָגט, ווייל קיינער האָט ניט געוואָלט
אויפצו וועקען דעם פּראָפעסאָר, מען האָט געוואוסט, אז ער ארבייטעט דעם
גאנצען טאָג און ער מוז זיך אויסרוהען איינינע שטונדען.

— מיר מוזען אונטערזוכען און אויספאָרשען אלע געננ און אלע גאלערעען
פון אונזער וואולקאן, האָט גראף טימאשאָוו געזאָגט, נאָך מיינער מיינונג איז
דער וואולקאן יעצט, וויא א מענש, וועלכער שטארבט: לאנגזאם, טריט
בייטריט, געהט אוועק דאָס לעבען און דיא ווארימקייט פון איהם. איך דענק, אז
אין דער מיט פון דעם וואולקאן, אין זיין קראטער, אין דעם קוימען, פון וואנען
דאס פייער פלעגט ארויס געוואָרפען ווערן, דארף נאָך זיין ווארם און וועט נאָך
זיין ווארם א לאנגע צייט. עס קען זיין, אז דאס פייער איז נור קלענער געוואָרען
אָבער עס איז נאָך ניט פערלאָשען.

אזוי האָט מען גערעדט און זיך אונטערהאַלטען דיא גאַנצע נאַכט. פון שלאָפען איז קיין רעדע געוועזן. דיא רוסען און דיא שפּאַניער, וועלכע זיינען געוועזן זעהר מיעד פון זייער שפּאַציער גאַנג, האָבען זיך צוואַר געלעגט שלאָפען און זיינען אויך אנטשלאָפען געוואָרען, אָבער דיא קעלט האָט זייא אויפגעוועקט. עס איז געוואָרען מיט יעדער שטונדע קיהלער און סיהלער, און ווען עס איז טאָג געוואָרען און דיא שיין פון טאָג האָט אנגעהויבען אריינצוקומען דורך דיא שפּאַל־טען און לעבער פון דעם שטיין, איז אין איינינע ערטער שוין געוואָרען אזוי קאַלט אז עס איז אונמעגליך געוועזן צו שלאָפען.

דיא קעלט האָט אויך אויפגעוועקט פּראָפעסאָר ראָזעט און ער איז געלאָפען צום קראַטער זיך אָנוואַרעמען.

— פּראָפעסאָר, אונזער וואולקאַן איז פּלוצלונג פערלאָשען געוואָרען! האָט קאַפּיטאַן סערוואַדאַק אויסגערופען.

— איך גלויב ניט, אז ער איז אויסגעלאָשען געוואָרען, האָט דער פּראָפעסאָר געענטפערט גאַנץ רוהיג, דאָס פייער איז קלענער געוואָרען, עס פעהלט איהם ברען מאַטעריאַל, אָבער אין אַזאַ יונגען קאָמעט, וויא דיא גאַלליא איז, מוז זיך נאָך געפינען גענוג מאַטעריאַל צום ברענען.

— אָבער וואָס טהוט מען? עס איז דאָך קאַלט! האָט סערוואַדאַק אויסגערופען.

— מיר מוזען אַראָפּגעהן אין קראַטער, אין בויך פון דעם וואולקאַן, האָט דער פּראָפעסאָר געענטפערט, — איבריגענס, קען איך איבערטראָגען קעלט, מיר זיינען געשיצט פון אַ צו שטאַרקער קעלט דורך דיא דיקע מויערן פון אונ־זער הייל.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועק געגאַנגען צו זיין טעלעסקאָפּ קוקען אויף דיא שטערן און אויסרעכענען וואו דיא גאַלליא געפינט זיך יעצט.

עס איז געוועזן דייטליך, אז זאָ לאַנג דער פּראָפעסאָר קען נאָך שטעהן, לעבען זיין טעלעסקאָפּ און קוקען אויף דיא שטערן, קימערט איהם ווייניג, וואָס עס איז קאַלט.

— עס העלפט ניט, מיר מוזען זיך אַראָפּלאָזען אין קראַטער, אין קוימען, פון דעם וואולקאַן, האָט שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ געזאָגט, דאָס איז דער וויל אונזער איינציגע רעטונג.

אזוי וויא קיינער האָט איהם ניט געענטפערט, האָט ער געהייסען זיינע מאטראָזען זיך נעהמען צו דער ארבייט: מאַכען א וועג אין קראטער.

דער קראטער אָדער דער קוימען פון דעם וואולקאַן איז געוועזען א גרויסע, כמעט גאנץ קיילעכדיגע און גאנץ גלאַטע רעהר, וועלכע האָט געפיהרט גאנץ טיעף אין דער ערד. פון דער היץ און פון דיא שטיינער, וועלכע דער וואולקאַן פלעגט שטענדיג ארויסוואַרפען, זיינען דיא ווענט געוואָרען אזוי גלאַט, אז א פליעג וואָלט ניט געקענט אראָפּקריעכען אויף זייא, — זיינען געוועזען וויא געשליפען אונד פּאָלירט. זאָ לאַנג דער וואולקאַן האָט געשפּיען מיט פייער, איז עס געוועזען אונמעגליך צו צוקומען גאנץ נאָהנט און צו בעטראַכטען דיעזען קוימען, יעצט האָט מען געקענט זעהן גאנץ דייטליך א קיילעכדיגען, זעהר טיעפען ברונען מיט שווארצע ווענט.

— מיר מוזען אויסהאקען טרעפּ אראָפּצוגעהן, האָט שיפסקאפּיטאַן פּראָקאָפּ געזאָגט, אזוי וויא דיא גאַלליא בעשטעהט אָבער פון טעללירום און גאָלד, א זעהר הארטעס מעטאַל, מוזען מיר בענוצען פּולווער אום אויפצורייסען דיא נעטהיגע טרעפּ.

ער האָט אלזאָ געהייסען זיינע מאטראָזען ברענגען פּולווער און זיך נעהמען צו דער ארבייט. ער אליין איז געשטאַנען דער ביי און האָט מיט געהאָלפען און געוויעזען זיינע מענשען וויא אזוי צו ארבייטען.

דאָס איז אָבער געוועזען א שווערע, לאַנגזאַמע און זעהר ערמיעדענדע ארבייט, ווייל דאָס טעללירום און דאָס גאָלד זיינען אזוי פערהארטעוועט געוואָרען פון דער היץ פון וואולקאַן, אז דאָס פּולווער האָט אויפגעריסען נור גאנץ קליינע שטיקעלעך. אכט טאָג נאָכאַנאַנד האָבען דיא רוסישע מאטראָזען געארבייטעט שווער און ביטער אום אויסצוברעכען א וועג פון הונדערט טרעפּ טיעף אין וואולקאַן.

אזוי וויא עס איז געוואָרען אין דער הייל אַלע טאָג קעלטער, זיינען דיא שפּאַניער און זאָגאַר דער אַלטער גרעס אליין געקומען און האָבען געבעטען, מען זאָל זיי ערלויבען מיט ארבייטען אום זיך אָנצוּ וואַרעמען.

יעצט האָט מען געמוזט אויסברעכען א הייל, א פּלאַץ, וואו מען זאָל קענען שלאָפען, ווייל אין דער הייל אויבען איז שוין געוואָרען אזוי קאַלט, אז עס איז געוועזען אונמעגליך צו שלאָפען. דאָס האָט ווידער גענומען אכט טאָג ציים

דערביי האט מען זיך איבערצייגט, אז וואס טיעפער מען לאזט זיך אראפ, אלץ ווארימער איז עס.

— וואס וועט זיין דאס ענדע? וויא טיעף קענען מיר נאך געהן? האט גראף טימאשאוו געפרעגט זיך אליין. — ווען עס וועט ניט געשעהען א וואונ־דער, זיינען מיר אלע פערלארען: מיר וועלען אויסשטארבען פון הונגער און קעלט.

— זייט ניט אזוי פערצווייפעלט, גראף, האט קאפיטאן סערוואדאק אויס־גערופען, „דיא נויט איז דיא מוטער פון אלערליי ערפינדונגען,“ וואס גרעסער דיא נויט איז אלץ מעהר שטרענגט זיך אן דער גייסט פון מענשען און זוכט מיטעל וויא צו לעבען. מיר ווייסען, אז עס לעבען מענשען אין דיא קאלטעס־טע געגענדען אויף דער ערד, עס לעבען אויך מענשען אין דיא הייסעסטע גע־גענדען, אלזא דער מענש קען זיך צו געוועהנען און צו פאסען צו יעדען קלימאט און צו אלע שווערע אומשטענדע.

אונטערדעסען איז געווארען קעלטער און קעלטער, מען האט געמוזט וויי־דער אויסהאקען טרעפ אין קראטער און זיך אראפלאזען ביז דריא הונדערט פוס טיעפער. מען האט צוואר דארט געפונען א פערטיעפונג, א סארט הייל וואו עס איז נאך געוועזען אזוי ווארם, אז מען האט געקענט שלאפען אהן א צו־דעקעניש, דערפאר אבער איז זעהר שווער געוועזען צו בעקומען וואסער אונד מען פלעגט מוזען ברענגען שנעע און אייז, עס לאזען צו געהן און עס געברויכען.

דאס טרויריגסטע איז געוועזען, וואס מען האט יעצט געמוזט שלאפען אלע צוזאמען און גאנץ נאהענט איינער לעבען אנדערן. אויבען אין הייל האט יעדער געקענט האבען א בעזונדערן פלאץ צו שלאפען, א בעזאנדערע גאלעריע פאר זיך דיא גאנצע הייל איז געוועזען צו לעבערט, וויא א ביענשטאק, וואס ניעדעריגער אבער מען איז געקומען, אלץ ענגער איז עס געווארען.

מע זאגט, אז אלע מענשען זיינען גלייך, און דאס איז אויך וואהר, אבער נור אין א געוויסער בעציעהונג. וויא גלייך דיא מענשען זיינען, קענען דאך ניט יעדע צווייא מענשען שלאפען איינער לעבען אנדערן. גראף טימאשאוו האט דאך ניט געקענט שלאפען לעבען דעם שמוציגען גרעק אדער לעבען דיא שמוצי־גע שפאניער. עס איז געוועזען א פלאגע, וועלכע לאזט זיך ניט בעשרייבען מיט טרוקענע ווערטער.

ענדליך אין א שעהנעם פריה מאָרגען, דאָס הייסט, ערגעץ אנדערש וואָלט עס געוועזן א שעהנער פריה מאָרגען, איז דער פּראָפעסאָר אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה, איז צוגעלאָפען צו זיין טעלעסקאָפּ, האָט געקוקט איינינע מינוט, דאן האָט ער אָנגעהויבען צו רעכענען און ווען ער האָט עפּעס אויפגערעכענט, האָט ער אויסגערופען פול פרייד:

— מיין קאָמעט איז יעצט 220,000,000 מיילען ווייט פון דער זון ? ער האָט דערגרייכט זיין אפּהעליאָן !

אפּהעליאָן הייסט דיא גרעסטע ווייטקייט פון דער זון, פון יעצט אָן אלזאָ וועט דער קאָמעט זיך אומקעהרען און וועט קומען נעהנטער צו דער זון, עס וועט אלזאָ ווערן העללער, ליכטיגער און ווארימער.

דיעזע נאכריכט האָט אריינגעבראַכט נייעס לעבען און פרישען מוטה אין אלע הערצער. דיא שפּאַניער און דיא רוסישע מאטראָזען האָבען עס צוואר ניט פערשטאַנען און מען האָט געמוזט זיי ערקלערן, אז אזוי וויא אין ווינטער אויף דער ערד איז דאָ א געוויסער טאָג, וועלכער איז דער קורצעסטער, דער יום הקצר, קורץ פרייטאג, וויא מען רופט עס, פון דיעזען טאָג אָן ווערן דיא טעג גרעסער, דיא נעכט קלענער און עס מוז ווערן ווארימער, אזוי איז עס אויף דער גאללייא. היינט איז אלזאָ דער קורצעסטער טאָג, פון היינט אָן וועט דיא זון שטעהן לענגער אויף'ן הימעל און עס וועט אָנהייבען צו ווערן העלער, ליכטיגער און ווארימער.

דאָס איז ווירקליך געוועזן א גוטע נאכריכט, אָבער שיפסקאפּיטאן פראָקאָפּ און גראף טימאשאָוו האָבען גוט געוואוסט, אז מען האָט זיך נאָך ניט מיט וואָס צו פרעהען: אלס רוסען האָבען זייא גוט געוואוסט, אז גראַדע יעצט הייבט זיך אָן דיא ערגסטע צייט. דיא ערפאהרונג האט געלערנט, אז גע־ראדע ווען דער טאָג הייבט אָן צו ווערן גרעסער און דיא זון קומט אימער נעהע־ענטער, גערא̈דע דאמאלס קומען פאַר דיא גרעסטע שנעע שטירמע און דיא שטאַרקסטע קעלטען. ווער עס האָט געוואוינט אין א קאַלטער געגענד, דער ווייס, אז אין פעברואר קומען פאַר שטאַרקערע פרעסט, וויא אין דעצעמבער און אין מאָנאט מערץ מאכען זיך אָפט מעהר שנעע שטירמע, וויא אין יאנואר. דאָס איז א געזעץ פון דער נאטור, מען קען אלזאָ ערווארטען, אז אויף דער גאללייא וועלען זיך ערשט יעצט אָנהויבען שרעקליכע קעלטען און אונגעוועהנליכע שטורמווינדען מיט שנעע און פראָסט.

אזוי האָט עס אויך פּאסירט. אין מאָנאט פעברואר איז די קעלט געוואָרען אזוי שטארק אז מען האָט געמוזט זיך ארויפלאָזען נאָך טיעפער אין קראטער פון דעם וואולקאן אום צו קענען אויסהאלטען די קעלט.

אזוי וויא די אָקסען און שאָף, וועלכע מען האָט ניט געקענט מיטנעהמען אין קראטער, האָבען ניט געקענט אויסהאלטען די קעלט, האָט מען געמוזט זייא אלע אויסשלאכטען און זייער פלייש לאָזען פערפראָרען ווערן, ביז עס איז געוואָרען הארט וויא א שטיין.

דאס ערגסטע אָבער, וואָס זייא האָבען געהאט יעצט צו ליידען, איז געוועזן די אָבגעשלאָסענהייט. קיינער האָט ניט געקענט ארויסגעהן אויף די פרייע לופט. עס איז געוואָרען אזוי קאלט, אז זאָגאר די רוסען, וועלכע האָבען שוין געווייזט אויף דעם אייז־מעער, פלעגען ניט קענען ארויסגעהן אין דער אייבערשטער הייל. אלע האָבען געמוזט זיצען טיעף אין קראטער, וואו עס איז נאָך געוועזן אזוי ווארים, אז מען האָט געקענט אטהעמען.

אזוי זיינען פערגאנגען איין טרויריגער מאָנאט נאָך דעם אנדערן. די שפּאני.ר האָבען אָנגעהויבען קראנק צו ווערן פון לאנגווייל און אָבגעשלאָסענהייט.

אין א שעהנעם פריה מאָרגען האָט פּראָפעסאָר ראָזעט אויסגערופען פול פרייד:

— מיר קומען נעהנטער! די גאלליא איז יעצט נור 190 מיליאָן מיילען וייט פון דער זון! מיר געהן צוריק! מיר וועלען באלד האָבען ווארים אונד שעהן!

די אנוואוינער פון דער גאלליא זיינען שוין געוואוינט געוואָרען צו בעטראכטען דעם פּראָפעסאָר אלס געלערנטער, אָדער אלס צויבערער — בישוף מאכער, וועלכער וייס אלעס און קען מאַכען אלעס. די שפּאניער און די רוסישע מאטראָזען האָבען זיך איינגערעדט, אז ער איז א צויבערער. אלע איבעריגע האָבען געוואוסט, אז ער איז א גרויסער געלערנטער, א בעריהמטער אסטראָנאָם, וועלכער קען דעם הימעל אזוי גוט, וויא זיין פראנקרייך.

אלע זיינען ארויפגעגאנגען און די אייבערשטע גאללעריען זעהן, וואָס עס הערט זיך און וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט.

עס איז נאָך געוועזן שטארק קאלט, די ווערטער פון דעם פּראָפעסאָר האָבען אָבער אין זייא איינגעפליעסט אזוי פיעל מוטה, אז זייא האָבען זיך

אונטערשטעלט ארויס צו געהן פון הייל און אראפגעהן צום ברעג. ערשט יעצט האבען זייא בעמערקט, אז ביידע שיפען, דיא „דאברינייא" און דער „נעארגאס" שטעהן יעצט 150 פוס העכער, וויא פריהער. דאס איז האט זיי ארויפגעשרויבט, ארויפגעקוועטשט.

— מיין „דאברינייא" איז פערלארען, האט שיפסקאפיטאן פראקאפ געזיפצט, ווען עס ווערט ווארים ווערן, וועט זיא מיט אמאל אראפפאלען און צו קוועטשט ווערן פון אייז.

דאס מעער איז נאך געווען שטארק פערפרארען, דאס אייז איז געווען גלאט, וויא א שפיעגעל, און מען האט געקענט זעהן אויף איהם דיא שפורען פון דעם איידבאאט, אויף וועלכען מען האט געבראכט דעם פראפעסאר.

לאנג בלייבען אין דרויסען איז געווען אונמעגליך, עס איז נאך געווען צו קאלט, מען האט געמוזט צוריס געהן אין קראטער זיך אנצו ווארעמען.

ווען אלע האבען זיך פערזאמעלט, האט קאפיטאן סערוואדאק געזאגט:

— עס קומט דער זומער, דאס הייסט דיא גאגליא קומט ווידער נאהענט צו דער ערד, עס קען אכזא מעגליך זיין, אז מיר וועלען געפינען א מיטעל צוריק צו קומען א היים. מיר ווייסען, אז אין דער פעסטונג גיבראלטאר געפינען זיך ענגלישע סאלדאטען און אפיציערן. מיר האבען זייא שוין איינמאל בעזוכט און האבען זייא געבעטען, זייא זאלען זיך פעראייניגען מיט אונז, זייא האבען אבער אונז ניט געוואלט הערן, יעצט אבער ווען מיר האבען א האפנונג ווידער צו קומען אויף דיא ערד, געפין איך עס פאר רעכט און מענשליך, אז מיר זאלען געהן צו זייא, זאלען זייא ערקלערן, וואו מיר געפינען זיך יעצט און וואס פאר האפנונגען און אויסזיכטען מיר האבען צו קומען א היים.

— איהר האט פאלקאמען רעכט, קאפיטאן סערוואדאק! האט גראף טימאשאוו אויסגערופען, אויסער וואס עס איז מענשליך און עהרליך זיי איינצולאדען צו אונז, איז עס אויך קלוג און סען אונז ברענגען נוצען, ווייל אין אזא פאל וואס מעהר מענשען מען האט, איז אלץ בעסער, בעזאנדערס ווען עס זיינען קלוגע און געבילדעטע מענשען. — וואס דענקט איהר, קאפיטאן פראקאפ?

— איך דענק אויך, אז עס איז אונזער פפליכט זיי צו בעזוכען, זיי צו ערקלערן אלעס וואס מיר ווייסען פון פראפעסאר ראזעט, און זייא איינצולאדען אונז בעהילפליך צו קומען א היים.

— דענקט איהר אָבער, אז מיר וועלען קענען צוקומען צו זיי? האָט גראף טימאשאָוו ווי מער געפרעגט.

— מיר קענען ווידער פּראָבירען מאַכען א רייזע אויף אונזער אייזבאַאַט, האָט שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ געענטפערט, מיר קענען אויספּאַסען דעם ריכטיגען ווינד און צו פאהרען צו זייא.

— וויא לאנג זאָל געדויערן אזא רייזע? האָט גראף טימאשאָוו ווייטער געפרעגט.

— ווען מיר וועלען נור האָבען גענוג ווינד, קענען מיר אין דרייא טעג זיין הין און צוריק.

— לזאָ דאַרפט איהר פאהרען צו זייא.

מען האָט אָפּגערעדט, אז גראף טימאשאָוו, שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ אונד בן זוף זאָלען פאהרען. קאַפּיטאַן סערוואדאק זאָל בלייבען אין דער היים אלס גענעראַל גובערנאַטאר, בן זוף אָבער זאָל מיט פאהרען אלס פערטרעטער פון דער פראנצויזישער רעגיערונג.

מען האָט אלעס אָפּגערעדט און באלד געמאכט אלע נעטהיגע פּאַרבערייטונגען אויף דיא רייזע.

דעם אנדערן טאָג האָט מען געוואַרט, ביז עס האָט זיך אויפגעהויבען א גוטער ווינד און מען איז אוועק געפאהרען. אין דרויסען איז נאָך געווען שטארק קאַלט עס איז אָבער יעצט געווען פיעל אנגענעהמער צו פאהרען, וויא דאמאלס ווען מען איז געפאהרען נאָך דער אינזעל פּאַרמענטערא. דאָס אייז איז יעצט געווען הארט וויא שטאָהל און גלאַט וויא א שפּיעגעל, דער קלענסטער ווינד האָט אויפגעבלאָזען דיא זעגעל און געטריעבען דאָס לייכטע באָאַט מיט אן אונגעוועהנליכער שנעללינקייט.

דעם אנדערן טאָג געגען מיטאג איז דאָס באָאַט אנגעקומען נאָך גיבראלטאר, קוים האָט דיא וואַך אויף דעם מהורם דערזעהן א באָאַט קומען, האָט זיא עס אנגעצייגט אין דער פעסטונג און דיא גאנצע גארניזאָן מיט אלע אָפיציערן זיינען ארויסגעקומען זעהן אויב עס איז נים א פיינד. דער קאָמאנדירענדע אָפיציער, מאיאָר אָליפאנט האָט זאָגאר געהייסען פערטיג מאכען דיא קאנאָנען צום שיעסען.

מען שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ, גראף טימאשאָוו און בן זוף זיינען ארויס

אויפ'ן ברעג און דיא ענגלענדער האָבען געזעהן, אז עס זיינען געקומען נור דרייא מענשען, האָט מאיאָר אָליפאנט זייא געפרעגט.

— ווער זיינט איהר, און וואָס דאַרפט איהר?

— דערקענט איהר אונז ניט? האָט גראף טימאַשאָוו געפרעגט פערוואונדערט, מיר זיינען, דאכט זיך שוין בעקאנט.

— איהר זייט קיינע ענגלענדער און דארום קענען מיר אייך ניט, איז געווען דיא שטאָלצע אנטוואָרט.

— מיר זיינען מענשען און קומען צו אייך אלס פריינד. האָט גראף טימאשאָוו געזאָגט ערנסט, אלס ענגלענדער און אלס דשענטעלמען דארפט איהר זיין גאסט פריינדליך.

— וואָס פערלאַנגט איהר דען פון אונז?

— איך וויל מיט אייך רעדען איבער א זעהר וויכטיגען פונקט.

— דאן זאָל איינער פון אייך ארויפקומען צו אונז און דיא איבעריגע זאָלען בלייבען אויפ'ן ברעג, ביז מען וועט זייא רופען, האָט געזאָגט מאיאָר אָליפאנט מיט א בעפעהלענדע שטימע.

גראף טימאשאוו איז ארויפגעגאנגען אויף דעם הויכען שטיין, אויף וועלבען עס געפינט זיך דיא פעסטונג גיבראלטאר.

— מיט וועמען האָב איך דיא עהרע צו רעדען? האָט מאיאָר אָליפאנט געפרעגט.

— מיט גראף וואסילי אנדרעעיעוויטש טימאשאָוו, איז געווען דיא אנטוואָרט.

מאיאָר אָליפאנט האָט איהם אויסגעשטרעקט דיא האנד. פאר א גראף האָט מען רעספעקט זאָגאר אין ענגלאנד, פון דעסטוועגען האָט דער שטאָלצער ענגלענדער נאָך ניט איינגעלאדען גראף טימאשאָוו צו זיך, זאָנדערן האָט איהם געפרעגט גאנץ העפליך:

— מיט וואָס קען איך אייך דיענען, הערר גראף?

גראף טימאשאָוו האָט איהם דערצעהלט אין קורצע ווערטער, וואו זייא געפינען זיך, אז ביי זייא געפינט זיך יעצט דער בעריהמטער געלערנטער פאלמערין ראָזעט און וואָס זייא דענקען ווייטער צו טאָהן.

ביי דיעזער געלעגענהייט האָט ער איהם געפרעגט, וויא אזוי זייא האָבען אויסגעהאלטען דעם שרעקליכען ווינטער.

— אָה! ענגלאנד לאָזט ניט פאלען זיינע סאָלדאטען! האָט מאיאָר אָליפאנט אויסגערופען. אונזער פעסטונג האָט שטארקע מויערן און מיר האָבען נאָך גענוג קוילען צו הייצען, צו קאָכען און צו באקען.

— אָבער דאָס וועט דאָך ענדליך אויסלאָזען זיך, האָט גראף טימאשאָוו בעמערקט.

— דאַן וועט ענגלאנד אונז שיקען אנדערע קוילען. האָט מאיאָר אָליפאנט געענטפערט.

— אָבער ענגלאנד איז זעהר וויים פון אייך?

— פאר ענגלאנד איז ניטאָ קיין ווייטקייט? האָט דער מאיאָר אָליפאנט אויסגערופען שטאָלץ, — ענגלאנד שיקט איהרע שיפען אין עס וועלט.

— אָבער מיר זיינען יעצט ווייטער פון עקוועלט, מיר זיינען יעצט אויף דעם קאָמעט גאלליא, האָט גראף טימאשאָוו ערקלערט.

— נו וועט ענגלאנד אונז שיקען שיפען נאָך דעם קאָמעט גאלליא.

— איבערלעגט גאנץ גוט, וואָס איהר טהוט, האָט גראף טימאשאָוו געזאָגט ערנסט, מיר געפינען זיך יעצט הונדערטער מיליאָנען מייכען ווייט פון דער ערד.

— וואס קימערט דאס אונז? האָט מאיאָר אָליפאנט, געפרעגט, ענגלאנד בעהערשט טויזענדער מיליאָן מיילען לאנד און ווען ענגלאנד הייסט אונז שטעהן אין גיבראלטאר, מוזען מיר דאָ בלייבען.

— אלזאָ דענקט איהר גאָר ניט אוועקצוגעהן פון דאנען.

— וויא קענען מיר עס דענקען, ווען מיר האָבען קיין בעפעהל פון ענגלאנד? ווייסט איהר דען ניט, אז דיא פעסטונג גיבראלטאר הים אָפּ דעם אריינגאנג צום מיטעללענדישען מעער?

— אום גאָטעס ווילען! עס איז דאָך קיין מיטעללענדישעס מעער דאָ אויף דער גאלליא! האָט גראף טימאשאָוו אויסגערופען.

— נו, דאָס וועט ענגלאנד ניט דערלאָזען! פאר ענגלאנד איז שטענדיג דאָ א מיטעללענדישעס מעער.

גראף טימאשאָוו איז געבליעבען שטעהן, וויא צו מישט; ער האָט ניט יעוואוסט, וואס צו דענקען פון דיעזען מענשען: איז ער פעררי‌קט אָדער איז ער וירקליך אזוי פערגלויבט אין דיא מאכט פון ענגלאנד, אז ער האט זיך ווירקליך איינגערעדט, אז ענגלאנד קען אלעס טאָהן, זאָגאר דאָס אונמעגליכע. ער האָט

געטראכט איינע מינוט און האָט זיך ענטשלאָסען צו מאכען דיא לעצטע פראַ־
גע, דארום האָט ער געפרעגט:

— ווילט איהר ניט אונז בעזוכען און מאכען דיא בעקאנטשאפט פון דעם
געלערנטען אלמעריך דע ראָזעט?

— ווען איך וועל האָבען א בעפעהל פון ענגלאנד, וועל איך עס טאָהן, האָט
מאיאָר אָליפאנט געענטפערט.

— איהר וועט דאָך אָבער באלד מחען ליידען הונגער, ווייל אייער פראָוויאנט
מוז זיך דאָך באלד אויסלאָזען.

— ענגלאנד לאָזט ניט איהרע סאָלדאטען שטארבען פון הונגער, איז געווען
דיא אנטוואָרט, ווען עס וועלען זיך אויסלאָזען אונזערע לעבענס מיטעל, וועט ענגלאנד
אונז שיקען א שיף מיט פרישע לעבענס מיטעל.

גראף טימאשאָוו האָט געזעהן, אז ער קען גאָר ניט מאכען מיט דיעזע ענ־
גלענדער און ער האָט געזאָגט:

— אלזאָ, גוד ביי!

— גוד ביי! האָט געענטפערט רוהיג און קאלט מאיאָר אָליפאנט.

גראף טימאשאָוו איז אראָפגעגאנגען צום באָאָט.

— נו, וואָס זאָגען דיא העררען ענגלענדער? האָט שיפסקאפיטאן פראָקאָפ
געפרעגט.

— זייא זאָגען אז ענגלאנד, וועט זייא העלפען, האָט גראף טימאשאָוו גע־
ענטפערט, — עס איז גאָר קיין וואונדער, וואס ענגלאנד נעהמט אָפ דיא
וועלט, מיט אזעלכע געטרייע סאָלדאטען, קען מען ווירקליך אָפנעהמען דיא
גאנצע וועלט.

דאָס האָט פערדראָסען דעם פראנצויז בן זוף.

— ענקט איהר גראף, אז דיא ענגלישע סאָלדאטען זיינען בעסער
פון דיא פראנצויזישע? האָט ער געפרעגט אונרוהיג.

— דיא פראנצויזישע סאָלדאטען זיינען מוטהיג און טאפפער, זייא דענקען
אבער צו פיעל און אורטהיילען איבער זייער רעגיערונג, האָט גראף טימאשאָוו
געענטפערט, דיא ענגלישע סאָלדאטען גלויבען אין זייער רעגיערונג, וויא פא
נאטיקער, און דארום זיינען זייא אויך אין פיעלע בעציעהונגען בעסער.

— דאָס קען ניט זיין! דאָס איז ניט וואהר! האָט זיך בן זוף געקאָכט.

— לאָמיר בעסער פאהרען א היים, האט שיפסקאפיטאן פראקאפ זיך אריינ־
געמישט און געמאכט אן ענדע צו דעם שטרייט.

מען האט זיך ווידער אריינגעזעצט אין באָאט און מען איז א היים גע־
פאהרען. בן זוף איז געווען בייז און האט דעם גאנצען וועג קיין ווארט
נעזאגט.

---

8טעס קאפיטעל.

# מאכען א לופט באללאן.

ווען גראף טימאשאוו איז צוריק געקומען, האט ער געוואלט דערצעהלען
דעם פראפעסאר, וויא דיא ענגלענדער האבען איהם איפגענומען און וואס זייא
האבען איהם געענטפערט, ווען ער האט זייא איינגעלאדען צו זיך: דער פראַ־
פעסאר איז אָבער געווען אזוי פערטיעפט אין זיינע רעכנונגען, אז ער האט פון
קיין זאך נים געוואלט הערען, און ווען גראף טימאשאוו אָדער קאפיטאן סער־
וואדאק פלעגען וועלען רעדען צו איהם, פלעגט ער א געשרייא טאהן:

— שטערט מיר נים! לאזט מיר ארביימען!

— וואס איז עפעס היינט מיט איהם? האט גראף טימאשאוו געפרעגט
קאפיטאן סערוואדאק, — האט פאסירט עפעס נייעס אין דער צייט, ווען
מיר זיינען געווען אין וועג?

— שוין זיים עטליכע טעג האלט דער פראפעסאר אין איין רעכענען, האט
סערוואדאק געענטפערט. ער עסט נים, ער טרינקט נים, ער שלאפט נים,
ער וויל מיט קיינעם נים רעדען א ווארט, און האלט אין איין רעכענען אונד
רעכענען.

— דאן לאָמיר איהם לאזען צו רוה, האט גראף טימאשאוו געזאגט וויא
צו זיך אליין.

עס זיינען אזוי פערגאנגען נאך דרייא טעג און דער פראפעסאר האט אלץ
גערעכענט. אין א שעהנעם פריה מארגען האט ער אנגעהויבען צו טאנצען, צו
שפרינגען און צו שרייען:

— ע האָט מיך אָפּגענאַרט! ער האָט מיך בעשווינדעלט! ער האָט מיך בערויבט

קאַפּיטאַ סערוואדאק, גראף טימאשאוו, בן זוף און שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ זיינען געקומען צו לויפען און האָבען געקוקט אויף דעם געלערנטען מאן מיט שרעק און שטוינען: זייא האָבען געמיינט אז ער איז אראָפּ פון זינען.

ענדליך האָט זיך קאַפּיטאַן סערוואדאק ערלויבט צו פרעגען:

— הערר פּראָפעסאָר ווער האָט עס אייך בעשווינדעלט?

— ער! דער אלטער גרעק! האָט דער פּראפעסאָר געשריען און געטאנצט פאר צאָרן און פערדרוס.

— אום גאָטטעס וויללען! וויא אזוי האָט ער אייך געקענט בעשווינדלען? וואָס פאר געשעפטען האָט איהר דען מיט איהם געמאכט?

— זיין קאנטער איז פאלש, זיין וואָג איז פאלש, זיין געלד איז פאלש אונד אלע מיינע רעכנונגען זיינען געוועזן פאלש! האָט דער פּראָפעסאָר געשריעען אויסער זיך, איך האָב געמוזט איבער רעכענען נאָך א מאָל אלעס פון אנפאנג. ער האָט מיך פערפיהרט מיט זיין פאלשער וואָג!

— אָבער וויא אזוי זייט איהר עס געוואָהר געוואָרען?

— וויא אזוי? האָט דער פּראָפעסאָר זיך געקאָכט, — וואָס זיינען דאָס פאר מענשען? — זייא זעהן דאָך עפּעס גאָר נישט! — האָט איהר דען ניט בעמערקט, אז דיא נערינא אונזער לבנה, איז פערשוואונדען געוואָרען? ווייסט איהר פאר וואָס דאָס איז געשעהען? פערשטעהט איהר, וואו זיא איז אהינגעקומען? — איהר פערשטעהט עס ניט, איך האָב עס אויך ניט פערשטאנען, ווייל דער שווינדלער האָט מיר געגיבען א פאלשען קאנטער און מיינע רעכנונגען זיינען געוועזן פאלש.

ביי דיעזע ווערטער האָט ער זיך אָנגעשפּארט אָן דער וואנט, גלייך וויא דאָס וואָלט געוועזן זיין פּראָפעסאָר שטוהל אין דער אוניווערזיטעט, און האָט אָנגעהויבען צו ערקלערן, וויא אזוי דער גרעק האָט איהם פערפיהרט און אָפּגע־נארט מיט זיין פאלשען קאנטער.

דיא ערקלעהרונג האָט געדויערט גאנצע צווייא שטונדען און, מיר מוזען זאָגען דיא וואהרהייט, אז ניט קאַפּיטאַן סערוואדאק, ניט גראף טימאשאָוו אונד זאָגאר ניט דער געלערנטער שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ, האָבען ניט פער־שטאנען אלעס, וואָס דער געלערנטער מאן האָט ערקלערט. פון זיין גאנצער

לאנגער רעדע האָט מען נור אזוי פיעל פערשטאַנען, אז אין איין אונד זעבציג טעג ארום וועט דער קאָמעט זיך ווידער אנשטויסען אָן דער ע"ד.

ווען אלע זיינען ענדליך אוועק געגאנגען פון דעם פראָפעסאָר, האָט בן זוף געפרעגט קאפּיטאַן סערוואדאק:

— וויא באלד אז דער הערר פראָפעסאָר איז אזוי געלערנט און ווייס אזוי פיעל זאכען, פאר וואָס מאכט ער נים, אז דער קאָמעט זאָל געהן, וואוהין מיר דארפען?

קאפּיטאַן סערוואדאק האָט א שמייכעל געטאָהן און האָט געענטפערט:

— מיין ליעבער בן זוף, דוא האָסט א גרויסען טעות, נים נור פראָפעסאָר פּאלמערין ראָזעט, זאָנדערן אלע געלערנטע פון דער וועלט קענען נים ענדער אויף א האָר דעם גאנג פון דעם קלענסטען שטערן.

— אלזאָ פערשטעה איך נים צו וואָס מען דארף דאָס גאנצע לערנען און דאָס גאנצע שטודירען?

— מיר לערנען אום צו וויסען, אז מיר ווייסען גאָר נישט און קענען גאָר נישט, האָט קאפּיטאַן סערוואדאק געענטפערט.

— אזוי!...... האָט בן זוף געברומט.

עס איז שוין געווען שפּעט און מען איז געגאנגען עסען. דאָס מאָל האָט דער פראָפעסאָר געגעסען מיט אלעמען צוזאמען, אָבער דער גרעק האָט מורא געהאט זיך צו ווייזען פאר איהם, דער פראָפעסאָר וואָלט איהם דערוואָרגען, ווען ער זאָל געווען איהם בעגעגענען.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה אָב; זיך אלע פערזאמעלט און האבען זיך בעראָהטען, וואָס זייא זאָלען ווייטער טאָהן.

— עס איז יעצט שוין געווים, אז אין 60 טאָג ארום וועט דיא גאלליא זיך ווידער אָנשטויסען אָן דער ערד, האָט שיפסקאפּיטאַן פראָקאָפּ געזאָגט, דאָס מאָל האָט דער פראָפעסאָר עס ריכטיג אויסגערעכענט און מיר זעהן, אז עס ווערט מיט יעדען טאָג ווארעמער, דער בעסטער בעווייז, אז מיר קומען צוריק. אלזאָ וואָס זאָלען מיר טאָהן אין אזא פאלל?

— וואָס קענען מיר דען טאָהן? האָט גראף טימאשאוו געפרעגט, וויא אזוי קענען מיר זיך דען העלפען? — מיר זיינען אין גאָטס האנד און ער וועט אונז העלפען.

— ניין, הערר גראף! האָט קאפּיטאַן סערוואדאק אויסגערופען, גאָטט

העלפט דעם, וועלכער וויל זיך אליין העלפען, אזוי וויא מיר ווייסען, וואס פאר א געפאהר עס דראָהעט אונז, מוזען מיר זוכען מיטעל אונז צו העלפען.

— איך געפין קיין מיטעל, האָט גראף טימאשאָוו געזאָגט טרויעריג.

— לאָמיר זעהן, וואָס עס קען פאָרקומען, ווען דיא גאלליא וועט זיך צר זאמענשטויסען מיט דער ערד, האָט שיפסקאפיטאן ווייטער געזאָגט, עס קען פאָרקומען דאָס זעלבע, וואָס עס איז פאָרגעקומען, ווען מיר זיינען געקומען אויף דיא גאלליא, דאָס הייסט, דיא גאלליא וועט ווידער אפרייסען א שטיק פון דער ערד אין וועט אנטלויפען דער מיט, דאן זיינען מיר פערלאָרען: מיר האָבען שוין באלד קיין לעבענס מיטעל און דער וואוקאן ווערט אלע מאָל קעלטער. עס קען אָבער אויך זיין, אז דיא גאלליא וועט ארויפפאלען אויף דיא ערד און וועט בילדען א נייעם בארג, זיא וועט זיך פעראייניגען מיט דער ערד, דאן קען זיא אונז צו קוועטשען און צורייבען. מיר ווייסען דאָך ניט, וועלכער טהייל פון דער גאלליא וועט זיך אָנשלאָגען אָן דער ערד.

— דאָס ווייס דאָך געוויס דער פּראָפעסאָר, האָט בן זוף זיך אריינ־געמישט.

שיפסקאפיטאן פּראָקאָפּ האָט זיך געמאכט ניט הערענדיג אונד האָט ווייטער געקלערט:

— עס קען זיין, אז דיא נאלליא וועט זיך אָנשטויסען ניט מיט דער זייט, וואו מיר געפינען זיך יעצט, זאָנדערן דיא אנדערע זייט, דאן וואָלטען מיר געקענט אויסהאלטען דעם צוזאמענשטויס, אָבער מ ר ווייסען דאָך, אז פון יעד־דער בעוועגונג ווערט היץ. מיר ווייסען, אז ווען דיא רעדער פון א וואגען דרעהן זיך שטארק, צינדעט זיך אָן דער אקס, ווייל בעוועגונג מאכט היץ; מיר ווייסען אויך, אז ווען מען רייבט שטארק איין שטיק האָלץ אָן דעם אנדערן, צינדעט עס זיך אָן און עס ווערט א פייער, ווען עס וועלען זיך אלזאָ צונויפקומען אזעלכע 2 גרויסע קערפּער, וויא דיא גאלליא און דיא ערד, וועט דאָך ווערן אזא היץ, אז מיר וועלען פערברענט ווערן.

— אונזער לאגע איז ווירקליך א פערצווייפעלטע, האָט קאפּיטאן סערוואדאק געזאָגט, וויא צו זיך אליין.

— איך פערשטעה ניט, פאר וואָס מיר, זאָלען ניט אנטלויפען פון דער גאלליא? האָט זיך נאָר פּלוצלונג בן זוף אריינגעמישט. — וויא באלד מיר

וועלען זיין אזוי נאָהענט פון דער ערד, אז דיא נאַלליא וועט זיך אָנשלאָגען אָן איהר, סענען מיר דאָך אראָפּשפּרינגען פון דער נאַלליא אויף דיא ערד?

גראף טימאשאָוו און קאפּיטאן סערוואדאק האָבען א לאך געטאָהן: בן זוף האָט געזאָגט אזא נארישקייט, אז מען האָט געמוזט לאכען. שיפּסקאפּיטאן פּראָקאָפּ אָבער האָט זיך פערטראַכט און האָט געזאָגט גאנץ ערנסט:

— ווייסט איהר, מיינע הערען, אז בן זוף האָט אונז אויפגעגעבען א גרויסארטיגען פּלאן?

— וואָס מיינט איהר, פּראָקאָפּ? האָט גראף טימאשאָוו געפרעגט.

— אזוי וויא דער פּראָפעסאָר קען אויסרעכענען גאנץ גענוי, ווען דיא נאַלליא וועט זיך צוזאמען־שטויסען מיט דער ערד, קענען מיר ווירקליך אנטלויפען פון דער נאַלליא.

— אנטלויפען? וויא אזוי?

— אין א לופט באַללאָן!

— אין א לופט באַללאָן? האָט קאפּיטאן סערוואדאק איבער געפרעגט.

— יא, מיין פריינד, אין א לופט באַללאָן, האָט שיפּסקאפּיטאן פּראָקאָפּ געענטפערט. — לאָמיר זיך ערקלערען. מיר קענען מאכען א גרויסען און שטארקען לופט באַללאָן, וועלכער זאָל זיין אימשטאנד אונז אויסצוהאלטען נור איין שטונדע. דיא ערד איז גרעסער פון דער נאַלליא, אלזאָ האָט זיא א שטארקערע אנציע־הונגס קראַפט, א גרעסערן כח המושך, און זיא וועט צו ציהען אונזער לופט באַללאָן צו זיך.

— איהר האָט פאָלקאָמען רעכט, פּראָקאָפּ! האָט גראף טימאשאָוו אויסגערופען.

— איהר האָט דאָך אָבער בעוויזען, אז עס וועט ווערן א שרעקליכע היץ, דאן קען דאָך אונזער לופט באַללאָן פערברענט ווערן, האָט קאפּיטאן סערוואדאק בעמערקט.

— דאָס איז זעהר מעגליך, אזוי וויא דער לופט באַללאָן וועט אָבער שוועבען אין דער הויך, קען זיין, אז ער וועט ניט פערברענט ווערן. אַלעס איז מעגליך, אָבער איך זעה קיין אנדער מיטעל אונז צו רעטען.

— פּראָקאָפּ האָט רעכט, האָט גראף טימאשאָוו געזאָגט, מיר געפינען זיך אָהן א זעהר טרויעריגער לאגע, אין א פערצווייפעלטער לאגע, אלזאָ מוזען

מיר פראָבירען יעדעס מענליכע מיטעל, וואָס מיר קענען אויסטראַכטען אום אונז צו רעטען.

— איך בין צופריעדען מיט א לופט באַללאָן, וויא אזוי אָבער ווענען מיר מאַכען א לופט באַללאָן? האָט סערוואַדאק געפרעגט, איהר ווייסט דאָך אַלע, אז א לופט באַללאָן ווערט אָנגעפילט מיט וואַסער שטאָף, א גאַז, וועלכער איז 14 מאָל לייכטער אַלס לופט און דאַרום פליהט ער אין דער הויך. אזוי וויא האָלץ שווימט אויף וואַסער, ווייל עס איז לייכטער פון וואַסער, אזוי שווימט א באַללאָן מיט וואַסער שטאָף אויף דער לופט, ווייל ער איז לייכטער פון דער לופט. אַלזאָ וואו וועלען מיר נעהמען וואַסער שטאָף? — מיר האָבען קיין מאַשין צו מאַכען וואַסער שטאָף.

— מיר קענען מאַכען א לופט באַללאָן מיט הייסער לופט, האָט שיפס־קאַפּיטאַן פּראָקאָפּ געענטפערט.

— וואָס איז דאָס? האָט בן זוף געפרעגט, וואָס הייסט הייסע לופט?

— הייסע לופט איז לייכטער פון קאַלטער לופט, האָט קאַפּיטאַן פּראָקאָפּ איהם ערקלערט, ווען מען האַלט א ליכט אין דיא הענד אין א ווינטער טאָג און מען עפענט א טהיר פון א וואַרעמעס צימער, קען מען זעהן, אז ווען מען האַלט דאָס ליכט אין דער הויך. ציעהט זיך דיא פלאַם פון צימער אין דרויסען, האַלט מען אָבער דאָס ליכט אינטען, ציעהט זיך דיא פלאַם פון דרויסען אין צימער. פאַר וואָס איז עס? — ווייל אין צימער איז וואַרם, עס איז געהייצט, דיא וואַרעמע לופט ווערט לייכטער און שווימט אַרויף, דיא קאַלטע לופט אָבער איז שווער און ווען מען עפענט דיא טהיר, קומט זיא אריין פון אונטען אין צימער.

— דאָס פערשטעה איך, האָט בן זוף געזאָגט, אָבער וויא קומט דאָס צו א לופט באַללאָן?

— נון, זעהסט דוא, פריינד בן זוף, דוא ביסט א פראַנצויז און ווייסט ניט דיא געשיכטע פון דעם לופט באַללאָן.

— צו וואָס דאַרף איך עס וויסען? האָט בן זוף געפרעגט מיט א בייזען שמייכעל.

— דוא ווייסט זאָגאַר ניט, אז א פראַנצויז האָט אויסגעטראַכט דעם לופט באַללאָן.

— איך ווייס, אז אַלע שעהנע זאַכען האָבען אויסגעטראַכט פראַנצויזען! האָט בן זוף אויסגערופען שטאָלץ.

— ווער איז ער אָבער געווען? וויא האָט ער געהייסען? האָט שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ געפרעגט, ענדליך וויא אזוי האָט ער אויסגעפונען דעם לופט באַללאָן?

בן זוף האָט זיך פערשעהמט און האָט געשוויגען.

— נון, זעהסט דוא, מיין פריינד, אז מען דארף דאָך עפּעס לערנען אום עפּעס צו וויסען, האָט שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ געזאָגט גאַנץ ערנסט, — דער ערפינדער פון דעם לופט באַללאָן האָט געהייסען זשאָזעף מישעל—יאָזעף מיכעל— מאָנגאָלפיעע. ער איז געווען א פּאַפּיער פאַבריקאַנט. איין מאָל האָט ער זיך געשפּיעלט מיט א קייקעלע פון פּאַפּיער, וועלכעס האָט זיך צו פעליגער ווייזע אָנגעצונדען און עס איז ארויפגעפלויגען אין דער הויך, וויא מיר זעהען עס זעהר אָפט, ווען מען צינדעט אָן א בלעטעלע סיגאַרעטען פּאַפּיער. מאָנגאָלפיעע האָט עס איבערראַשט און ער האָט אָנגעהויבען צו מאכען פּראָבען. ער האָט באלד אויסגעפונען. אז ווען מען מאכט א פייער אין אן ענגען אָרט, ווערט דאָרט דיא לופט אזוי דערהיצט און דארום אזוי לייכט, אז עס איז איִם שטאַנד אויפצוהויבען א שווערע זאַך. ער האָט געמאכט פאָלגענדע פּראָבע: ער האָט צוזאַמענגענעהט עטליכע זעק און האָט פון זייא געמאכט א סאָרט קוגעל. דיעזע זעק האָט ער צוגעבונדען צו א בוים און האָט אונטער זייא געשטעלט א קליין איי־וועלע מיט פייער. אין א קורצע צייט האָבען זיך דיא זעק אָנגעבלאָזען און האָבען זיך אויפגעהויבען. מאָנגאָלפיעע האָט יעצט פּראָבירט צו בינדען צו דיעזע זעק א גרויסען קאָרב. אין דיעזען קאָרב האָט ער געשטעלט דאָס אייוועלע אונד האָט זיך אריינגעזעצט אין קאָרב לעבען אייוועלע אום איהם צו הייצען. דאָס איז געווען אם 15טען יוני 1783. פּלוצלונג האָט זיך דער באַללאָן אויפגעהויבען און מאָנגאָלפיעע האָט געמאכט זיין ערשטע רייזע הויך אין דער לופט.

בן זוף האָט אויסגעהערט דיעזע ערצעהלונג מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט, און ווען קאַפּיטאַן פּראָקאָפּ האָט געענדיגט זיין ערצעהלונג, האָט ער אויסגערופען:

— דאָס האָט אויפגעטאָהן א פראַנצויז? — בראַוואָ! נור פראַנצויזען קענען מאכען א זעלכע ערפינדונגען.

שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ האָט זיך מעהר נים אומגעקוקט אויף איהם און האָט זיך געווענדעט צו גראַף טימאשעוו און העקטאָר סערוואַדאַק:

— אזוי וויא מיר דארפען האָבען א לופט באַללאָן נור אויף איין שטונדע,

קענען מיר זעהר לייכט לאָזען פליהען אונזער לופט באַללאָן מיט הייסער לופט, וויא מאָנגאָלפיערע האָט עס געמאַכט.

— דאָס איז שוין מעגליך, האָט גראַף טימאַשאָוו בעמערקט, וואו וועלען מיר אָבער נעהמען דאָס מאַטעריאַל פאַר אַזא גרויסען לופט באַללאָן?

— מיר האָבען דיא זעגעל פון דער „דאָברינניא" און דיא זעגעל פון דעם „נעאָרגאָס," האָט שיפסקאַפּיטאַן פראָקאָפּ ערקלערט, מיר האָבען אויך פיעל זעגעלטוך אויף דער „דאָברינניא" און איך גלויב, אז מען קען נאָך קריעגען עט־ליכע שטיקער זעגעל טוך ביים אלטען נרעס. מיר וועלען אלזאָ האָבען גענוג זעגעל טוך אום צו מאַכען א גרויסען לופט באַללאָן, און וועלכען אלע 36 מענ־שען, וועלכע געפינען זיך בייא אונז, זאָלען קענען אריינגעהן.

דער פּלאַן איז געפעלען, ריכטיגער נאָך, ער האָט געמוזט געפעלען.

— אלזאָ צו דער ארבייט! האָט גראַף טימאַשאָוו אויסגערופען, — ווען, דענקט איהר, קען אזא לופט באַללאָן פערטיג ווערן?

— אין א מאָנאַט, העכסטענס אין 6 וואָכען, האָט שיפסקאַפּיטאַן פראָקאָפּ געענטפערט.

---

לעצטעס קאַפּיטעל.

# אין דעם לופט באַללאָן צוריק א היים.

מען האָט זיך באַלד גענומען צו דער ארבייט. מען האָט אויסגעזוכט אלע זעגעל, מען האָט אויסגעקראַצט, וואו מען האָט געפונען א שטיק שטאַרקע און געדיכטע ליינוואַנד, און מען האָט אָנגעהויבען צו נעהען א לופט באַללאָן.

קאַפּיטאַן סערוואדאַק האָט אלעמען אָנגעזאָגט, זיי זאָלען ניט אויסזאָגען דעם פראָפעסאָר אז זייא מאַכען א לופט באַללאָן, און וועלכען זייא ווילען אנט־לויפען. סערוואדאַק האָט גוט געקענט זיין פראָפעסאָר: ער וועט אויף קיין פאַל ניט וועלען אנטלויפען פון קאָמעט: וויא קען מען עס אנטלויפען, ווען מען קען עפּעס לערנען? ווען מען קען עפּעס אויסשטודירען, עפּעס פערשטעהען? פּראָ־פעסאָר ראָזעט איז געווען גליקליך אויף זיין קאָמעט, ער האָט דאָ געקענט זעהן

נייע שטערן, נייע זונען, נייע לבנות. וועלכע מען קען נים זעהן פון דער ערד, וויא קען מען אלזא אנטלויפען? קען דען אנטלויפען א נייציגער מענש, ווען ער זעהט פאר זיך הויפענס גאלד? — פראפעסאר ראזעט האט יעצט געזעהן זאכען, וועלכע זיינען פאר איהם געוועזן טהייערער פון גאלד און ברילליאנטען.

אונטערדעסען איז דער קאמעט צו געקומען אלץ נעהנטער און נעהנטער צו דער ערד. עס איז געווארען ווארעמער און ווארעמער. דאס אייז איז צושמאלצען געווארען און עס איז ווידער געווארען א מעער. דיא ווארימקייט איז אנגעקומען מיט א מאל, האסטיג, אונגעדולדיג. עס איז באלד געווארען אזוי הייס, אז מען האט געקענט שלאפען אין דרויסען, דערפאר אבער זיינען נאר פלוצלונג דיא טעג און דיא נעכט געווארען קירצער. אנשטאט וואס פריהער פלעגט זיין 6 שטונדען טאג און 6 שטונדען נאכט, איז צו ערשט געווארען 5 שטונדען טאג און 5 שטונדען נאכט. דאן איז געווארען 4 שטונדען טאג און 4 שטונדען נאכט, דאן נור 3 שטונדען טאג און 3 שטונדען נאכט.

אלע זיינען געווארען אונרוהיג און מען האט זיך בעשלאסען צו פרעגען דעם פראפעסאר, ווארום דאס איז אזוי. פראפעסאר ראזעט איז אבער געוועזן שטארק בעשעפטיגט און פלעגט נים וועלען ענטפערן. ער איז געווארען בעזאנדערס אויפגערעגט און בייז.

דיא לאגע איז געווארען פערצווייפעלט. דער לופט באללאן איז שוין פערטיג, צו וואס טויג ער אבער, ווען מען ווייס נים גענוי דיא מינוט, ווען דער קאמעט דארף צו קומען נאהענט צו דער ערד? א לופט באללאן וועלכער ווערט געטריעבען מיט הייסער לופט, קען זיך נים אויפהאלטען א לענגערע צייט אין דער הייך, עס איז א געריכט, וועלכעס מען מוז עסען הייסערהייט, און מען מוז וויסען גאנץ גענוי דיא שטונדע און זאגאר דיא מינוט, ווען מען זאל איהם אנגרייטען, ווען מען זאל איהם אונטערהייצען און ווען מען זאל זיך אין איהם אריינזעצען.

וואס טהוט מען אלזא? דאס קען זאגען נור דער פראפעסאר, ער וויל דאך אבער נים ענטפערן און וויל זאגאר נים רעדען מיט קיינעם.

— איך וועל עס בייא איהם אויסנאררען, האט ענדליך קאפיטאן סערוואדאק געזאגט.

דעם אנדערן טאג איז ער צוגעקומען צום פראפעסאר און האט געזאגט גאנץ רוהי..

— עס ווייזט מיר אויס, אז איהר האָט א טעות געהאט אין אייערע רעד־נענונגען, ליעבער פּראָפעסאָר.

— איך האָב א טעות געהאט! האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען בייז, פון וואנען ווייסט איהר עס, העקטאָר סערוואדאק?

— איך זעה דאָך, אז אונזער קאָמעט לויפט עפּעס אזוי שנעל, אז עס איז נור 3 שטונדען טאָג און 3 שטונדען נאכט.

— וואָס ווייסט איהר פון אסטראָנאָמיע? האָט דער פּראָפעסאָר געשריען, איהר פערשטעהט נאָך ניט דעם אלף בית פון אסטראָנאָמיע!

— וויא באלד אז דער קאָמעט לויפט אזוי שנעל, וועט ער פערביי לויפען דיא ערד און וועט גאָר קיין מאָל ניט צו קומען צו איהם, האָט קאַפּיטאַן סער־וואדאק געזאָגט גאנץ קאַלט בלוטיג, — אייערע רעבנונגען ליעבער פּראָפעסאָר, זיינען אלזאָ ניט ריכטיג.

פּראָפעסאָר ראָזעט האָט אָנגעהויבען צו טאנצען פאר פערדרוס.

— וואָס איז דאָס פאר א מענש? האָט ער געשריען, וואָס ווייסט איהר פון רעכנונגען? וואָס פערשטעהט איהר פון דעם גאנג פון א שטערן? מיינע רעבנונגען זיינען פּינקטליך ביז צו דער סעקונדע. איך זאָג אייך נאָך א מאָל, אז אין 13 טעג, דאָס הייסט, אין 13 מאָל 24 שטונדען 35 מינוט און 25 און א האלבע סעקונדע וועט מיין קאָמעט זיך אָנשטויסען אן דער ערד.

קאַפּיטאַן סערוואדאק האָט ארומגענומען דעם פּראָפעסאָר און האָט איהם א קוש געטאָהן.

— איך וויים, ליעבער פּראָפעסאָר, אז אייערע רעכנונגען זיינען ריכטיג, האָט ער געזאָגט, איך האָב נור געוואָלט ויסען גענוי, ווען דער קאָמעט וועט זיך צו־זאמענקומען מיט דער ערד.

— און צו וואָס דארפט איהר עס ויסען? האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט.

— מיר ווילען אנטלויפען.

— אנטלויפען פון מיין קאָמעט? האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען, — דאָס וועל איך ניט ערלויבען.

— הערר פּראָפעסאָר, איהר פערגעסט, אז איך בין יעצט גענעראל־גובער־נאטאר פון דער גאַלליא, האָט קאַפּיטאַן סערוואדאק בעמערקט.

— איהר זייט גענעראל־גובערנאטאר אויף מיין קאָמעט? האָט דער

פּראָפעסאָר געפּרעגט פּערוואונדערט, ווער האָט עס אייך געמאכט פאר גענעראל־גובערנאטאר אויף מיין קאָמעט?

— ליעבער פּראָפעסאָר, מיר האָבען בעשלאָסען צו אנטלויפען פון דער גאלליא אין א לופט באללאָן, האָט סערוואדאק איהם ענדליך אויסגעזאָגט, מיר וועלען אייך אויך מיטנעהמען.

— מיך? אויף קיין פאלל! איך בלייב אויף מיין קאָמעט! האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט גאנץ ערנסט.

סערוואדאק האָט ניט געוואָלט רייצען דעם געלערנטען מאן און האָט געשוויגען, בייא זיך אָבער האָט ער געטראכט.

— ווען עס וועט קומען דיא צייט, וועלען מיר איהם מיט נעהמען מיט געוואלד.

ערשט יעצט האָט מען זיך גענומען צו דער ארבייט. מען האָט פערטיג געמאכט א גרויסען לופט באללאָן און מען האָט אויף איהם אויפגעהאנגען איינס פון דיא באָטע פון דער „דאָברינא.“ שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ האָט אויסגערעכענט, וויא פיעל געוויכט (משא) דער לופט באללאָן קען טראָגען און ער האָט אויסגעפונען, אז זייא וועלען ניט קענען מיטנעהמען א פונט געוויכט מיט זיך, זייא וועלען אלזאָ מוזען לאָזען אויף דער גאללא אלעס, זאָגאר זייערע קליידער, עס האָט אָבער ניט געהאָלפען, יעדער האָט געוואָלט צוריק קומען אויף דער ערד.

ענדליך איז געקומען דער ערשטער יאנואר, דער טאָג ווען דער קאָמעט האָט געדארפט זיך אָנשלאָגען מיט דער ערד. מיט זעקס שטונדען פריהער האָט קאַפּיטאן סערוואדאק געהייסען יעדען אריינגעהן אין באָאָט נור דעם פּראָפעסאָר האט מען געלאָזען ביז אין דיא לעצטע מינוט.

אלע האבען געטאָהן, וויא מען האָט זייא געהייסען, נור דער גרעק האָט נ ט געוואָלט איבערלאָזען זיינע וואארען און זיין געלד ער האָט געוויינט, געשריען, זיך געבייזערט אונד זאָגאר געדראהעט, אז ער וועט אלעמען פערקלאָגען אין געריכט, ווייל מען האָט איהם בערויבט, מען האט צוגענומען זיין פערמעגען. ענדליך האָט מען איהם מיט געוואלד אריינגעשלעפּט אין באָאָט און איהם צוגעבונדען.

א האלבע שטונדע פאר דעם צוזאמענשטויס האָט מען געמאכט א פייער אויף א שטיק בלעך איבער דעם באָאָט, שיפסקאפּיטאן פּראָקאָפּ האָט געהייצט

און האָט געהאַלטען זיינע אוהר אין דער האַנד. יעצט איז יעדע סעקונדע געוועזען טהייער, יעצט איז יעדעס שטיקעלע האָלץ געוועזען טהייער. מען מוז דערביי בעמערקען, אז מען האָט צוהאַקט דעם „נעאָרגאָס“ און מיט זיינע ברעטער האָט מען יעצט געהייצט אונטערן לופט באַללאָן.

— שנעל! ברעננט דעם פּראָפעסאָר! האָט פּראָקאָפּ קאָמאַנדירט.

קאַפּיטאַן סערוואַדאַק האָט גענומען דעם פּראָפעסאָר אויף דיא הענד, וויא מען נעהמט א קליין קינד און איז מיט איהם אריינגעשפּרונגען אין באָאָט.

— האַקט איבער דעם שטריק! האָט פּראָקאָפּ ווייטער קאָמאַנדירט.

בן זוף האַט איבערגעהאַקט דעם שטריק, מיט וועלכען דער לופט באַללאָן איז געוועזען צו געבונדען צו א שטיין.

יעצט האָט זיך דער לופט באַללאָן אויפגעהויבען אין דער הויך אונד איז איינינע אויגענבליק געבליעבען שוועבען צווישען הימעל און ערד, אזוי וויא דער קאָמעט איז אָבער געפלויגען זעהר שנעל, איז דער לופט באַללאָן באַלד אריינגעקומען אין דיא לופט פון דער ערד און דיא אנציעהונגס קראַפט פון דער ערד, וועלכע איז 7 מאָל שטאַרקער אלס דיא אנציעהונגס קראַפט פון דער גאַלליא, האָט איהם באַלד צוגעצויגען צו זיך. ער האָט זיך לאַנגזאַם אראָפּגעלאָזען און איז געבליעבען אויף א פעלד.

— שנעלל ארויס אלע! האָט קאַפּיטאַן פּראָקאָפּ קאָמאַנדירט.

אלע זיינען ארויסגעשפּרונגען און האבען אָפּגעאָטהעמט פרייער: זיי האָבען ווידער געהאָטהעמט דיא לופט פון דער ערד.

אויף דער ערד איז געוועזען העלער טאָג. דיא זון האָט געשיינט העלל אונד וואַרם און דיא ערד איז געוועזען בעדעקט מיט בלומען.

— וואו זיינען מיר ערגעץ אין דער וועלט? האָט סערוואַדאַק געפרעגט.

— נאָך מיין רעכנונג זיינען מיר אין עגיפּטען, האָט שיפסקאַפּיטאַן פּראָקאָפּ געענטפערט.

דאָס איז אויך געוועזען ריכטיג. באַלד זיינען אָנגעקומען אראַבער און האָבען זייא געפרעגט, ווער זייא זיינען און וואָס זייא טוהען דאָ. צום גליק, האָט פּראָפעסאָר ראָזעט גערעדט אראַביש און, וויא ביי ער איז געוועזען אויף קאַפּיטאַן סערוואַדאַק, פאר וואָס ער האָט איהם מיט געוואַלד צוגענומען פון זיין קאָמעט האָט ער דאָך געמוזט פאר געטהין צו ערקלערן דיא אראַבער, אז זייא געקומע פון הימעל. ער האָט געוואָלט זייא ערקלערן, אז זייא קומען אין א לופט באַללאָן

דיא אראבער האבען יעס אבער ניט פערשטאנען און ניט געגלויבט. דיא אראבער האבען זיי אלע געפאנגען און אוועקגעפיהרט נאך קאירא. דא האט גראף טי־מאשאוו געשיקט מעלדען דעם רוסישען קאנסיל און סערוואדאס דעם פראנצויזישען קאנסיל און מען האט זייא אפגעלאזען.

גראף טימאשאוו האט אוועקגעשיקט שיפסקאפיטאן פראקאפ מיט זיינע מאטראזען נאך רוסלאנד, נור דיא קליינע נינא און דעם קליינעם פאבלא האט ער מיטגענומען מיט זיך. דאן איז ער מיט קאפיטאן סערוואדאק און בן זוף געפאה־רען נאך אלזשיר. ווען זיי זיינען אנגעקומען אין אלזשיר, האט מען זיי דערצעהלט, אז מאדאם רעקאממעע האט שוין לאנג געהייראטעט אן אנדערן.

— מיר האבען אלזא יעצט קיינע אורזאכע מעהר זיך צו שלאגען אין א דועל, האט גראף טימאשאוו געזאגט.

זיי האבען זיך געגיבען דיא הענד און זיינען געבליעבען דיא בעסטע פריינד. גראף טימאשאוו האט אוועק געשיקט דיא קליינע נינא און דעם קליינעם פאבלא אין א שולע אין פאריז און האט זיי געלאזען לערנען אויף זיין רעכנונג.

פראפעסאר ראזעט האט אנגעשריעבען עטליכע ביכער איבער אסטראנאמיע און האט בעוויזען, אז אלע פריהערדיגע בערעכנונגען זיינען ניט ריכטיג, ווייל ער איז געווען פיעל העכער אין דער וועלט פון שטערן און זונען, און האט בעסער געזעהן און ריכטיגער בערעבענט פון אלע אנדערע אסטראנאמען.

קאפיטאן סערוואדאק איז געווארען אבערסט (פאלקאווניק) און שפעטער גע־נעראל און בן זוף איז געווארען זיין אדיוטאנט.

מיט 10 יאהר שפעטער איז גענעראל סערוואדאק מיט זיין אדיוטאנט בן זוף געגאנגען שפאציערן אין לאו־ווער אין פאריז.

— זאגט מיר, גענעראל, זיינען מיר ווירקליך געווען אויף א קאמעט, אדער האט עס אונז נור געטרוימט? האט בן זוף געפרעגט.

— רעדט ניט דערפון, האט גענעראל סערוואדאק געענטפערט, עס איז פאראיבער און מען דארף דערפון מעהר ניט רעדען.

ע נ ד ע.